מלך טשעמני

# וווּנדער
# אין
# וואַנדער

## בלעטלעך
## פון מיין
## טאגבוך

## 2טער באנד

רמת־גן, אייגנס
תשל״ג — 1973

נײַנטער טייל

## צענטער טייל

## עלפטער טייל

## צום צווייטן באַנד

די אַריינפיר־ווערטער צום צווייטן באַנד ווערן געשריבן אַרום צוויי יאָר שפּעטער נאָכן דערשיינען פונם ערשטן באַנד. לכתחילה איז ביים מחבר געווען „אָפּגע־מאַכט", נישט צו געבן דעמדאָזיקן אַריינפיר. צו וואָס? אַז סיזוי איז דאָך דער איצטיקער באַנד בלויז אַ המשך פונם פריקן און דאָס גאַנצע בוך — פאַרענדיקט געוואָרן אין 1969; אָבער דעם „שטויס" צו דידאָזיקע שורות, אַ „שטויס צום אָפּרעדן זיך", האָט דער מחבר באַקומען פון אייניקע זייטן: די אייזיקע קעלט פונם היינטיקן ישראל־ווינטער, אַ קעלט, וואָס האָט געפּטערט מיליאָנען אין דער ווירט־שאַפט; די לופט,־פאַרט און פּאָסט־שטרייקערס אינם דאָזיקן ווינטער, שטרייקן — מיליאָניקע; די איבערראַשונגען מיט די סיריער אין דער אייזיקער קעלט און בעת די פּאַרט־ און פּאָסט־פּאַטריאָטן האָבן פאַרשטאָפּט דעם אָטעם פון דער מדינה דערדאָזיקער. און צו דעם אַלעם: דראָאונגען און פאַרכאַפּונגען און צע־שטערונגען פון טעראָריסטן אי דאָ, אי איבער דער גאָרער וועלט. און דאָס אַלץ — אין איין־און אין דיזעלביקע טעג; בקיצור:
סאַנקציעס דאָ און צעשטערונג דאָרט.
און כדי צו פאַרקיילעכיקן דאָס בילד: פאַרביטערונג און אַנטוישונג ביי פרישן־געקומענע יידן: — דאָס־אַ איז דעמאָקראַטיע? אַזוי קוקט דאָך אויס... אַנאַרכיע!
יאָ, אַזאַ־אַ־אַנאַרכיע. און דערפון ווערט דאָס בילד אויך טונקל־קלאָר:
דער ערשטער באַנד האָט געשילדערט דאָס אומנאָרמאַלסטע פון די מלחמה־יאָרן: רוסלאַנד, פוילן, דייטשלאַנד. דער גרעסטער ייד האָט אין זיינע דאָזיקע פינצטערע וואָגלונגען געזען ערגעצוו אַ בליצנדיק פינקעלע, וואָס האָט געטאָן ווינקען צו אים פון ווייס־צעהעלטע הימלען: נאָרמאַל־יידישע ישובים אין די אַמעריקעס; אַ באַנייטע מדינה, אַן אייגענע, אַ יידישע.
מיט ציין און נעגל זיך אַרויסגעדראַפּעט פונם אומנאָרמאַלן און מיט צעשפּרייטע אָרעמס זיך אַריינגעוואָרפן אינם נאָרמאַלן —
איז דאָ געקומען די אַנטוישונג: **הזאת נעמי?**
נו, איז דערפון אַרויסגעקומען דער איצטיקער אַריינפיר: זיך „אָפּשמועסן" — סתם אַזוי.
און אָט אַזוי איז אויך גראָד מעגלעך, אַז דער אַריינפיר זאָל אָוועקפירן אינם אלף השישי. איז — תיקו. מחמת, נישט וויכטיק זענען דאָך די אַריינפיר־שורות, נאָר — די בוך־שורות, ווו עס ציט זיך טאָקע דער המשך אי פונם ערשטן באַנד, אי פון די אַריינפיר־שורות צום צווייטן באַנד.

רמת־גן, יאַנואַר 1973

נ"ב: און אַז דער־אין־הימל וועט שענקען יאָרן, וועט דער מחבר נאָך אַרויסגעבן — צו זיינע ביזאיצט־דערשינענע ביכער: **די משפחה פינסטער, טעג אַזעלכע, אוז־בעקיסטאַן, פוילישע יידן, אויסגעוואָרצלטע, וואַנדער אין וואַנדער** — אַ בוך מיטן נאָמען **געקליבענע שורות**, אַן אָפּקלייב פון יאָ־און נישט פאַרעפנטלעכטע זאַכן איבער מענטשן, שרייבערס, ביכער, טיפּן און איבער זיך אַליין. אָמן.

## 5. מיט יידישע „גאַוטשאָס”

(ביים סוף פונם ערשטן באַנד, אינם לעצטן קאַפּיטל: „אַקטן־געזעלשאַפט” — רעדט זיך וועגן מיין נסיעה איבער די אַרגענטיניש־יידישע קאָלאָניעס. בעת דעם אָנקומען אינם קאָלאָניסטישן שטעטל באַסאַווילבאַסאָ האָט זיך אין האָטעל באַוויזן אַ טשודנער ייד אַ קאָלאָניסט, וואָס האָט מיך גענומען „פּראָוואָצירן” צו אַ שמועס און איך בין גראָד געווען מיד פון וועג; זיך אויך געדאַרפט גרייטן צום „קבלת־פּנים”, וואָס קאָלאָניסטן האָבן געאָרדנט פאַר אונז, פאַר מיר און אַ זינגערין. אָבער דער ייד האָט מיך גובר־געווען: אָנגעהויבן דעם שמועס און אים פאַר־צויגן, אַזוי, אַז עס האָט זיך צווישן אונז פאַרוויקלט אַ קורצער דיאַלאָג:)

„זייט מוחל — וויל איך דער ייד זאָל איבערזעצן וואָס עס שטייט געשריבן אויף דער מודעה אין דרויסן; וואָס זאָגט איר: „קאָסעטשע”, „פּעאָנעז”, האַ?”

„יאָ. אַזוי שטייט געשריבן. איר, סעניאָר, וועט רעדן וועגן „קאָסעטשע”, ס׳הייסט, וועגן שניט און אויך וועגן פאַרדינגען די „קאַמפּן”, אָדער דינגען „פּעאָנען” צום באַאַרבעטן — — ”

איך ווער אומגעדולדיק:

„אַ טעות. איך האָב נאָך גאָרנישט צוגעגרייט. פון וואַנען ווייסן זיי וועגן וואָס איך וועל רעדן?”

„אַז די ייק”אָ שיקט אייך, וועט איר רעדן וואָס זי באַשטימט. גוט, סעניאָר, לאָמיר זיך פאָרשטעלן — נעמט דער ייד אַראָפּ דעם קאַפּעלוש; אַ ווייס־געדיכטער האָר־בונט צעשיט זיך איבער זיין שטערן און אַקסל — מיין נאָמען איז שלמה באָראָדאָווסקי פון לוסיען ווילע, קאָלאָניע נומער 1 ... איך בין אייך געקומען זאָגן, אַז שליחים פון דער ייק”אָ האָבן דאָ נישט וואָס צו טאָן... מען טרייבט זיי פון דאַנען, ווייל זיי האָבן אונזעריקע אַראָפּגעטריבן פון די קאַמפּן... זיי האָבן” ...

זיך קוים דערבעטן ביים ייד, ער זאָל מיר לאָזן זיך איבערטאָן. געמוזט אים מבטיח־זיין, אַז מאָרגן וועל איך אַראָפּפאָרן צו אים אין קאָלאָניע.

דער קבלת פּנים — צוזאַמען מיט אַ מין חשבון הנפש פון דער קאָלאָניסטן־אָנפירונג; אַ געלעגנהייט צונויפצורופן ביי „געדעקטע טישן לכבוד די חשובע געסט” אַ צוויי מבינים פון די ראָשי המדברים. ווי האָב שפּעטער געהערט, איז נישט לייכט אַוועקצוזעצן ביי איין טיש אַלעמען, מחמת אַלע זיי לעבן נישט צווישן זיך בשלום. און דאָס איז טאַקע איצט צו פילן; יאָ. איך פיל דאָס כאָטש די רעדעס זייערע זענען אין שפּאַניש. און ספּעציעל מאַכט דאָס צו פילן מיין ייד־גאַסט, שלמה באָראָדאָווסקי. ער ברענגט אַרויס זיינע טענות אין יידיש און דערמיט — אַריינגעגעבן אַ „יידישן טאָן” דער „באַערונג”.

„זאָל אַ וועלט וויסן — האָט דער ייד געשריגן — אַז איר, נאָר איר, ייק"אַ־לייט, זענט שולדיק, וואָס די קאָלאָניסטן זענען זיך צעלאָפן פון די קאַמפּן; וואָס די גאַלפּאָנען זענען ליידיק; וואָס די קאָאָפּעראַטיוועס זענען קרעמלעך פאַר גנבים; וואָס קיין יוגנט איז נישטאָ"...

די „יומטובדיקע שטימונג" איז צעשטערט. דעם טיש נעמט „פירן" די זינגערין. איך באַמי זיך צו פאַרקוועטשן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען. זאָלן זיי מיך נישט אַרויסזען. גלייכער אַזוי. אויך — געגנוג אויף היינט!

און ס'איז געוואָרן גענוג.

פאַרטאָג — באַראַדאָווסקי איז דאָ מיט זיין „סולקע". און איך דאַרף זיך גרייטן צום היינטיקן אָוונט; וויל אויך מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט. אַוודאַי איז כדאַי זיך צו באַקענען מיט אַ יידישער קאָלאָניע.

„אַ, שלום עליכם אייך, רעב שלמה — שטרעק איך אויס צום אַריינגעקומענעם ביידע הענט — איר האָט נעכטן אַריינגעבראַכט די אמתדיק־יומטובדיקע שטימונג מיט אייערע אָפענע דיבורים און דווקא אין יידיש"...

„אמת, אמת, סעניאָר... — האָט ער זיך פאַרהוסט ביים וועלן אַרויסזאָגן מיין נאָמען און איז תיכף אַריבער „צום ענין" — זיי האָבן זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר אייך מיט זייער אינטעליגענץ; איז טאַקע בעסער, וואָס איר פאַרשטייט נישט קיין שפּאַניש; פאַרשפּאָרט עגמת־נפש. און ווען איר וואָלט יאָ פאַרשטאַנען, וואָלט פון אַ צווייטער זייט געווען אַ מעלה. איר וואָלט דערזען סאַראַ גראָבע יונגען איר האָט פאַר זיך. אַז זיי קענען דאָך נישט קיין ריכטיקן שפּאַניש. צווישן זיך רעדן זיי דאָך גאָר דייטש, די פיינע ייק"אַ־לייט — — — וואָס זאָגט איר, סעניאָר... איך האָב דאָך צוגעגרייט פאַר אייך אַזויפיל סורפּריזן, איר מוזט פאָרן מיט מיר. איר האָט דאָך צוגעזאָגט! מיין ווייב וועט מיך נישט אַריינלאָזן אָן אייך".

אָבער איך האָב געפונען אַן אויסוועג: זאָל ער אָנשרייבן אַ בריוו און דאָרט אַרויסברענגען אַלץ, וואָס האָט שייכות מיט זיין קאָלאָניע און קאָלאָניעס בכלל. דעם בריוו זאָל ער פאַר מיר שיקן אין רעדאַקציע.

„איר פאַרשטייט... זייט מוחל. לאָמיר אָנהאַלטן קאָנטאַקט. איר געפעלט מיר באמת; אָבער היינטיקן טאָג מוז איך דאָך אויסנוצן זיך צו באַקענען מיט דער שטאָט און זיך גרייטן צום אויפטריט"...

פון זיין „סולקע" זיך סיווּי נישט געקאָנט באַפרייען. ער האָט מיך אַרומגעפירט איבער דער שטאָט, באַוויזן די יידישע באַלעבאַטישקייטן, וואָס האָבן באַשטעטיקט זיינע רייד: יידן האָבן פאַרלאָזט די קאָלאָניעס און געוואָרן שטאָטישע.

„זייערע פעלדער האָבן זיי שוין לאַנג איבערגעגעבן צו פרעמדע און זיי אַליין מאַכן אַ לעבן אויפן חשבון פון די פּעאָנען"...

זיך געזעגנט מיטן טשעקאָווען ייד. דאַכט זיך, אַז כ׳האָב שוין אַלץ, ווייס שוין אַלץ. איצט דאַרף מען בלויז צואיילן, אָפּרעדן, אָפּזינגען און — אויסדרייען דעם דושעל.

נישט בלויז אין באַסאַווילבאַסאָ — אויך אין אַנדערע מקומות האָט עולם געוואָלט כ׳זאָל רעדן וועגן „קאָסעטשע״, וועגן „קאַמפּן״ און קאָלאָניזאַציע בכלל. עס האָט אויך געטראָפן אַז אַ קאָלאָניע־פּאַרזיצער האָט מיך פאַרגעשטעלט ווי איינעם פון די ייק״אָ־קאַרפּנקעפּ און ווער עס האָט זיך אויף עפּעס צו באַקלאָגן — זאָל זיך אויסטענהן טאַקע אָטאָ־דאָ... שווער געווען אַרויסצופירן דעם עולם פון טעות. אָבער סיווי זענען יידן געזעסן, באַוווּנדערט און געהערט. באַוווּנדערט, וואָס מ׳רעדט צו זיי יידיש, וואָס מ׳זינגט פאַר זיי אויף יידיש. און אומעטום — אַ טרויער דריקט אויף אַלעמען, אַן איינזאַמקייט.

אינם קאָלאָניסטישן שטעטל דאָמינגעז זענען זיך אָנגעפּאַרן איניקע הונדערט „סולקעס״, געברענגט יידישע פּויערים פון די אַרומיקע קאָלאָניעס, ריכטיקע פּויערים — אַן איבערבלייב פון אַ גרויסן יידישן חלום.

אין דער קאָלאָניע לאַ־קאַפּיזשאַ — געהאַט אַכסניה ביי אַן אָרטיקן תושב, אַן איינגעוואָרצלטן אינם „גאַוטשאָ״־שטייגער. הינטער די פענצטערס פון זיין הילצערנער שטוב האָט געשטאָקט די נאַכט — ימש חושך. אַן אמת־פּויערשע דירה: ליימענער דיל, נאַקעטע ווענט, אָפּגעדעקטער סופיט. צוויי קינדער. משפחה זעצט זיך אַרום טיש פּראַווען אָוונטברויט. אַ זידיקער טשייניק אויפן טיש. אַ „באָמביזשאַ״, אַ קיילעכיק טעפּעלע אַזאַ, אויסזען פון אַ באַרנע, מיט אַ קיילעכיק שטעקעלע אינעווייניק. די „באָמביזשאַ״ ווערט אויסגעפּילט מיט הייס וואַסער און עולם — טאַטע, מאַמע, קינדער — נעמט קאָלעקטיוו זייגן פונם שטעקעלע: איינער גיט עס איבער דעם צווייטן. דערנאָך קומט מיין ריי. איך קוק תמעוואַטע. פאַרוואָס מוזן אַלע ליפּן לעקן פונם זעלביקן שטעקעלע — און אויך איך? ווייזט זיך אַרויס: דאָס טרינקט מען אַ נאַציאָנאַל־אַרגענטינישן געטראַנק. „מאַטע״ רופט מען עס. מעגן אין שטוב זיך געפונען צוואַנציק געסט, באַקומט יעדער אַ „צי״ פונם זעלביקן שטעקעלע... נישט פאַרקרימען זיך — — נישט באַליידיקן די גאַסטגעבערס...

האָב אויך איך, באין ברירה, נישט אָפּגעזאָגט. אָבער אַ ביטערער טעם אין מויל איז סיווי געבליבן...

דאָ, אין לאַ־קאַפּיזשאַ, האָט מיך יאָ איבערראַשט אַ גרעסערע צאָל קינדער אינם קאָאָפּעראַטיוון גאַלפּאָן (שייער), וואָס איז אויפגעריכט געוואָרן פאַר אַ זאַל מיט בענק און מיט אַ טריבונע. נאָכן „אויפטריט״ האָבן די קינדער פאַרלאַנגט „אויטאָ־גראַפן״ וווייזנדיק אויף שטיקלעך פּאַפּיר אין זייערע הענט: שרייב, סעניאָר... זיך געוואָלט מיט זיי צונויפרעדן — אָסור אַרויסצוקריגן אַ גלייך יידיש וואָרט.

מיר דאַרפֿן נאָך באַזוכן סאַן־אַנטאָניאָ, קלאַראַ, פּעדערמאַר. די נסיעות פֿון איין קאָלאָניע צו דער צווייטער זענען זייער טשעקאַווע. איבערן וועג — קינדער רייטן אויף פֿערד; נעבן זיך — צוגעבונדן אַ ביכער־טאַש. דאָס רייטן זיי אין דער נאָנטער שולע. דאָס פֿערד פֿאַרזיכערט זיי — נישט צו דאַרפֿן טונקען די באָרוועסע פּיסלעך אין דער פֿעטער בלאָטע.

אין סאַן־אַנטאָניאָ האָט מיין מכניס־אורח, אַ ייד מיט פֿאַרהאַרטעוועטע שטריכן אויפֿן פּנים און הענט, אַ ייד פֿון בעסאַראַביע און תושב דאָ אַ יובל מיט יאָרן, האָט ער אַ סך פֿעלד און „סקאָט" און ברויט צו דער זעט. איצט איז ער ממש גליקלעך צו קענען זיך דורכשמועסן אין אַ היימישן ייִדיש. און אַ טעכטערל האָט ער, רופֿט מען זי: זהבה־ציונה. אָט שטעלט ער זי פֿאָר און די גאַנצע משפּחה:

„זעט, קוקט אַרויס דורכן פֿענצטער. איר זעט, האַ? דאָס אַלץ, אין דער לענג און ברייט, געהער צו מיר, צו מיין מי און שווייס; אויסגעקרענקט מיינע יאָרן דאָ. טאָ וואָס מיינט איר האָב איך באַשלאָסן? אַלץ דאָ איבערצולאָזן פֿאַר אַ שיבוש און זיך צו ראַטעווען. ווי איר הערט: ראַטעווען און — עולה זיין קיין מדינת ישׂראל ... מיינט איר אפשר, אַז כ'האָב געפֿונען אַ ייִד, וואָס זאָל דאָס אַלץ וועלן אָפּקויפֿן? אָסור! אַוועקגעגעבן בחצי חנם צו אַ זייעריקן"...

„נו, נו — פּרווו איך אים „טרייסטן" — די קאָלאָניע איז געווען פֿאַר אייך אַ מין הכשרה־פּונקט... איצט וועט איר אין ישׂראל זיין דער ריכטיקער מאַן אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ".

„אַ דאַנק דער קאָלאָניע? אומזיסט אַוועקגעפּטרט מיינע יאָרן. פֿאַרן בלויזן טרוקענעם שטיקל ברויט. די רעשט האָבן צוגענומען די געוויסע סעניאָרן פֿון דער ייק"אָ. עס האָבן נישט געפֿעלט קיין נעמערס, קיין שינדערס. נאָך צענדליקער יאָרן דאָ זיצן האָב איך זיך, חוץ אַלע צרות, אַרומגעזען, אַז מיר ווערן זיך פֿרעמד; אַז די טאָכטער ווערט אונז פֿרעמד, אַז מיר אַלע ווערן — אַ שטיק ערד"...

אויך דאָ אַהער זענען אָנגעפֿאָרן קאָלאָניסטן מיט זייערע „סולקעס" פֿון די אַרומיקע פֿעלדער, איינגעבאַבלטע, צעקנייטשטע ייִדן — משפּחות גאַנצע, געקומען ווי אַמאָל אין היימישן שטעטל אויף אַ חתונה. דער „אָוונט" — אין ביבליאָטעק־זאַל. דאָ האָט יוגנט אַמאָל געלייענט ביכער, געטאַנצט און פֿאַרברענגט און געווען אַ נחת פֿאַר טאַטע־מאַמע. איצט פּוסטעוועט דער זאַל. די ביכער? יאָ. הונדערטער ביכער פֿאַראַן. זיי ליגן — אין תּפֿיסה: אין פֿאַרקראַטעוועטע שענק, וואָס געפֿינען זיך אינדרויסן, נעבן אַריינגאַנג. און אַז איך האָב מיט שוועריקייטן געפּרווט פֿאַנאַנדעררוקן אַזאַ פֿאַרקראַטעוועט טירל, אָנקוקן די ביכער, איז געוואָרן אַ באַוועגונג פֿון... מייז ——— יידישע ביכער הינטער גראַטעס — שפּייז פֿאַר מייז.

אויף מיינע שאַלות — באַקומען די תשובה:
„עס איז ליקווידאַציע, סעניאָר!"
אין קלאַראַ, אַ חנוודיק שטעטעלע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער באַראָנעסע, האָט איינער אַ ייִד, אַ פאַרבלאָנדזשעטער אַהער פון אַן אוקראַיִניש שטעטל, אין מיר אַזויפיל אַריינגערעדט, אַז עס וואָלט געסטייעט פאַר אַ טוץ רעדנערס. ער האָט מיט מיר שפּאַצירט אויפן בערגלדיקן שאָסיי פּאַרויס, אָבער — געגאַנגען צוריק, צו די ערשטע קאָלאָניזאַציע־יאָרן.
„דעמלט — פאַרקנייטשט ער זיינע גראָע אויגן און דער קנאָפּ פון שמאָלן האַלז ווערט ביי אים שאַרף און שפּיציק — יאָ, דעמלט האָט די רעגירונג נישט געלאָזט ייִדן זיך באַזעצן אויף לאַנד. זי האָט געטענהט, אַז ייִדן זענען סוחרים פון „לעבעדיקע סחורה" און דערפאַר טאָר מען זיי נישט לאָזן זיך קאָנצענטרירן. נו, זעט איר דאָך: מען האָט טאַקע געהאַנדלט מיט „לעבעדיקע סחורה", אָבער דאָס גראָד די שטאָטישע. אויב געפינט זיך אין שטאָט אַן אָרנטלעכע אָנפירונג, אַ ייִדישע אינטעליגענץ, קומט זי פון די קאָלאָניעס, קאָלאָניסטישע זין... און איצט, סעניאָר, איז נעילה. מער ווי דער נאָמען וועט דאָ נישט בלייבן און אפשר דאָס אויך נישט. די קאָלאָניסטן זענען געוואָרן שטאָטישע. זייערע „קאַמפּן" זענען מער נישט קיין ייִדישע. ייִדן באַאַרבעטן נישט די „קאַמפּן". ייִדן האָבן ליב אַ סך „סיעסטאַ" און האָבן הנאה פון אַן אייגענער „ראַנטשאָ" מיט אַ „פּאַטיאָ" (וואָס מיינט: אַן אייגן הייפל; און ביי מיר קלינגט עס מיט „אַפּאַטיאָ"...); אַנדערע — בויען זיך „קינטעס" אין שטאָט. פריצים. און פריצים טוען נישט קיין שווערע אַרבעט. אויך איך — נישט קיין פריץ און האָב נישט קיין „ראַנטשאָ" און קיין „קינטע", בלויז אַ פּויעריש שטיבל — האָב שוין פאַרקויפט ס'לעצטע. אין אַ האַלב יאָר אַרום וועל'מיר שוין פאַרברענגען אין בוענאָס איירעס"...
אין קלאַראַ איז דער „אויפטריט" צוגעגרייט אויף זונטיק אָוונט. היינט איז שבת. מאַך איך אַ שפּאַציר איבער דער הויפּטגאַס — אַ ברייטער, זאַמדיקער וועג, אויסגעפּילט מיט איינוווינער מכל המינים טאַקע ווי אַמאָל אין שטעטל אין אַ שבת פאַרנאַכט. די ווענט — באַקלעפּט מיט פּלאַקאַטן, וואָס זענען מודיע, אַז זונטיק אָוונט וועט מען... טאַנצן אין קלוב. טאַנצן? דערנאָך האָט זיך באַוויזן די זינגערין. זי ווייס שוין פון פריער וועגן דעם „טאַנץ־אָוונט". דערלאַנגט זי דערויף אַ הילכיק־זינגענדיקן קוויטש: אַללאַ באַאַגגאַ!.. ווייזט זיך אַרויס, אַז די ייק"אַ־אַדמיניסטראַציע וויל „אַריינגנאַרן" די יוגנט אין זאַל. און רעכט האָט זי: מילא, די זינגערין, וועט זי זינגען, אָבער — אַ רעדנער אין ייִדיש? וועמען נוצט ער און ווער וועט אים הערן? איז מהאַי טעמא — פאַרשטענדלעכער צו מאַכן פונם רעפעראַט־אָוונט, אַ „טאַנץ־אָוונט".
נו, בין איך ממשיך מיט מיין שפּאַציר. דער אוקראַיִנישער ייִד באַגלייט מיך און

לאַכט. אָט אַזוי קוקט זי אויס, די אַדמיניסטראַציע אונזערע. חוזק מאַכן — דערויף עקזיסטירט זי דאָ. דער דרויסן — קיל, אָנגעפּילט מיט גלעטנדיקע ריחות פון פעלדער און סעדער. איך פיל בליקן צו מיין זייט. עולם ווייס, אַז דאָס בין איך דער גאַסט... טאַנצער. ווער עס שמייכלט, ווער עס באַוווּנדערט מיינע... פיס. עס דאַרף הייסן: מיט אַזוינע פיס? ———

ווי אויף יעדן „אָוונט", אויך דאָ האָט דער פּאַרזיצער צעקאַלעטשעט אונזערע נעמען. איז דאָ געווען אַן איבעראַשונג: די זינגעריןֿ, סיבירצעוואַ, האָט זיך געפּילט „געטראָפן" פון דעם „פאַרשטעלער", וואָס מאַכט אַ תל פון איר שיינעם נאָמען; האָט זי זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און גענומען — זיך אַליין פאַר־שטעלן פאַר דעם צעשמייכלטן עולם:

„מיין נאָמען שמעקט מיט סיביר, ווייל איך בין דאָרט געבוירן. דערפאַר הייס איך — נישט ווי דער חשובער סעניאָר האָט געזאָגט „סאָוו־באַר־צאַ־ווי", נאָר ווי איר הערט: „סיביר־צע־וואַ"...

עולם האָט האַסטיק אַפּלאָדירט, געשריגן „מוי ביען" (זייער גוט), ספּעציעל די יוגנט אויף די הינטערשטע רייען, געקלאַפּט אומגעדולדיק מיט די בענק: נו, ווען וועט מען שוין מאַכן אַ ריקוד?

און איך — ווער ס'איז מיך מקנא... כלל נישט אַריינגעטראַכט אין מיין ראָל. דאָס פּראָגראַם איז צוגעגרייט: איך רעד וועגן יידן, וועגן יידישן הומאָר און וועגן נאָך, וואָס עס פּליט מיר בשעת מעשה אין קאָפּ אַריין; זי זינגט יידישע פאָלקסלידער. אַזוי אומעטום, אַזוי אויך דאָ.

און דאָ — ווי כ'האָב געעפנט מיין „יידיש מויל" איז געוואָרן אַ הילכיק טרעטן אויף די הינטערשטע בענק: אַ רעשיקע עמיגראַציע צום אַרויסגאַנג, גלייך אַ שרפה וואָלט חלילה אויסגעבראָכן ———

אָט אַזוי — האָט זיך אויך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל: באַזוך אין די יידישע קאָלאָניעס.

אין בוענאָס איירעס געפונען אויף מיין טיש דעם צוגעזאָגטן בריוו פונם אַלטן קאָלאָניסט, שלמה באַראַדאָווסקי, אַ בריוו געשריבן אין יידיש — אַ שטיק געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע:

באַסאַווילבאַסאָ, מאַי 1952

...ווי מיר האָבן אָפּגערעדט פאַר אייער אָפּרייזן פון באַסאַווילבאַסאָ, שיק איך אייך אָט דעם בריוו מיט אַ קורצן איבערבליק פון דער קאָלאָניע.

די קאָלאָניע לוסיען ווילע, וואָס איז אַרום באַסאַווילבאַסאָ, האָט זיך אָנגע־הויבן אין 1894. אין אָנפאַנג איז געווען 4 קאָלאָניעס. נ' 1. 2. 3. 4. שפּעטער האָט מען צוגעגעבן נאָך ערד און אַ טייל פון די קאָלאָניעס האָט

מען באַזעצט אין גרופּעס, ווי אויך אין עסקסיניאַ, 30 קילאָמעטער פון באַסאַווילבאַסאָ, האָבן זיך פאַרמירט קאָלאָניעס אין גרופּעס. אומגעפער זענען געווען אַרום 300 פאַמיליעס. אין אַלגעמיין — אַ שיינע יידישע געגנט מיט יידישע קאָלאָניסטן מיט אַ יידישער סביבה, שולן, שולעס, ביבליאָטעקעס. ווען נישט ווען געשפּילט טעאַטער פון ליבהאָבער. ווען באַסאַווילבאַסאָ האָט געהאַט נישט מער ווי עטלעכע הייזער (אין די ערשטע יאָרן נאַטירלעך) האָט די קאָלאָניע נומער 1 שוין געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. עס איז דאָ געגרינדעט געוואָרן די חברה־קדישא, די קאָאָפּעראַטיווע (די ערשטע אין לאַנד), דאַמען סאָסיעדאַד, דער שפּיטאָל און די ביבליאָ־טעק. אַזוי האָט זיך געפירט אַ סך יאָרן ביז... ביז די קאָלאָניעס האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. די עלטערע קאָלאָניסטן זענען אַ סך אויסגעשטאָרבן און זייערע קינדער, וועלכע האָבן שוין אויך געהאַט קינדער, האָבן צוביסלעך אָנגעהויבן פאַרלאָזן די קאָלאָניעס, ווער צוליב קינדערלערנען (ווייל קיין שולעס האָט מען שוין כמעט נישט געהאַט...) און ווער עס האָט פאַרלאָזט צוליב באַקוועמלעכקייטן. אַזוי איז אין די קאָלאָניעס געוואָרן שיטערער. ווער עס האָט פאַרקויפט די קאַמפּן און ווער עס האָט פאַרדינגען און עס איז באַזעצט געוואָרן פון פרעמדע עלעמענטן...

די קאָלאָניע נומער 1, ווו איך האָב דאָס פאַרגעניגן צו האָבן מיין אייגן היים און קאַמפּ, האָט אַמאָל געהאַט 26 קאָלאָניסטן און איצט בין איך געבליבן אַליין מיט מיין פאַמיליע, אַרומגערינגלט פון פרעמדע עלעמענטן. אָבער איך בין נישט אַליין. דאָ איז געבליבן די שול, וועלכע איך היט אָפּ ווי ווייט מעגלעך אַז זי זאָל זיך האַלטן ווי אַמבעסטן. אַלע שבת גיי איך אין דער שול מיט מיין אשת חיל אַליין... אָבער ראש השנה און יום כיפּור שטעל איך צונויף אַ מנין מיט גרויס שוועריקייטן, בוכשטעבלעך מיט מסירת נפש. אַ פּאָר קומען פון די נאָנטע גרופּעס און אַ פּאָר פון באַסאַווילבאַסאָ. יאָ. איך האָב פאַרגעסן דערציילן אַז דאָ איז אויך דער בית עולם מיט זייער שיינע מאָדערנע מצבות, דער שענסטער אין דער פּראָווינץ, אַזוי, אַז די קאָלאָניע איז אויסגעליידיקט און דער בית עולם איז פאַרפולט. און עס פאָרמירט זיך אַזאַ בילד: אין דער אַמאָל בליענדי־קער קאָלאָניע נומער 1 איז געבליבן איין ייד, איין שול און דער הייליקער אָרט מיט שיינע מצבות. און ווייזט אויס אַז דער שיקזאַל האָט אַזוי גע־וואָלט, אַז איך, וואָס בין פון פאַך אַ בוכאַלטער און מוזיקער (אין דער יוגנט), זאָל בלייבן אַלס סימבאָל אין דער קאָלאָניע אָפּצוהיטן די איינזאַמע שול און צוזען ווי ווען נישט ווען ציט זיך אַ טרויער צוג צום הייליקן אָרט, וווהין מען פירט פון עולם השקר צום עולם האמת דעם, וואָסביים לעבן האָט ער געהייסן: מענטש.

מיין ליבער פריינד! אָט דאָס איז אין קורצן אַ בילד פון דער קאָלאָניע. אַנטשולדיקט, וואָס עס איז נישט אַזוי קאָרעקט. איך בין דאָך נישט קיין שרייבער, נאָר אַ יידישער מוזשיק. אין נאָמען פון מיין פרוי און מיינעם, גריסן מיר אייך גאָר הערצלעך. אייער פריינד

שלמה באָראָדאָווסקי

מיינע קאַלאַניע־רעפּאָרטאַזשן זענען, צו פילן, „אַנגעלייגטע סחורה״ אין „די פּרעסע״. במשך איניקע וואָכן האָב איך באַפּרייט דעם פּאַרוואַלטער פון דער שרעק פאַר זאַטשעפּען מיט דער בוענאָס איירעסער קליענטעלע. און דאָך, האָט עוזר בומאַזשני געהאַלטן, אַז אויך דאָ קאָן מען נישט יוצא זיין בלא כלום און אַז זיין וואָרט מוז געהערט ווערן. ווער־ווער, אָבער ער ווייס דאָך יאָ וואָס עס האָט זיך געטאָן און וואָס עס טוט זיך אין די קאָלאָניעס.

„איר פאַרשטייט — האָט ער מיך אַ רוף געטאָן ביים פאַרבייגיין זיין לאָך־צימערל — איך האָב באמת הנאה געהאַט פון אייערע רעפּאָרטאַזשן, קכי־כי־כאַ! אַזויפיל אָריגינעלער הומאָר! אָבער אַביסעלע טרויעריקס איז אויך געווען, ווען איר האָט דערמאָנט וועגן דער „לעבעדיקער סחורה״... איר פאַרשטייט, ביי אונז דער־מאָנט מען „דאָס״ שוין מער נישט. אויך איז געווען אַביסעלע צופיל פּעסימיזם. עוד לא אבדה. אונזערע קאָלאָניעס, קכי־כאַ־האַ!, וועלן נאָך געדייען, נישקשה, איר פאַרשטייט״...

## 6. אַ גאַסט אין ישוב — אַפּאַטאָשו

דאָס לעבן אין „ישוב״ גייט כשורה. מען ריכט זיך אויפן אָנקומען פון די „פּאַריזער״ — די שרייבערס, וואָס האָבן געקריגן דערלויבענישן אַריינצוקומען קיין אַרגענטינע. זיי האָבן גאַרנישט פאַרשפּעטיקט. נישקשה. עס וועט ווידער זיין „פולע הענט״ מיט אַרבעט: באַגריסונגען, אויפנאַמעס, באַנקעטן...

אויך גרייט מען זיך אויפצונעמען אַ גאָר חשובן גאַסט, דעם שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו. דערמיט פאַרנעמט זיך דער „שרייבער־פאַריין״. ריכטיקער: זיין פּרעזידענט.

גראָד אַ געלונגענער אויסוואַל. עס וועט זיין ביי וואָס זיך צו וואַרעמען. נו, וועט דער באַרימטער שרייבער זיין דער גאַסט פונם „שרייבער פאַריין״ און ממילא — דער גאַסט פונם „גאַנצן ישוב״. — ער וועט אָבער בלייבן דאָס אייגנטום פונם שרייבער־פּרעזידענט. ער וועט אים אומעטום באַגלייטן, אומעטום אים פאַרשטעלן, אומעטום לאָזן פילן, אַז — ער איז געבליבן: ער...

און — עס טוט זיך. „ער״ פאָרט אַרום איבער דער שטאָט אין „קאַטשן״, זאַמלט געלט. עס קאָסט אַ רייזע־בילעט. און דעם גאַסט דאַרף מען אויך געבן האָנאָראַר. מ׳קען דאָך נישט פאַרלאַנגען — — —

איניקע טעג ערב אָפּאַטאָשוס אָנקום. די צוויי טאָגצייטונגען „ברעכן״ זיך פון רעקלאַמע־נאָטיצן. ספּעציעל „די פּרעסע״. און אָפּאַטאָשו פאַרדינט זיכער אַן אָרנטלעכן קבלת־פּנים. און אויך מיין ווייניקייט לייגט צו אַ פען: נאָכאַמאָל איבערגעלייענט „אין פוילישע וועלדער״ און פאַרעפנטלעכט איניקע מאמרים. און ס׳איז באמת גוט צו געפינען זיך אין דער סביבה פון אַזאַ שרייבער.

במה דברים אמורים? ווען עס ווערט נישט געמאַכט אַרום דעם קיין אָרגאַניזירטער טומל — פּראָווינציעל און טעאַטראַל — מיט אַ נישט־איבערקלייבערישן עולם... און אָט — איז דער עולם אָנגעפּאָרן אויפן לופט־פעלד. נישט געבליבן קיין פּלאַץ ווו אַוועקצושטעלן די „קאָטשן". ערשט די התלהבות, ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך באַוויזן: „דאָס איז ער!" מען האַלט גרייט די הענט צום פּאַטשן. און אַז „ער" איז נישט געווען — ער, איז מען געבליבן אַנטוישט. ווי איז דאָס געמאָלט? אָט אַזאַ דאַרף „ער" דאָך אויסקוקן: אַ ברייטער, אַ הויכער, אַ צעשמייכלטער... אַפּאַטאָשו איז פון עראָפּלאַן אַרויס דער לעצטער — אַ קליין, דריבנע יידעלע. בלויז ייד. קיין שמץ נישט פון „אויסערלעכער פּערזענלעכקייט". מסתמא נישט זיין שולד... „האַ, דאָס איז ער?" — האָט מען זיך געשושקעט אויפן קול. עולם האָט דערוואַרט אַ „פּערזענלעכקייט". אויך דער גאַסט איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער: איז דער עולם געקומען צו אים? זענען די אַלע טאַקע זיינע לייענערס?

„אָ־וואָ!"

און די רעשט — לויט אַ סדר: רעדעס, באַגריסונגען, פאָרשטעלונגען. יאָ. געוויסע יידן האָבן פאָרגעשטעלט — זיך, ביים אויסרעכענען די מעלות פונם גאַסט. אויך צום „אָוונט" איז געקומען אַ היפּשער עולם, דער עולם, וואָס האָט באַצאָלט פאַרויס. און ווידער — אַן אַנטוישונג. דאָס מאָל — אַ טאָפּלטע. ראשית: היות דער שרייבער־פּרעזידענט האָט אָרגאַניזירט מיט זיינע נאָענטע מענטשן הילף פאַרן אַפּאַטאָשו־אָנקום, האָט ער זיי, די מענטשן, פריער געמוזט עפּעס צוזאָגן. וואָס? צוויי פון זיי, די קופּצי בראש, וועלן „פאָרשטעלן" דעם גאַסט. איז אַרויס־געקומען — נישט קיין פאָרשטעלן — אַ פאַרשטעלן: מען האָט אַפּאַטאָשון בכלל נישט אַרויסגעזען בעת זייערע „אויפטריטן". ספּעציעל — איינעמס אַן „עסיי", געלייענט לכבוד דעם גאַסט, אַן „עסיי", וואָס האָט אַריינגעברענגט דעם עולם אין כעס. מען האָט געטופּעט, געטומלט: זאָל ער שוין אויפהערן! דעם נודניק האָבן מיר דאָך אַ גאַנץ יאָר! — — ושנית: האָט אַפּאַטאָשו געלייענט אַ געדרוקטן מאמר „יידיש", געשריבן אין 1936 און דערשינען אין בוך־פאָרם „יידיש און יידישקייט", 1949. האָט ער טאַקע נישט געקאָנט צוגרייטן עפּעס חידושימ־דיקס? — — —

מילא. סיוּוּי היימלעכע טעג. פאַראַן אַרום וואָס זיך צו פאָרען. און אויסגעקומען איז, אַז איך האָב געהאַט באַגלייט דעם גאַסט צו זיינע מלאַווער לאַנדסלייט. איבערן וועג האָט ער אין מיר אַריינגעטענהט:

„סאַראַ יידן ביי אייך! שוין צענדליקער יאָרן גיי איך אַרום איבער ניו־יאָרק און זעלטן אַ ייד זאָל מיר זאָגן „גוט מאָרגן". זענען טאַקע די היגע יידן אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַ שרייבער? דאַכט זיך, אַז ניין. אַ גרויסער טייל פון זיי

ווייס דאָך אַפילו נישט ווי מ׳רופט מיך. איך האָב דאָס געפילט ווי זיי האָבן געדריקט מיין האַנט און מיר אַריינגעשריגן אין די אויערן: שלום אייך, שרייבער פּאַטשו! — — ניין. זיי האָבן נישט געקענט אַרויסברענגען מיין נאָמען. זיי האָבן נישט געלייענט מיינע ביכער. זיי האָבן בכלל גאָרנישט געלייענט. זיי זענען געקומען צו אַ גרויסן הוררראַ, זענען זיי געקומען! — — —

אויף אַ מיטאָג־עסן לכבוד דעם גאַסט איז געקומען צורייד וועגן די היגע שרייבערס. אַפּאַטאָשו האָט נישט אויסגעדריקט קיין גרויס אַנטציקונג פאַר זיי. האָט אימעצער דערמאָנט דעם נאָוועליסט בערל גרינבערג. האָט ער דערויף אַ פיר געטאָן מיטן לעפל: „עי, דאָרט, אַ מעשהלעך־שרייבער״...

צומאָרגנס נאָך דערדאָזיקער מעשה טרעפט מיך בערל. ער פלאַמט. ער וויל שרייען. ער ווייס אָבער נישט ביי וואָס פריער אָנצוהייבן. זיינע אויגן — הייסע קוילן:

„האָסט מיר געזאָגט, אַז אַפּאַטאָשו האָט טענות צו די היגע יידן: זיי לייענען נישט, זיי האָבן אים נישט געלייענט; און ער? ער לייענט יאָ? ווי דערוועגט זיך אַ בכבודיקער שרייבער אַרויסצוטראָגן אַ פּסק: בערל גרינבערג — אַ מעשהלעך־שרייבער, הע?! און דו האָסט געשוויגן! האָסטו דאָך מיר נישט איין מאָל געזאָגט — און אויך געשריבן — אַז איך בין אַ שרייבער פון נאָוועלן! וואָס פּלוצים אַזאַ חוזק־טאָן: מעשהלעך־שרייבער?״

בערל גרינבערג איז לכתחילה נישט געגאַנגען באַגריסן אַפּאַטאָשון, נישט געגאַנגען אויף זיינע „אָוונטן״. אַלץ וואָס עס קומט אַרויס פונם „פּרעזידענט״ — טויג נישט! חוצדעם האָט ער געפילט, אַז אַפּאַטאָשו „דעקט״ אים צו, בערלען, האָט ער נישט געוואָלט איבערלעבן די חרפּה...

נאָך דער „מעשה״, האָט ער אַוועקגעשריבן צו אַפּאַטאָשון אַ שאַרפן בריוו, אים געמוסרט און אויך אויסגעזידלט. אין אייניקע טעג אַרום איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „די פּרעסע״ אַפּאַטאָשוס ענטפער מיט לויב פאַר גרינבערגס שרייבן, פאַר זיין שיינעם סטיל, פאַר זיין אָריגינעלקייט און בילדערישקייט...
יאָ. לאָמיך נישט זינדיקן מיט די רייד.

## 7. שול־גלאַנץ אָן יידיש־גלאַנץ — אָן אַכציק פּראָצענט...

לאָמיך נישט זינדיקן מיט די רייד. דער גאַנצער ענין: ירושה, פאַלקסטימלעך, אַלטע היים און ענלעכע שיינע ווערטער, אַז דאָס אַלץ קלעפּט זיך עפּעס נישט און פּאַרט זיך עפּעס נישט און פּאַסט זיך כלל נישט אַריין — — —

וואָס אַזוינס מיינט: פאַלקסטימלעך? קלאָר: באַשיידן, אָן גאווה, היימישלעכע סביבה; אַ יאָ? נו, איז טאַקע ריכטיק, אַז אַלץ איז דאָ ווי אין דער אַלטער היים: רעכטע און לינקע ציוניסטן, פּאַרטייען מכל המינים, בונד און קאָמוניסטן; מיטן

חילוק וואָס דאָרט האָבן אַרבעטער־פּאַרטייען געהאַט אַרבעטער; דאָ — איז אין אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען נישט פאַראַן קיין אַרבעטער... ווי פּאַרט עס זיך? די יידן דאָ זענען נישט שולדיק, וואָס זיי האָבן באַוויזן זיך אַרויפצואַרבעטן פון „קלאַפּערייי" ביז ווערן אַ פאַבריקאַנט מיט אַן אייגענער „קינטע" (ווילע), קאַטש (אויטאָ) און געשעפטן און אַנגעשטעלטע. און גראָד די יידישע קאָמוניסטן האָבן דאָ אויפגעבויט אַ גאַנצע פאַבריק־געגנט הינטער בוענאָס איירעס — וויזשאַ לינטש — מיט לוקסוס און גדלות און מאַכן־אַ־לעבן־אויף־יענעמס־חשבון. קאָמו־ניסטן — פאַבריקאַנטן. אם כן: מעגן דאָך אַנדערע פּאַרטייען — פון רעכטס ביז לינקס — אַוודאי. דערפאַר קלעפּט זיך נישט. און עס קלעפּט זיך אויך נישט מיט דער געלויבטער יידישער קאָלאָניזאַציע — אָן יידישע קאָלאָניסטן. אויך איז „עפּעס נישט" מיט די היגע יידישע שולעס, ווו ס'ווערט געלערנט מיט די קינדער אַלץ, אויסער — זיי זאָלן קענען אַרויסברענגען אַ גאַנץ יידיש וואָרט.

יאָ, מיט די יידישע שולעס פּיל איך זיך פּאַרט „אין דער היים": בעת מיין געפינען זיך אין אַ שולהויף, זען ווי הונדערטער תלמידים אין ווייסן — ווייסע מלאָכימלעך — פלאַטערן און פלאַטערן און פלאַטערן ———

אויסערלעכער און דאָך — היימישער פלאַטער. גוט. עס איז אָבער נישט גוט, וואָס בלויז צווישן 15־20 פּראָצענט יידישע קינדער טוען אָזוי ווייס־פלאַטערן צווישן די ווענט פון אַ יידישער שולע. אַוודאי דינגט מען זיך מיט דער ציפער. די „דינגערס" ווילן דווקא צורעכענען נאָך אַ פינף־זעקס פּראָצענט. זאָלן זיי ———

אַנומלט געווען אין דער גרעסטער יידישער שולע — אַ פּאַלאַץ אין דרויסן און אינעווייניק. די שלום עליכם־שולע. מען גיט איר אַ קיילעכיקע ציפער: צוויי טויזנט קינדער. בין איך אַריין אין שולהויף מיט דער כוונה: זיך פאַנאַנדער־רעדן מיט די תלמידים אויף יידיש. דאַרף דאָך דאָס זיין די אויפגאַבע פון אַ יידישער שולע וואָס טראָגט דעם נאָמען פון שלום־עליכם: אויפהאָדעווען אַ ירושה־דור, וואָס זאָל קענען לייענען דעם יידישן קלאַסיקער אין אָריגינאַל.

הפסקה. תלמידים פון עלטערע קלאַסן אַרום מיר. עס פאַרפירט זיך אַ שמועס. און ווי שווער עס קומט זיי אָן דאָס אַרויסברענגען אַ גאַנצן יידישן זאַץ! זיי שעמען זיך בפירוש, הלמאַי זיי קענען נישט קיין יידיש בעת זיי לערנען דאָך דאָס לשון אַ יאָר צען בערך. איינער פאַרלאַנגט פון מיר דעם באַשייד; ער פאַרשטייט נישט, אַז כדי צו קענען אַ לשון דאַרף מען עס באַנוצן. און ער און זיינע חברים, זיי באַנוצן זיך נישט מיט יידיש — בעת די שפּילן, צווישן די שולבענק און ביי די לעקציעס. מהאַי טעמאָ — פון בלויז איבערלייענען אייניקע יידיש־שורות פון אַ ביכל אַרויס במשך 5־6 שעה אין דער וואָך — קאָן יידיש־לשון נישט פאַרטרעטן דאָס שפּאַנישע טאָג־לשון.

און אַט — אַרויס מיט טענות צו איינעם אַ בחור (גלייך ער וואָלט מיר עפּעס שולדיק געווען):

„פאַרוואָס וואַרטסטו אַזוי לאַנג מיט געבן ענטפער? איך פיל, אַז די תשובה, וואָס דו דאַרפסט מיר געבן, זעצסטו אין מוח פריער איבער פון שפּאַניש; עס הייסט: דו טראַכטסט אויף שפּאַניש; יידיש קומט דערנאָך, אַ שלעכטער, אַ געבולבעטער יידיש, האַ?"

דערויף האָט דער בחור זיך אויסגעגלייכט, זיך אומגעקוקט און אַ זאָג געטאָן אין זיין חברים־רעדל אַריין:

„זשאָ סאָי אַרכענטינאָ אי כודיאָ (איך בין אַן אַרגענטינער און אַ ייד)"...

אָפּגעזאָגט און מיך געלאָזט אָן אַ גוטן טאָג... דאַרף עס אויך הייסן, אַז די יידישע שולעס דערציען ראשית פאַר אַרגענטינער און דערנאָך פאַר יידן? ———— צופיל שאלות נישט כדאַי צו פרעגן. תיקו.

פאַראַן אויך אויסנאַמען: קינדער פון היימען, ווו יידיש איז געבליבן נאַטירלעך מאַמע־לשון, מאַטערן זיי זיך נישט ביים אַרויסברענגען אַ וואָרט. עס רעדט זיך מיט זיי גלאַטיק — נישט אויסגעלערנט און נישט איינגעחזרט.

פאַרענדיקן מיין שולעס־שפּאַציר מיט דער ביאַליק־שול און דעם לערער־סעמינאַר. מער נישט „פּראָוואָצירן". דיזעלביקע תלמידים און לימודים אומעטום. יידיש איז אין ערגעץ נישט דאָס „איבערשטע פון שטייסל". שפּאַניש איז נאַטירלעך, די רעשט — אויך העברעאיש — געקינצלט; טאַקע זיס, אָבער דעם טעם פון קינסטלעכן האָניק.

און ווידער אַ ווייס געפּלאַטער. העגטלעך אין דער לופט. איך שטיי אין אַ ווינקל און האָב הנאָה. נישט אין מיינע כוחות צו קעמפן דאָ פאַר המשך.

אויך אין לערער־סעמינאַר לאַנג נישט געווען. דאָ כדאַי צו ענדערן דעם נאָמען אויף — לערערינס־סעמינאַר. מיידעלעך, מיידעלעך גרייטן זיך איבערצונעמען די דערציאונג פון יונגן דור. זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון איינגאַנג־צימער. נעבן אַ טישל זיצן צוויי מיידעלעך אַריבערגעבויגן איבער „ישעיהו". זיי לערנען. זיי לערנען תנ"ך מיט שפּאַניש־טייטש; אין אונזערע היימישע מקומות האָט מען געפּלעגט פאַרטייטשן — מיט עברי־טייטש.

קיין פּעדאַגאָגישן אַטעסטאַט פאַרמאָג איך נישט, דערפאַר — נאָך אַלץ אַ „גרינער" אין היגע ענינים. אפשר דאַרף עס אַזוי זיין. און דאָך, לדידי — איינטייטשן אַ פּסוק ישעיהו מיט שפּאַניש־טייטש — האָט עס נישט קיין יידישן טעם.

און אפשר לערנען יענע פעלנדיקע אַכציק פּראָצענט יידישע קינדער תנ"ך מיט שפּאַניש־טייטש ביי זיך אין דער היים? מילא, וואָלט געווען — גם זו לטובה. וואָס איך וויל וויסן, איך דער „גרינגאָ", טו איך פרעגן אָפן און קלאָר — ביים שרייבן וועגן מיינע באַזוכן אין די פּולגעלויבטע שולעס: קאָן עס טאַקע נישט

זיין אַנדערש? איז טאַקע מעגלעך, אַז דאָס לערנען צען יאָר יידיש זאָל גאָרנישט אויסלערנען? אם־כן, מה הועילו חכמים? — — —

דערויף — אַ תשובה פון עוזר בומאַזשני, דער יונג־שמייכלדיקער און גוטינקער פּאַרוואַלטער, בעת ער זעט מיך פאַרביילויפן זיין חדרל:

„איר פאַרשטייט: עס זענען געווען צייטן, ווען מיר האָבן „געמאַכט קינדער", כי־כאַ־קחי! איר דאַרפט דאָס פאַרשטיין. מען איז אַרומגעלאָפן איבער די יידישע היימען און געבעטן ביי די עלטערן, זיי זאָלן געבן די קינדער פאַר דער יידישער שולע. אָט אַזוי: גע־מאַכט; אָבער איר קוקט אויף דעם אַלעם — וואָס איז שוין אַזוי גרויס אויסגעוואַקסן — מיט אייערע וואַרשעווער אויגן, כאַ־כאַ!"

## 8. „ליטעראַרישע ווערעם"

שווער דאָס אַריינפּאַסן זיך. עס גלאַנצט און עס בלענדט אַרום און אַרום. צופּיל ליכט. — שיין און גוט. גאָר גוט וואָלט געווען, מ׳זאָל זיך קאָנען דורכשמועסן, סתם־אַזוי. אַ שטיקעלע סביבה. איז אַפילו אַזאַ היימיש ווינקעלע נישט בנמצא. אפשר. אָט האַלטן ביים קומען די שרייבערס פון פּאַריז. זיי האָבן דאָרט, ווייזט אויס, געפירט וואַזשנע עסקים, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו פאַרפּאַקן דאָס בינטל צרות און קומען אַהער.

ווער זענען זיי? וואָס שטעלן זיי מיט זיך פאָר? סאַראַ פּערזענלעכקייטן געפונען זיך צווישן זיי? איז דאָס אַן אידעאַל־שרייבערישע גרופּע, וואָס פאַרמאָגט דעם כוח צו שאַפן אַ שרייבערישע סביבה? נו, עס ווילט זיך נישט טרעפן סתם. אָט, נאָך אַמאָל איבערלייענען אויסצוגן פון אַ בריוו, וואָס האָב ערשט באַקומען פון איינעם פון זיי, דעם פּאָעט קעיס, דער שמייכלדיקער פּאָעט, — אים באַגעגנט אַ פריילעכן אין די ערשטע וואַנדער־וואָכן. ער שרייבט:

פּאַריז, גי פּאַטען, 29 מאַי 1952

מיין טייערער...

...די ליטעראַרישע ווערעם דאָ דערגייען (מיר) צוביסלעך די יאָרן, דערפאַר, וואָס איך לאָז זיי נישט אָפּטאָן קיין שוויינערייען (כאָטש זיי טוען פּאָרט וואָס זיי ווילן און וואָס ס׳געפעלט זיי). אמתע סוואָלאָטשעס, קאַריעראָוויטשעס. מ׳האָט די ליטעראַטור אין דרערד, די אייגענע קאַריערע זאָל גיין באַרג־אַרויף. מישטיינס געזאָגט וואָס ס׳קאָן שוין זיין אַ קאַריערע ביי דער בידנער יידישער אויסגעמוטשעטער ליטעראַטור. אָט טאַקע דער־פאַר האָבן זיי זיך אויף איר אָנגעזעצט ווי אַ כאַפּטע פליגן אויף אַ קראַנק פערד, וואָס קאָן זיך נישט ווערן.

וועסט זיי גאָר איין גיכן האָבן די „טשאַטשעס" ביי זיך, וועסטו דעמלט ערשט פילן וואָס פאַראַ געסראָכע ס׳גייט פון אינטערנאַציאָנאַלע ליטעראַ־רישע שמוגלער. מע שמוגלט „פאַלשע ליטעראַטור", פאַלשע נאָכגעמאַכטע ווערק. מע גיט „לאַפּקע" און מע קריגט נאָך פרעמיעס דערפאַר. חורבן

און אונטערגאַנג גייט מיט זיי מיט. ווען אַ שיף טרינקט זיך קריכן די שטשורעס אַרויס אויפן דעק. פון אַלע לעכער קריכן זיי אַרויס, אָט די, וואָס נעמען זיך כלומרשט אָן פאַרן כבוד פון דער ליטעראַטור...
...איינעם אַזאַ וואָרעם וועסטו האָבן אין גיכן. וועסט אים דערקענען לויט די גליטשיקע הענטלעך און כפול־שמונהדיקן גיפטיקן צינגל. פרעג זיך אָן ביי(...) אויפן „זאַמבאַל" וועסטו וויסן מיט וואָס דערדאָזיקער תכשיט שמעקט. וועסט דאַן באַקומען אַ בילד פון אַ ליטעראַרישן קרעטין.
אַז כ׳געב אַ טראַכט מיט וועמען איך וועל זיך דאַרפן געפינען קנאַפע דריי וואָכן צוזאַמען אויף אַ שיף ווערט מיר קאַלעמוטנע און אַז איך טראַכט נאָך מיט וועמען מע וועט ווידער מוזן זיין צוזאַמען אין דעם בוענאָס איירעס, ווייניק אים געהאַט אין פאַריז — ווערט אויפסניי זויער אויף דער נשמה.
מיין נישט, אַז איך בין חלילה אַ באַעוולטער, אָדער פאַרביטערט. מיך קאָנען זיי דאָ נישט גרייכן. זיי וועלן נאָר אַ תל מאַכן פונם ביסל צוטרוי, חשיבות און דרך ארץ צום יידישן שרייבער — אויב ס׳איז נאָך עפּעס פאַראַן דערפון אין דיין און גאָר אין גיכן אויך מיין בוענאָס איירעס.
ס׳וועלן זיך זיכער גלייך נעמען איבערחזרן די אונטערפירעכצער פון איינעם אויפן צווייטן, דאָס אונטערשטעלן פיסלעך, דאָס באַרעדן, באַשמוצן און באַשפּייען... זיך און יענעם, יענעם און אַלע. מיט איין וואָרט ס׳וועט ווערן יום טוב אין שטעטל. מעגסט זיך רעכטן... מיר דאַרפן אַרויספאָרן פון פאַריז דעם 27טן יוני ———

נו, נישקשה פון אַ מענה לשון. ווער וועמען וועט איבערשטייגן?

בוענאָס איירעס — גוטע לופט. אַ קאַפּויערדיקע וועלט: תמוז קריגט מען ס׳קדחת און שבט שוויצט מען ווי די ביבערס. אָבער נישט שייך צו האָבן טענות. קיינער האָט נישט געשיקט נאָך מיר. בכלל, איז דען שלעכט אויב — ער גיט פּרנסה און זי — צדקה? און דערפאַר טאַקע צאָלט מען צוריק מיט — באַנקעטן. אַזוי איז דער סדר. אַזאַ איז דער נוסח: באַנקעטן. מען מאַכט פאַר זיך און פאַר יענעם ———
איצט, שמועסט מען, ווערט געגרייט דער אמתדיקער באַנקעט. אַזאַ באַנקעט איז נאָך נישט געווען צו האָבן און צו הערן; אַ קליינינקייט: אַ באַנקעט פאַר זיין עקסעלענץ! נו, דערין דאַרף איך נישט אַריינלייגן מיינע צוויי קאָפּיקעס. איז אָבער די מעשה (ווידער די אייגענע מעשה), וואָס אויך איך וועל זיך געפונען אין די הויזן. עס הייסט: אויף דעם באַנקעט וועלן די „געקומענע" זיך דאַרפן פאָרשטעלן פאַרן פרעזידענט און זיינע עקסעלענצן. זאָל מען זען, דאַנקען און בענטשן... יאָ. דאַנקען און געדענקען ———
און אַלץ איז דאָ אַזוי איינטאָניק. עס הערשט דאָ אַ מין „פּאַטער פון די פעלקער"־פּסיכאָז. די לאַנדצייטונגען זענען צוגעשניטן לויט זיין ווירע; אויך מוזן די

יידישע צייטונגען נאָכגיין — אויספילן די ערשטע זייטן מיט „זיינע״ רעדעס און מיט „אירע״ היסטעריעס. עס פילט זיך בולט אַ קעגנזייטיקער אומצוטרוי. די אַזויגערופענע מאַסע האָט מורא אַרויסצולאָזן אַ קרומען גענעץ און דאָס „פּאַרל״ שרעקט זיך טאַקע — טאָמער וועט זיך פּאַרט לאָזן הערן דער קרומער גענעץ. דערפאַר — פאַראַן פּאָליציי־שפּיצעלס, וואָס קומען אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, הערן און פאַרצייכענען. אָפּענער שאַנטאַזש. איינער פון די דאָזיקע לייט צווישן יידן טראָגט דעם נאָמען — איזראַעליט. ער איז גאָר אַ פאַרשיווע זאַך. זיין געשטעל — אַ באַוועגלעכער פּאַס מיט טינוף. ער שטונקט ממש. איז שוין מסתמא אַרום די זיבעציקער. אַ ברודיק־צעיווירענע פליישׁ־קופּע. דער פאַרשוין איז משגיח איבערן יידישן געדרוקטן וואָרט. חוץ אַלעמען — פאַרנעמט ער זיך מיט מסרן שרייבערס און מיט שלעפּן אויף דער פּאָליציי — „לינקע״. אַ מיאוסער קאַרליק פון אַ מעטער די לענג.

אייניקע מאָל זיך צונויפגעשטויסן מיט זיין ברודיקן בליק. לייטישע מענטשן מיידן אים אויס. אָבער נישט יאַנקעלע גיבאַלעס. הער אַ מעשה: ער שושקעט זיך גאָר מיט דער ברודיקער זאַך. און ווו? אין דער „פּרעסע״־בודע.

וואָס פירן זיי צווישן זיך, דער רעדאַקטאָר און מסור, אַזאַ קוצעניו־מוצעניו?

עס בענקט זיך צום אַלט־היימישן ניגון — נישט צום סתם־פּריילעכן גאַסן־געזאַנג פון קאַפעען און טעראַסעס, הייף־ווינקלען, חוצפּהדיקע באַלקאָנען און פאַרטייאישע שטיבלעך. ניין. דער בענקענדיקער ניגון פּאָרט זיך מיט דביקות, מיט התלהבות און עקשנות; ער איז בכוח אַוועקצופירן העט־צוריק, צום סאַמע מקור — — דער נייער ניגון איז פּוסט; זיין בענקשאַפט — צו אַ חיי שעה. ער איז אָנגעפילט מיט מאָגן־געזאַנג. אויך איך האָב געזונגען דעמדאָזיקן ניגון אויף דער ערד, ווו געזאַנג איז פאַרבאָטן. עס איז געווען אַ ניגון־תפילה: אָפּעסן צו־זעט און פּטור־ווערן פון מחבל...

דער אַלטער ניגון איז אַ „כל עצמותי תאמרנו״. עס איז אַ דורכשמועס מיט אַ העכערן ווילן. דעם ניגון דאַרף מען קענען זינגען. אויך ביי טייל אַלטע זינגערס פאַרהאַקט זיך דער ניגון. קומען תיכף אַנדערע צוהילף. עס איז אַ קאָלעקטיוו, אַ כאָר, וואָס יעדער זינגער ביישטייערט מיט זיין שטימעלע און אַלע צוזאַמען שאַפן זיי די געזעלשאַפט, וואָס רופט זיך —

אַני מאַמין.

די נייע זינגערס פאַרמאָגן נישט קיין אמונה. זייער ניגון איז אויסגעליידיקט, פּוסט. זיי האָבן נישט קיין ציל. יעדן טאָג שאַפן זיי נייע ניגונים; היינט — וועלטלעכע, נעכטן — אַלוועלטלעכע, מאָרגן — אינטערנאַציאָנאַלע. זייער ניגון־סאָלידאַריטעט איז אַ געקינצלטע. קיינער וויל אים נישט הערן. זייער וועלטלעכ־קייט איז אונטערגעבלאָזן — אַ שפּילקע־שטאָך און עס פּלאַצט. נעכטן איז זייער

ניגון געווען רויט, היינט — בלאָ. אַ ניגון צוגלייך ווי אַ מענטש מוז פאַרמאָגן — האַרץ. דער נייער ניגון האָט נישט קיין אָנהאַלט, קיין אינהאַלט. אַ פּוסטע כלי. עס איז אַ פאַלשער ניגון, אַ נאָכגעבאַמקעטער — —
— — יידיש אָן ייד איז געגליכן צו אַ שטול אויף איין פוס; די וועלטלעכע ניגונען צום איינעם פוס. ווילן נישט פילן ווי זייער געזאַנג — הינקט.

איך וווין אין סאַמע שטאָט־צענטער. — אין שטאָט ממש. די רעשט — הינטער־שטאָט. דאָס ברעקל שטאָט־צענטער — „על סענטראָ" — אויף אַ שמאָלן טייך־ברעג. אין די נעכט איז דאָ ליכטיק, דאָ — פון דער ברייטער אַווענידע קאַרלאָס פּעלעגריני, ביז אַריבער די גאַסן קאָריענטעס, לאַוואַזשע, פלאָרידע און נאָך איניקע געסלדיקע „קוואַדרעס". דאָ האָבן די טראָטואַרן זיך איינגעטיילט מיט די מענטש־גלוסטעניש. אויף איין טראָטואַר — רעסטאָראַנען, ווו רויגעבראָטענע ביפן ווערן געגעסן שטייענדיק; אויפן צווייטן — ליבע־געזאַנג אין קינאָס און טעאַטערס, ווו דער הייס־בלוטיקער עולם כאַכאַטשעט נאָך יעדן קוש.
בוענאָס איירעסער גאַסן זענען איינגעטיילט אין קוואַדראַטן. די לענגסטע גאַס, אַווענידע ריוואַדאַוויאַ, פאַרמאָגט אַ נייַן הונדערט „קוואַדרעס", צוזאַמען — אַ נײַן טויזנט נומערן. פון דערדאָזיקער לאַנגער ציפער געהערן בלויז אַ צוואַנציק „קוואַדרעס" צום לעבעדיקן און לעבנדיקן „על סענטראָ", די רעשט — צום פאַרטונקלטן, שלעפעריקן, הינטערשטאָטישן טייל.
דאָס לעבן אין דער שטאָט הייבט זיך אָן בײַנאַכט. בײַנאַכט לעבן דידאָזיקע, וואָס בײַטאָג „מאַכן זיי אַ לעבן" פון שלאָפן ביזן זוניקן טאָג אַריין, פון טרינקען אַ „קאַוועלע" און זיך „דרייען" אויף דער שוואַרצער בערזע צווישן די גאַסן פלאָרי־דע און סאַן מאַרטין. דאָ האַנדלט מען אויף פּונקטן. „וויפל פּונקטן ציילט היינט דער דאָלער?" עס רעדט זיך אַזוי: „היינט". יעדע מינוט בייט זיך און יעדע שעה — פאַלט און הייבט זיך. כדי די הענדלערס זאָלן זיך גיכער פאַרשטיין, רעדט מען צווישן זיך יידיש... און אַלץ בלייבט — צווישן זיך.
אַזוי קוקן אויס די בײַטאָגן אויף דידאָזיקע ענגע געסלעך. בײַנאַכט שפּאַצירט מען דאָ אין דער ברייט. נאָכן שליסן די קראָמען — ווערט דאָ אויך אָפּגעשטעלט די רעדער־באַוועגונג.
דער נאַכט־עולם איז מיד אין די בײַטאָגן צו טאָן ממשותדיקע אַרבעט. רוט מען ביי אַ קאַוועלע מיט פּאָקער, ביי אַ סענדוויטש און פּלוידעריי — ביז העט אין דער נאַכט אַריין, ווען דאָס מילכיקע נעאָן־ליכט צעבליצט זיך אין „סענטראָ".

זיי קומען. זיי זענען שוין געקומען. זיי זענען שוין דאָ. זיי קומען אויף ראַטעס, די „פּאַריזער". אייניקע וועלן קומען שפּעטער. אַנדערע ווילן בכלל נישט קומען.

אין פּאַריז לעבט זיך זיי בעסער. די „פּליטים״־פירמע לאָזט זיך דאָרט בעסער באַצאָלן.

נו, זענען אייניקע שוין אויף אַן אמת געקומען. ווי דער שטייגער, מאַכט מען אויפנאַמעס, באַנקעטן, האַלט מען רעדעס און מען באַגריסט זיך קעגנזייטיק.

און דער גאַר גרויסער באַנקעט ווערט געגרייט. דאָס גרייט די יידישע „קאָלעק־טיוויטעט״ די גרויסאַרטיקע אויפנאַמע לכבוד זיין עקסעלענץ בכבודו. דאָרט וועט מען „אים״ אָנזאָגן די בשורה וועגן דעם וואַלד, וואָס אַרגענטינישע יידן פלאַנצן אויף זיין נאָמען אין דער יידישער מדינה. — דער „יער פּירון״. צוזאַמען וועט אויך דער „ישוב״ אים דאַנקען פאַר באַוויליקן וויזעס פאַר די אומגליקלעכע שרייבער־פּליטים, וואָס ווען, פאַרשטענדלעך, זיין פון די ערשטע מחותנים אויפן באַנקעט.

פּאַריקן זונטיק געווען אויף אַ „מסיבה״ ערגעץ אין אַ געגנט לכבוד „לייגן אַ דאַך״ איבער אַ נייער שול. דאָרט געטראָפן אַ בחורל מיט אַ בערעט אויפן קאָפּ. אַ נייעס אין שטעטל. וואָס טוט דאָ אַזאַ־אַ בחורל? ער וווינט אין דער געגנט. איז ער אַריינגעקומען. ער רעדט אַ היימישן יידיש, אַ פאַרשטענדלעכן — אַן אַ בולבע אונטער דער צונג. ער איז „אַן אַרגענטינער״ און לערנט אין אַ ישיבה דאָ. אויך דאָס פאָרט זיך נישט. און דערפאַר טאַקע — דער חידוש:

באַזוכט אַלע שולעס, געשריבן וועגן זיי און אויך געלויבט צוביסלעך, — פאַר־וואָס נישט באַזוכן אויך די ישיבה? געהער זי דאָך אויך צום „ישוב״, אַפילו די גלאָקן קלינגען נישט אַזוי האַסטיק וועגן איר!

און אָט קום איך פון דאָרט. בחורים צווישן פופצן־און־אַכצן זאָפּן־איין אין זיך דעם יידישן שטייגער. זיצן איבער פאַרגעלבטע בלעטער און ברומען־אונטער אַ באַקאַנטן ניגון, באַגליט און באַגלייט מיטן היימישן „ואם תאמר״, מיטן „ויש לאמר״... פון וואַנען נעמט זיך צו דידאָזיקע יונגע בחורים דער חשק צו זיצן איבער דער אַלטער גמרא און צו טרייסלען זיך, אַרויסטרייסלען פון דאָרט די פאַרשידענע פלוגתאָס וועגן מותר און אָסור, וועגן קל או חומר... האַ?
איינער אַזאַ בחורל האָט עס מיר געגעבן צו פאַרשטיין אַן שום הכנות:
„ווייל איך בין אַ ייד״...

ער קען דאָס מיר נישט דערקלערן. אַ ייד דאַרף דאָס אַליין פאַרשטיין. עס איז דאָך אַזוי פּשוט און איינגעבאַקן־היימיש. אויך דאָס חדר זייערס, פון וואַנען עס טראָגט זיך דער ניגון, איז אויך אַזוי באַקאַנט־היימיש און דערמאָנט אַן דעם שטעטלשן בית־המדרש; איז אויך אַ זכר פונעם חסידים־שטיבל און אַ המשך פון דער מוסר־ישיבה. אַלץ צוזאַמען. ביי דידאָזיקע בחורים איז דער ייד קודם —

פאַר דעם אַרגענטינער. אַנדערש ווי ביי די שול־תלמידים. דערין ליגט דער חילוק. עס איז גאָר עפּעס אַנדערש.

האָב איך וועגן דער אַנדערשקייט פאַרעפנטלעכט אין דער „פּרעסע", אַרויסגע־בּרענגט מיינע טראַכטענישן ווי כ'האָב דאָס געטאָן ביזאיצט. „די פּרעסע" איז שטרענג וועלטלעך, טראַדיציאָנעל פּראָלעטאַריש, אַ ירושה פון יענער צייט, ווען שעף־רעדאַקטאָר איז געווען אַ טראַדיציאָנעלער קאָמוניסט און ווען קיין יידישע מדינה איז נאָכנישט געווען. מיטן אויפקום פון דער מדינה איז דער שעף־רעדאַקטאָר־קאָמוניסט אָפּגעטראָטן; איז „די פּרעסע" געוואָרן יידישלעך־מדינהש־(כמעט) ציוניסטיש. אַלע זיבן טעג אין דער וואָך. אויך שבת. די שבתדיקע אַנאָנסן גיבן פּרנסה אויף אַ גאַנצער וואָך. דערפאַר הערשט נישט קיין שלום צווישן די בעלי־הישיבה און בעלי־ה„פּרעסע".

צומאָרגנס, נאָכן אָפּגעדרוקטן מאַמר, בעת כ'האָב זיך ווי שטענדיק פאַרביי־געשאַרט דאָס לעכל פונם גוטינקן פאַרוואַלטער, הער איך ווי ער רופט מיך, עוזר בומאַזשני:

„איר פאַרשטייט — ווייזט ער מיר אויפן בענקל — איר האָט זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעגרינט, קכי־כאַ־כאַ! ביי אונז איז איינגעפּירט, אַז ווער עס גיט אַנאָסן, דעם גיט מען רעקלאַמע, איר פאַרשטייט. און אַז מען באָיקאָטירט אונז, איז דאָס אייגענע פאַרקערט... איר פאַרשטייט, כי־כאַ־כי!"

יאָ, איך פאַרשטיי. און דאָך — וויפל מאָל בומאַזשני גיט מיר צו פאַרשטיין וועגן דעם תוכן פון זיין צייטונג — שפּאַרט עס זיך מיר נישט אין קאָפּ אַריין. איך פאַרשטיי נישט, הלמאַי מיין שרייבן מוז זיין געבונדן מיט אַנאָסן. האָט דאָך אַ צייטונג אויך געזעלשאַפטלעכע אַחריות; ס'הייסט: זי דערציט די געזעל־שאַפט. אמת, די בחורים פון „חפץ חיים" געפינען זיך אויסער (אויב נישט העכער) פון דער „מוי ביען"־געזעלשאַפטלעכקייט; נו, איז ממילא קלאָר פאַר־שטענדלעך דער באָיקאָט... סייווי — בלייבט עס ביים אַלטן (ביי בומאַזשנין...); איך וועל זיך נישט לאָזן איינשליסן אין אַ רעם פון אַנאָסן און באַנקעטן ———

דער באַנקעט פאַר זיין עקסעלענץ ווערט געגרייט מיט מלוכהשער פּאָמפּע. בפירוש צו פילן, אַז פאַראַן דאָ יידן וואָס מאַכן אַ לעבן פון שבחים — שרייבע רישע און רעדנערישע — לכבודו. אָבער דאָס מאָל הערן זיך קולות — לפנים משורת הדין. עס האָבן זיך פאַרייניקט דער גלות און דער געטאָ און יידע גייען זיי אַ ריקוד פון דער גאַס קאַזשאַאָ ביז דער אַוועגידע פוערעדאָן און ווייטער. עס ווערט געגרייט אַ באַנקעט פון דער יידישער קאָלעקטיוועט פאַר זיין עקסעלענץ.

יאָ. פאַראַן אויך אַן אָנזאָג: די שרייבער־פּליטים דאַרפן זיין דערביי; זיי דאַרפן מיטברענגען זייערע ביכער, כדי זיי צו פּרעזענטירן דעם פּרעזידענט ———

דער פאַרבאַנד פון וואַרשעווער און פּראַגער יידן האָט געהאַלטן וואָרט: שוין אַרויסגעגומען פון אײנבינדער מיין בוך „פּוילישע יידן״, אַ זאַמלונג דערציילונגען וועגן אַדמו״רים, חסידים, שטיבלעך און הייף פונם געוועזענעם יידישן וואַרשע און פאַרטיליקטע יידיש־פּוילישע שטעטלעך. אַ פאַרלייכטערונג. אַזוי פילט יעדער שרייבער. זיך אויסגעליידיקט.

און צוזאַמען דערמיט געוועזן זיכער, אַז „דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע״ וועט אַ שרייבער באַקומען האָנאָראַר, ווערן באַלוינט פאַר זיין אַרבעט. און געאַרבעט האָב איך דאָ נישט בלויז אינם בוך נאָר אויך אַרום דעם. מילא. איז עס דאָך מיין ולד. — גאָרנישט. יאָ. ווי דער שטייגער: אַ באַנקעט האָבן זיי געמאַכט. און געמאַכט האָבן זיי אים אין דער נייער דירה, וואָס, ווי לשון־הרעניקעס האָבן געפּלוידערט, איז פאַר דער דירה באַצאָלט געוואָרן פון אַ היפּשן חלק פונם געלט, וואָס איז געבליבן נאָך דער גרויסער זאַמלונג פאַר מיין בוך. אַזוי האָט „שטאָט גערעדט״ (מאַלע וואָס בייזע ציינגער רעדן). און מיט מיר — אַ וואָרט נישט. עס הייסט: געקלאַפּט האָבן מיר מיינע לאַנדסלייט איבער דער פּלייצע מיטן „מוי ביען״, אָבער וועגן האָנאָראַר — אַ וואָרט נישט. אַפילו קיין סימבאָלישע פּרוטה נישט.

הכלל: אַ באַנקעט, ווי אַלע באַנקעטן (רכילותניקעס זאָגן: „בענקאַרטן״). וואָס שייך „אַרומצורעדן דעם ענין״. בלויז טשעקאַווע איין זאַך: הינטער מיין פּלייצע האָט זיך אָוועקגעשטעלט דער פּרעזידענט מיט אַ בוך אין האַנט, מיטן „ערשטן עקזעמפּלאַר״ און געמאַכט אַן „אויספאַרקויף״:

„ווער גיט מער?״

אַזוי לאַנג „אויסגערופן״ ביז איך האָב דערפילט אַ גריזשעניש אויף דער פּלייצע: אפשר וועט ער מיך לאָזן צורו? אפשר וועט ער אויפהערן מיטן באַזאַר? ———

פון מיין ביזאַיצטיקן באַקענען זיך מיט די היגע יידן דרינג איך פאָרט אַרויס, אַז טאַקע צווישן די „סאָסיעדאַד״־יידן טליעט אַ ניצוץ פון היימישקייט, דערמאָנונג פונם געוועזענעם יידישן שטעטל. אויף זייערע פאַרזאַמלונגען רעדט מען נאָך (צוביסלעך) יידיש, טוט מען נאָך יידישע אַרבעט: גמילות חסדים, הילף־קאַסעס, קאָאָפּעראַטיווען, ביבליאָטעקן, קויפן (כאָטש זעלטן) ביכער ביי שרייבער, פאַרברענגען בציבור — אַפילו אַלץ אין אַ סביבה פון זעלבסטצופרידנקייט. מילאָ. אַזוי איז דאָ: אַלץ מוז זיין שייך, ממש אַלץ.

דערפאַר, ווייל זעלבסטקריטיק האָט כמעט נישט קיין דריסת הרגל, דריקט שטאַרקער און פילבאַרער די אימפּאָטענץ: יידן לאָזן נישט נאָך זיך קיין יורשים.

קינדער פאַרשטייען נישט, וואָס טאַטעס ווילן מיט זייערע „שטעטלעך". גע־בוירענע אין אַרגענטינע זענען זיי לכל הדעות — אַרגענטינער. ערשט דערנאָך, נאָכן האָבן געסילוקט דעם פאַטריאָטישן חוב, לאָזן זיי זיך דערמאָנען פון טאַטן (אויב זייערע אַרגענטינישע חברים דערמאָנען זיי נישט), אַז זיי זענען — אויך יידן.

יאָ. פאַרצייכנט וועגן דער יוגנט. פאַראַן אויך אויסנאַמען. איך קום צווישן זיי. זיי רעדן יידיש. זיי זענען פון ערגעץ אַוועק און אין ערגעץ נישט דערגאַנגען. און דערווייל — אומצופרידן מיט דער התנהגות פון... זייערע צופרידענע טאַטעס. די־אָ יוגנט וויל קריטיק, וויל זיין — אַנדערש.

האָט אַ גרופּע אַזאַ זיך צונויפגענומען און אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַלעכל מיטן נאָמען פּאַטש. זייער פשוט: זיי פּאַטשן־אויס עפנטלעך אַלץ און אַלעמען. אַזאַ אַ חוצפה! — צו באַווייזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז פאַר כסדר פּאַטשן זיך אין די בייכלעך דאַרף מען באַקומען אויסגעפּאַטשט — — אויף יידיש און אויף שפּאַניש! און אָט — האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל: די „באַליידיקטע" האָבן דערפילט פאַר זייערע טירן — אַן אויפשטאַנד. אַן אויפברויז, אַ צעשטערונג פון סדר. זענען טאַטעס געלאָפן צו דער רעפּרעזענטאַנץ, דער העכסטער אינסטאַנץ; שרייבערס (בראש מיט יאַנקעלע גיבאַלעס) האָבן זיך אָפּגעשריבן די פינגער אויף דער אומדערהערטער חוצפה; — — זענען די בחורים געוועזן קליגער: פירן וויכוחים מיט זיי־אָ? — — — — אויס! אַוועקגעלייגט דעם „פּאַטש" אויף בעסערע צייטן...

אַנומלט געהאַט אַ קאָמישן אָוונט. דער גורם: יאַנקעלע גיב־אַלעס. די מעשה: די „דאַיאַ" — רעפּרעזענטאַנץ פון די אַרגענטינישע יידן — האָט גערופן אַן אַסיפה צו באַשליסן וועגן יאָ־אָדער־נישט אויסשליסן די יידישע קאָמוניסטן פון איר געזעלשאַפט. האָט יאַנקעלע ליגן אַן אַלטע „דיעלאָ" אין דער פּאָליציי וועגן נישט־פּאָליטישער כשרות. טוט ער דערפאַר איבער זיינע כוחות, כדי צו באַווייזן זיין פּאַטריאָטיזם.

נו, איז אָט אַ געלעגנהייט, ווו ער קאָן עפנטלעך אַרויסברענגען זיין „ריינקייט". הכלל: עס רעדט דער פּרעזידענט. עס הערן זיך צווישנרופן. איינער אַ פאַרשוין מיט שוואַרצע וואָנסעלעך און נאָך שוואַרצערע אייגעלעך שטערט די צווישנרופערס. עס טומלט זיך. פּלוצים טוט יאַנקעלע אַ שפּרונג־אויף פון זיין אָרט. איצט איז זיין צייט. איצט דאַרף ער עפּעס טאָן. און זאָל אַ וועלט זען און וויסן... און אָט: ער וואַרפט זיך מיט די פויסטן אויף דעם מיט די שוואַרצע אייגעלעך; און אַז יענער נעמט דערלאַנגען אויף צוריק — כאַפּט ער אים אַן ביים שנופּס און נעמט אים שטיקן. ער וואָלט אים דערשטיקט — אַזוי האָבן זיינע אויגן געגליט

און זיינע ליפּן געצאַפּלט — ווען עס לויפן נישט אָן דעם שיער־דערשטיקטנס קאַלעגן, רייסן אָפּ דעם שטיקער, דרייען אים אַהינטער די הענט און נעמען אים שלעפּן צו דער טיר... האַ? אַזוי גאָר? ווער זענען זיי דאָס, די־אָ? — געהיימע פּאָליציי־לייט, וואָס ווערן געשיקט אויף אַלע אַסיפות. און יאַנקעלען האָט דער חוש נישט צוגעדינט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס זענען... יידישע קאָמוניסטן. אָט גייט אים נאָך דער שלימזל. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען און אויפקלערונגען, איז ער אויסגעלייזט געוואָרן פון — זיין דער גאַסט אין דער פּיפּטער קאָמיסאַריע... אָבער זיינס האָט ער פאַרט באַוויזן: „אילוסטרירט" זיין אַנטי־קאָמוניזם — — —

## 9. אַ זינגענדיקער באַנקעט

דער באַנקעט.

הונדערטער אַרום טישלעך, אויף טישלעך, צווישן טישלעך. מען זיצט און מען שטייט. דער איינגאַנג פאַרשטאָפּט. די גאַלאָרקע אויסגעפּילט. אַלץ איז געקומען. די סאַמע פּני. און יוגנט. דער „גאַנצער ישוב" לכבוד זיין עקסעלענץ.

אויך איך בין געקומען. אַביסעלע שפּעטלעך. אָבער נישט פאַרשפּעטיקט. אין פּאַיע שטייט בצלאל ט. אַ ווילנער. געקומען אַהער אויף אַ פערזענישער וויזע צוזאַמען מיט די „פּאַריזער". מיר געדענקען זיך פונעם גוטן לעבן אין סאַמאַר־קאַנד. דאָ איז ער נישט צופרידן פונעם טומל, וואָס וואָלט געקאָנט סטייען פאַר צען ישובים. „אַזאַ סומאַטאָכע וואָס זיי מאַכן דאָס אַרום זייער פאָלקסטימלעכ־קייט!" איצט שמייכלט ער. מען האָט געהייסן קומען. נו, איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ אינעווייניק. ווען מיר יוצא־זיין אין דרויסן. נישט כדאַי צו האָבן עגמת נפש. שמייכלען מיר ביידע. אַ ביטער שמייכלען. גוט האָבן געטאָן יענע „פאַריזער" וואָס האָבן אָפּגעזאָגט די טובה, נישט געקומען אַהער. נישט כדאַי געווען צו טוישן די לופט. און מיר שמייכלען ווידער, אַ ביטער שמייכלען.

אַנטקעגן שטייט איינער מיט שוואַרץ־גליענדיקע אייגעלעך. ער בויערט אונז דורך. קוקט אויס צו זיין פון „יענע לייט". שמייכלען? ווער האָט עס דערלויבט צו שמייכלען? איז עס נישט אַ חוצפּהדיק־חוזקדיק — לאכן? בצלאל טוט מיר אַ שלעפּ פאַר אַן אַרבל. מיר שטויסן זיך אַריין אין זאַל. יענער איז יאַקאָש געבליבן אויף זיין פּלאַץ. גוט אַזוי. לאָמיר זיך נישט וואַרפן אין די אויגן.

אויף דער טריבונע זיצט ער בכבודו ובעצמו. אַרום אים — די שענסטע לייט פון שטאָט. מען רעדט. מען זינגט. מען דערלאַנגט צובייסעכץ. די לופט איז אַ פייער־פלאַמיקע. דער טאָסטמייסטער — דער בעסטער אין שטאָט — רופט צום וואָרט. מען מוז רעדן גיך און קלוג. זיין עקסעלענץ האָט געשענקט דער יידישער „קאָלעקטיוויטעט" אַ שעה בערך. דער כבוד איז סיוווי געוואָג גרויס.

שאַ. דער גרויסער, לאַנגדערוואַרטער מאָמענט; אויפמאַרש פון די שרייבער־פּליטים! דער זאַל איז עלעקטריזירט (פיל עלעקטריש ליכט ברענט אין אַלע ווינקעלעך). רופט מען ביי די נעמען? בצלאל שושקעט מיר אויפן אויער:
„קום, לאָמיר זיך אַרויסרוקן!"

איך האַלט אים אָפּ. מען רופט נישט קיין נעמען. מען האָט בכלל קיינעם נישט גערופן. וואָדען. אָט שטייען זיי דאָך אויבן! זיי זענען אַרויפגעקראָכן, זענען זיי! זיי זענען אַרויף מיט פּעקלעך. דאָס גרעסטע און גרעבסטע פּעקל טראָגט — דער פּאָעט קעיס. ער שטייט אויבן, זייער נאָנט פון אים. ער דערלאַנגט. ער דערלאַנגט — זשורנאַלן און ביכער. בוך נאָך בוך. ער דערלאַנגט און דריקט די האַנט פון זיין עקסעלענץ. ער שמייכלט.ביידע שמייכלען זיי. אַזאַ כבוד! אַן אידיליע ממש — צווישן פּרעזידענט און פּאָעט!

ערשט די ווענט! — זיי ציטערן ממש — אַזוי פּאַטשט מען מיט די הענט! יאָ. דעם גרעסטן כבוד פאַר דעם ישוב האָבן צוגעטיילט די געקומענע שרייבער־פּליטים. נישט אַלע. געגוג אָבער די געציילטע, וואָס האָבן באַגריסט דעם פּרעזידענט און וואָס האָבן אים מכבד געווען מיט זייערע שאַפונגען. לסוף האָט אַ ווייבל, אַ „פּאַריזער" אַקטיאָרס ווייבל, אַ זייער פּעאיק ווייבל, געלייענט פון אַ פּאַפּיר אַרויס אַ צוגעגרייטע רעדע אויף שפּאַניש (אויף שפּאַניש ממש, צו אַלעמענס גרויסער באַוווּנדערונג און לויב), אָנגעפילט מיט גייסטרייכקייט און דאַנקבאַרקייט. זי האָט געדאַנקט אין נאָמען פון אַלעמען, אַלעמען...
נאָך דעם שיינעם ספּעקטאַקל טוט מיר בצלאל אַ ציפּ:
„זעסט, האָסט געהאַט רעכט; קיינער האָט זיך נישט געפרעגט אויף אונז. איך בין דיר מבטיח, אַז קיינער האָט אונז נישט אין זינען און דערפאַר וועט מען אונז נישט אַרויסשיקן פון לאַנד".
„טאָ פאַרוואָס איז גראָד דער פּאָעט קעיס יאָ אַרוין מיט זיין פּאַק?"
„ווייל ער איז זיכער, אַז ער וועט ווערן דעם פּרעזידענטס מקורב וועט ער אים געבן זיין טאָכטער פאַר אַ שנור".
„ער האָט דען אַ טאָכטער? דו מיינסט אפשר דאָס ווייב, די שיינע"...
„מעגלעך. אויך זי קאָן מען באַקומען אויף באָרג"...

אַריינגעכאַפּט אַביסל אַרבל־רכילות. איצט קומט דאָס סאַמע ריכטיקע: דער פּרעזידענט פון קרן־קימת נעמט זיך פאַר צו האַלטן זיין גרויסע רעדע; איצט וועט דער קרן־קימת־פּרעזידענט איבערגעבן דעם מדינה־פּרעזידענט דעם דיפּלאָם. אַ קלוגער ייד, דערדאָזיקער קרן־קימת־פּרעזידענט. ער ווייס וויאַזוי מ'דאַרף „נעמען" אַ מדינה־פּרעזידענט. און ער האָט אים ראַפּטעם אַ „נעם געטאָן" — מיט געניאַלע משלים, פאַרגלייכן און גימטריאות:

„פּע־ראָן — האָט דער ייִד אויסגעשריגן מיט גרויס התלהבות — לייגט זיך אויס אויף לשון קודש: ,פּה־רון', אַ מויל וואָס זינגט!"
„הוררראַ!"

אַז די ווענט צעטרייסלען זיך נישט זענען זיי באמת פון אייזן, געבויט פון שטאָל און אייזן. עולם הייבט זיך און זעצט זיך און ווידער געהויבן און איבע־אַנייכ געשריגן:

„פּע־רררראָן! פּע־רררראָן! פּע־רררראָן!"

אַיי, אַיי, אַיי! — טו איך אַ וואָרטשע צו מיין שכן — עבודה זרה! בצלאל האָט עס אויפגעכאַפּט. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ קניפּ: „אויב דאָס ביסעלע לעבן איז דיר טייער"...

חסל סידור באַנקעט. זיין עקסעלענץ נעמט שפּרייזן צום אַרויסגאַנג. עולם נעמט זיך ציען צו אים, שטרעקן צו אים די הענט — געבן און נעמען שלום פון מלכות. תיכף האָט די גאַלאַרקע זיך געטאָן אַ באַוועג. דאָרט, אויבן — די יוגנט פון אַלע פּאַרטייען און פון אַלע מינים; אַלע צוזאַמען טוען זיי איצט טרייסלען מיט די בעטאָנענע סלופּעס:

„פּע־רררראָן! פּע־רררראָן! פּע־ראָאָאָן!"

אויף דער טריבונע און אַרום איר, אויף די בענקלעך און פּאָדלאָגע — דאָרט איז געבליבן אַן אָנדענק פונם גרויסן געשעעניש: ביכער, ביכלעך, זשורנאַלעכ־לעך — פאַרשעמטע יידישע אותיות...

„אַז דער פונדאַמענט איז פאַרפוילט — גיט מיר בצלאל צו פאַרשטיין אויף דער פרישער לופט, אָנרופנדיק דעם באַנקעט: אַ צירק פון דרעסירטע, — אַ מדינה, וואָס יידן האָבן אַמאָל זיך געשעמט אָנצורופן איר נאָמען... אַ פאַרפוילטער פונדאַמענט".

פּרווו איך אים ווייכער מאַכן:

„אָבער מיר זענען דאָך אַהערגעקומען! על כל פנים מיר דאַרפן שווייגן".

„יאָ. מיר דאַרפן שווייגן. מיר דאַרפן זיך אָפּבייסן די צינגער. געשען אַזאַ אומ־גליק, אַזאַ הריגה. אַ נאָרמאַלער ייד איז אין נאָרמאַלע צייטן נישט געפאָרן קיין אַרגענטינע. ווי צו זיי! ער האָט אַריינגעלאָזט צען משפחות — אַן קאַטוילישע פאַפּירלעך. אַזאַ וויסטע שמחה אויף זיי. אַזאַ פּראָסטיטוציע".

„נו, גענוג. פאַראַן אַ שיינער מוסטער, די פאַריזער דיינע!"

„זיי זענען סתם וויסטע שנאָרערס. דאָרט האָבן זיי געהאַט אַ דזשאָינט מיט אַ נעבעכדיקן גי פאַטען... קריכנדיקע נפשות. וועסט זיך באַקענען מיט דעם־אַ מיט דעם „זאַמבאַל". נעכטן האָט ער געברענט מיט סטאַליניזם; היינט פלאַמט ער שוין מיט ציוניזם. ער קאָן גיין איבער טויטע, אַבי צו גרייכן ס'זייניקע. דאָ האָט ער דעם ריכטיקן פלאַץ און די ריכטיקע געזעלשאַפט".

בצלאל ט. האָט די ערשטע וואָך, נאָך זיין אָנקומען אַהער, געוואָלט אַנטלויפן, — לויפן אין דער וועלט אַריין — — —

איך באַקום בריוו פון מנחם פלינסקער. ער רייסט זיך אין דער הייך און אין דער טיף. גראָד ישראל האָט אים געמאַכט פאַר אַ יידישן שרייבער. זיינע דערציילונגען ווערן איבערגעזעצט אויף העברעאיש, ווערן געגרייט צום אַרויסגעבן אין פאַרלאַג „עם עובד". אַזוי שרייבט ער מיר. יאָ, חוץ אַלעם איז ער געבליבן אַ גוטער חבר. ער וועקט מיך צו קומען קיין ישראל. ער ווינט אין אַ פאַרלאָזט אַראַביש דאָרף. פאַרמאָגט דאָרט אַ הייזקע, וווּ עס איז פאַראַן פּלאַץ פאַר אַן איבעריק בעטל. „דאָס בעטל — דערציילט ער מיר מיט התלהבות — איז איבערגעדעקט מיט אַ ווייס ליילעך און עס וואַרט אויף דיר"... נו, באמת: פאַרוואָס אויסגעביטן די יידישע מדינה אויף אַרגענטינע? נישקשה. סיוויי פירט מיין וועג דאָרט אַהין. איך פיל זיך נשמהדיק געבונדן מיט ארץ־ישראל. גירסאָ דיונקתאָ. איז דען ווער בכוח אַרויסצורייסן טיף־פאַרוואָרצלטס?
פון זיינע בריוו (ער שיקט זיי מיר צוויי אַ וואָך) פיל איך אַרויס דעם ירגזון פון אַ צעברויזטן. בר־נש. ער האָט נישט קיין רו, מנחם פלינסקער. ער איז שעפעריש. דאָס דאָרף איז געוואָרן פאַר אים צו־קליין. ער דאַרף — די וועלט; ער דאַרף פּלאַץ פאַר זיינע אויסגעשפּרייטע פליגל; ער דאַרף פליען... אין דעם פרישן בריוו שרייבט ער: „עס ווערט מיר ענג אין לענדעלע. כ'וואָלט געוואָלט זיך אַרויסכאַפּן אויף דער ברייטער וועלט"... פון מיר פאַרלאַנגט ער, כ'זאָל אַ „וועק" טאָן זיינע לאַנדסלייט. אפשר וועלן זיי אים אַראָפּברענגען קיין אַרגענטינע. עס וואָלט נישט געווען קיין עוולה, כ'לעבן. אַ טרייער חבר און מאָלערישער שרייבער. ער האָט שרייבעריש אַ שפּרונג געטאָן. ער דאַרף לופט, אַ סך לופט... אין בריוו פאַרגעסט ער נישט צו דאַנקען פאַר דעם שפּייז־פּעקל פון דרום־אַפריקע, וואָס די דאָרטיקע ציַיטונג האָט אים געשיקט אויף מיין חשבון. נו, ווידער אַ גוטע טאַט, אַ געדענקען צום גוטן.
יאָ. ער דערציילט מיר אויך וועגן די שרייבערס דאָרט. מען זידלט זיך און מען שנירלט זיך... נו, אַזוי איז עס דאָך אומעטום. פאַרוואָס זאָל תל־אביב זיין אַנדערש פון פּאַריז. פון בוענאָס איירעס? — — —

די לופט איז אָנגעגליט. עס פילט זיך גאָר שטאַרק דער ווידערשטאַנד קעגן „זיין עקסעלענץ" און דער „אַדעליקער פּרוי" זיינער. די ראַדיקאַלן און דאָס מיליטער לאָזן זיך הערן גאָר הויך. אויך די גלחים דרשנען אין די קלויסטערס — אַפּיקורסות ממש...
דעם פאַבריקן זונטיק זיך געלאָזט פון מיין צימער צו דער אַוועניִדע ריוואַדאַוויאַ,

דורכגעשפּרייזט די ברייט און לענג פון צענטער; אויך געווען אויפן פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך די „קאַסאַ ראָסאַדאַ“, דאָס רעגירונגס־הויז. און דאָ פּלוצים — פאַרקוועטשט געוואָרן אין אַ מענטשן קלעם. הונדערטער, זונטיקדיק אָנגעטאָן, אַנטרינען אין זייטיקע געסלעך, נאָך זיי — פּאָליציי־לייט מיט שטעקנס, מיט בלאַנקע שווערדן. דער געלויף — פון אַ קלויסטער. האָב זיך קוים געראַ־טעוועט אין אַ „סובטע“ (אונטערערד־באַן). שווער געווען צו כאַפּן דעם אָטעם. וואָס טוט זיך? אַ הייסע מדינה. עס וועט נאָך זיין גאָר הייס!

און וואָס טראַכטן די יידן דערוועגן? זיי ווילן, עס זאָל זיין „גוט פאַר יידן“. ביי פּעראָנען איז זיי נישקשה, מער פון נישקשה... אגב: יידן דערציילן, אַז פּעראָנס גוטע ברידער האָבן געהאַט צו אים טענות, הלמאי יידן „צעבויען זיך אַזוי שטאַרק אין אַרגענטינע“. האָט ער דערויף געענטפערט: נישקשה. זיי בויען דאָך נישט אין דער פרעמד — — —

## 10. גאַסטאָמאַניע

דאָס אַראָפּברענגען „געסט“ איז אַ מכה פון „גאַנצן ישוב“. אַלע ברענגען און באַגריסן און באַנקעטעווען — געסט. לאַנדסמאַנשאַפטן, שולעס, די קהילה און אויך די צייטונגען. אַנומלט האָט „די פּרעסע“ געהאַט אירס אַ גאַסט — דעם קאָרעספּאָנדענט פון ישראל. איז געמאַכט געוואָרן אַרום אים אַזאַ מהומה; האָט מען געשריבן וועגן אים און זיין גרויסקייט, גאונישקייט און טיפקייט אַזוי גרויס און טיף, אַז אַ שעמעוודיקייט האָט באַדעקט מיין פּנים. און ער אַליין, דער גאַסט, האָט בפירוש נישט געוווּסט וואָס מ׳וויל פון אים. געקומען איז ער, ווי ער האָט געזאָגט, צו אַ ברודער. מילאַ, איז ער אויך דער גאַסט פון דער צייטונג. אָבער... אין ישראל קען מען אים כמעט נישט. עס זענען דאָרט פאַראַן גרעסערע פון אים. ער איז דאָרט „איינער פון דער שורה“. וואָס טומלען זיי דאָ אַרום אים? און וואָס וועט ער דערציילן אין תל־אביב? ער איז געווען אָפּנהאַרציק. ער האָט געלאַכט בעת איך האָב אים „געמאַטערט“ מיט „זייטיקע שאלות“. ער האָט נעבעך נישט פאַרשטאַנען, דער פּשוטער ישראל־ייד, אַז דאָ מאַכן זיי רעקלאַמע אויף זיין חשבון — פאַר זיך. יאָ, און ווען דער גרויסער אָוונט איז געקומען און דער טעאַטער־זאַל איז געווען „באַזעצט“, איז דער גאַסט געזעסן אויף דער בינע און — געלאַכט, געלאַכט מיט אַ צעעפנט מויל; געלאַכט פון די, וואָס מאַכן צום לאַכן...

און אפשר האָט ער באמת הנאה געהאַט פון זיין זיצן אויבנאָן — — —

האַיאָר, צום עפענען דעם קולטור־זמן 1953, וועלן דאָ זיין צוויי געסט. דער־וועגן „טוט זיך שוין“. עס וועלן זיין: אַ היסטאָריקער פון ניו־יאָרק און אַ פּאָעט

פון תל־אביב. דער ערשטער — גאַסט פון קולטור־קאָנגרעס, דער צווייטער — פון שרייבער־פאַריין.
בפירוש צו פילן, אַז היגע שרייבערס דאַרפן האָבן אַרום וועמען זיך צו „וואַרעמען״ און פון וועמען צו באַקומען אַ „גלעט״. דער היגער עולם קאָן נישט געדייען אָן טומל און ער איז מיד פון זיינע היימישע טומלערס — — —
און ווידער איז צו זען דעם פּרעזידענט, יאַנקעלע גיבאַלעס, אַרומפּאָרן איבער דער שטאָט. ער פּאָרט אַרום זאַמלען געלט. אַראָפּבררענגען אַ גאַסט קאָסט. עס קאָסט אַ רייזע־בילעט און עס קאָסט האָנאָראַר. עס דאַרף אויך עפּעס „איבער־בלייבן״ אויפן אָרט, ווייל אויך „אויפן אָרט״ קאָסט . . .
און דאָ ווער איך באַהערשט פון עצבות. איך פיל: וואָס אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש ווייטער — טיפער טו איך אַריינפאַלן אין דעם טומל, וואָס האָט אין זיך עפּעס פון אַ ספּאָרט־פאַרמעסט. אַלע שרייען, אויך איך שריי, שריי און שרייב: גרויסער גאַסט, שיינער גאַסט, דערהויבענער גאַסט . . .
וויאַזוי קאָפּעט מען זיך אַרויס פון דערדאָזיקער חולאת, וואָס רופט זיך „גאַס־טאָמאַניע״ ?

צוויי געשעענישן לאָזן מיך נישט צורו. איינע — ערב מיין קומען אַהער, די צווייטע — נאָך מיין קומען.
געשעעניש נומער איינס: אַ יידישער שרייבער, אַ „וועלטלעכער״, האָט געשיקט זיינע קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל, אין אַ יידישער שולע, זיך באַמיט זיי צו דערציען ווי יידן לויט זיין איינשטעלונג. פּלוצים — אָן שום דערקלערונגען — זענען די קינדער אַוועק אין אַ קלויסטער, זיך געלאָזט אָפּשמדן — — — איך ווייס ווינציק וועגן דער מעשה. בלויז פון הערן און לייענען. און אַז מ׳האָט געפרעגט דעם זון, וואָס האָט גענומען שטודירן אויף גלח, הלמאי ער האָט דאָס געטאָן, איז געווען זיין תשובה:
„עס האָט מיך געצויגן צו אַ שיין לעבן און אין מיין שטוב איז אַזוי טרוקן און פּוסט. אין קלויסטער איז אַלץ שיין, דערהויבן, פּאַרכטיק״ . . .
דער שרייבער־טאַטע איז געשטאָרבן. און אָט געלייענט אין די צייטונגען אָן אַנאָנס פון דער מאַמע. זי געזעגנט זיך מיט אַלעמען. זי פּאָרט זיך באַזעצן אין ישראל. אַ מאָדנע־טרויעריקער אַנאָנס. אַ מין נעקראָלאָג. די מאַמע האָט זיך געזעגנט מיט אירע קינדער — אויף אייביק . . .
געשעעניש נומער צוויי: איך קום אַרויף אין אַ שטוב פון אַ יידיש לערער־פּאָרל. אויך קומט אַרויף אין דער שטוב אַ לערער פון ישראל. זייער אַ פריילעכער, סימפּאַטישער שמועסער. האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ היפּש־לאַנגע צייט. ביז עס איז בעקומען אַ שליח פון ישראל (האָב אים אויך געזען אין מינכען). אַ היימישער,

אַ פאָלקסטימלעכער טיפּ, שטענדיק אַ פריילעכער. דאָ איז ער געוואָרן טרויעריק. דערזען דעם ישראל־לערער האָט ער אויסגעשריגן:

„אַ באַנדיט! די ישראל־פּאָליציי זוכט דאָך אים!"

אַזוי איז די מעשה דערציילט געוואָרן. דעם שליחס אויסגעשריי האָב איך נישט געהערט. דער לערער איז פאַרשווונדן.

דערנאָך האָט מען ווידער דערציילט: דער לערער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דער שליח איז געפלויגן קיין אורוגווי. איז דער עראָפּלאַן אַראָפּגעפאַלן און ער איז אומגעקומען. אָט אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די מעשה נומער צוויי.

צוויי געשעענישן, וואָס מ'האָט ווינציק גערעדט וועגן זיי און איך — ווינציק געשריבן וועגן זיי.

די גאַסט־אויפטריטן פונם היסטאָריקער און פּאָעט האָבן איבערגעלאָזט אַ ביטערן טעם — פאַרשידן אין פאָרם און אינהאַלט. דער היסטאָריקער האָט אין קהילה־זאַל געפּרעגט דעם עולם, וואָס אַזוי עס מיינט „פאָלקסטימלעך". איין קליינינקייט: ער האָט פון די יידן אַראָפּגענומען די קרוין. „פאָלקסטימלעך — האָט ער געזאָגט — מיינט: קויפן און לייענען יידישע ביכער, דערציען די קינדער אויף יידיש און אין יידיש. וויפל יידישע ביכער קויפט איר אַ יאָר? וויפל יידיש־לייענערס דערציט איר אין אייערע היימען? וויפל קינדער יידיש־קענערס און יידיש־רעדערס גיבן אַרויס אייערע שולעס? מיט וועלכע רעכט ווערט איר באַצייכנט ווי אַ פאָלקס־טימלעכער ישוב?" —

אָט אַזוי האָט גערעדט און געשטראָפט און געפּאָדערט דער מוטיקער היסטאָריקער־גאַסט. פון אַ גאַסט איז מען געוווינט צו הערן „בלויז גוטס". און דאָ... האָט עולם זיך געשאַרט צום אַרויסגאַנג...

יודעי דבר האָבן דערביי דערציילט, אַז נאָך זיין באַזוך אינם גרויסן בנין פון דער גרויסער שלום־עליכם־שולע, האָט ער אַריינגעשריבן אין גאַסט־בוך:

אַז פון דעם בנין / וועט אַרויס אַ מנין / וועט עס זיין אַן ענין.

אויך האָט מען דערציילט, אַז בעת אַ צרהדיקע מיידל־דיכטערין, וואָס האָט אַליין „קינסטלעריש" רעציטירט אירע דיכטונגען, האָט געוואָלט מהנה־זיין דעם היס־טאָריקער מיט אירס אַ „לידער־ביכל", וואָס פאַרמאָגט גילדענע טעוועלעך און וואָס האָט אַ הקדמה פון יעקב באָטאָשאַנסקי, האָט דער גאַסט געכאַפּט אַ בליק דערויף פון פאָרנט און אונטן, עס אַ כאַפּ געטאָן און — געמאַכט דערפון פיר טיילן...

ס'טו געזען! דער „ישוב" איז גאָרנישט געוווינט צו אַזוינע געסט!

און דאָס האָט אויך נישט געקאָנט פאַרטראָגן ער, יאַנקעלע גיבאַלעס. ער וועט נישט לאָזן, מען זאָל באַליידיקן זיינע יידן. האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו זיין

באַליבט מיטל: חוזק. אין זיין פּרעסע־קאָלום טוט ער חוזקן פונם גאַסט, מאַכט פון אים קלאָטשע. ער איז אומרואיק. לויפט אַריין אין רעדאַקציע, לויפט אַרויס, קלאַפּט מיט די טירן. ווינציק דאָס שרייבן. ער וועט אויך רעדן. ער וועט אַרויס־טרעטן טאַקע אין דער קהילה און דאָרט וועט ער אים אַריינזאָגן, דעם־אָ...
און ער האָט צונויפגערופן אַן עולם. אָנגעהויבן זיין רעדע מיט מעשהלעך און וויצן. עולם וואַרט אָבער אויף דער „רעהאַביליטאַציע”. דאָ האָט יאַנקעלע פאַר־וואָרפן דעם קאָפּ אַן אַ זייט, אויסגעשפרייט אויף זיין ציגיינעריש פּנים די גאַנצע צניעות זיינע. דהיינו: פאַר זיין אויפטריט, דעם היסטאָריקערס, האָט ער אים געטראָפן ערגעץ און יענער האָט אים געזאָגט, אַז ער פילט זיך שלעכט, אַז ער האָט היץ...
„נו, — האָט ער איצט אויסגערופן מיט גרויס טריאומף — וואָס קען מען פאַר־לאַנגען פון איינעם וואָס האָט היץ, וואָס רעדט פון היץ?!”
דערויף האָט עולם געטראַסקעט מיט די הענט, געכאַכאָטשעט: אַריינגעזאָגט! — —
אין אַ ווייטערדיקן אָוונט. דער אויפטריט פונעם פּאָעט־גאַסט. ער דערציילט וועגן וואַלד און פּאַרטיזאַנקע; ווי ר'איז אַנטלאָפן פון די נאַציס, זיך באַהאַלטן אין אַ טרומנע און דאָרט, אין דער טרומנע, געשריבן אַ ליד . . . אין אַ טרומנע געשריבן אַ ליד? מער איז אים דעמלט נישט געלעגן אין זינען? בכלל ווי שרייבט מען עס לידער אין אַ פינצטערער טרומנע? אויך האָט ער דערציילט, אַז ר'האָט געטראָגן אַ היטעלע מיט אַ קנאָפּ פון אויבן. האָט אַ נאַצי געשאָסן צו אים, געצילט צו זיין קאָפּ און געטראָפן — אין קנאָפּ. ברוך השם. עולם האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. און מ'האָט געשמייכלט: חוזק; חוזק געמאַכט פון עולם!
און דערנאָך, נאָך די רעדעס און באַנקעטן, האָט „דער ישוב” געזעגנט ביידע געסט. ביי זיין געזעגענונג האָט דער היסטאָריקער געזאָגט, אַז יאַנקעלע איז נישט קיין שרייבער און נישט קיין מענטש... האָבן די טישזיצערס געהערט און גע־שוויגן. מען ווייס עס שוין פון לאַנג. אָבער גיבאַלעס האָט געשווירן, אַז ער וועט „עס” נישט אַראָפּשלונגען. ניין. האָט ער געהאַט שלאָפלאָזע נעכט. אין רע־דאַקציע געוואָרפן מיט בענקלעך, געלאָפן, געפלויגן, געזשומעט ווי אַ וויכער. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אייניקע טעג — ביז צום גרויסן געזעגענונג־באַנקעט לכבוד דעם פּאָעט. דאָ האָט ער זיך שוין געפילט אין דער היים. דאָ האָט ער ווידער דערציילט מעשהלעך און וויצן און — צוגעטיילט דאָס וואָרט דעם פּאָעט.
איצט איז געוואָרן וואַרעם־ווינטלדיק אויפן זאַל, כאָטש דער דרויסן האָט געשמעקט מיט בייסיקן ווינט —
„יעקב באָטאַשאַנסקי — האָט זיך דערהערט דאָס קול פונם פּאָעט — איז דער גרעסטער קריטיקער, דער שענסטער שרייבער און ערלעכסטער מענטש! — — —

ווידער האָט עולם געפּילט אַ ביטערן טעם. אָבער אַפּלאָדירט האָט מען, גע־פּאַטשט מיט די הענט און געלאַכט — געלאַכט פון יאַנקעלען, געלאַכט פון זיין אונטערפירער. יאָ, בוענאָס איירעסער עולם איז נישט שטענדיק — בלויז גולם. ברוך השם: חסל סידור געסט.

האָב געפונען אַ ווונדערלעכן ייד און זיך ממש „צוגעקלעפּט" צו אים, אַ ייד, וואָס דערמאָנט אָן יענער יידישער אינטעליגענץ אין געוועזענע היימיש־יידישע שטעט אין אייראָפּע. אַ דאָקטאָר מעדיצין. יואל זינגער. אַן עכט אַרגענטינישער "קריאָזשע". געבוירן אין איינער פון די יידישע קאָלאָניעס מיט אַרום פופציק יאָר צוריק; אַ יידישער דאָקטאָר מיט אַ יידישן שמייכל, מיט יידיש און יידישער געזעלשאַפטלעכקייט — כולו ייד.

בין איך אַוועק צו אים — דאָס מאָל אויף אַן אָפיציעלן באַזוך. עפּעס האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט אַ מיחוש. שוין לאַנג נישט געהאַט צו טאָן — „מיט זיך". בין איך אַוועק צום דאָקטאָר, בעטן אַ רפואה. דער אַריינגאַנג צו זיין קאַבינעט פירט דורך אַ ברייט טויער, וואָס אינעווייניק קוקט עס אויס ווי אַ וואַרט־זאַל און עס וואַרטן דאָרט טאַקע פאַרשידענע חולאים צו ווערן אַריינגעלאָזט אויף אונטערזוכונג. דורכן טעלעפאָן מודיע געווען וועגן מיין קומען. און דערפאַר איצט, זעענדיק די ריי הינטער זיין טיר, זיך געפּילט שולדיק וואָס דער דאָקטאָר האָט מיך אָפּגעוואַרט און אויפגענומען מיט זיין היימישלעך־יידישן שמייכל.

„איך בין נישט קראַנק! — האָב איך אויסגערופן ביים איבערטרעטן די שוועל — נעמט אויף אייערע קראַנקע פון דער ריי און איך וועל קומען אַ צווייט מאָל".

„אַא! האָט דאָקטאָר זינגער זיך שטאַרק צעלאַכט — איך ווייס, אַז איר זענט נישט חולה, אָבער אייער מיחוש, וועגן וועלכן איר האָט מיר מודיע געווען דורכן טעלעפאָן, האַ?"

ער האָט געלאַכט מיט זיין דריבנע געלעכטערל. און איך האָב גענומען זוכן די טיר.

„ניין, דאָקטאָר, קיין שום מיחוש און קיין שום חולאת... קראַנקע מענטשן וואַרטן אין דרויסן. לאָמיר לאָזן אונזער שמועס אויף אַ צווייט מאָל."

„כאַ־כאַ־כאַ! איך ווייס, אַז איר זענט נישט חולה; דעריבער זאָג איך: איר זענט נישט חולה דאָ צו זיצן מיט מיר איצט אַביסל און צו שמועסן וועגן אויסער־קרענקלעכע ענינים."

„ניין, דאָקטאָר, נישטאָ קיין „אויסער"; די וועלט איז קראַנק... און זיי דאָרט וואַרטן דאָך..."

„זאָלן זיי וואַרטן. און אַז זיי וועלן וואַרטן, וועלן זיי זיך אויך עפּעס דערוואַרטן...

וועל איך זיי אָבער איצט אַריינלאָזן, וועלן זיי דאָך נישט האָבן אויף וואָס צו וואַרטן... האָפענונג, מיין ליבער, איז די בעסטע מעדיצין..."

אַזוי האָבן מיר זיך „געשאָמפּערט" בערך אַ האַלבע שעה און, תוך כדי כך, זיך איבערגעשמועסט וועגן ענינים, וואָס שטייען העכער פון מעדיצין... געזונטע ענינים, וואָס מאַכן קראַנק דעם... ייד. יאָ, מיר האָבן געשמועסט וועגן דער קראַנקער וועלט און וועגן דער אָפּגעשוואַכטער יידישקייט. און אַזוי שמועסנדיק לחלוטין פאַרגעסן, אַז ערגעץ מאַטערט מיך אַ שטעכעניש. ער האָט מיט זיינע רייד פאַרטריבן פון מיר די חולאת... לסוף איז געבעטן, ער זאָל מיך אַרויס־לאָזן דורך אַ הינטערטיר, כדי זיינע פּאַציענטן זאָלן מיך נישט באַגלייטן מיט האַרבע בליקן. צומאַרגנס — צונויפגענומען אַלע מיינע צוזאַמענטרעפן, שמועסן און וויכוחים מיטן דאָזיקן היימישן דאָקטאָר, וואָס חוץ מעדיצינער איז ער אויך שולטוער, דערציער, שרייבער און ראשו ורובו — ריכטיקער יורש פון יענע יידישע דאָקטוירים אין וואַרשע און ווילנע, וואָס ייד, רופא־חולים און יידישע געזעלשאַפט זענען ביי זיי געווען צונויפגעפּאָרט אַ פּעליקן מעת־לעת. אין איינעקע טעג אַרום — מיינס אַ געדרוקטער מאַמר אין „די פּרעסע". אַ־האַ! עוזר בור־מאַזשני רופט מיך.

„איר פאַרשטייט — גיט ער מיר צו פאַרשטיין מיט זיין שטייגער־שמייכעלע — דער דאָקטאָר יואל זינגער איז טאַקע אַ ווילער ייד, אַ מוסטער־ייד ביי אונז, אָבער אונזער צייטונג איז נישט באַשאַפן געוואָרן אויף צו מאַכן רעקלאַמע סתם־אַזוי..."

„רעקלאַמע? — האָב איך זיך אויף אַן אמת אַ טרייסל געטאָן — זינגער איז דאָך אויך אַ שרייבער. טאָ ווי וועט זיין דער דין, אויב איך וועל שרייבן וועגן איינעם אַ שרייבער, וואָס איז אויך אַ דאָקטאָר, לאָמיר זאָגן, וועגן דעם ווילנער דאָקטאָר צמח שאַבאַד..."

איך האָב זיך אייליק אַרויסגעטראָגן פון דעם פאַרוואַלטערס לעכל און בפירוש געפילט, אַז דער ריס צווישן מיר און דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַרגרעסערט זיך. עס וועלן זיין צרות. אַבי געזונט.

די פאַרוואַלטונג פונם שרייבער־פאַריין האָט געהאַט אַ מין שטייענדיקע זיצונג. דער איינציקער פונקט: באַשטימען אַ וויצע־פּרעזידענט. צופיל אַרבעט ליגט אויפן קאָפּ פון איין פּרעזידענט. ער דאַרף אויפנעמען געסט, באַגריסן, האַלטן רעדעס. וואָסי. ער האָט זיך פאַרדינט אַ פאַרטרעטער. אַזוי האָט געטאָן פאַר־לאַנגען יאַנקעלע גיבאַלעס פון זיין שרייבער־פאַרוואַלטונג, וועגן וועלכער ער, איר פּרעזידענט, טוט טענהן: „דאָס זענען מאַנע שראַבערס; קאַ אַנדערע פאַר־

מאַג אַך נישט!... און רעכט האָט ער. מחמת, ווי קאָן דאָס אַ ישוב עקזיסטירן אָן אַ שרייבער־פאַריין און אָן שרייבערס? — — —

הכלל: אויף דער שטייענדיקער זיצונג האָט דער פרעזידענט פאַרגעלייגט פאַר זיין וויצע דעם פאָעט אַלפאַ. יענער האָט תיכף מסכים געווען און אַלעמען גע־דאַנקט פאַר דעם גנאָד. האָט ער דאָך אַנומלט געהאַלטן זייער אַ טרויעריקע רעדע לכבוד דעם פאָעט־גאַסט פון תל־אביב, זיך געקלאָגט, אַז — „זינט מיין קומען אַהער פון פאַריז פיל איך זיך דאָ זייער עלנט. מיין נע־ונד האָט זיך נאָכנישט פאַרענדיקט" — — האָבן די ווערטער געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק — אויפן שרייבער־פרעזידענט. איצט האָט ער געסילוקט דעם חוב. אַלפאַ וועט שוין מער נישט זיין נע־ונד.

## 11. אַ שרייבערס ווייטיקן

בערל גרינבערג האָט אַרויסגעגעבן אַ ביכל דערציילונגען. די ערשטע פרייד איז שוין פאַרביי. ער האָט נאָך דעם קרן נישט אָפּגענומען. וואָס זאָל ער טאָן מיטן בוך? מיר האָבן זיך געטראָפן אויף קאַריענטעס. ווי יעדער מאָל — זיינע שמייכל־דיקע אויגן באַקומען אַ באַזונדערן גלאַנץ ביים דערזען מיך; ער רופט דערביי אויס: „אַזאַ באַרימטער לאַנדסמאַן!"

„בערל — טו איך אַ זאָג אַ פאַרוואָלקנטער — חוזק נישט פון מיר; איך האָב געענוג אָן דיר".

איז ער צופרידן:

„און איך האָב דיר לכתחילה געזאָגט, אַז דער קאָפּ זאָל זיך דיר נישט פאַרדרייען פון די אויפנאַמעס און באַנקעטן; אַז דאָס אַלץ איז בלאָף; ריכטיק האָט זיי אָפּגעשאַצט דער היסטאָריקער־גאַסט פון ניו־יאָרק. זיי דאַרפן דאָ דעם שרייבער אויף כפּרות. פאַר זיי איז ער אַ טויגעניכטס, אַ שלימזל. זייערע רעדעס — זענען בלויז פאַר זיי, פאַר זייער אייגענעם פאַרגעניגן. אָן דעם קאָנען זיי קיין מיטאָג נישט עסן. און דו... ביזט זייער אָפּלייזער... וואָס דאַרפסטו מער. איך געפין זיך שוין דאָ דרייסיק יאָר. איאָ, מיר האַלטן איצט אין 1953. געווען בין איך דאָ אַ סטאָלער, אַ בעקער, אַ לינאָטיפּיסט און נאָך שוואַרצע יאָרן; און גראָבע יונגען, וואָס כ'האָב דאָ באַגעגנט אויף מיין דערנער־וועג, האָבן מיר פאַרביטערט די טעג און נעכט. אַלץ יאָ, אָבער קיין צווייטן בערל גרינבערג האָבן זיי נישט. מיינס אַ דערציילונג איז איבערגעזעצט געוואָרן פאַר אַ וויכטיק ענגליש זאַמל־בוך. מלך ראַוויטש, וואָס האָט געשריבן אַ באַגייסטערט פאָרוואָרט צו מיין „די אייביקע וואָך", באַצייכנט מיך ווי דער אַרגענטינישער בערגעלסאָן, אָט אַזוי: „גרינבערגעלסאָן". נו, וואָס מיינסטו זאָגן די גראָבע יונגען דערצו? ווילן זיי

קוקן אויף מיר, די נקבה־סוחרים? טראַכטן זיי, צו געבן מיר מנוחה, צו געבן מיר אַ מענטשלעכע פּרנסה פאַר מיין ווייב און קינדער?״ — — —

איך שווייג. מיר צעשיידן זיך. איך קוק אים נאָך. דאַכט זיך, ער וויינט. בערל וויל פון מיר, איך זאָל „אויפוועקן״ זיין ענין, זאָל שרייבן און שרייען. איז אפשר כדאַי אויסצוהערןביידע צדדים? בכלל: בין איך דאָך בלויז אַ קליין שרייפעלע אין אַ גרויסער מאַשין. איז דאָך גריילעך מעגלעך, אַז די מאַשין זאָל זיך צערע־ווען און אַרויסשליידערן פון זיך דאָס ציטערנדיקע שרייפעלע...

אָבער בערל גרינבערג האָט זיך „פאַרלייגט״ אויף מיר. ביים טרעפן זיך ווידער — ער וויל שוין פון מיר גאָרנישט. ער וויל בלויז רעדן מיט מיר. עס טוט אים הנאה צו רעדן מיט אַ וואַרשעווער, מיט אַזאַ איינעם, וואָס וואַרשע איז געבליבן זיין היים. מיר שפּאַצירן אויף זייטיקע געסלעך, שטעלן זיך אָפּ נעבן אַ טראַמוויי־סטאַציע. ער זאָגט:

„היינט ביזטו מיין גאַסט. דו וועסט עסן ביי מיר מיטאָג. איך האָב הנאה דיך צו האָבן נעבן מיר״.

„בערל, — גיב איך אַ ביטערן שמייכל — געבוג מיט די איבעריקע רייד! דאַרפסט וויסן, אַז אויך איך האָב געפונען אין דיר אַ גוטן און דעם איינציקן חבר דאָ״. בערלס יידיש איז באַחנט און באַווירצט מיטן עכט־וואַרשעווער יידיש־קלאַנג. נאָכן פאַרבייסן אַ היפּש ביסל גאַסן, קוואַדראַט־צעשניטענע און צעפּערטלטע, זע־נען מיר אָפּגעשטיגן אויף אַ גאַס מיטן נאָמען: דאַלאַרעס.

„אָטאָ דאָ איז עס! — האָט ער אויסגערופן — זעסט, אַפילו דער נאָמען פון „מיין״ גאַס הייסט: ווייטיקן... דאָ־לאָ־רעס״.

ער וווינט אין איין צימער, ער, אַ פרוי און צוויי דערוואַקסענע קינדער. ביים ערשטן בליק: נישטאָ קיין שלום־בית. דער זון, אַ יאָר זיבעצן, איז בייז. דער טאַטע זאָגט אים עפּעס אויף שפּאַניש. ער ענטפערט מיט אַ קוויטש. בערל פילט זיך פאַרלוירן קעגן דעם גאַסט. איך וויל שוין האַלטן דערנאָך. און נישט לאַנג האָט עס געדויערט. אָבי יוצא געווען. ער זעצט מיך אַריין אין טראַמוויי. שוין. מער וועל איך נישט גיין צו גאַסט.

ווידער: בערל גרינבערג. ער זיצט ביי אַ טישל אין באַר „קאַסטעלי״. אויפן טישל — אַ שטויס מיט ביכער. ער לויפט נאָך די געסט, שטופּט זיי אין די הענט אַריין דאָס בוך — זיין פריש־דערשינענע בוך. זיי וואַרפן זיך דערמיט. שרייען:

„בערל, זוך דיר אויס אַ בעסערע פרנסה!״

איך זעץ זיך נעבן טישל. נייך. נישט איצט איז די צייט זיך מיט אים אויסצו־טענהן וועגן שרייבערישן כבוד און ענלעכע איידעלע זאַכן. האָב עפּעס אָנגעשריבן וועגן אים. אַריינגעגעבן אין זאַץ. שפּעטער זיך מיט אים אפשר דורכשמועסן.

איך באַשטעל אים אויף אַ טרעפונג אין אַ דריי טעג אַרום. אפשר וועט ער דערווייל געפונען קונים אויף זיין בוך. סיזוויי... דערנאָך אים געזען אַרויסגיין — מיטן זעלביקן הויכן ביכער־שטויס... איך האָב זיך פאַרדרייט. לאָמיך נישט זען זיין צער...

דאָס מאָל האָט מיך נישט גערופן בומאַזשני און יאַנקעלע האָט מיך נישט געשטאָכן מיט זיינע קרומע אויגן ווי שטענדיק, בעת ער לייענט מיינע גוטע שורות וועגן ערגעץ אַ שרייבער, מחמת — שרייבן גוטס איז נאָר וועגן אים, „דעם איינציקן” — — —

מיר האָבן זיך פּינקטלעך געטראָפן. בערל האָט הנאה. ער לאַכט מיטן גאַנצן פּנים. ער האָט היינט אַ צופרידענעם טאָג, אַפילו נישט קיין זאָטן. ער נעמט רעדן, אָבער איך שטעל תיכף אַרויס מיינע טענות:

„בערל, דאַרפסט היטן דיין כבוד. ביזט דאָך נאָך אַזוי יונג און ביכער וועסטו דאָך נאָך אַרויסגעבן. פאַרוואָס זיצסטו מיט זיי אין „קאַסטעלי”, לויפסט נאָך די קאָרטן־שפּילערס? מאַכסט זיך ביליק. ווי קאָנסטו פאַרלאַנגען דרך־ארץ צו דיר? אויף בערלס פּנים בייטן זיך די קאָלירן. זיינע אויגן פייערן. איך האָב שוין פאַרלוירן מיין פריערדיקן ווערט.

„זיי נישט קיין ויצדקתך, איך בעט דיר. ביז דיינע „פאַריזער” זענען אַהערגעקומען האָב איך זיך געהאַלטן בכבודיק. טו אַ קוק אויף אים דאָרט, אויף דעם פּאָעט, ווי הייסט ער? פאַרגעסן זיין מאָדנעם נאָמען. יאָ, דעם פון די „ממעמקים”. האָסטו געדאַרפט זען ווי ער איז געזעסן ביי אַ טיש אין „קאָמערסיאַל”, ביי אַ טיש פאַרלייגט מיט זיינע „ממעמקימס” און ווי ער האָט זיי פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער די טישלעך און ווי זיי, די פּאָקער־ און קאָוועלעך־געסט, האָבן זיך געוואָרפן און געשליידערט און לסוף איבערגעלאָזט די ביכער פאַריתומט. וואָס? האָסטו אויך אים געשטראָפט? פאַרוואָס דאַרף איך, בערל גרינבערג, זיין דאָס כפרה־הינדל פאַר אַלע און אַלעמען?” — — —

מוז דער שרייבער זיין אַ באַזונדער אָדער אָפּגעזונדערט באַשעפעניש? ביי יידן פירט־אויס דער שרייבער אַ באַזונדערע מיסיע; דערפון — די באַזונדערקייט פונעם שרייבער. ער געפינט זיך אי אין פאָלק, אי ער שטייט העכער פון אים, ווייל ס'איז אים לייכטער צו זען וואָס עס טוט זיך אונטן. ער מוז נישט זיין קיין מוסר־זאָגער, ווי ער טאָר נישט זיין קיין טרוקענער, הילצערנער בעל־מלאכה. דער שרייבער דאַרף זיין מיט זיך אַ מוסטער, אַ דערציער. עולם איז מבין אויף פאַלשע מטבעות.

סאַראַ ראָל פירט־אויס די יידישע פּרעסע נאָכן חורבן? עס פעלט ערנסטקייט; דער שרייבער איז אַ שורות־צושטעלער. ער פאַרלאַנגט נישט פון זיין לייענער —

גאָרנישט. מעגלעך, ער וואָלט יאָ פאַרלאַנגט. טאָר ער אָבער נישט. און פון ערנסטע חשבונות לאָזט זיך נישט מאַכן קיין לעבן. אַ שמייכל, אַ וויץ, קלאָטשע־הומאָר, דאָס אַלץ אויסגעמישט מיט גרויסע, פריילעכע באַנקעטאָווע אַנאַנסן — אַזאַ פּנים, מער ווייניק, האָט דער אויסזען פון יידישע ישובים אין די אַמעריקעס, בפרט אין דער דרומדיקער. געגנוג אַ קוק צו טאָן אין די צוויי יידישע בלעטער פון מעקסיקע; זייערע פערטלזייטיקע אַנאַנסן. אויך מיט די צוויי היגע טאָגבלעטער — נישט צו פאַרזינדיקן. אַ געמיש פון אָרטאָגראַפיעס. שבת־זונטיק־נומערן — איין גרויסער באַנקעט. דער אַנאַנס שטויסט אַרויס דעם שרייבער. דאָס מאַטעריאַל — לרוב נישט רעדאַקטירט. עס אַרבעט די שער. ציילונג־באַלעבאַטים מאַכן אַ לעבן אויפן חשבון פון פרעמדער אַרבעט. די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען שטעלן צו סחורה פאַרן גאַנצן קאָנטינענט. נישט איין מאָל טרעפט, אַז אַ מאַמר פון אַ ניו־יאָרקער יידישן שרייבער ווערט דאָ איבערגעדרוקט און זיין אינהאַלט פּאַסט זיך לגמרי נישט אַריין — נישט פאַרן לייענער, נישט פאַרן קלימאַט. אַז דאָ איז תמוז אַן אייזיקע קעלט — באַקט מען זיך דאָרט אונטער דער הייסער זון. —

עפּעס קלעפּט זיך נישט דאָ. עס קלעפּט זיך בכלל נישט. עס שיפּט זיך לויטן ווינט. נישטאָ קיין רודער.

אָבער פאַר געסט גלאַנצט אַלץ. ביים באַטרעטן דעם אַרגענטינישן באָדן זאָגט דער גאַסט דעם באַקאַנטן פסוק: שלח לחמך על פני המים — עס וועט זיך צוריק־צאָלן... אויף רוסיש קלינגט עס נאַטירלעכער: „פּאָצעלוי טי מעניאַ, פּאַטאָם יאַ טעביאַ, פּאַטאָם טי מעניאַ"... און עס גייט אָוועק אַ סדרה קושעניש, ביז די נודאָטע גייט אַריבער די ברעגעס. אַ פּראָווינציעלע גאַל־קערעניש — פונם לערער (וואָס רופט זיך דאָ „פּראָפעסאָר"), ביזן שרייבער (וואָס טיטולירט זיך „דערציער") — — —

## 12. דער „זאַמבאַל"

האָב זיך נענטער איינגעקוקט אין דער צורה פונם „זאַמבאַל". און דאָס נאָך דעם, ווי זשיטניצקי האָט אַנטפּלעקט אַ סוד: אין ייוו"אָ־ביבליאָטעק געפינט זיך אַ יידיש לידער־ביכל, אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע און דאָרט, אין דעם ביכל, זינגט דער „זאַמבאַל" לידער צו דער גילדענער סטאַלין־זון, צו דער זילבערנער סטאַלין־לבנה און צו די ברילי‌אַנטענע סטאַלין־שטערן...

„מילאָ — טענהט אין רעדאַקציע דער קאָרעקטער דאָקטאָר זשיטניצקי — נישט איינער פון אונז איז געווען געכאַפּט אויף דער סטאַלין־מעשה; זאָל יעדער זיין וואָס ער וויל זיין. אָבער דער־אָ — ערשט געווען אַ ברענענדיקער סטאַליניסט און שוין — אַ פייערדיקער ציוניסט! דערצו זענען נייטיק ספּעציעלע פעאיקייטן".

וויזוט־אויס, אַז ער האָט נישקשה אונטערגעסאַרכנט, דער „זאַמבאַל", ווי זיין

שטייגער, קעגן זשיטניצקין. ער ווייס ווו „אַנצוטאַפּן". ער ווייס, אַז צווישן די צוויי באַלעבאַטים, די צוויי „קיס" — באַטאַשאַנסקי־זשיטניצקי — הערשט נישט קיין שלום־בית; האָט ער געגומען און אַ שטונק געטאָן — לטובת דער ערשטער „קי"... אַזוי לוינט אים בעסער.

האָב איך גענומען און אַריינגעקוקט אין דעם פּרצוף זיינעם, געוואָלט פון דאָרט אַרויסלייענען די כוונות זיינע: האָט ער טאַקע בדעה דאָ לאַנג צו שטונקען? — אַ פּנימל גרויס ווי אַ פויסטל; אייגעלעך פון אונטער דיקע ברילן־גלעזער, אייגע־לעך — שטעכלקעס און אַ גזשיבקעלע פאַרמאַגט ער — אַ האָרנדל. און אין גאַנצן איז ער אַזוי צונויפגעשטעלט: פון אַ בייזן האָן קאָן ער ווערן אַ גלעטנ־דיקער הונט. כהרף עין. עס ווענדט זיך בלויז ווו און ביי וועמען ער שטייט־איין. פאַרוואָס רופן אים זיינע פאַריזער „זאָמבאַל"? איז עס אַ מעשה מיט אַ צאָן. אַן איבעריקער צאָן איז אים געהאַט אַרויסגעוואָקסן פון צווישן די ציין, אַ שפּי־ציקער צאָן, וואָס האָט בולט געצייכנט דאָס גאַנצע געשטאַלט זיינס. איצט האַלט ער דעם בייסיקן צאָן אין קעשענע. ווען ער דאַרף נעמט ער אים אַרויס און שטעלט אים אַריין צווישן די ציין: „בייס!"...

אָט אַזוי טו איך אים זען, דעם פּאָעט־פּובליציסט־פּלאַגיאַטאָר (אַ געוויסע אויס־גאַבע האָט דאָ אַרויסגעבערענגט אַ גאַנץ קאַפּיטל אַ געגנבעטס פאַר זיינס אַ בוך) און אָט אַזוי האָט אים אויך אָפּגעשאַצט אין אַ מאָנטעווידעער צייטונג איינער אַ גאַסט, וואָס האָט אים אומשולדיק פאָרגעשטעלט: אַ פּרצוף — אַן עקדעש...

און גראָד אין אים האָט „דער ישוב" געפינען אַ פּאַסיק געפינס. ממש פון הימל אַראָפּגעפאַלן. ער איז „טעטיק" אומעטום. דער שרייבער־פאַריין איז זיין אידיליע. אין קולטור־קאָנגרעס איז ער פאַרליבט. די מפא"י איז זיין קעבסווייב; איר צייטונג — זיין היים. ער איז מחבר אַ הגדה פאַרן פּאַרטייאישן יאָר־באַנקעט, וואָס רופט זיך „דריטער סדר". ער קעמפט פאַר „דאָ" און ליאַרעמט פאַר „דאָרט". ער לייענט לאַקרעצדיק־גלעטנדיקע רעדעס פאַרן קרן קימת און פאַרן „בונד", פאַר שליחים פון ישראל און פון גלות, שרייבט רעצענזיעס פאַר מיניס־טערישע שרייבערס און שרייבערישע חברים; יעדן טיטולירט ער: ח־ב־ר.
בקיצור: ווו ער דאַרף בייסן — פאַרשטעקט ער דעם שפּיציקן צאָן צווישן די ציין און ווו ער דאַרף נישט — לייגט ער אים אין קעשענע אַריין — דער „זאָמבאַל"...

## 13. עס לאָזט גרוסן — ישראל

דאָס יידישע לעבן דאָ דרייט זיך אַרום דער יידישער מדינה. די קרן קימת־פּושקע — סימבאָל פון יידישער פאָלקס־צוגעהעריקייט. די „אַקטן", וואָס די „אַמיאַ" (קהילה) פירט דורך אין איר זאַל — בפרט אין די זונטיק־פרימאָרגנס,

ווען די קראָמען זענען געשלאָסן — האָבן אויסגעפּילטע פּלעצער. דער אַריינ־גאַנג — אָן אומזיסטער. אָבער נעבן אַריינגאַנג שטייט אַ ייד מיט אַ הילצערנעם קאַסטן און מיט אַ שפּאַלט פון אויבן. דער קאַסטן — אַ קאָפּיע פון דער קרן קימת־פּושקע. דער ייד לאָזט נישט קיינעם דורך. ער קוקט אויף די פינגער, וויפל מען שטופּט אַריין אין שפּאַלט. ער דינגט זיך. ער זידלט: „היתכן? ווי שעמט איר זיך נישט? אין ישראל קעמפט מען אויך פאַר אייך!"... דער ייד איז בפירוש געגרעכט. דערצו איז ער אויך אַ בעל־פּרנסה. אַ היפּשער פּראָצענט פון דער קאַסטן־פּושקע גייט פאַר זיינע בני־בית. זאָל אים זיין צו געזונט.

„דער יישוב" לעבט „מיטן פּנים צו ישראל" און מאַכט אויך אַ לעבן אויפן חשבון פון ישראל. דאָסיזעס. אין די צייטונגען איז צו לייענען „קעפּלעך", וואָס עס איז שווער פון זיי צו וויסן: ווו עס גייט אַ רעגן; ווייל אַ „קעפּל", למשל, זאָגט: „אַ רעגן אין לאַנד"; אָדער „דער מיניסטער איז געפאָרן" — אין וועלכן לאַנד רעגנט און וועלכער מיניסטער איז געפאָרן? ערשט לויט דער שטאָט, פון ווו און וואַנען די ידיעה קומט: ירושלים, תל־אביב, ווערט קלאָר, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ ישראל־רעגן און אַ ישראל־מיניסטער.

טאָ וואָס הערט זיך פּאָרט אין דער יידישער מדינה? בכל נפשי ובכל מאודי לעב איך מיט איר. אַרגענטינע איז פאַר מיר בלויז אַ פּרוזדור, אַ פאָדערהויז, ווי עס שטייט געשריבן אין פּרק. האָב גאָרנישט וואָס צו נעמען פון אַרגענטינע, פון די אַרגענטינער. זייערע מנהגים זענען נישט מיינע. זייער קאַמף — נישט מיינער. איך בין נישט מער ווי אַ ייד, ווען עס באַגלייט דער אַלטיטשקער „אלוקינו ואלקי אֲבותינו"...

על כן: סאַראַ נייעס קומט פון דאָרט, פונם אַלט־היימישן וויגעלע, איבער וועלכן די מאַמע מיינע האָט זיך געפּלעגט שאָקלען און מיך אײַנוויגן מיט אַן ארץ־ישראלדיקן ניגון; און שפּעטער — זיך געשאָקלט אין חדר, אין ישיבה, ביים רבינס טיש, קושנדיק דעם „ותחזינה עינינו בשובך לציון"; אויך גאָר שפּעטער, אין נע ונד, זענען מיינע אויגן געווען געווענדט צו יענער זייט פון די אַשכאַ־באַדער בערג — — — האַ?

אַוודאי לייען איך דאָרטיקע צייטונגען און הער זיך אָן „ווי אַ גלאָמב" פון מיני שליחים און מקובלים און לייען בריוו פון שרייבערס און סתם גוטע יידן, דאָך — מיין איינציקער אינפאָרמירנדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דער מדינה איז געווען און פאָרבליבן — מנחם פלינסקער, אַ שרייבער מיט מאָלערישן טאַלאַנט און מיט דער אויפריכטיקייט פון אויסשרייען דעם אמת.

נו, טו איך אַרויסלייענען פון זיין בריוו פונם 6טן יולי 1953, אַז:

1. ער האָט זיין וועלט נישט געפונען אין דער מדינה, זיין וועלט: „אַ רואיקע סביבה, אַ זיכערע חיונה"; 2. פאַראַן אין דער מדינה טומלערס וועגן יידיש, אָבער

„נישטאָ דאָ קיינער וואָס זאָל צולייגן די מינדסטע האַנט" לטובת יידיש. און נאָך: דאָס שרייען פון די שרייערס איז „אומריין און פיל מיט זייטיקע כוונות" — און אינם בריוו פון 19טן אויגוסט:

3. אין ישראל פאַרנעמען די גראַפאָמאַנען און גראָבע יונגען דעם אויבנאָן. „זיי זענען די טאָן־געבער און דעה־זאָגער"; 4. (איצט אַפּעלירט ער צו מיר:) „זע, אַז דיינע הויט זאָל ווערן אַביסל גרעבער און ווידערשטאַנדפעאיקער אויף אויסערלעכע געשעענישן". פּשוט: „דאַרפסט נישט אַלץ דערזען און דער־הערן!" און לסוף — נומער 5. ער בענקט נאָך מיר. ער וויל מיך זען אויף אַ באַזוך אין זיין ווײַנשטאָקל.

אַז דער סוף איז גוט... נישט געדייגעט: מירן זיך בקרוב זעען. אַזאַ מיין תשובה; אַזוי — מיין מסקנה.

## 14. כואַן־דאָמינגאָ, עוויטאַ, דאָס פאָלק און — יאַנקעלע; גוט פאַר יידן?

אַ היפּש ביסל טעג פאָרן אַרום איבער די בוענאָס איירעסער גאַסן דייטשע „מאַן"־טראָליבוסן. שיינע כלים, מיט וועלכע ער שטעלט זיך באַזונדער פאָר. די מויערן זענען פאַרקלעפּט מיט פאַרביקע פּלאַקאַטן, מיט איבערשריפטן: „פּעראָן קומפּלע!" און אונטן — אַ טראָליבוס ווערט אויסגעלאָדן פון אַ שיף, אַראָפּגעגליטשט אויפן ברעג. הכּלל: פּעראָן איז מקיים אַלע הבטחות; אַלץ טוט ער לטובת דעם פאָלק. אם כּן, וואָלט דאָך דאָס פאָלק געדאַרפט זיין צופרידן און עס איז דאָך בפירוש פאַראַן פון וואָס צו זיין צופרידן?!

נו, פאַרשטיי איך נישט די „בייגונגען" פונם אַרגענטינישן פאָלק. אויבנאויף דאַכט זיך: פּעראָנס אַלע זאָרגן — נאָר דער אַרבעטער. ער האָט איינגעפירט סאָציאַלע געזעצן; וואַקאַציעס, אַ „דרייצנטן חודש"... טאָ וואָס וויל פון אים דאָס פאָלק? — — —

„דאָס פאָלק" האָט אין איינעם אַ טאָג פון די לעצטע טעג צונישט געמאַכט דעם גלאַנץ פונם פּעראָניזם: ווי מיט אַ פינגער־צייכן — זענען אַלע טראָליבוסן גע־בליבן אָדם־נאַקעט. זייער שיינע הלבשה איז געוואָרן אַראָפּגעשינדן. אָן שום מליצה. עס זענען צעשניטן און אַראָפּגעריסן געוואָרן די שיינע לעדער־באַצירונגען פון די אויסגעבעטע שטולן; אויך אויפגעשניטן געוואָרן די ווייכע זיצפּלעצער...

ווער האָט דאָס דורכגעפירט די „אָפּעראַציע" אין מיטן העלן טאָג? מען שמועסט — די ראַדיקאַלן; זיי גרייטן זיך צו גרעסערע אויפטוען. נאָר געדולד. יאָ, עס רודערט זיך. „די גאַס" באַוועגט זיך צו עפּעס. אין גאַס לאָזט זיך שטאַרק פילן די אָפּאָזיציע צום איצטיקן רעזשים.

אָט, למשל, אַזאַ קלייניקייט: טראַמוויי־שינעס. אויף דער גאַנצער וועלט, אַז דער

טראַמוויי וואַקלט זיך, פֿאַרריכט מען וואָס מען דאַרף פֿאַרריכטן און — דער טראַמוויי איז ווידער צום רשות פֿונם בירגער.

נישט אַזוי אין בוענאָס איירעס. דאָ, אַז די רעלסן זענען געוואָרן „ווייך" און די „טראַנוויאַס" האָבן איינגעשלעפּערט די פּאַסאַזשירן דורך זייער וויגן זיך, האָט מען אויסגעגראָבן לעכער אונטער די שינעס און געלאָזט די לעכער אָפֿן — נישט „אויסגעבעט" מיט שטיינדלעך און צעמענט און אַנדערע זאַכן, וואָס זאָלן מאַכן, אַז די וואַגאָנעס זאָלן זיך נישט טרייסלען. גאַרנישט. שוין וואָכן אַזוי. מענטשן זאַטשעפּען די פֿיס אין די לעכער, פֿאַלן, ווערן געניזוקט. דאָס איז אַן אָפֿענער סאַבאָטאַזש. און סאַבאָטאַזש איז בפֿירוש אויך דאָס, וואָס יעדן צווייטן טאָג — אַן אַלגעמיינער שטרייק. סתם אַזוי. מען שטרייקט. אַלץ געשלאָסן. אַן אַלגעמיינער יום טוב — שטענדיקער יום טוב.

און נאָך עפּעס, וואָס שמעקט שוין מיט מידת־הדין. ז י, עס הייסט: די באַליבטע עוויטאַ, איז סכנותדיק קראַנק. זי דאַרף מנוחה. אַזוינע מעלדונגען הענגען אַרום די גאַסן, נאָנטע פֿון איר קראַנקנבעט, שילדלעך, וואָס בעטן שאָפֿערן — נישט צו פּייפֿן; נישט צו שטערן די מנוחה דאָ, בלויז דאָ... האָט עס נישט קיין פּעולה. אַדרבא. דווקא דאָ פּייפֿן זיי; דווקא דאָ קומען פּאָר צוזאַמענשטויסן; דווקא דאָ טרעפֿט — הער אַן איינפֿאַל — אַז אין אַ מאַשין איז קאַליע געוואָרן דער שופֿר און ער הערט נישט אויף צו פּייפֿן. מכלומרשט זוכט דער שאָפֿער דעם פֿעלער אינם שופֿר, אָבער צו להכעיס — שוין אַ שעה צוויי מסתמא הערט עס נישט אויף צו פּייפֿן פֿון דער מאַשין אַרויס...

און דער קהילה־רב — אויך אַזאַ איז פֿאַראַן: אַ הויכער, אַ שטאַלטנער מיט אַ הויכן, שוואַרצן, ברייטן קאַפּעלאַטש, מיט אַ שוואַרץ־געפּוצט בערדל; איז ער אַנומלט געווען ביים בעט פֿון דער קראַנקער עוויטאַ. ער האָט דאָרט געזאָגט — אַזוי זאָגט מען — תהלים און זי געקושט אויף דער בלאַסער, אויסגעאיידלטער און אויסגעצערטער האַנט. ער האָט איר געווונטשן אַ רפֿואה שלימה אין נאָמען פֿון יידישן פֿאָלק אין אַרגענטינע (און מסתמא אויך פֿון דער גאָרער וועלט). דערמאָן איך זיך: אויף איינעם אַן „אַקט". דער רב האָט געהאַלטן אַ דרשה „צו מיינע ליבע יידן". זענען בייגעווען צוויי מונדירטע וויזישילאַנטן (פּאָליציי־לייט) — מיט „פֿולער באַוואָפֿענונג". זיי זענען זיכער נישט געקומען הערן דעם רבס דרשה אויף יידיש. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע „באַשטעלונג" דעם רבס. ווייל קיינער האָט נישט די זכיה צו אַזאַ שמירה. דער רב! פֿאַראַן צווישן יידישן עולם היצקעפּ. האָט מען אים געהאַט געוואָרנט — מיט אַ „משכנתא" — אויב ער וועט נישט אויפֿהערן צו נודיען מיט זיינע פּאַטריאָטישע דרשות...

נו, נאָך אַ סימן, אַז עס טו׳צעך.

יאָ, עס טו׳צעך.

און עס האָט נישט געהאָלפן. די שיינע עוויטאַ איז אַוועק אין דער אייביקייט. האָט זיך אויסגעגאָסן אַ טרויער איבערן גאַנצן לאַנד. איר בילד איז פאַרמירט געוואָרן ווי דאָס הייליקע בילד פון דער „מאַטקע באָסקע״: הענגט אין קראָמען און אין עפנטלעכע ערטער אונטער איקאָנעס. יאָ, אַ הייליקע איז זי געוואָרן. איצט טוט זי באמת אויסקוקן שיין און — געטלעך...

און טויזנטער, צענער טויזנטער, הונדערטער טויזנטער זענען געזעסן אויף טראָטואַרן אַ פּעליקע נאַכט אונטער אַ קאַלטן הימל. אונטער פאַרטרויערטע, קאַפּנדיק־וויינענדיקע וואָלקנס, געזעסן די לענג פון אַ צען קילאָמעטער, געוואַרט ביז מ׳וועט פאַרטאָג עפענען די קאַטאַקאָמבע, לאָזן פאַרבייגיין דעם פאָלק — אַ לעצטן געזעגענונג־בליק וואַרפן אויף דער אויסדערוויילטער פון פאָלק.

און „דאָס גאַנצע פאָלק״ האָט זי באַגלייט צו דער אייביקער, אויסער־ערדישער רו. הייליק... הייליק... — האָבן זיך געהערט קולות פון אַלץ און פון אומעטום.

בלויז דער קלויסטער האָט זי נישט געוואָלט פאַרהייליקן. זיי, די גלחים, האָבן באַהאַלטן די צלמים, פאַרשטעקט די תהלימלעך. סייווי — „באַהאַלטן״ האָט מען זי. אויס!

אויך איר טויט האָט געגעבן דעם צייכן, אַז — עפּעס טוט זיך, עפּעס גרייט זיך... אַלע האָבן דאָס געפילט —

אויך יידן.

בלויז איין ייד האָט עס נישט געפילט, נישט געוואָלט פילן. —

דער זייער סימפּאַטישער יאַנקעלע גיבאַלעס. דאָס האָט ער זיך פאַרנומען — צו פאַראייביקן אי ר אָנדענק. אַן איינפאַל: אין איינעם אַ פרימאָרגן — אַ נאָטיץ אין „די פּרעסע״, וואָס זאָגט־אָן די גוטע בשורה אירע לייענערס, אַז בקרוב וועט דערשיינען אין יידישער איבערזעצונג (דורך יאַנקעלעס זון) דאָס „ווערק״ פון עוואַ פּעראָן — „מיין לעבן״...

אַ כיטרער טאַטע. ער פאַרשטעקט זיך אונטערן זונס מאַנטל... געלט... געלט... ער האָט פלוצים דערפילט דעם ריח פון געלט. וועלכער ייד וועט זיך דערוועגן אָפּצוזאָגן פון צו קויפן דער פאַרהייליקטערס „שאַפונג״? — — —

בכלל, איז אָנגענומען, אַז „דער ישוב״ איז נייטראַל צו אַלץ וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. דאָס איז אַן ענין פאַר פאַרטייען און פאַר „קאַודידזשאָס״ — די זעלבסט־הערשערס, וואָס הייגט וואַרפט דער יענעם אַראָפּ און מאָרגן — ווי אין חד גדיא שטייט געשריבן. און בפרט דאָ, אַז די הימלען זאָגן עדות (דאָס באָמבאַרדירן אייניקע מאָל די „קאַסאַ ראָסאַדאַ״ און די פּלעצער אַרום פּרעזידענטס פּאַלאַץ): פּעראָן האָט קעגן זיך אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע, וואָס גרייט זיך אויף אַ גרויסן טאָג...

טאָ וואָס איז יאַנקעלע פּלוצים אַרויס מיט זיין פאַרהייליקן (מטמא־זיין די יידישע אותיות!) — די היסטערישע סעניאַראַ?

ווי דערמאָנט: ער האָט דערפילט דעם טעם פון געלט. מהאי טעמאַ — שרייבט ער פאַרוועריטער צו „ווערק" פון פסיכאָפּאַטישע פּאַטעסעס; ער שרייבט ביכער אויף פרעמדע נעמען...

מיט איינעם אַזאַ בוך טוט זיך טומלען, אַ בוך פון איינעם אַ פּאָטאָגראַף... — אַ בוך אויסגעפּילט מיט פאָטאָס פון דער גאַנצער פעראָן־דינאַסטיע...

נייך. נישט איך האָב בדעה צו דעמאָנסטרירן קעגן איצטיקן רעזשים. נישט מיין עסק. אָבער טשעקאָווע צו וויסן, הלמאי אַ יידישער שרייבער־מנהיג, אַ „וואָרט־זאָגער פון ישוב" — איז דווקא פ אַ ר אים. עפּעס ליגט דאָך מסתמאָ דערין... און דעם „ליגנדיקן עפּעס" אויסגעפונען בעת מיין פאַרטרעטן די נאַכט־רעדאַקציע פון אַ פרעסע־נומער. נאָכן דורכקוקן די קאָרעגירטע מאַנוסקריפּטן — זיך אָנגעשטויסן אויף פאָלגנדיקער נאָטיץ — מיט אַ באַגלייט־בריוועלע פון טשעקאָוון אינהאַלט:

> חברים, דרוקן אומבאַדינגט מאָרגן, אָן קיין שום נומער אָדער שטערנדל. און אויב מען וועט דאַרפן באַצאָלן וועל איך דאָס דערליידיקן, ווען איך וועל צוריקקומען פון אורלויב דעם 18טן.

און אָט, וואָס ער הייסט „אומבאַדינגט דרוקן":

> פּרעזידענט פון אַרגענטינע, גענעראַל פעראָן, באַגריסט און באַדאַנקט (דאָ קומט דער נאָמען פונם פּאָטאָגראַף)...

ערשט דער טעקסט:

> דער באַוווסטער יידישער כלל־טוער, רעליעף פאָטאָגראַף און לעצטנס אויך שרייבער..., וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג מיט זיין בוך „איך בין געפאָרן קיין ישראל", האָט צוגעשיקט דעם פּרעזידענט פון לאַנד, גענעראַל כואַן פעראָן אַ בילד פון זיין (פּרעזידענטס) נישט לאַנג־פאַרשטאָרבענער מוטער און דאָס דערמאָנטע בוך. דער פּרעזידענט האָט צוגעשיקט... אַ בריוו וועלכן מיר געבן דאָ אין אָריגינאַל. ווי די לייענער זעען, איז דער בריוו אונטערגעשריבן פערזענלעך פון דעם פּרעזידענט, וועלכער באַשטעטיקט דאָס באַקומען פון בילד און פון בוך און ער דאַנקט דעם מחבר און ער דריקט אויס זיין צופרידנקייט און דאַנקבאַרקייט און ער ענדיקט מיט אַן אינטימען אַרומנעם (אַבראַסאָ), וואָס איז אַן אויסדרוק פון עכט־קריאָזשישער און טאַקע פעראָנישער אינטימיטעט. אַרויסווייזן אַ מחבר פון אַ יידיש בוך אַזאַ וואַרעמקייט, איז קיינמאָל און אין ערגעץ נישט געווען קיין אָפּטע דערשיינונג. פ׳.... האָט באַקומען אַ סך באַגריסונגען פאַר דער באַגריסונג, וואָס ער האָט באַקומען פון פּרעזידענט.

דאָס בוך — אויסגעפּילט מיט בילדער פון פעראָנען און זיין משפחה; אַ מין למנצח מזמור לכואַן דאָמינגאָ פון אַ ייד, וואָס זוכט רעקלאַמע און צונויפגעשטעלט

פון אַ שרייבער, וואָס זיין גאַנצער „איך" האַלט זיך אויף פּערזענלעכן נוצן. און קיין גרעסערן נוצן קאָן ער נישט האָבן — ווי צונויפּצושטעלן אַזאַ־אַ פּאַטאַ־בוך. און דערפאַר טאַקע איז ער גרייט צו באַצאָלן פאַר אַ נאָטיץ אין זיין צייטונג — טאָמער חלילה וועט אימעצער פון קאָאָפּעראַטיוו זיך קעגנשטעלן דעם יוצא דופן — — —

## 15. שמערקע!

פסח־טעג 1954. ווינטן. רעגנס. קאַלט. אַריינפאַר אינם אַרגענטינישן ווינטער. עס איז נישט פּסחדיק. ווער עס פּראַוועט און ווער נישט — דעם סדר. אין אַ פּע־לעטאָן באַדויערט, הלמאַי אינם פּאַלקסטימלעכן בוענאָס איירעס פילט זיך נישט דער יומטובדיקער אַריינמאַרש פונם שיינעם פּסח. עס הערט זיך נישט קיין שייערן, קיין כשרן; טאָ וווּ־זשע איז די ירושה פון דער אַלטער היים, וואָס היגע יידן פאַרלאַנגען פאַר זיך? — אַזוי, בערך, געפרעגט. האָט זיך אָפּגערופן אַ ייד, וואָס האָט אין מיר אַריינגעטענהט בזה הלשון:

„מיר זענען טאַקע פאָלקסטימלעך. וואָס־שייך אונזער שטייגער, איז די מעשה אַזאַ: אין דער אַלטער היים איז ערב פּסח געווען ערב־זומער; האָט מען צע־פּראַלט די פענצטערס, אויסגעווייסט די שטיבלעך, געשייערט און גערייניקט, אַרויסגערייניקט דעם ווינטער; בעת דאָ איז ערב־פּסח ערב־ווינטער... נו, איצט פאַרשטייט איר שוין, אַז לכבוד ווינטער איז נישט שייך צו שייערן, צו ווייסן, צו רייניקן און צעפּראַלן טיר און פענצטער?"

יאָ, איצט פאַרשטיי איך. אויך פאַרשטיי איך, הלמאַי היגע יידן גרייטן זיך מיט אַזויפיל התלהבות צום „דריטן סדר". פּשוט: עס איז קאַלטלעך און מ'איז פויל צו פּראַוועט די ערשטע צוויי היימישלעכע סדרים; מהאַי טעמאָ גרייט מען זיך צום גרייטן: באַצאָלן פאַר אַ טישל און הנאה־האָבן — אי פון סדר, אי פון געסדרטן באַנקעט, אי יוצא־זיין פאַר דער פּאַרטיי. יאָ, אַ פּאַרטייאישער איין־מאָל־איך־יאָר־סדר־באַנקעט: זמירות, דרשות, פיש און „פּאַזשאַ". אַלע, אַלע פּאַרטייען, לאַנדסמאַנשאַפטן, שולעס און שולן — אַלע פּראַוועט זיי דעם „דריטן סדר" ביד רחבה: יעדע מיט איר „הגדה", מיט איר נוסח, מיט איר פּאַרטייטשן און אויס־טייטשן דעם ענין — פרייהייט. אייגנאַרטיקער נוסח־אַרגענטינע מיט אַביסל טראַדיציע, אַביסל מאָדערניזאַציע. יומטוב אין שטעטל.

און צום דאָזיקן יומטוב טוט ספּעציעל ביישטייערן מיט געזאַנג, הומאָר, הגדה — שמערקע קאַטשערגינסקי. ווי נאָר עס נעמט זיך פילן די „דריטע סדר"־לופט איז שוין צו זען שמערקען אַ זוכנדיקן, אַ גישטערנדיקן צווישן אַלטע ספרימלעך אַזוינע, צווישן אַלטע און נייע הגדות. ער גרייט „אַ פּראָגראַם".

ספּעציעל גרייט ער זיך צום היינטיקן „דריטן סדר". ער קאָן זיך נישט לאָזן

„צערייסן"; אָבער אַז מענדאָסאָ וויל אים האָבן דאָרט, צום דאָרטיקן פּראַווועכץ, קאָן ער נישט אָפּזאָגן; ער וועט אָבער זיין אי דאָ אי דאָרט. ער וועט נישט איבערלאָזן דעם צענטראַלן „סדר" אין בוענאָס אירעס. ער וועט עס שוין מאַכן... גיי ווייס. אויך איך האָב געזוכט צו פּטרן אַ קאַלטן אָונט צווישן וואַרעמע ווענט. אַ פריילעכער עולם — בדחנים, דרשנים און סתם פריילעכע אַקטיאָרן מאַכן פריילעך דעם עולם. קינדער פרעגן קשיות; טאַטע־מאַמעס קנאַקן מיט טעלער־מכשירים, פּאַטשן מיט ליפּן. פריילעך. לוסטיק... אויס! אָפּגעגעסן, זיך אָריינ־געזעצט אין די קאַטשן — מקיים געווען די מצוה פון ארבע כוסות. וואָס נאָך? מען האָט נישט געפּילט, אַז עפּעס האָט געפעלט — נישט געווען שמערקע ביים „סדר". ס'הייסט, ער איז יאָ געווען — אין מענדאָסאָ. ער האָט נישט אויס־פּייעט צו קומען אַהער. ער האָט יאָ געוואָלט קומען. זיין חשבון איז געווען... ער וועט אַ פלי־טאָן און דערפליען פּונקט צום סאַמע מיט פונם „סדר"...

ער איז נישט דערפלויגן, שמערקע.

דער זינגענדיקער פויגל האָט אויפן וועג פאַרלוירן די פליגל. ער איז אַראָפּגעג־פאַלן. — — — דעם 23טן אַפּריל 1954 האָט שמערקע פאַרענדיקט ערגעץ, אויף אַ מיטן וועג, צווישן ברוך־שטיקער פון אַן עראָפּלאַן — — —

שמערקע!

## 16. „טאַטנס קינדער" הינטער מאָזעסוויל

מאָזעסוויל — ירושלים ד'אַרגנטינה. אין מאָזעסוויל איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע און פונם ישוב בכלל. אַזוי שמועסט מען און אַזוי שרייבט מען.

איצט גרייט איך זיך צו פאָרן אַהין. נאָך מיין באַקענען זיך מיט די פאַרבליבענע יידישע „גאַוטשאָס" אין ענטרע־ריאָס, וועט דאָס בילד איצט זיין גאַנץ: מאָזעס־וויל און באַסאַווילבאַסאָ — די צוויי צענטערס פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

פאַראַן הינטער מאָזעסוויל אַ הכשרה־פּונקט. בחורים און מיידלעך גרייטן זיך דאָרט צו „עליה". איינער פון זייערע עסקנים פאָרט אַהין אויף אַ „פיעסטאַ", וויל ער — אויך איך זאָל הנאה האָבן.

איבערן וועג גיט מיר דער ייד צו פאַרשטיין: אַזאַ יוגנט, נאָר אַזאַ און נישט קיין אַנדערע, איז די זיכערע צוקונפט פון פאָלק. דאָ זיך דערמאָנט אָן אַן ענלעכער נסיעה און ענלעכן שמועס מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק — פון וואַרשע צו דער הינטערשטאָטישער גראָכאָוו־קאָלאָניע. אָ, ווי פריילעך דעמלט איז געווען! גראָכאָוו — דאָס וווּנדער־קינד פון די הכשרה־פּונקטן אין דעמלטיקן יידישן פוילן.

פאַרנאַכט — אָנגעקומען קיין מאָזעסוויל. אַ ברייטער מאַרק־פּלאַץ. אַ גאָרטן.

אונזער „סולקע״ שטעלט זיך אָפּ נעבן דער „קדימה״, אַ היכל פון יידישער קולטור; אַ יידישע מוסטער־ביבליאָטעק. דער ייִד וויל מיר ווייזן וואָס מאָזעסוויל איז אַזוינס. אָבער גראָד ער איז געבליבן אַנטוישט. אויבן, אין דער ביבליאָטעק — קאַלט און ליידיק. דער ביבליאָטעקאַר פאַרענטפערט זיך: די יוגנט געפינט זיך אויפן „פונקט״. דאָרט איז פריילעך. דאָ — קויטיק און קאַלעמוטנע. נו, יאָ, אַ בלאָ־טיקער דרויסן. איך וועל נאָך באַוויזן צו באַזוכן די „קדימה״, אויך דעם לערער־סעמינאַר דאָ — דאָס שיינדעלע פונם יידישן אַרגענטינע.

אַ בלאָטיקער וועג פירט צום „פונקט״. חודש יוני. די ערד — צעקנאָטן פון פערדישע קאָפּיטעס און הויכע סולקע־רעדער, וואָס פירן פריילעך־זינגענדיקע, פאַרהאָוועטע הכשרהניקעס אויפן צעקנאָדערטן סטעפּ — פון „פונקט״ צו דער שטאָט און צוריק — „טאַטנס קינדער״. אַ צוויי מנינים. אַלע אַרבעטן. פאַראַן אַ שטיק פעלד. באַלעבאַטישקייט. מיר שמועסן זיך צונויף. אַביסל „קאַסטעזשאַנאָ״, אַביסל יידיש און די רעשט — יידישלעך: מיט די הענט. זיי ווילן כ׳זאָל זיי דערציילן וועגן די „פּוילישע חלוצים״.

אַ צעהעלטע נאַכט. די לבנה האָט געעפנט אַ שפּאַרונקע צווישן די שווערע וואָלקנס. זי קוקט אָפּער מיט גרויס נייגער: אָט, אַ „פונקט״, וואָס כדאי אויף אים צו וואַרפן אַ העלן ליכט־שיין. איך שטיי אויפן הויף, אַרומגערינגלט מיט טשעקאַווע צוהע־רערס. כדי זיי זאָלן בעסער פאַרשטיין מיין שווערע עברי, איז פאַראַן אַ בחור אַן איבערזעצער, וואָס גיט־צו צו מיינע רייד אַ נופך משלו, אַ מין עברי־טייטש צו מיינע שילדערונגען.

ווי שטייט דאָרט געשריבן: „מיטן שוויס פון דיין פּנים״... אַזוי לעבן זיי דאָ, גרייטן זיי זיך דאָ — מיט שווערער האָרעוואַניע פון זון־אויפגאַנג ביז לבנה־אויפקום. אַ שאָד, וואָס כ׳קען זיך מיט זיי נישט געהעריק צונויפרעדן, זיך פרעגן הלמאַי זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס באַקוועמע און גענומען אויף זיך אַזאַ שווערן עול. סייווי — דער ענטפער איז קלאָר: פון זייערע אויגן שיינט אַרויס אידעאַליזם פון יידישער יוגנט — קליין אין צאָל אָבער גרויס אין התלהבות — פאַר אַ ציל, וואָס נאָר דורך אַרבעט קאָן מען גרייכן צו אים.

נו, געוווען אויפן „פונקט״. זיך אָנגעזעגן „אַ וועלט״.

צוריק — אין מאָזעסוויל. אַ טאָג ביז באַן־אָפּפאָר. אַוועק אין לערער־סעמינאַר. דאָרט געטראָפן תלמידים פון ערשטן קלאַסן נאָרמאַל־שול. דער מנהל האָט אויפגעקלערט:

„טאַטעס ווילן האָבן דעם כבוד, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען אין סעמינאַר, נאָך איידער זיי האָבן געענדיקט די נאָרמאַל־שול. נישטאָ קיין עצה. האָבן מיר געשאַפן צווישן די וועגט פון לערער־סעמינאַר אויך אַזאַ קלאַס״...

אויך אין ביבליאָטעק — ווי געוווען: קאַלט און ליידיק. דער ביבליאָטעקאַר

זיצט נאָך אויף זיין פּלאַץ, ווי אים געלאָזט ביים אָנקומען. נישטאָ קיין לייענערס, קיין ביכער־טוישערס.

איינער אַ ייד, וואָס אים „אַ כאַפּ געטאָן" אויפן מאַרק, האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט מיר אין אַ שמועס. ער האָט אויפגעוויקלט דאָס גאַנצע און באַקאַנטע קאַלאַניעס־קאַפּיטל און געקומען צום אויספיר:

„אין מאָזעסוויל וועט בלייבן דער נאָמען, דער יידישער נאָמען פון דער שטאָט; קיין יידן וועלן דאָ נישט זיין. מען צעלויפט זיך!".

אויף אַ באַנק זיצט אַ קליין יינגעלע. איך „פּראָוואָציר" אים מיט מיין יידיש. פרעג אים וועגן וואָס ער טראַכט איצט.

„איצט? — האָט דאָס יינגעלע זיך נישט דערשראָקן און טאַקע אין יידיש — איך טראַכט איצט, ווען כ'וועל שוין קאָנען ווערן אויפגענומען אויפן הכשרה־פּונקט. איך וויל פאָרן קיין „ארץ". דאָ איז בלאָטיק און טרויעריק!"

פינקטלעך פאַרצייכנט: „בלאָטיק און טרויעריק".

איבערן וועג צוריק האָבן מיך באַגלייט: דעם יינגעלעס בענקען קיין „ארץ" און דאָס געזאַנג פון „טאַטנס קינדער" אויפן „פּונקט" הינטער מאָזעסוויל, וואָס מער ווי דער יידישער נאָמען וועט פון דער שטאָט נישט בלייבן — — —

## 17. די „טראַיקע"

מיין מיטאַרבעט אין „די פּרעסע" ווערט שווערער. דער „זאַמבאַל" האָט דער־פילט, וואָס אַזוינס עס דאַרף דער פּאַטראָן זיינער; דערלאַנגט ער עס אים מיט דער פולער מאָס: חניפה און אינטריגע. דערפאַר דרוקט ער אין בלאַט יעדע וואָך אַ פלוידעריי־פּלאַכטע. ער וויל דווקא ווערן אַן „אינעווייניקסטער". אויפן דרך הישר וועט ער עס נישט גרייכן. ער וועט אַריין דורך אַ הינטערטיר. און אַז ער וועט אַריין — וועל איך מוזן אַרויס. צוזאַמען מיט אים זיצן אונטער איין דאַך — דאַרף מען זיין אַ שלאַנג...

ער אינטריגירט צווישן די ווענט און אַרום די ווענט. ער ווייס, אַז ווענט האָבן אויערן. נו, וועט זיך שוין עפּעס צוקלעפּן. ער פאַרמאָגט דאָס לשון פון אַ מאַרק־יידענע. — די גערעכטיקייט איז שטענדיק מיט איר...

און יאַנקעלע גיבאַלעס איז געוועזן און פאַרבליבן מיין ערשטער און איבערגע־געבנסטער לייענער. ער לייענט מיך צווישן די געדרוקטע שורות און ער „זוכט" מיך צווישן די בלייענע שורות. יאָ, יעדן אָוונט זע איך אים אַריינלויפן אין זעצעריי. דאָרט זוכט ער אויס מיינע „שפּאַלטן"...

מיט צוויי טעג צוריק — געפונען אויפן טיש זיינס אַ צעטעלע:

ח' טשעמני, כ'האָב באַמערקט אייער אַרטיקל וועגן טעאַטער אין זאַץ. איר מאַכט אַ גרויסן טעות: נישט ל. (...) און שוין אוודאי נישט ה. (...)

זענען געווען גרונטשטיין־לייגער פון יידישן טעאַטער אין אַרגענטינע. ה. (...) האָט קיין שום גרונט נישט געלייגט. ל. (...) האָט צוגעהאָלפן, אָבער שפּעטער! גרונטשטיין־לייגער פון בעסערן טעאַטער אין אַרגענטינע זענען געווען מישאַ שוואַרץ ע"ה, לעאָ האַלפּערן און מיין ווייניקייט. בעסטע גרוסן, אייער י. באָטאָשאַנסקי.

כאָטש גוט, וואָס ער לאָזט מיך גרוסן. מילא. געמאַכט אַ טעות. וואָלט איך דער־ציילט ביים אָנהייב. אַז ע ר האָט געלייגט דעם גרונשטיין, וואָלט מסתמא אַלץ געווען כשורה. סיווי — ער „זוכט" מיך...

ער „פּאַקט" מיך ווו עס לאָזט זיך. אַ שטייגער: אין האַיאָריקן יאָרבוך פון דער קהילה האָט ער דעם שרייבעריש־קריטישן טייל. דאָרט, ווי זיין שטייגער, פאַר־נעמט ער דאָס בית־דין־שטיבל — ער פּסקנט: ווער יאָ, ווער נישט — „איך" זאָג אַזוי; זיין „איך" איבער אַלץ און אַלעמען.

און דאָ האָט ער מיך „אונטערגעפּאַקט". ער דערציילט אין זיין „אָפּשאַצונג", אַז מיין שרייבן האָט אין זיך עפּעס פון פאָטאָגראַפיע — אַ פאָטאָגראַף... (כאָטש גוט: נישט פעראַנס פאָטאָגראַף...)

נו, האָב איך תיכף צומאָרגנס זיך אונטערגעאיילט און דערלאַנגט צום דרוק אַ פעלעטאָנטשיק וועגן איינעם אַ שרייבער־פּליט, וואָס איז אַהערגעקומען מיט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און וואָס האָט ראשית אָפּגעפאָטאָגראַפירט דעם אָפּי־ציעלן און איינציקן ליטעראַטור־קריטיקער — — — נו, נו. האָט ער דערנאָך געקאָכט און געזידט און געזידלט אַ קיילעכיקן מעת־לעת. קוים זיך דערוואַרט אויפן קהילה־באַנקעט לכבוד דעם יאָרבוך. דאָרט האָט ער דערלאַנגט אַ דרשה... געמאַכט דעם חשבון מיטן פאָטאָגראַף... קיין גרעסערן שונא פאַרמאָגט ער נישט. עולם האָט געלאַכט „אין די פויסטן", אָבער ער — ער האָט געהאַט די סאַטיספאַקציע. אַזוי איצט, אַזוי פריער, אַזוי שטענדיק.

יאָ, אָט אַזוי. איך דאַרף רחמים. דאַרף זיך גרייטן — צום אָפּטרעטן. ער איז שטאַרקער פון מיר. ער איז באַלעבאָס. ער...

און ווידער איז מיר געקומען צו־חלום דער פּאָליציי־שפּיצעל, איזראַעליט. נישט קיין חלום אין שלאָף. איך זע אים אין דער וואָר און זע, אַז — ער „זוכט" מיך. יאַנקעלע האָט מיט אים „גאָר ליבלעכע" צוזאַמענטרעפן. מען זעט זיי עפּטער. און לרוב, נאָך אַזאַ „זעעכץ", וואָס קומט־פאָר ביים אַריינגאַנג אין „די פּרעסע"־בודע, זוכט מיך אויף דער מסור מיט דער חזירישער מאָרדע; ער קוקט מיך אָן מיט זיינע טריפנדיק־עיפּושדיקע חזיר־אייגעלעך, קוקט... אָט דער מסור האָט שוין נישט איינעם געשלעפּט איבער דער גאַס אין פּאָליציי, דערפאַר וואָס יענער האָט אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון זיין עיפּושדיקער צורה.

שטיי איך ביים לאַנגן אַדמיניסטראַציע־טיש. מיטאָג־צייט. דאָס חזיר־נפש גייט

אַרויס פון בית־הכסא. מיך דערזען, האָט זיין פּרצוף זיך אָנגעגאָסן מיט רציחה. ער האָט צעוואָרפן די מאָרדעס:

„דו ביזט אַ קאָמוניסט! מיר האָבן געגוג אייגענע קאָמוניסטן! די ביזט אַהער־געקומען מאַכן אָרדענונג? איך וועל דיר וויזן דיין וועג!״ — — —

אַלע האָבן געשוויגן. אויך איך האָב געשוויגן. ער איז דאָך דערויף אַ מסור, כדי אויסצוטראַכטן בלבולים; כדי צו דינען זיין באַלעבאָס. גוט, וואָס ער האָט אַרויסגעשלעפּט זיין עיפּושדיקן בונט פליישׁ אויף דער גאַס. עס האָט זיך מיר זייער געוואָלט אים אַ שליידער טאָן אַ שווערע זאַך אין פּרצוף. דער שרץ איז אַוועק, אָבער איך בין געבליבן — איך וועל זיך נאָך דאַרפן צונויפטרעפן מיט זיינע לייט דאָ...

## 18. אַ ביסל בייסיקייט וועגן: משה העס, מאָצאַרט און סתם־אַזוי

אייניקע כראָניק־פאַרצייכענונגען — נישט לויט קיין סדר. זיי האָבן זיך איינגע־קריצט אין זכרון. זיי האָבן פאַרדינט צו ווערן „פּאַראַייביקט״:

1. — געקומען פון ישראל ווערא ווייצמאַן, כדי צו עפענען דאָ דעם פּאַראַיי־ניקטן יאָר־קאַמפּיין. דער שטאָטישער סטאַדיאָן — אויסגעפילט. יודעי־חן האָבן געשאַצט: פערציק טויזנט. מען איז געקומען זען און הערן די פרוי פונם ערשטן ישראל־פּרעזידענט.

אָבער מען האָט נישט געהערט.

זי האָט אָנגעהויבן איר רעדע אין ... ענגליש. שייך צו זאָגן — אַן אויפּברויז! אַ קאָלעקטיוו געפּאַטש און געשריי. אַמשטאַרקסטן געשריגן האָט די יוגנט. פיל הונדערטער פון זיי האָבן זיך געדראַפּעט אויף סלופּעס און ווענט כדי צו הערן... איז דען מעגלעך, אַז אַ מיניסטער פון למשל, ענגלאַנד, זאָל קומען קיין אַרגענ־טינע און האַלטן דאָ אַ רעדע אויף... פראַנצויזיש?

„עברית! יידיש!״ — האָבן זיך געריסן קולות פון די יוגנט־רייען.

יאָ. אויך אַ פּרעזידענטס ווייב מעג פאַרמאָגן אַ קאַפּיטשקע שכל.

2. — בערל גרינבערג האָט באַקומען די האָפּער־פּרעמיע. האָט מען געמאַכט אַ פייערונג לכבודו. ער האָט געשיינט, געוועזן גליקלעך. אין זיין רעדע האָט ער געדאַנקט פאַר געבן אים דאָס ביסל מזומן:

„עס וועט מיר שטאַרק צונוצקומען; איך האָב אויף זיך זייער אַ סך חובות״... מען האָט געוואָלט הערן פון אים אַ דאַנק פאַר אָפּשאַצן זיין טאַלאַנט. ער האָט אָבער פון דער פּרעמיע געמאַכט אַ... נדבה. און אַ נדבה האָט דאָך רעכט צו קריגן יעדער בכבודיקער ייד. אם כן, מה הועילו חכמים מיט די פּרעמיעס זייערע?

איך האָב נישט געהאַט קיין טענות צו בערלען. ער האָט דאָס געזאָגט אויפריכטיק און ערלעך. און אַזוי קוקט עס דאָך אויס.

3. — סוף שוליאַר. שוין באַזוכט די גרעסטע צאָל שולעס. רעדעס און קינדער־פאַרשטעלונגען. אַרום — ווייסע ליכטיקייט. אין איינער אַזאַ שולע האָט דער דירעקטאָר פאָרגעשטעלט צוזאַמען מיט די קינדער. ער האָט געטאַנצט אויף דער סצענע, רעזשיסירט און דיריגירט און געפירט מיט די קינדער־אַרטיסטן, וואָס ער איז געווען איינער פון זיי. ער האָט זיך גרימירט, איינגעריסט דאָס פּנים און געמאַכט די באַזוכערס צום לאַכן. מען האָט געלאַכט פון אים, פונם שול־דירעקטאָר —

אַ צעדרייטער...

ער האָט זיך פאַרענטפערט:

„איך האָב אָנגעשריבן דעם סצענאַריוש און די הויפּטראָלע נישט געהאַט וועמען צו געבן. האָב איך זי זיך גענומען. איך האָב ליב די קינדער און האָב ליב טעאַטער —

באמת: אַ צעדרייטער?...

4. — ישראל אַשענדאָרף איז אַריינגעטראָטן קיין בוענאָס איירעס מיטביידע פיס אויפאַמאָל. ער איז געקומען דער לעצטער פון די „פּאַריזער". האָבן זיך זיינע גאַליציאַנער קוים דערוואַרט און — אים אויפגענומען ביד רחבה. האָט זיך פונקט געמאַכט, אַז אין „די אידישע צייטונג" האָט זיך באַפרייט דאָס רעדאַקטאָר־בענקל. נו — פּאַסיק פאַר אַשענדאָרפן. ער וועט רעדאַגירן און וועט שרייבן לייטאַרטיקלען. אויף אים מעג מען זיך פאַרלאָזן. האָט ער געשריבן לייטאַרטיקלען־עסייען. שווער געווען צו צעקייען. האָט ער, ביים מיטאָג־קייען — אין אַ פּענסיאָן וווּ אויך איך האָב געגעסן מיטאָגן — צעקייט יעדן טאָג פאַר די פּענסיאָנערן זיינע לייטאַרטיקלען. קיינער האָט נישט געוואָלט הערן, אָבער ער — האָט געלייענט און פאַרטייטשט.

ביז — ביי איינעם אַ מיטאָג־עסן האָב איך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט די צייטונג — — — מער האָט ער נישט געלייענט. ער האָט אויף גיך פאַרענדיקט מיט זיין לייטאַרטיקלעריי.

5. — פאַראַן דאָ אַ דיכטער (פון די „פּאַריזער"), וואָס ווערט גערופן צווישן אייגענע: „משה העס". היתכן? מעשה שהיה: ביי אַן „אַקט" לכבוד אים, איז אויך געווען זיינס אַ משפּחה־גליד. און אַז מ'האָט גענומען דערלאַנגען צום טיש, האָט זיך דער דיכטער פאַרטראַכט אויפן סופיט, געלאָזט אָפּקילן דעם טעלער. האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרליידן זיין משפּחה: עס שטייט אַ פולער טעלער אונטער דער נאָז, אַ הייסער טעלער און דער־אָ האָט געפונען צייט צו טראַכטן... האָט ער אַ געשריי־געטאָן:

„משה, עס!"

דערפון — „משה העס"...

6. — ווינציק פאַר אים צרות, פאַר בערלען, האָט ער דאָ אַ שוואָגער אויך. און נישט סתם אַ שוואָגער. רפאל מאַנדעלצווייג, אַ מאָלער, וואָס ווינט אין שכנותדיקן מאָנטעווידעאָ, קומט אַהער מיט אויסשטעלונגען, זיצט אין קאַפע „קאָמערסיאַל"; און יעדער מאָל, ווען בערל גרינבערג הערט אַז דער שוואָגער איז דאָ, ווערט ער בלאַס, רופט ער אויס: „אַזאַ אויסוואורף!"

רפאל מאַנדעלצווייגס בילדער זענען לרוב אויף געטאָ־מאָטיוון. ער איז אין געטאָ נישט געווען. אויך זיין פרוי, בערלס שוועסטער, איז געווען צוזאַמען מיט אים אין סאַמאַרקאַנד. דאָרט האָט ער געמאָלט די בילדער אונטערן איינדרוק פון די וויסטע בשורות. און אַז ר'האָט נישט געהאַט קיין פאַרב, האָט ער זיך צעשניטן אַ האַנט, אַ פוס און געמאָלט — מיט זיין בלוט. אַזוי האָט ער דערציילט. זיין געטאָ־אויסשטעלונג אין וואַרשאַווע — די ערשטע נאָכן חורבן — האָט געהאַט אָפּרופן צוזאַמען מיט רעשיקע וויכוחים.

איך בין געווען צוזאַמען מיט אים אין סאַמאַרקאַנד און אין וואַרשאַווע, פון וואַנען ער איז אַוועק אַהער. ער האָט נישט דערציילט, אַז ר'האָט אַ שוואָגער אַ שרייבער אין אַרגענטינע. אויך דאָס ווייב האָט געשוויגן. ערשט דאָ זיי ווידער געטראָפן; ער — מיט שטענדיקע טענות: יידן זענען נישט מבין אויף עכטער קונסט. סיוּוּי האָט ער פאַרקויפט זיינע בילדער, געווען באַקאַנט ווי אַ גוטער מאָלער. אָבער דעם נאָמען פון זיין שוואָגער, דעם שרייבער, האָט ער נישט געקאָנט הערן. אַזאַ קעגנזייטיקע שנאה, וואָס ציט זיך נאָך פון אַלטע צייטן. עפּעס האָבן זיי געפּרוּווט, יעדער באַזונדער, באַרעכטיקן זייערע ביטערע טענות. אַ פאַרשלעפּטע משפּחה־מחלוקת. איך וועל צווישן זיי קיין שלום נישט מאַכן. איז עס געבליבן דערביי, ביי —

טויטע קללות, אויף אַלע וויסטע פעלדער!

7. — געקומען אַ ייד פון פראַנקרייך און געבערענגט מיט זיך אַ... מאָצאַרט. נישט אַנדערש. געקומען איז דער ייד אין רעדאַקציע און געבעטן אַ „מבין אויף מוזיק". און אַז מ'האָט אים געהייסן קומען אַ צווייט מאָל, האָט ער געוואָלט דווקא שוין. אויב איז דער מבין איצט נישטאָ, וועט ער זיך באַגניגן אויך מיט אַ האַלבן, מיט אַ פערטל מבין. ער וויל בלויז, מ'זאָל באַשרייבן אין בלאַט די גאונות פון זיין זון. איז מיר די זאַך געפעלן. איבערן וועג אים געוואָרנט: וואָס? פידל? איך קאָן נאָך אַמאָל קאַליע מאַכן דעם זונס קאַריערע. מיין פידל־מבינות... נישקשה. בלויז אָנקוקן דעם זון און ווערן באַצויבערט.

אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צען, אַ קליין קעפּעלע, אַ שמאָל פנימל, אַ נידעריקער שטערן, — אַלץ פאַרשלינגען אין אַ געדיכטער האָר־פּאַלקע, געדיכט און צעשוי־

בערט און גאָלדיק בלאָנד ביז די שמאָלע אַקסעלעך. אַ יינגעלע? אַזוי קוקט דאָך אויס אַ מיידעלע! צו וואָס אַזוינע לאַנגע האָר?

„פרעגט נישט קיין קשיות — האָט דער טאַטע מיר אונטערגערוקט אַ בענקל אינם אָרעמען האָטעל־חדרל — הערט!"

און דאָס יינגעלע — דין־שפּענדלדיק און געדיכט־האָריק — האָט אַ פּיר געטאָן דעם סמיטשיק איבער אָנגעצויגענע סטרונעס, זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין. יאָ, אַ געוויין אויפן טאַטן־פליט, וואָס וויל מאַכן „אַ לעבן" אויף די שמאָלע באַרקעלעך פון זיין יינגעלע, פון זיינע לאַנגע האָר...

אויך דערדאָזיקער ייד געהער צום סאָרט אַלערגישע יידן, על פּי נס־געראַטעוועטע, וואָס זוכן אַ שטרויעלע זיך אָנצוכאַפּן, זיך צו דערכאַפּן נאָך דער טראַגעדיע. איך בין אַוועק פון אים מיט אַ זיס־ביטערן טעם, זיס, ווייל ער האָט אַ ספּעציעלן פּאַטענט וויאַזוי צו „מאַכן אַ לעבן"; ביטער, וואָס ער טוט דאָס אויפן חשבון פון זיין אייגן קינד... איך האָב אָנגעשריבן אייניקע שורות „אָן מבינות" אויף מוזיק. דערנאָך איז דער ייד געקומען צו מיר מיט טענות, הלמאי כ'האָב אַזוי „פאַרוועי" אָפּגעשאַצט זיין קליינעם „מאָצאַרט". ער וועט דאָס יינגעלע אַוועקפירן צו די גוים. זיי וועלן יאָ אָפּשאַצן זיין טאַלאַנט.

8. — די אָנפירונג פונם פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום" האָט גערופן אַ פּרעסע־קאָנפערענץ. אַ פּאָפּולער מיטל אין „ישוב": פאַר כל מיני שליחים, פּרעזידענטן, געסט און סתם בעלי־יובל — אַלע, וואָס ווילן מ'זאָל „רעדן וועגן זיי" און אויך יידן נצרכים, רופן די „פּען־מענטשן", רופן אויך אַ פאָטאָגראַף... און זאָל אַ וועלט זען „ווער מ'איז".

„דאָס פּוילישע יידנטום" האָט זיכער פאַרדינט אַביסל פּירסום, כאָטש — דער פאַרלאַג פאַרמאָגט אַלייך דעם „שליסל צום פאָלק": איז זיך היפּש פאַנאַנדער־געוואָקסן מיט דער צאָל אויסגאַבעס און מחברים איבער אַלע יידישע קאָנטינענטן. איז אָבער די מעשה וואָס שרייבערס זענען פאַראַן ברוך השם, נישט צום פאַר־זינדיקן; ווילן דאָך די שרייבערס, מ'זאָל לייענען זייערע שאַפונגען. און אַז עס וועלן זיין לייענערס, וועט זיין מיט וואָס צו באַצאָלן דעם דרוקער, מיט וואָס אַרויסצוגעבן נייע ווערק. טענהט איצט דער פאַרלאַג:

„אין אַרגענטינע פאַרמאָגן מיר בלויז אַ צוויי הונדערט אַבאָנענטן. מיט אויסלאַנד איז שווער אָנצוהאַלטן קאָנטאַקט. חוץ מזה, שיקט מען נישט אַריין קיין חובות"... הכלל: זאָלן די „פּרעסע לייט" פאַרלאַנגען, אַז דער פאַרלאַג זאָל באַקומען פון די קליימס־געלטער, וואָס די דייטשן צאָלן. עס קומט אים דאָך!

אַוודאי. עס קומט אים. אָבער וואָס וועט זיין מיט די ביכער? אַז די דייטשן לייענען דאָך מסתמא נישט קיין יידיש; און די פאָלקסטימלעכע יידן (להבדיל) אין אַרגענטינע — אויך נישט. איז גענוג בלויז דאָס באַצאָלן דעם דרוקער און

די ביכער — גלייך פון אײנבינדער — אַוועקלייגן אין הויכע שטויסן אינם הייפל אויף דער גאַס פוערעדאַן (ווו עס געפינט זיך דער צענטער פון די פּויליש־יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן און אויך דער פאַרלאַג) ?
תיקו.

## 19. רכילות און תחבולות

ימים נוראים 1954. עולם גרייט זיך „אײנצונעמען" די וועלט אויפן חשבון פון רבונו של עולם. ווו נאָר אַ זאַל, אַ זאַלעכל, אַ סאַלאָן, אַ סאַלאָנטשיק, אַ לאַנדסמאַן־פאַריין — אומעטום פאַרקויפט מען „שטעט". לשמוע אל הרנה ואל התפלה. דערפון פאַרדינען קודם די צייטונגען.ביידע זענען זיי אויסגעפילט מיט אַנאָנסן, מיט חזנישע יאַרמלקעס, מיט רעקלאַמע לויטן אַנגענומענעם שטייגער.
אום ראש־השנה. געמאַכט אַ שפּאַציר פונם שטאָטישן צענטער צום יידישן צענטער. איבערן וועג — געשלאָסענע קראָמען. אויף די טירן — צעטעלעך : צוליבן יידישן ניי־יאָר איז דאָס געשעפט געשלאָסן. אין סאַמע צענטער — יידישער ראש־השנה.
פאַראַן צוויי גרויסע שולן : ליבערטאַד־סינאַגאָגע און פּאַסאָ־טעמפּל. ביידע — אויף נעמען פון די גאַסן ווו זיי געפינען זיך. די סינאַגאָגע פאַרמאָגט אַן אָרגל, אַ כאָר און אויך אַ פּאַרק־פּלאַץ פאַר „קאָטשן". די „מעמבראָס", די סינאַגאָגע־מיטגלידער, זענען לרוב אָפּשטאַמיקע פון בעסאַראַביע, וואָס רעדן „דאַאַטש" — ריסטאָקראַטישע יידן מיט אייגענע אויטאָס. זיי פאַרפאָרן צו דער „סינאַגאָג", שפּאַנען אַרויס פונם אויטאָ צום סינאַגאָגע־אַריינגאַנג מיט גלייכע, געשטייפטע טריט, ווי זיי וואָלטן געווען פריש־געקראָכמאַלעט. אויף דער שוועל מוזן זיי זיך שיידן פון די ווייבער, ווייל די סינאַגאָגע איז געבויט (צענדליקער יאָרן צוריק) מיט אַן עזרת נשים. טראַדיציע. און אַזוי האַלט עס אַן ביזאיצט. סיוויי — די מתפללים : איין־מאָל־אין־יאָר־יידן. דער פּאַסאָ־טעמפּל האָט נישט קיין פּאַרק־פּלאַץ. ער געפינט זיך צווישן צוויי ענגע געסלעך. אָבער אויך דאָ אַהער קומט אַ היפּשער עולם — נישט צופוס. מען שטעלט אַוועק די אויטאָס אין אַ זייטיק געסל. דער טעמפּל איז יידישלעכער פון דער סינאַגאָגע. ער געפינט זיך אין סאַמע יידישן צענטער, בעת זיין „קאָלעגע" — אין האַרץ פון די אמתדיקע „קריאָזשאָס".
שטיי איך אויף די הויכע טעמפּל־טרעפּ, באַוווּנדער דעם עולם, וואָס פּילט־אויס די גאַס אַרום דעם שול־איינגאַנג. ווי אויף דער גאַנצענער וועלט אויך דאָ — יונגוואַרג מיט אייגענע מנהגים : אונטערן אָפענעם הימל פּילט מען זיך פרייער, האָט מען נענטערן קאָנטאַקט אין די פּאַרקטיקע טעג מיט דעם, וואָס געפינט זיך אין הימל.

שטיי איך און קוק און באַוווּנדער און דערזע — צוויי באַקאַנטע פּנימער...
יאָ, טאַקע באַקאַנט — אַפילו זיי זענען פאַרשטעלט אין ראש השנה־פּחד און פאַרשטעקט אונטער ברייטע קאַפּעלוש־ראַנדן: דער "זאַמבאַל" און זיין פּאַטראָן. ביידע זענען זיי שטאַרק פאַרזאָרגט. ספּעציעל — יאַנקעלע גיבאַלעס. זיין באַגלייטער רעדט אַריין אין אים, יענער לייגט־צו אַ טויב אויער, טרייסלט מיט קאָפּ אויף: יאָ, מסכים. יאַ־מסכים, נישט־מסכים — די קאַפּעלושן ליגן אויף זייערע קעפּ ווי סאַגאַנעס אויף הייפּטלעך קרויט. עס פּאַסט זיך נישט. אַ גאַנץ יאָר קרום, — איין מאָל אין יאָר פרום... עס קלעפּט זיך נישט. כאַטש, יאָ, כאַטש — זיי פילן זיך נישט שטאַרק זינדיק; אויב אַפילו זיי פרעסן אַרום דאָס שטרוי פונם בית־המדרש־דאַך, ווי יענער פרום־באַבאַרדטער שטעטלשער באָק — איז עס דאָך אַ יידישער בית־המדרש און יידישע שטרוי... מה בכך? — — —
אַ שרייענדיקער ייד רייסט אָפּ מיין בליק פון די דאָזיקע צוויי ראש־השנהניקעס. דער ייד אַמפּערט זיךביים איינגאַנג מיט אַ פאַרשטייפטן גבאי. ער וויל אַריינגיין און יענער לאָזט נישט.
„אַ „באַללעטאַ" האָט איר? ניין. אָן אַ באַלעט וועט איר נישט אַריין!"
„ס'הייסט! — שפּאַרט זיך דער ייד — וואָס ווילט איר? ווו זאָל איך איצט נעמען אַ... באַללעט? איך בין דאָך אַ טוריסט און אויך אַ ייד. לאָזט מיך אַריין אין שול דאַווענען!"
און דער גבאי ביי ס'זייניקע: „באַללעטאַ"!
וויל איך דערגיין ביים ייד־עקשן: מיינט ער טאַקע די תפילות? זיין אויסזען: אַ לאָז־מיך־געמאַכניק. טאָ וואָס קאָן ער נישט באַשטיין צו שטיין אין דרויסן? אָט געפינט זיך דאָך דאָ, אונטערן הימל, דער רוב מנין... אָ, ניין. ער וועט זיך נישט אונטערגעבן. מחמת ביי אים דאָרט, אין זיין מקום, איז נישט געהערט געוואָרן אַזאַ־אָ זאַך. אַ ייד נישט אַריינצולאָזן אין שול אַריין?! איצט רעדט ער שוין צו מיר:
„איך קום פון לאַ פּאַז, קום איך. נו, וועט מען דאָרט נישט אַריינלאָזן אַ ייד אום ראש השנה אין שול אַריין? האַ־האַ, איך געדענק בוענאָס איירעס נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק"...
ער רוימט מיר איין אַ סוד אויפן אויער:
„דעמלט זענען זיי אויך אַזוי געשטאַנען ביי זייערע „קנייפּיעס" און געפּאַדערט איינטריט־געלט... נו, גוט — טוט ער זיך פּלוצים אַ כאַפּ פון אָרט — איך האָב דעמלט געצאָלט און כ'וועל אויך איצט צאָלן"...
אַ ייד מיט אַ טיפן פּליך ביז אַריבער דער גאָמבע; אַ שאַרסקע פּנים און הענט — אַז נאָר מיינע שונאים זאָלן קומען מיט זיי אין „באַרירונג". ער איז טאַקע אַ באָליוויאַנער, אָבער זיין וויגעלע איז געשטאַנען ערגעץ אין אַ וואַרשעווער

הינטערגעסל. דאָרט טאַקע האָט ער באַקומען זיין דערציאונג און פון דאָרט — זיך אַהערגעראַטעוועט פון דער צאַרישער פּאָליציי...

„ווי האָט מען געטענהט אין דער וואַרשעווער גמינע: סוף גנב לאַרגענטינע".
ער שאָקלט צו מיר מיטן קאָפּ. דער גבאי טרעט־אָפּ דעם וועג. לאָזט אים אַריין אין גאָטס טעמפּל. ער האָט שוין אַ „באַללעטאָ". דער גבאי האָט אַרויסגעריסן אַ בילעט פון זיין ביכעלע. שוין. דער באַליוויאַנער וועט איצט ווערן — אַ ראש־השנהדיקער ייד אין בוענאָס איירעס...

„כ'וויל, איר זאָלט מיך פאַרשטיין — האָט דער שמייכלדיקער פּאַרוואַלטער, עוזר בומאַזשני, מיר פאַרשטעלט דעם שמאָלן דורכגאַנג צום רעדאַקציע־חדרל — איך האָב באמת געהאַט הנאה פון אייער פעליעטאָן וועגן „פּאַסאָ"־טעמפּל און וועגן פאַרקויפן אַ בילעט אום ראש השנה פון איינעם אַ גבאי. איז ראשית — איין גבאי נישט אַלע גבאים און נישט אַלע יידן האָבן געקויפט בילעטן אום ראש־השנה; ושנית — זענען מיר קיינמאָל נישט געווען גאָטס פאַרטרעטער אויף דער ערד, קכי־כי־כאַ! איר פאַרשטייט: „די פּרעסע" לעבט נישט פון תעניתים. אירע מענטשן דאַרפן עסן און אויך איר מסתמאַ. דערצו מוזן מיר האָבן אַנאָנסן. און אויב מ'קלינגט אונז פון פּאַסאָ־טעמפּל, אַז מ'וועט מער נישט געבן קיין אַנאָנסן... איר פאַרשטייט!?"

יאָ, איך פאַרשטיי שוין ווידער נישט. אוודאי איז פאַראַן אַ נישט־געשריבן געזעץ, אַז נישט שטענדיק מוז מען שרייבן וועגן אַלץ וואָס מען הערט און זעט, אָבער דאָ איז דאָך דער ענין אַ יידישלעך־היימישלעכער. איז דען נישט גענוג זייער מסחרן אַ גאַנץ יאָר מיט יידיש און יידישקייט? מוזן זיי אויך זיין מומרים להכעיס אויף די טרעפּ פונם טעמפּל ד'יערן?

אַקסענצאָוו זיצט ווי שטענדיק אַן אויסגעפּוצטער מיט אַ שטייף העמד און אַ גלייך־ווירעדיקן שניפּס, איצט אָפּער פון אונטערן פּרעס־אייזן. ער לויפט איילִיק מיט דער פּען איבער אַ קאָרעקטור־לאַקש. אַנטקעגן זיצט פּיניע וואַלד, אויך ווי שטענדיק — אַ בורטשעדיקער, אַן אומצופרידענער. ער קוקט נישט אויף זיין שכן. ער האָט פיינט די באַלשעוויקעס ווי דעם טויט; אפשר נעמט זיך זיין שנאה אויך דערפון, וואָס אים, דעם כשרן בונדיסט, האָט די פּאָליציי געהאַט דערלאַנגט רוצחישע קלעפּ טאַקע דערפאַר, ווייל מ'האָט אים טיטולירט ווי דעם „סטאַלין פון אַרגענטינע"... אַ מאָדנער, אַ פּאָליצייאישער פאַרגלייך! עס קומט אַריין זשיטניצקי. ער וויל יאָ לעבן מיט אַלעמען בשלום. שפּאַרט ער אָן זיין היפּש בייכל אויפן שטעקן און שמייכלט רעכטס און לינקס. ער, דער דאָקטאָר קאָן שמייכלען צו בונדיסטן און צו קאָמוניסטן. נו, ער האָט שוין אָפּגעגעבן זיין מאַטעריאַל אין זאַץ. באַלד וועט אָנלויפן יאַנקעלע, זיין איינציקע עובדא:

היטן זיינע מאַנוסקריפטן, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין מיינע הענט. ער טרויט מיר נישט. ער היט זיי ביז זיי גייען אַריין אין מאַשין. איך קאָן נאָך אָפּטאָן מיט זיי אַ כישוף...

האָב מבטיח געווען אַקסענצאָוון, אַז היינט וועל איך דאָ זיין ביזן שליסן דעם נומער. ער האָט בויכווייטיקן. נישט איין מאָל טרעפט, אַז איך זיץ מיט אים ביז אַרום איינסע ביינאַכט. ערשט גייט ער אַרויס אין שכנותדיקן קאַפע „קאַס־טעלי". די בענקלעך זענען שוין דאָרט איבערגעקערט. אָבער ער געפינט זיך אַ ווינקעלע, הייסט דעם „מאַסאָ" (קעלנער) דערלאַנגען: אַ גלאָז בראָנפן, הערינג, ווורשט, אַ פלאַש ביר. דאָס אַלץ פאַרבייסט ער מיט אַ דין ברויט־פענעצל. ער הייסט מיר מיטהאַלטן:

„פאַרזוכט, אויף מיין אחריות; מיינע בויכווייטיקן קומען נישט פונם בראָנפן מיט הערינג. דאָס האָבן די היגע פאַשיסטלעך געהאַט מיר אַזוי דערלאַנגט איבערן מאָגן"...

אָפּגעריייניקט דעם טיש, נעמען מיר זיך צום זופּן די טראַדיציאָנעלע קאַוועלעך. דערביי לאָזט זיך אויך אַריינכאַפּן אַ קליינער שמועס:

„האַ, אַ מאָדנע משפחה אין אייער קאָלעקטיוו" — גיב איך אַ זאָג מיט אַ לאַנגן געגעניץ.

„יאָ — פאַרטייטשט אַקסענצאָוו — ווען נישט איך וואָלט מען זיך געשלאָגן טאָג און נאַכט. פריער, ווען פיניע קאַץ איז געווען שעף־רעדאַקטאָר, האָט מען געוווסט אַז ס'איז דאָ אַ באַלעבאָס. דערנאָך, ווען מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז קאַצס קאָמוניזם איז עלול צו שאַדענען אין געשעפט, האָט מען אים „כובילירט" און אַלע זענען זיי געוואָרן פייערדיקע נאַציאָנאַליסטן; און אַלע פּרעטענדירן זיי אויפן בענקל פון שעף־רעדאַקטאָר, ספּעציעל יאַנקעלע. נו, איז פאַראַן צרות... איך טראָג טאַקע נישט דעם שעף־טיטל, אָבער די חברים האָבן מיר אָנגעטרויט די טעקע פון גענעראַל־סעקרעטאַר איבערן גאַנצן קאָלעקטיוו... עס מוז דאָך אימעצער באַלעבאַטעווען" — — —

ביינאַכט. איך גריבל זיך אין די קאָרעקטור־בויגנס. אימעצער רופט מיך. אַ־האַ. מיין קוזינקע. וואָס וויל זי? אַלע ווייסן שוין וואָס זי וויל. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ קוזינע מאַכט חתונה אַ טאָכטער און דער קוזין (אַזאַ באַרימטער קוזין!) זאָל נישט וועלן קומען אויף דער חתונה!

זי לייגט אַרויס אירע טענות. עולם גיט איר רעכט. איצט דאַרף מען הערן וואָס דער בעל־דבר וועט זאָגן. איך זאָג גאָרנישט. חתונה? שאַ. זאָל זיין שטיל. איך וועל גיין אויף דער חתונה. זי איז אַוועק אַ צופרידענע. וויפל איז דער שיער צו „פראַווען חשבונות" מיט דער מאַמעס ברודערס טאָכטער.

פֿאַרשפּעטיקט די חופה. מ׳האָט מיך באַזעצט אויבנאָן ביי דעם סעודה־טיש. דער אָרקעסטער קלימפּערט. לעפֿל־גאָפּל־מעסער קלינגען. אַ חתונה. שייך צו זאָגן: אַ חתונה אין בוענאָס איירעס.
נעבן מיר זיצט אַ געפּאַרבט ווייבל. שווער אַרויסצושיילן: ווו דאָס ווייבל און ווו די פּאַרב. מען שטעלט זי פֿאַר: ביילע־הינדע פֿון מאָנטעווידעאָ.
ביילע־הינדע? זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט. אָבער איך האָב נאָר באַוויזן אָפּצו־שפּרינגען. האַ? וואָס? דאָס איז ביילע הינדע? דערמאָן איך זיך, ווי די מאַמע מיינע האָט געפּלעגט דערציילן וועגן אירס אַ חברטע אין שטעטל, אַ חברטע, אַז זיי ביידע — די מאַמע און זי — פּלעגן זיך באַוויזן אויפֿן שאָסיי (נו, די מאַמע איז שוין דעמלט געווען פֿאַרקנסט צום טאַטן), נו, נו, האָבן די בחורים קראַפּירט ביים דערזען ביילע־הינדעס רויטע צעפּ, ביילע־הינדעס בלימלדיק קליידל, ביילע־הינדעס... פֿאַר מיר איז דער נאָמען געוואָרן אַ טעגלעך מאכל: אים געגעסן דריי מאָל אין טאָג. אַזוי איינגעבאַקן איז ער געוואָרן אין מיר.
און אָט זיצט זי אָטאָ דאָ, — דאָס געקעכטס: ביילע־הינדע! לויט מיין חשבון דאַרף זי שוין טראָגן אויף זיך אַ קימא לן היפּש אַריין אין די זיבעציק. גיי ווייס און שאָץ: אַ קופּע פּאַרב — ביילע־הינדע!
עולם האָט געהויבן די פֿיס צום טאַנץ און איך — אַ הייב געטאָן די פֿיס צום אַרויסגאַנג.
מהנה־געווען די קוזינע מיט מיין אָנוועזנהייט.

## 20. אַ קאַפּ חשבון הנפש צווישן גרויסע מענטשן

בקרוב ווערט דריי יאָר זינט מיין געפֿונען זיך דאָ. און ווי מאַנאַטאַן! עס גייט קאַפּויער די היגע פּאָלקסטימלעכקייט, די קולות וועגן „ירושה״, וועגן „יורשים פֿונם אומגעקומענעם פּוילישן יידנטום״. זיי שעמען זיך נישט. זיי האַלטן, אַז דער יידיש־פּוילישער נוסח איז אַ — טעלער מיט „פּאָזשאָ״. זענען זיי אַזוי צופֿרידן מיט זייער דאָליע, אַז אָסור צו וואַרפֿן אַ שפּרענקעלע אויף זייער אויסגעפּוצט־קייט. און דערפֿון זענען אויך אויסגעהיט געוויסע שרייבערשע געסט און שליחים. דאָס יידישע אַרגענטינע גילט פֿאַר אַ רייכער קאַלאָניע, ווו מען דאַרף בלויז טאָן אַ גלעט און אַ צאַפּ, אַבי דער צאַפּ לאָזט זיך מעלקן... און אויך — ווי גיך, ממש איבער נאַכט, די „פּאַריזער פּליטים״ זענען געוואָרן „באַזעסענע״ לויט אַלע כללים פֿון דער „מוי־ביען־געזעלשאַפֿט״...
נישט פֿאַראַן דאָ קיין סביבה. פֿאַראַן בלויז פּרעזידענטן — פֿון שרייבערס, פֿון קולטור, פֿון וויסנשאַפֿט, פֿון... נאָך צוגעטראַכטע, שיין־קלינגענדיקע נעמען.
און פֿיינט האָבן זיי זיך, די פּרעזידענטן — סכנות. יעדער איז זיכער, אַז דאָס כאַפּט יענער אויס ביי אים דעם גאַנצן כבוד. די „אָקטן״ זייערע זענען אויך

געווידמעט בלויז — זיך און אַנשי שלומינו. בכלל: בלויז גרויסע מענטשן. דאַכט זיך: קליינע מענטשן ווערן בכלל נישט געבוירן אין אַרגענטינע. עס דערמאָנט זיך דאָס משל פונם דובנער מגיד וועגן איינעם אַ צאַרישן גובערנאַטאָר, וואָס איז אַרויסגעפאָרן איבער זיין גובערניע כדי צו זען „וואָס עס טוט זיך". ביים אַריינפאָר אין די שטעטלעך איז די שטאָטישע פּני — דער גלח און דער פּאָלי־ציאַנט און דער לערער — אַרויס אים באַגריסן. אויף זיין שאלה, צי עס זענען דאָ געבוירן געוואָרן גרויסע מענטשן, האָבן די דעלעגאַטן אָנגעוויזן אויפן גלח, אויפן פּאָליציאַנט... ביים אַריינפאָר אין יידישן שטעטל, האָבן אים מקבל־פּנים געווען דער רב, דער שוחט, דער גבאי. נו, האָט דער גובערנאַטאָר געוואָלט וויסן:
— זענען ביי אייך געבוירן געוואָרן גרויסע מענטשן? האָט זיך דערויף דער רב פאַרטראַכט: גרויסע מענטשן? ער איז שוין דאָ רב פערציק יאָר און ער דערמאָנט זיך נישט, אַז דאָ זאָל האָבן געבוירן געוואָרן כאָטש איין גרויסער מענטש... בלויז קלייניקע מענטשעלעך ווערן געבוירן. נאָר וואָדען? „ביי אונדז, יידן, איז פאַראַן האָפענונג, אַז בעזרת השם, זה הקטן גדול יהיה... אָבער געבוירן ווערט מען קליין" — — —
דעם רבס תשובה איז נישט חל אויף די אַרגענטינישע יידן, אויף זייערע מנהיגים. דאָ ווערן געבוירן לויטער גרויסע מענטשן...
אפשר. אפשר, ווען כ'וואָלט געטראָגן אויפן קאָפּ דעם עול פון באַלעבאַטישקייט, פון אַ „מענטש אין דער געזעלשאַפט" — ווי די זמירותדיקע קאָלעגן מיינע דאָ — וואָלט אויך איך געזאָגט זמירות פאַרן „ישוב", זיך אַריינגעפּאַסט. אָבער סיווי באַוויזן זיך אַריינצופּאַסן — אין זיך, אין מיין אַליינקייט. אין „גאַס", אויך אין דער יידישער, ווערט מען צעריבן, אויב מ'שפּאַנט נישט מיטן שטראָם, פאָרויס.
האָט דער שרייבער אַ חוב צום לייענער זיינעם? ער זאָגט: מיסיע. סאַראַ קאָליר האָט זי, די מיסיע? בפרט מאַכט אַן „איינדרוק" דאָס טומלען פונם געוויסן היגן צייטונג־שרייבער וועגן — יידיש; און באמת: די גאַנצע לאָגיק מיט אים! נאָר וואָדען: דער טומלער (וואָס איז אויך אַגב מיין טיש־שכן אין רעדאַקציע) האָט נישט קיין באַציאונג צו זיין אייגן שרייבעכטס; ער פאַרלאַנגט פון יענעם יידיש: רעדן און שרייבן און לעבן אויף יידיש. זייער פיין. אָבער ביי זיך, מיט זיין אייגע־נעם זון — רעדט ער בפני עם ועדה — שפּאַניש. פאַר אַזוינע טיפּן איז די באַציי־בענונג: צבועק. און דידאַזיקע באַצייכענונג איז אויך גילטיק פאַרן שרייבער, וואָס רעדט „מיסיע" פאַר יענעם און אין זיינע אייגענע ד' אמות — מיט אַלע זיינע טואונגען און מאַכונגען — שטעלט ער פאַר דעם צבועקישן קאַפּויערניק. אַנומלט געשפּאַנט איבער דער קאַריענטעס, אַרויף, צו די הויכע נומערן. אַנטקעגן מיר — אַ טאַטע מיט אַ ייִנגעלע פון בר מצוה־עלטער. דער טאַטע פאַרקוקט זיך אויף מיר און שושקעט עפּעס אַריין דעם ייִנגעלע אין אויער. זיי זענען פאַרביי

דעם וועג. פּלוצים — איך פיל ווי דאָס יינגעלע לויפט צוריק, דרייט זיך אויס און נעמט מיר גיין אַנטקעגן. ער גלייכט זיך אויס מיט מיר:

„איר זענט... האַ? איך וויל אייך זאָגן שלום־עליכם"...

אַ מאָדנע, אַ היימישע סצענע אין מיטן גאַס. דאָס יינגעלע טראָגט אַ בערעט אויפן קאָפּ. דערנאָך איז צוגעקומען דער טאַטע. אַ פאַרהאָרוועטער ייד, וואָס האָדעוועט אין זיך דעם טראַדיציאָנעלן פונק. און אַזוי האָט זיך צווישן אונז פאַרוויקלט אַ שמועס. ער, דער טאַטע, האָט געלייענט וועגן מיין פּאָזיטיווער באַציאונג צו די יידן פון זיין סגאַל. ער איז אַ געקומענער פון די לאַגערן. נו, איז ער מיין לייענער־חסיד. האָט ער שוין לאַנג געוואָלט הערן אַן עצה מכוח תכלית; אַ בן־יחיד, געראַטעוועט מיט נסים, אַזויפיל נסים... וויל דאָך אַ טאַטע האָבן דער־פון נחת.

דערדאָזיקער ייד, אַן איבערבלייב פונם יידישן אַמאָל, זעט אינם שרייבער אַ מורה דרך, אַ מוסטער פאַר אים, פאַרן זון, פאַר גאַנץ קהל. אַזאַ־אַ ייד פאַרמאָגט אין זיך אַ טאָפּלטע פאַרציע וואַרעמקייט — אי פאַרן מענטש אינם שרייבער, אי פאַרן שרייבער אינם מענטש.

איך פיל זיך גוט אין זייער סביבה. טאַטע און זון פאַרלאַנגען פון מיר עפּעס. זיי האַלטן, אַז איך בין מחויב זיי צו געבן וואָס זיי ווילן; אלא נישט — פעלן דען אויס יידן אין אַרגענטינע? פאַרוואָס, צוליב וואָס און פאַר וועמען — שרייבן בכלל: וואָס איז אַזוינס דאָס מין שרייבן? סתם אַזוי? אַ פאַרגעניגן? ווער דאַרף דאָס?

יאָ. ווער דאַרף די שרייבערישע פאַרוויילונג און דעם שרייבער־אַקטיאָר, בעת אַקטיאָרן און פאַרוויילונגען זענען בנמצא אין די קאַפעען און אויף די טעאַטער־סצענעס!?

אַלייך. אַזוי איז בעסער. וואָס מער אויסמיידן דאָס „אָפּיציעלע". איך זוך עפּעס אַנדערש; איך זוך די יידישע גאַס — זי זאָל זיין אַנדערש פון דער נישט־יידישער. און די־אַ אַנדערשקייט געפונען — ווידער: אין זיך. און ווידער זיך אומגעקערט צום אַמאָל. אַ חכמה צו „גיין פאָרויס"? אָט גייט דאָך אַ וועלט אַ גאַנצע „פאָרויס" — איר טעכניק, איר ציוויליזאַציע, איר פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט און קליג־שאַפט. עך, יאָ, כדאי אין איצטיקער „פאָרויסיקער" וועלט צו זיין אַ פּרוש, אַ יושב אוהל. האָט דאָך אָט דער „פאָרויסמאַרש" חרוב געמאַכט די גאַנצע אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע! ווי לאַנג דען? ווי לאַנג דען וואָס די פּראָגרעסיווע רוסן האָבן מיט זייער גוואַלטאָוונער טעכניק געהאָלפן די ציוויליזירטע דייטשן אויסמאָרדן מיליאָנען; און דערנאָך האָט זיך די שפּיל איבערגעקערט: די דייטשע דרעסירטע חיה האָט זיך איינגעפרעסן אינם שטאָלענעם בער — — —
אַ וועלט אַזאַ.

און זי, די וועלט, גייט פאָרויס — צו איר אייגענעם אומברענג.
טאָ וואָס האָט אַ צעבראָכענער יחיד, אַן אַרויסגעשטויסענער פון דער וועלט — וואָס האָט ער צו טאָן אין דער־אָ וועלט?
זיך איינשליסן — אין זיך; זיך אומקערן צום עבר; אַזוי־אָ!

## 21. אַ האָצקע מיט יאַנקעלע ציגיינער און זיין הייליקער מאַריע

חגאות־טעג 1954. בכלל פעלן נישט אויס קיין חגאות אין אַרגענטינע. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק (בערך) — רו־טאָג. דאָס לעבן איז אַזוי פריידיק, אַז מען דאַרף כסדר דערמאָנען: פרייט איך, „מוטשאַטשאָס" (יינגלעך)!

איצט רוקן זיך אָן די ניי־יאָר־פאַרווילונגען. דעצעמבער. דער דרויסן — הייס און נאַס — אַ מרחץ.

און מיר האָט זיך פאַרגלוסט אין דידאָזיקע שוויצנדיק־ערב־יומטובדיקע טעג אָנצושרייבן אַ מין בריענדיקן פעלעטאָן — „שטריקל־ציער", מיט אַ זייער פּאָפּולערן אינהאַלט: אויף איינעם אַ טראָטואַר שטייט אַ מענטש און ציט ביי אַ שטריקל; אונטן, אויף אַ קליינעם טראָטואַר־שטח, טאַנצט אַ גומע־מענטשעלע לויטן אומזעבאַרן דיריגירן פונם שטריקל־ציער.

דער פעלעטאָן איז געכטן, דעם 22טן דעצעמבער, געווען געדרוקט אין „די פּרעסע"; און ווי יעדער מאָל — ווען מיין שרייבן האָט געמאַכט פריילעך, ווען טרויעריק...

אָבער אַז יאַנקעלע גיבאַלעס זאָל אַריינפאַלן אין אַזאַ עצבות נאָכן איבערלייענען מיינע „שטריקל־ציער", — זיך נישט פאַרגעשטעלט. הער אַ מעשה: אַן אומשולדיקער פעלעטאָן — און ער, יאַנקעלע, האָט גאָר דערזען... זיך: ע ר — דער שטריקל־ציער... ער האָט געהאַט אַן אומרואיקן טאָג. דער שוויס האָט אים געברענט אויפן ציגיינערישן פּנים; אַלע זיינע סוף־יאָריקע יומטוב־פּלענער זענען כהרף־עין צעשוווּמען. אַזוי ביי אים און אַזוי ביי זיין ווייב (ליידער מוז איך אויך זי דערמאָנען...), די הילצערנע אַקטריסע, די הייליקע מאַריע...

נו, איז עס געווען ווי ביזאיצט: אָוונט. איך גרייט זיך צום פאַרטרעטן אַקסענצאָון ביים פאַרענדיקן דעם נומער. ער האָט בויכווייטיק. פאַרן אַהיימגיין וועט ער זיך נאָך אַריינכאַפּן אין „קאַסטעלי", „אַריינכאַפּן" אַ גלאָז בראָנפן, פאַרבייסן מיט ווורשט און הערינג. שטיי איך אַזוי ביי אַ טיש פון דער גרויסער „פּרעסע"־בודע מיטן בליק זאַטשעפּעט אויף ערגעץ אַ טונקעלן פּונקט — ווי די טיר צעפּראַלט זיך און עס טוט אַ פאַל אַריין — אַ זאַווערוכע — די סטראַשידלע פונם בעסאַראַבישן דאָרף ניי־קיליע. בכלל. האָט ער לעצטנס זייער שלעכטע טעג. עפּעס האָט ער ערגעץ „אַ כאַפּ געטאָן" אויף נישט קיין שיינעם אופן; האָט דאָס יידיש־

קאָמוניסטישע וואָכנבלאַט, וואָס זוכט דאָך כידוע בלויז יושר, אים „אַנטדעקט" און אים אַוועקגעשטעלט אַ נאַקעט־ברודיקן... בררר! איז ער אויך, בעת דער אַנטפּלעקונג, געהאַט אַריינגעפאַלן אין דער שאַפע אַ צעשויבערטער, אַ ווילדער, גלייך אימעצער אין רעדאַקציע וואָלט אים שולדיק געווען פאַר זיין „כאַפּעריי".
האָט ער יענעם אָוונט געהאַט אַ טרייסט —
„מען גלייבט זיי דאָך נישט, די קאָמוניסטן"...
דאָס האָט ער אונז געטרייסט פאַר זיינע צרות.
איצט — האָב איך בלויז אוספּייעט צו זען די אויגן זיינע — איבערגעדרייט אַרויף, אָנגעפילט מיט פּחד און האַס; זיינע ליפּן צעעפנט, גרייט אַ — שפּיי אַרויסצולאָזן...
און ער האָט אַרויסגעלאָזט — אַ שפּיי... אַזוי איז ער אַנגעלאָפן אויף מיר מיט אַ צעעפנט מויל און — געשפּיגן...
און איך? לכתחילה — געווען פאַרטאָן אין זיך; ראַפּטעם זיך געכאַפּט, אַז איצט איז נישט די צייט צו באַטלענען; — — אַרויף אויף אים. ער האָט זיך כלל נישט פאַרגעשטעלט, עס זאָל זיך געפינען אימעצער מיט חוצפּה וואָס זאָל שפּייען צוריק; ערגער: וואָס זאָל שלאָגן צוריק...
און איך האָב געשלאָגן. מיין מזל: אַ שמאָלער קאָרידאָרטשיק פירט צו דער רעדאַקציע. דורך דאַנען האָט ער זיך געלאָזט נאָכן שפּייען. דאָ האָט ער זיך נישט געקאָנט אויסדרייען און דאָ בין איך אַרויף אויף אים — זיך אָנגעהאָנגען אויף זיין קאַרק און געקלאַפּט... מעגלעך, ווען ער וואָלט געהאַט פּלאַץ ווו זיך אויסצודרייען — וואָלט ער צוריק דערלאַנגט; איצט איז אים געבליבן בלויז איין אויסוועג — שרייען, שרייען... האָב נישט געהערט וואָס זיין שרייען באַדייט. וואָרום, ווי כ'בין אַריין אינם צימערל ווו אַקסענצאַוו זיצט, — אַ כאַפּ געטאָן פון טיש דעם גרויסן, שטאָלענעם פּאַפּירן־האַלטער און מיט אים — צום ציגיינער. דאָ האָט זיך אויפגעשטעלט אַקסענצאָוו, אַריין אין מיטן. איצט גענומען פאַר־שטיין וואָס אַזוינס עס איז פאָרגעקומען. יאַנקעלע איז אַנטרינען אַרויס ווי ער איז אַריין. ער איז געווען זיכער, אַז די אָנגעשטעלטע, די דרוקערס, די זעצערס און מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע, אַז די אַלע וועלן פאַרטיידיקן זייער באַלעבאָס; וועלן מיך דורסן... האָט אים גאָר אויפגעקאָכט — וואָס קיינער האָט זיך נישט באַוויזן: שלאָגט זיך, קינדערלעך, זאָל זיין היימלעך! — — —
און איצט איז געוואָרן היימלעך. ווי ער איז אַרויס — איז אַריין זיין ווייב. און איינס־צוויי — זי האָט אַראָפּגעלאָזט אויף מיין באַק אירס אַ וויכע לאַפּקע... אוך, ווי נעמט זיך צו מיר אַזויפיל כוח? זאָל איך זיך לאָזן טרעטן מיט די פּיס פון אַזאַ מנובלדיק פּאַרל? זי האָט זיך געלאָזט צוריק צום אַרויסגאַנג. אירס אָפּגעטאָן. וועט זי האָבן וואָס צו טרייסטן דעם מאַן... אָבער איך — נאָך איר. נעבן

אַרויסגאַנג — זי אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ פון הינטן — און געהאַקט, געהאַקט, געהאַקט... אין הינטן אַריין... אירע קולות האָבן צונויפגערופן דאָס געסל. די זיצערס אין קאַפע „קאַסטעלי"... אַזאַ חרפה. דער־אָ, גרויס ווי אַ שפּענדל, זאָל שלאָגן, שלאָגן אי דעם מאַן, אי דעם ווייב, קאָפּען און דראַפּען און — שלאָגן צוריק. נישט געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך אין אַרגענטינע! — — — זי האָט אַריינגעשיקט אַ „וויזישילאַנט" (פּאָליציאַנט). מיט פּאָליציי האָב איך פיינט זיך צו שלאָגן. זאָלן זיי קומען אויף אַנדערע הענט... אָט לויפט ער, דער פּאָלי־ציאַנט. ער זוכט מיך. אַקסענצאָוו הייסט מיך פאַרשווינדן דורך אַ הינטערטיר. עס זענען אַנגעלאָפן די זעצערס. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דעם „געזעץ־היטער", געמאַכט פונם ענין צו קליינגעלט, אים אַרויסגעפּטרט...

אַלץ, אַרום און אַרום — — געפלויגן ווי אויף אַ פילם־לייוונט.

ווידער — שטיל. איצט, נאָכן באַרואיקן זיך, פרעג איך: פאַרוואָס? וואָס האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַזאַ ווילדקייט?

עס איז אַנגעלאָפן זשיטניצקי. ער ווײנט אַנטקעגן. ער שמייכלט ווי שטענדיק. נישט קיין חידוש, זאָגט ער. שוין נישט מיט איינעם האָט ער זיך געשלאָגן צווישן די הילצערנע ווענט. אָ—האָ! זשיטניצקיס מיינונג: די „שטריקל־ציער" האָבן אים אַזוי אָנגעצויגן. ווער, ווער — אָבער יאַנקעלע ווייס דאָך יאָ, אַז דער שטריקל־ציער איז — ער... אַלץ פיין. אָבער דעם אמת האָט ער פיינט צו הערן. ער האָט אויך פיינט, אַז מען שלאָגט צוריק... נו, דער ענין איז נאָך נישט פאַרענדיקט — — —

איבערן וועג אַהיים, שפּעט ביינאַכט, לאַנג אַריינגעטראַכט אין דעם ענין: סאַראַ ווילד אַנשיקעניש! ער וועט דאָך מיך נישט לאָזן צורו! און ער פאַרמאָגט מער כוח פון מיר! אפשר בכלל אויפהערן שרייבן פאַר „די פרעסע"? ווו איז דער אויסוועג? און דאָ שטעלט זיך אַוועק דער ענין — קאַפּויער. אַז סייווי וועט נישט העלפן קיין שום „אָפּטרעטן". אַז דאָ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מיטן אַ קלין — נישט אַרויסצורייסן אים. דער קלין — דער פּלאַגיאַטאַרישער „זאַמ־באַל". דאָס האַלט ער אין איין „דערציען" דעם פּאַטראָן זיינעם: ער רעדט אין אים אַריין, גיט אים צו פאַרשטיין וואָס עס טויג און וואָס עס טויג נישט, וועמער עס איז מיט אים און ווער — קעגן...

דער „זאַמבאַל"! בצלאל האָט מיר געהאַט געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו גיין איבער טויטע. איצט ליגט בצלאל אויף שווינדזיכט. און דער־אָ, דער אינטרי־גאַנט און חונף, רייסט זיך אַריין אין רעדאַקציע — איבער אַלעמענס קעפּ. ער האָט שטיצע. דער ציגיינער דאַרף אים האָבן אינעווייניק. ער וועט אים האָבן! נו, איך וועל זיי ביידן נישט בייקומען, נישט איבערשטייגן, נישט אויסגלייכן זיך

אַפילו מיט זיי. דער אַרויסגאַנג איז פֿאַר מיר פֿריי. איך דאַרף נאָר געפֿינען דעם שליסל.

פֿאַרטאָג זיך אַוועקגעזעצט ביי דער מאַשין און גענומען גרייטן אַ פּראָטעסט־בריוו צו דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „די פּרעסע". לאָמיך זען ווי זיי, אירע מיטגלי־דער, לרוב „פּראָגרעסיווע מיט פֿאַרגאַנגענהייט", וועלן רעאַגירן.

אין דעם בריוו דערציילט פּרטיותדיק וועגן דעם נעכטיקן „טעאַטער", וועגן די וויסטע אָנפֿאַלן. אויך פּינקטלעך איבערגעגעבן דעם ציגיינערס קולות:

„נאָך היינט וועסטו זיצן אין טורמע!"

„איך וועל דיך אַרויסשיקן פֿון לאַנד!" —

געוועזן זיכער, אַז מיין בריוו וועט אַלעמען, די אַלע „פּראָגרעסיווע" יידן, „אַוועק־שטעלן אויף די פֿיס"; דערפֿאַר אויך געפֿאָדערט אַ געריכט (נישט אַנדערש!) אַן ערנגעריכט — — —

צומאָרגנס — מיין ערשטער צוזאַמענטרעף מיט עוזר בומאַזשני. קוקט־אויס ווי ער וואָלט מיך אָפּגעוואַרט מיט אַ צוגעגרייטן ענטפֿער:

„וואָס ווילט איר דען? איר האָט דאָך אייערס אָפּגענומען! איר האָט אים אָנגע־בראָכן די ביינער... וואָס נאָך פֿאַרלאַנגט איר?"...

און — דאָס רעדל טוט זיך דרייען ווייטער.

יאָ, זיך גוט „אַריינגעדרייט": נאָך דער „געשיכטע" געוואָרן אַ העלד... יידן טייטלען אויף מיר מיט די פֿינגער; מען באַגריסט מיך און מען שמייכלט צו מיר זייער ליבלעך...

## 22. אַ גוטע דערמאָנונג

זיך אָנגעקליבן אַ בריוו־שטויס. נישט אויף אַלע האָב איך וואָס צו ענטפֿערן. שרייבערישע בריוו. שרייבערס שרייבן בכלל לאַנגע בריוו. זיי דערציילן אַלץ וועגן זיך און יענעם און זוכן טרייסט. זיי באַגניגן זיך נישט מיט פֿאַרווע תשובות. זיי ווילן שאַפֿן אַ „בריק", אַ שרייבערישע בריק... בטלנים.

אָבער די בריוו זענען פֿאַרט טשעקאַווע. למשל: די בריוו פֿון מנחם פֿלינסקער. אמת, ער גיט אינפֿאָרמאַציע בלויז פֿון זיך: עס זענען אים אָנגעוואַקסן פֿליגל, ער גרייט זיך צום פֿליען... אָבער לעצטנס האָט ער מיר אינפֿאָרמירט אין איינעם פֿון זיינס אַ בריוו־אַרטיקל, אַז מלך ראַוויטש איז געקומען קיין ישראל „דערווייל אויף אַ יאָר און ווייטער וועט מען זען". דאָס איז גראָד גוטע נייס. אפֿשר וועט ער, דער דיכטער וואָס איז אויך אַ פּערזענלעכקייט, שאַפֿן עפּעס אַ יש דאָרט. עס פֿעלט ביי זיי אַ שרייבער, אַ שרייבער־פּערזענלעכקייט — אַ שריי־בער־ממש...

אַ בריוו פֿון ראובן רובינשטיין ליגט שוין ביי מיר אַ היפּש ביסל וואָכן. געהאַט

אַזויפיל פאַרדרייעניש, אַז עס האָט מיך געטריבן פון שטוב אויף דער גאַס, פון גאַס אין רעדאַקציע, היין און צוריק, ווי כ׳וואָלט באַפאַלן געוואָרן פון אַ הייס־בלוטיקן אינדיאַנישן פיבער...

איצט קאָן איך שוין ענטפערן — אַפילו לייענען בריוו אויך. בכלל: וואָס ענט־פערן? רובינשטיין וווּנדערט זיך הלמאי איך זיץ נאָך „אין גלות" און ווען האָב איך בדעה צו „קומען קיין ציון"... דערויף האָב איך דערווייל נישט קיין ענטפער...

זיין בריוו פון 12טן סעפּטעמבער איז שוין יאָ אַ „נייטראַלער":

ליבער, האַרציקער פריינד...
איך האָב נעכטן באַקומען אייער בוך „פּוילישע יידן" מיט אייערע פריינט־לעכע ווערטער און איך קען אייך גאָרנישט אָפּמאָלן מיין שמחה. ערשטנס, איז סתם גוט צו באַקומען אַזאַ מתנה פון אַ גוטן פריינד, וועגן וועלכן איך האָב תמיד געהאַט די בעסטע מיינונגען און אַרויסגעטראָגן פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט אים אַזאַ וואַרעמען געפיל. דאָס איז נישט קיין קאָמ־פּלימענט, נאָר דער ריינער אמת. צווייטנס, בין איך צופרידן צו לייענען אייערע נייע שאַפונגען. בעצם בין איך אייער טרייער לייענער די גאַנצע צייט — פריער אין דער מינכענער „יידישע צייטונג" און פאַר דער לעצ־טער צייט אין „די פּרעסע" — — — איך האָב נאָך נישט באַוויזן, פאַר־שטייט זיך, דורכצולייענען אייער נײַ בוך, ווייל איך שרייב אייך תיכף ווי איך האָב אָפּגענומען פון פּאָסט דאָס פּעקל. איך וועל לייענען מיט גרויס אינטערעס און אויב איר האָט נישט דאַקעגן וועל איך אָנשרייבן אין אַ היגער יידישער צייטונג („אונזער היינט") — — —

מילא, יאָ אָנשרייבן, נישט אָנשרייבן — אָט האָב איך דאָך שוין אַ פּאַרטיקע רעצענ־זיע אינם בריוו... נישט דאָס איז איצט דער ענין. דער ענין: גוטע דערינערונגען פון פאַרברענגען צוזאַמען לאַנגע שעהן אין יידישלעך־היימישע שמועסן! איז דאָך ראובן רובינשטיין אַן איבערבלייב פון דער בעסערער פּובליציסטיק אין מזרח־איראָפּע בכלל און אין דער ליטע בפרט. וועל איך מיט אים אויך אין תל־אביב קענען פאַרברענגען אין היימישע שמועסן? דאָס אים טאַקע פרעגן אין מיין איצטיקן בריוו...

## 23. אַ „פיעסטאַ" אַזאַ

יאַנואַר 1955. נאָרוואָס פאַרענדיקט דער שמחות־חודש פון „די אידישע צייטונג" לכבוד אירע 41 יאָר. אַ נישקשהדיקע דאַטע פאַר אַ צייטונג אין יידיש. איצט נעמט מען זיך פּראַווען די 37 יאָר פון „די פּרעסע" — פון אָנהייב יאַנואַר ביז היפּש אַריין אין פעברואַר. אַזוי יעדער יאָר. און אַזוי באַטייליקט זיך "דער גאַנ־צער ישוב" אין דער שמחה. אַלע, אַלע. עס איז כמעט אַ געזעץ. באַגריסונגען און ווינטשונגען און — זאָל זיין שמחות ביי יידן...

און מיך, דעם „שטעכער״, ווילט זיך דווקא אַריינשטעכן אַ שפּילקע אינם פּאַפּיר־בייגעלע אויף מיין טיש, אויסשטעכן דערויף אַ גרויסן פרעגצייכן:
וויפל יידיש־לייענערס און יידיש־שרייבערס האָבן די צוויי יידישע טאָגצייטונגען אויסגעכאָוועט במשך די פירצענדליק יאָר פון זייער עקזיסטענץ?
מיט אַן עלף יאָר צוריק איז דאָ דערשינען אַן „אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע״, אַ היפּש ספר, קרוב טויזנט גרויספאָרמאַט־זייטן. פון דער הקדמה איז אַרויסצולייענען, אַז דאָס איז געשאַפן געוואָרן די איניציאַטיוו ביי אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט צו פייערן „אויף אַ פּאַסיקן און ווירדיקן אופן די 25 יאָר עקזיסטענץ פון „די פּרעסע״ אין 1942. אָבער דער ענין האָט זיך פאַרשלעפּט. נישט חלילה סתם פאַרשלעפּענישן, וואָס האָבן געשטערט צום דערשיינען פונם בוך. נייך. דער גורם צו דער פאַרשלעפּעניש איז געווען: פייערונגען און מאַניפעסטאַציעס און אַן „אימפּאָזאַנטע עפנטלעכע פייערונג״ אין „פּרינץ זשאָרזש״ דעם 30טן מאַי 1943 מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון גאַנצן ישוב״... און דערפאַר איז די אַנטאָלאָגיע אַרויס מיט פאַרשפּעטיקונג פון דרוק אין נאָוועמבער 1944. ביים סוף פון דער הקדמה זאָגט דער קאָמיטעט־סעקרעטאַר: „מיר האָפן ווי צומגיכסטן קענען איבערשיקן דאָס־דאָזיקע ווערק צו אונדזערע לעבנסגעבליבענע ברידער אין דער באַפרייטער אַלטער היים״...
איך פיל ווי די הויט נעמט זיך אויף מיר גענזלען. „לעבנסגעבליבענע ברידער אין דער באַפרייטער אַלטער היים״... 1942, 1943, 1944... יאָרן פון געטאָס, קאַצעטן, ליקווידאַציעס און אַרבע מיתות היטלער, ימח שמו. און דאָ — אין סאַמע אויפשטאַנד און אומקום פון וואַרשעווער געטאָ — פייערן יידן אַ גרויסע שמחה דעם 30טן מאַי 1943... איז באמת צו די היגע יידן גאָרנישט דערגאַנגען פון „דאָרט״? האָבן זיי בכלל נישט געאַנט, אַז אינם דאָזיקן מאַי, ווען זיי הוליען אין „פּרינץ זשאָרזש״, ווערן פאַרברענט און דערדושעט די לעצטע וואַרשעווער יידן?
אָבער — אַ „טרייסט״: נישט בלויז האָבן די אַרגענטינישע יידן געפּראַוועט „פּיעסטעס״ בעת דעם טאָטאַלן מאָרד איבער יידן אין אייראָפּע; אויך דאָס גרויסע יידישע אַמעריקע האָט נישט געריסן קיין קריעה — — —
איז דאָס דרך אגב.
און דער „דרך אגב״ איז ביי מיר אויפגעקומען צוזאַמען מיטן ווילן צו באַקענען זיך מיט דער היגער שרייבערישער משפחה, וואָס ציילט שוין מסתמא אַ יאָר פופציק און אפשר מער: ווער איז ווער. און וואָס איז וואָס? און דאָס — לכבוד דער איצטיקער „פּרעסע״־פייערונג — געבן מיין ביישטייער צו איר 37טן יובילײ. קרוב צו ניינציק נעמען רעפּרעזענטירן די יידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע.

אַזוי שטעלט זיי פֿאַר די אַנטאָלאָגיע. פֿון דערדאָזיקער צאָל אַרויסגעפֿונען צוויי נעמען פֿון שרייבערס, געבוירענע אין אַרגענטינע: שמואל גלאַזערמאַן און ירדנה פּיין. די רעשט, כמעט אַלע — געקומענע פֿון רוסלאַנד, פּוילן, בעסאַראַביע, ליטע — האָבן מיטגעבראַכט אין זייערע קלימעקלעך כתבים און אויך געדרוקטע שירים פֿון אָנהייב צוואָנציקער יאָרן. זייער רוב: צווישן דרייסיק־פֿופֿציק יאָר. מלכות אַרגענטינע באַקומט אין דער אַנטאָלאָגיע דעם אויבנאָן און ווערט באַזינגען און באַשריבן מיט לידער, דערציילונגען, מעמואַרן, אָבער — — —

קיין חידושים דרינגען נישט אַרויס פֿון צווישן די טאָוולען. נישטאָ קיין אָריגי־נעלס, קיין שאַפֿערישס, קיין ספּעציפֿיש־אייגנס. אָפּגערעדט, אַז דאָס יידישע אַרגענ־טינע האָט נישט אַרויסגעגעבן קיין אָפּאַטאָשו, קיין אַש, קיין ווייסענבערג... מילאָ, כדאַי אַביסל „אַראָפּצולאָזן"...

מיט אויסנאַמען (בערל גרינבערג, פּנחס ביזבערג, מ. ד. גיסער און נאָך אייניקע), געהער דער רוב מיטאַרבעטן צו מעמואַריסטיק, זכרונות פֿון דער „פּאַמפּאַ", „קאָ־סעטשע". אויך די לידער זענען „פֿערזענלעכאַרטיק", למשל: „זינגען די שטויביקע וועגן / אַ ווייסע, אַ זילבערנע ליד; / מיר האָבן ווי וועכטערס געטרייע, / די פֿערדישע ווייען געהיט". נישט אַלע אַרבעטן זענען „אַרגענטינישע". פֿאַראַן דער־ציילונגען פֿון דער אַלטער היים, לידער — „סתם אַזוי" און אויך מעשות, וואָס גיבן גאָרנישט צו און נעמען גאָרנישט אַראָפּ...

(ביים לייענען און ביים אַריינטראַכטן אין דער אַנטאָלאָגיע, טראַכטן, צי זאָל איך מיין מיינונג „רעפֿרעזענטירן" פֿאַרן בלאַט צום יומטוב אירן, פֿיל איך ווי יאַנקעלע גיבאַלעס קוקט אויף מיר מיט זיינע קרומע, ציגיינערישע אויגן: העי, סוואָלאָטש, גרייטסט זיך אַ תל־צו־מאַכן פֿון מיין אַרבעט?!)

נאָך לאַנגער מאַטערניש — פֿאַרמאַכט דאָס שווערע בוך: נישט כדאַי געווען צו פֿראַווען שמחות אין די יאָרן 42, 43, 44, יאָרן פֿון שווידערלעכן חורבן, ביז די אַנטאָלאָגיע איז ענדלעך דערשינען. מ'האָט געמעגט צוּוואַרטן. די יידישע ליטעראַטור וואָלט גאָרנישט פֿאַרלוירן, ווען די „אַנטאָלאָגיע פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע" וואָלט דערשינען מיט אַ צען יאָר שפּעטער, אָדער — ווען זי וואָלט בכלל נישט דערשינען — — —

## 24. טיפֿן און פּירעכץ

געקומען די צייט צו ווערן אַ בירגער. זיך איך דאָך אין אַרגענטינע — טאָ זאָל זיין אַן אַרגענטינישער. עס ווילט זיך פּאַרזוכן דעם טעם פֿון „באַזעסנקייט", פֿון איינבירגערן זיך.

ווינטן און רעגנס — קאַלט־שטעכיקער, אַרגענטינישער הערבסט. מערץ 1955. די אָפּאָזיציע רוט נישט. אָט איז פֿאָרגעקומען אויף „פּלאַסאַ אָנסע" אַ מיטינג

פון די ראַדיקאַלן. זייערע רעדנערס האָבן גערופן צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן פעראָנען. די פּאָליציי האָט מיט אַנטבלויזטע שווערדן פאַנאַנדערגעטריבן דעם עולם, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער ברייט פון דער פּוערעדאָן־גאַס, געמאַכט צווישנרופן, אָפּגעשטעלט די באַוועגונג.

וואָס טוט זיך?

פון יידישן קוקווינקל איז פעראָן, דאַכט זיך, „גוט פאַר יידן״; אויך פון מיין יחידיש ווינקעלע, — האָט ער דאָך מיר געטאָן אַ גרויסע טובה... האַ? יאָ. עס גרייט זיך ממש. אמת, דער „כוסטיסיאַליזם״ זיינער, פעראָנס, איז נישט מער ווי אַ דעקמאַנטל פאַר קאָנטרבאַנדע און קאָרופּציע; זיינע אַרבעטס־געזעצן מיטן „אַגינאַלדאָ״ און מיט דער „כובילאַציע״ — פאַרלייכטערונגען פאַר אַ מינ־דערהייט, בעת די מערהייט אַרגענטינער פאַרמאָגט נישט דאָס עלעמענטאַרסטע, דאָך — — ער איז פאָרט „גוט פאַר יידן״; האָבן דאָך יידן „געמאַכט געלט״ בעת זיין הערשאַפט; קיין בולטן אַנטיסעמיטיזם נישט צו פילן; פאַראַן אַ פרעסע אין יידיש, פאַראַן שולעס און אַ יידישע „קאָלעקטיוויטעט״ מיט אַ שם אין דער יידי־שער וועלט.

דאָך און דאָך — — יידן לעבן אין זיין זכות און מיט זיין חסד. אַזאַ פּרצוף האָט דיקטאַטור — די בעסטע! היינט לוינט איר אַזוי, מאָרגן — אַנדערש. דער דיקטאַטאָרישער ווינט באַוועגט די שיף — אַמאָל צו אַ שטורעם, אַמאָל אויף אַ זומפּיקן אינזל; אַמאָל — צום ברעכן האַלז־און־נאַקן — — —

דער בחור, וואָס איז זיך מטפּל מיט אַרויסנעמען מיין בירגערשאַפט: שרייבן פּאַפּירלעך, אַפּעלירן און דרייען מיט דער ביוראָקראַטישער מאַשינקע — פאַר־שטייט נישט לחלוטין וואָס איך וויל. ער איז געבוירן אין קאָרדאָבאַ. פון דאָרט אַהערגעקומען צוליב אַ מיידל. ער איז פאַרליבט אין אַ מיידל. איז יענע נישט קיין יידישע. האָבן די עלטערן זיינע און משפחה און די שכנים און אַלץ אַרום זיך אויף אים אָנגעזעצט:

„אַ שיקסע?״

„אַ חרפּה!״

„אַזאַ שיינע היים!״

הכלל: איצט לעבט ער אין בוענאָס איירעס מיט דער שיקסע, פאַרנעמט זיך מיט רייזע־ענינים, מיט דער בערזע און מיט „מאַכערייי״. ער רעדט אַ פאַרשטענדלעכן יידיש. דאָס קומט צו אים פונם מזרח־אייראָפּעאישן שטייגער אין זיין היים.

„וואָס ווילט איר? — טענהט ער אַריין אין מיר בעת אונזער אַרומלויפן פון איין באַאַמטן צום צווייטן — איר ווילט ווערן אַן אַרגענטינישער בירגער? צו וואָס דאַרפט איר דאָס און וואָס בינדט אייך צו דאָס? אַרגענטינע? איר האָט

דאָ עפּעס אַריינגעלייגט? אַז איר קענט דאָך אַפילו נישט אַרויסברענגען אַ לייטיש וואָרט אין „קאַסטעזשאַנאָ" ?!"

איך לויף, סאָפּע, קוק אויף אים און שווייג. אַ פאַרדאַרטער בחור אַזאַ, גרייט זיך צו מיליטער־דינסט. רעדט יידיש מיט ווייכע „ליאַמעדן". ער חוזקט פון זיך, פון זיין אייגענעם אָפּשטאַם, וואָס ער האָט נישט פון אים, קענטלעך, קיין גרויס נחת. ער איז ממשיך מיט זיין מאָנאָלאָג:

„איר דאַרפט פאָרן קיין ישראל. דאָרט ווערן אַ בירגער און דאָרט זיך באַזעצן. ישראל איז פּאַסיק פאַר אַזוינע יידן ווי איר. אין אַרגענטינע? צו די גוים וועט איר דאָך נישט גיין. און אויף דער יידישער קאָריענטעס, וואָס? באַנקעטן און באַערונגען און פּאַטשן זיך אין בייכל — אָן שום ממשותדיקע אויפטוען... איי — איך? איך בין דאָ געבוירן. מיין מאַמע־לשון איז שפּאַניש. איך בין געבוירן ביי יידישע עלטערן, אָבער בין נישט אַנדערש פון אַלע אַרגענטינער. און איך וויל נישט זיין אַנדערש. צי פערען וועט יאָ זיין אָדער נישט זיין — אַרגענטינע בלייבט אַרגענטינע. און דאָ בין איך פאַרוואָרצלט... און די יידן פון קאָריענטעס האָבן זיך געמאַכט אַ געטאָ, עסן „פּאַזשאָ" ביי פאַרשלאָסענע פענצטערס און פּראַוועון אַן אייגענע מדינה אין אַ פרעמדער מדינה. דאָס שאַפט אַנטיסעמיטיזם. דידאָזיקע יידן האָבן פיינט די אַרגענטינישע גוים. זיי וואָלטן געוואָלט דאָ זאָל ווערן אַ יידישע מדינה, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן פאַרלאָזן זייערע „קינטעס" און פאָרן קיין פּאַלעסטינע... זיי איז פרעמד די אַרגענטינישע קולטור, אַפילו די שפּראַך קענען זיי נישט. וואָלט איך געבוירן אַ גוי, וואָלט איך אויך די יידן פיינט געהאַט. זיי קענען זיך נישט אַסימילירן, אַפילו זיי ווילן. אַנדערש איז עס שוין מיט זייערע קינדער, וואָס אַנטלויפן פון „קאַזשע לאַוואַזשע" און קומען אין דער אָפענער, ברייטער, אַרגענטינישער וועלט: אוניווערזיטעטן, אַקאַדעמיעס, טעכניקומס. זיי זענען אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, לעקטאָרן"...

ער האָט איבערגעריסן דעם ווערטער־מאַרש זיינעם ביים אַריינגיין אין אַ ביוראָ, איבערגעריסן, כדי אים צו באַנייען ביי אונזער טוישן די אויטאָבוסן און טראַמ־וויען. לסוף האָבן מיר זיך געזעגנט „אַסטאַ מאַניאַנאַ" — ביז מאָרגן. זיינע שאלות זענען סיי־ווי געבליבן אָן תשובות. אויבנאויף, לפי דעתו, איז ער דאָך גערעכט. באמת: געקומען די צייט צו באַשטעלן פּלאַץ אויף אַ שיף און זיך אָוועקלאָזן קיין ישראל. די צייט "אַרבעט אויף דעם געביט". אויך מיינע שטוב־באַלעבאַטים גרייטן מיך דערצו. דאָס פערטע יאָר פאַרנעם איך ביי זיי אַ חדר אויפן ניינטן שטאָק אויף דער גאַס סעריטאָ, אין סאַמע שטאָט־צענטער. דאָס חדר געהער מיר „געזעצלעך". יעדן חודש באַקום איך אויפן דירה־געלט אַ באַסטעמפּלטע קבלה מיט אונטערשריפטן. זיי באַהאַנדלען מיך לויטן לאָקאַטאָרן־געזעץ: פאַר כך וכך מעטער איז דערלויבט צו נעמען כך וכך דירה־געלט. רוסישע יידן פון ניקאָליי־

קעס צייטן. זיי האָבן אויבן די וווינונג און אונטן אַ שניידער־קראָם. זעען נישט „קיין ייד אויף די אויגן״. בין איך זיי צוגעשיקט געוואָרן ווי אַ „מתנה פון הימל״. ער איז אַ שניידער. אויסער רעדן יידיש און אויסער איין מאָל אין יאָר פאַר־שליסן די קראָם — האָט ער נישט קיין שום התחייבות צום יידישן גאָט און פאָלק. אַלץ געסילוקט. זיין טראַכטן — „שער און אייזן״. ער האָט אַפילו נישט קיין צייט צו טראַכטן. פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט מיטן נעדעלע און מיט די „פּאַסטריגעס״. נישקשה מיט פּרנסה. זיין קליענטעלע — כמעט־מיניס־טאָרן. אָ, איז ער דאָך אַ שניידער — נישט פון די מאָדערנע טאַנדעטניקעס — אַלץ מיט דער האַנט; אַזוי האָט מען געניית אַן אַנצוג מיט פופציק יאָר צוריק: מאַסיוו!ביידע — הילכיק לאַכנדיקע, צופרידענע. „שניידערקעס״, וואָס טוען זיך רימען מיט זייער „גערעטענעם אײדעם אויף קעסט״. קיין טאַכטער פאַרמאָגן זיי נישט, אָבער איך פאַרטרעט ביי זיי דעם „איידעם״... פאַראַן מיט וואָס זיך פאַרצושטעלן. אַזוי האָבן זיי מיך אויסגעמאָלט פאַרן „פּאָרטעיראָ״ (הויז־וועכטער) ווי איינער פון די גרעסטע „עסקריטאָרס״ (שרייבערס). אויך אין דער יאַטקע און אין שפּייזקראָם און אומעטום — רעדט זי וועגן איר „גרויס געווינס״. און אַז דער „פּאָרטעיראָ״ זעט מיך אַראָפּפאָרן מיט דער ווינדע, טוט ער זיך אַזאַ שטעל און דערלאַנגט אַזאַ „באָן דיאַ״ (גוט מאָרגן) — אַז איך בלייב אַן איבער־געשראָקענער פון זיין האַסטיקן געשטעל...

מיין חדרל — ליכטיק, לופטיק, באַקוועם. דורכן פענצטער דערגייט צו מיר דאָס געזשום פון די נאַכט־פאַרווײַלונגען; דאָס רעשיקע נעאָן־ליכט צאַפּלט אויפן סופיט און גלאָז פונם שרייבטיש.

זיץ איך ביים דאָזיקן טיש במשך די פיר יאָר, לאָך צוזאַמען מיט די לאַכנדיקע באַלעבאַטים, צאָל דירה־געלט און באַקום אָפּיציעלע קבלות. קיין פּיפּס. קיין שאָרך. לאַכן זיי — איך אויך. עס איז דאָך נישט געמאָלט, אַז זיי זאָלן לאַכן און איך נישט. כאָטש — כאָטש נישט איינמאָל פאַרווילט זיך מיר וויינען. הלמאַי איך מוז מיט זיי שמועסן, לאַכן מיט זיי און שמועסן... נו, וויל מען אָבער נושא־חן זיין ביי באַלעבאַטים, מוז מען זיי צוהעלפן — אַפילו לאַכן.

האָט מען אַזוי געשמועסט און געלאַכט, ביז...

אין איינער אַ בייסיק־רעגנדיקער נאַכט. איך קום אַריין אין צימער — ווי אין דרויסן: אַ ווינט. עס פייפן די ווענט. וואָסי געשען? די שויבן — אויסגע־בראָכן... שוין וויט נאָך חצות. אַז עס האָט דאָך היינט נישט געבלאָזן אין דרויסן אַזאַ שטאַרקער ווינט! בכלל: ווי לאָזט מען דאָס אַזוי־אָ, מיט צעבראָכענע שויבן? אָבער שפּעט צו זוכן דעם שולדיקן. אָפּגעפרווירן אַ נאַכט — נישט אויס־צוגלייכן די אברים. פאַרטאָג לאָכט צו מיר די לאַכנדיקע באַלעבאָסטע: „די שיקסע די געמיינע, אַזוי וואַשט זי די שויבן״... אָבער קיין גלעזער האָבן

זיי נישט געברענגט. אדרבא. דאָס לעצטע שטיקל שויב — אַרויסגעבראָכן. איצט ליג איך שוין — ממש אין דרויסן...

האָט זיך אַרויסגעוויזן: נישט דאָס און נישט יענץ. דער זון גרייט זיך חתונה צו האָבן. דאַרף ער דאָס צימער. איז די איינציקע עצה פון מיר פּטור צו ווערן — אויסברעכן די שויבן... רוסישע כיטרעקייט! און די לאַכנדיקע יידענע ביי ס׳איריקע: „זענען מיר דאָך יידן און היינטיקע צייטן צו קריגן אַ צימער — נישט ביי פּעראָנען! טאַ זיצט דערווייל"... וויאַזוי זיצן? און די שויבן? יאָ. דער ענין איז פאַרן טייוול. מיין בעט שטייט ממש אונטערן אָפענעם הימל. פאַר־וואָס האָט זי מיר נישט געזאָגט, אַז איך זאָל אָפּטרעטן דאָס צימער, — נאָר אָט אַזוי?! — — —

בין פאַרלייגט מיט ביכער. — אַ צוויי טויזנט מסתמא. מיינע און נישט מיינע. און אַז כ׳וועל געפונען ערגעץ אַ צימער — ווער וועט מיך אַריינלאָזן מיט אַזויפיל ביכער? מוז איך פריער דורכפירן בדיקת חמץ (נישט ווייט צו פּסח 1955) און דערנאָך — זיך אַרויסטראָגן פון מיינע לאַכנדיקע באַלעבאַטים... געטראַכט און געטראַכט און געפאַלן אויף אַ פּלאַן: וועל אַוועקפירן די ביכער אויף דער גאַס פוערעדאַן, זיי אונטערוואַרפן אין הייפל פון פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום". ליגן דאָרט אַזויפיל ביכער, וועלן ליגן נאָך אַ צוויי טויזנט... אָבער דאָ האָט מיר דאָס מזל (מיין געבענטשט מזל!) אונטערגעשיקט אַ מלאך הגואל אינם געשטאַלט פון אַ קלאַסישן „עמכניק", אַ ייד אַ „קוועגטעניק" (אַ הויז־קלאַפּער), אַזאַ איינעם, וואָס זעט פאַר זיך בלויז צוויי גוטע זאַכן: „בונד" און יידיש. אויב אין בוענאָס איירעס זענען פאַראַן בונדיסטן, וואָס מיינען עס „אויף אַן אמת" — איז דוד גייסט איינער פון זיי (און אפשר טאַקע דער איינציקער), וואָס מאַכט אַ לעבן פון שווערער פּראַצע; וווינט אין אַ הויז, וואָס בעט זיך איינצופאַלן, פאַרמאָגט נישט קיין אייגענע „קאָטש", דערפאַר — אַן אוצר: אַ וואַנט מיט יידישע ביכער. לויט מיין אָפּשאַצונג, וואָלט דידאָזיקע וואַנט שוין לאַנג איינגעפאַלן, ווייל זי ליידט פון חולי נופל אַ צוויי צענדליק יאָרן מסתמא; דער איינציקער אונטערהאַלט אירער — די אָנגעפילטע פאַכן מיט ביכער. זיי האַלטן אונטער די קראַנקע וואַנט. און נישט בלויז די וואַנט — די גאַנצע וווינונג פון דוד גייסט האַלט זיך אין זכות פון זיינע צונויפגעקליבענע יידישע ביכער. אַזאַ ביכער־פרעסער איז ער, דער „קלאַפּער" דוד גייסט. אויך זיין „גייסטיקער" נאָמען שטאַמט אַרויס פון די ביכער. ער איז אַפילו אַ שרייבער אויך. ער האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגן בוך: „דאָס לעבן אַליין"; האָט ער עס פאַרקויפט צוזאַמען מיט זיינע סחורות־רעשטלעך — אויף אויסצאָל. אויך האָבן יונגע טעאַטער־ליבהאָבער אויפגעפירט זיינס אַ פּיעסע — בנאמנות — — נישט געווען (און נישטאָ) קיין גלייכן צו אים (הלוואי מיט פּרנסה אַזוי!).

יאָ. האָב איך פאַרבעטן דעם אָדם יקר, דוד גייסט, צו מיר אין שויבנלאָזן צימער, אָפּגעשלאָסן מיט אים אַ מסחר: איך גיב אים במתנה אַלע מיינע ביכער, וואָס האָב באַקומען במתנה און דערפאַר — זאָל ער ערגעץ „באַגראָבן" מיינע ביכער... איז ער אַוועק, תיכף צוריקגעקומען מיט אַ טעקסי, געגומען אַראָפּטראָגן די ביכער. העכער אַ שעה איז די ווינדע געווען פאַרלייגט, געשטאַנען צום רשות פון דעם ביכער־ליפעראַנט דוד גייסט. דער „פּאַרטעיראַ" איז נישט געווען צופרידן; ער האָט אָבער געשוויגן. עס איז אַן איידעלע זאַך: ליטעראַטור, וואָס קומט פונם „גראַנד עסקריטאַר"...

דוד גייסט האָט די ביכער מיינע אַוועקגעפירט אין ייוו"אָ. ער האָט מיר מבטיח־געווען אַ סימבאָלישן האָנאָראַר: אַ פּעזע פון יעדן עקזעמפּלאַר. אַזוי האָבן די דאָרטיקע מנהיגים אים מבטיח־געווען. נו, אַ דאַנק דעם באַשעפער. געפּטרט אַ פויל עסק — אַן דער פּעזע. וואָלט דוד גייסט געווען ווינציקער גייסטיק און מער סוחר — וואָלט ער פון מיר באַקומען צוגעצאָלט אַ פּעזע פאַר יעדן צוגענומענעם בוך — — —

איצט — אַ לייכטער פּאַסאַזשיר; האָט עס מיר צוגעשפּילט (ווידער: מיין מזל!) — האָב באַקומען אַ צימער אויף דער גאַס בוסטאַמאַנטע, אין יידישן צענטער (אַוועק פון די גוים...), הינטער דער גאַז פונם שטאָטישן מאָגן — דעם „מערקאַדאָ" — דעם מאַרק, וואָס טיילט־פאַנאַנדער איבער דער שטאָט פאַרשידענע ירקות, ספּעציעל פּאָמידאָרן — און איצט איז גראָד דער פּאָמידאָרן־סעזאָן! אוף, וויפל טאָנען פּאָמידאָרן די שטאָט פאַרלענדט עס במשך דעם טאָג! און וויפל טויזנטער פליגן זיי לאָזן עס איבער אויף די ווענט און סופיט פון מיין נייעם צימער!

## 25. זיך אויפגעוועקט — דער „חבר מאַטיע"

חסל סידור סדר. ווי פאַריאָרן — אַזוי האַיאָר. נישטאָ וואָס צוצוגעבן און וואָס אַראָפּצונעמען. דער „דריטער סדר"־פּאַראַד האָט זיך אַריינגעצויגן העט ווייט, כמעט אין שבועות אַריין. איך גרויסער, לאַנגער „מוי ביען"־באַנקעט מיט „געזעג־גע און געטענצע" פון קלעזמאָרים און בדחנים און דער עיקר — „פּאָזשאָ" ביזן שפּעטן טאָג אַריין.

און איך גיי אַרום אינם פריילעכן ווירוואַר אַ צערוישטער און צעשרויפּטער. זעלטן פאַראַן מיט וועמען אַרויסצורעדן אַ גלייך וואָרט וועגן אַ קרומער פירונג. נישטאָ. אַלע זענען צופרידן. אַלע מאַכן־מיט די פריילעכע שפּיל, וואָס ציט זיך פון פּסח ביז פּסח.

נו, רוקן זיך די טעג נאָך טעג, וואָכן נאָך וואָכן — צו עפּעס וועט עס זיך דאָך דעררוקן... די לופט זאָגט עדות דערויף.

איך קום אַרויף צו יוסף אַ., איינער פון די פּליטים־שרייבערס, וואָס האָט זיך

דער סאַמע ערשטער אַהערדערדראַפּעט פון אייראָפּע. געקומען באַזונדער, פון אַ באַזונדערער מדינה און לעבט דאָ באַזונדער. ער איז נישט מסכים מיט דער „אייביקער הלולאָ“ פון „ישוב“. ער איז אָבער אַ שווייגער. ער ברענגט נישט אַרויס זיינע „בייזע כוונות“; איז טרוד מיט זיין שרייבעריש „פּאַרוועניו“ — שרייבן וועגן אַלץ אָבער נישט וועגן „ישוב“...

פּלוצים דערלאַנגט ער מיר אַ נייס: עס געפינט זיך דאָ און איז דאָ טעטיק — דער „חבר מאַטיע“ — מרדכי בער... מיין שיפּס־קאַמעראַד. אַ חידוש! איך ווייס עס שוין פון לאַנג, פונם ערשטן טאָג זינט זיין אַראָפּגיין פון דער בשותּפותער שיף. אוודאי איז ער דאָ. ווו דען זאָל ער זיין. און אַז ער איז דאָ — איז ער דאָ טעטיק, האָבן זיך פאַר אים געעפנט אַלע הימלען: „בונד“, אָרגאַן, שולע, ייוו"אָ, קולטור־קאָנגרעס, שרייבער־פאַריין, קרן־קיימת, לאַנדסמאַנשאַפטן... אַלץ, אַלץ און „ישוב“... ער זאָגט זיך נישט אָפּ פון „אויפטרעטן“ לטובת אַ בונדישן שליח און לטובת אַ ציוניסטישן שליח... ער רעדט, רעדט, רעדט — אומעטום און אויף אַלע בעלער — — דאָס אַלץ דערגייט צו מיין געהער, אָבער אָן צו דערהערן... פאַראַן געגוג צרות, ברוך השם, אָן מאַטיעס גדלות...

אָבער י. אַ. האָט מיר דערמאָנט מכוח זיינס אַ סיכסוך מיט אים, מיט מ. ב., איבער זייער „איידעלע ענינים“. האָב איך אויך דאָס נישט געוואָלט הערן; גע־וואָלט זיין פון וויטן. נישקשה. אַ. קאָן זיך זיין ענין אַליין באַשטיין. און ער איז באַשטאַנען. אָט לייען איך אין „אונדזער וואָרט“, 2וואָכן־אויסגאַבע פון די לינקע פּוע"צ, אַ „דערקלערונג“ אַזאַ:

זייער חשובער פריינד רעדאַקטאָר:

... אין די היגע טעגלעכע יידישע צייטונגען פאַרן 5טן און 6טן מאַי ה"י האָט זיך באַוויזן קעגן מיר אַ קאָמוניקאַט פון שרייבער־פאַריין ה. ד. נאָמבערג.

וואָס שייך דעם אינהאַלט פון דעם קאָמוניקאַט וויל איך פעסטשטעלן:

1) עס איז נישט אמת, אַז מ'האָט מיר געגעבן דעם אַזויגערופענעם אָנ־קלאָג־אַקט אין אַן ענין פון מרדכי בערנשטייק, הגם איך האָב עס שריפט־לעך געבעטן צוויי מאָל: דעם 14טן און 17טן מערץ.

2) עס איז נישט אמת אַז די פאַרוואַלטונג פון שרייבער־פאַריין האָט אַרויס־געוויזן אַ כוונה אָביעקטיוו אויסצופאָרשן דעם ענין, וואָס האָט געזאָלט זיין דער קעגנשטאַנד פון עווענטועלן געזעלשאַפטלעכן געריכט. בכוונה איז דער פאַריין פון אָנהייב געקומען פאַרמשפּטן — מיך, דעם אומבאַפלעקטן. אַגב, עס איז אַן ענין פון די מלחמה־יאָרן און זיינע שפּורן קען מען גע־פינען צווישן יידן־פּליטים, צעשפּרייטע איבער מערערע לענדער. דער צד, וואָס שטייט הינטער דעם אָנקלאָגער האָט אויפגעהויבן אַ געשריי: גיכער, ריינוואַשן אַן אונזעריקן פון אַלע חשדים. אין רעזולטאַט — דער קאָמוני־קאַט פון שרייבער־פאַריין, מיט וועלכן איך פערזענלעך האָב נישט קיין

מגע־ומשׂא פונם ערשטן טאָג פון מיין קומען קיין אַרגענטינע. פאַרשטייט זיך, איך האָב סיבות פאַר דעם, אָבער אין דעם פאַל איז עס זיך נוקם אין מיר.

פאַראַן נאָך פונקטן 3 און 4. טשעקאַווע איז דער פונקט —

5) ריכטיק איז אויך אַז איך האָב ענדגילטיק אָפּגעזאָגט צו גיין צו דעמ־דאָזיקן געריכט. און דאָס מחמת אָט די טעמים: א) היות דאָס איז זייער אַ דעליקאַטער ענין פון געוויסן־ריינקייט און געזעלשאַפטלעכער היגיענע — איז נייטיק אַ געריכט מיטן צוטריט פון ברייטן עולם; ב) אין די בריוו צו מיר האָט דער שרייבער־פאַריין אַרויסגעוויזן אַן אויסדריקלעכע פּניות־דיקייט און אַ ציל אַנטקעגן צו קומען דעם צד שכנגד. בעת איך שטיי איינער אַליין אין זעלבסט־פאַרטיידיקונג; ג) אויפן אָוונט פון 17טן אַפּריל אין דער פּרץ־שול האָט דער סאַמע פאָרזיצער פון שרייבער־פאַריין עפנטלעך דערקלערט אין זיין אַרויסטרעטונג, אַז „מ'וועט אָקרוטנין עוקר מן השורש זיין", אויף וואָס עס זענען פאַראַן מערערע עדות — — —

מיט די דאָזיקע שורות גייט מיר נישט אין רעכטפאַרטיקן זיך — איך שטיי נישט, גאָט צו דאַנקען, אונטער קיין שום געזעלשאַפטלעכן פאַר־דאַכט — — — אדרבא, זאָל די געזעלשאַפטלעכקייט משפטן — מיט ריינעם האַרץ און געוויסן — — —

ב. איירעס, דעם 10טן מאַי 1955 — יוסף אָקרוטני

אַ באַקאַנטע געשיכטע. געריכטן. סטראַשונקעס. דער „חבר מאָטיע" האָט דאָ געפונען די ריכטיקע טריבונע...

דער „ענין" האָט זיך נישט פאַרענדיקט מיט י. אָ.'ס „דערקלערונג". מ. ב. מוז זיך ריינוואַשן; ער מוז אויף וועמען אַרויפצווינגען זיין ריינוואַשונג פונם גע־מויזעכץ, אין וועלכן ער האָט געטאָפּטשעט און הנאה געהאַט בעת דער מלחמה און נאָך איר.

יאָ, ער מוז זיך ריינוואַשן. איצט — אַז ער פילט זיך „באַזעסן" אין „ישוב" — וועט ער מיט מיר מאַכן דעם חשבון... אָ, ער האָט זיך דערמאָנט. דער „שטוט־גאַרטער ענין" גייט אים נאָך ווי די מלכה שבאָ. ער מוז זיך פון אים באַפרייען. און דאָס — מיט מיין הילף...

ער רופט מיך צו אַן ערנגעריכט אין דער „אַמיאַ". די קהילה וועט איצט נעמען אַ וואָרט. וואָס דער שרייבער־פאַריין האָט נישט געקאָנט טאָן — וועט די קהילה טאָן... אין וואָס ווער איך באַשולדיקט? און פאַרוואָס האָט ער געוואַרט אַזוי לאַנג? שוין פאַרביי קרוב צו פיר יאָר. אַדרבאָ. ער האָט זיך לכתחילה גאָר באַמיט צו פאַרגלעטן דעם ענין דורך — גלעטן מיך. פשוטו כמשמעו:

תיכף ביי זיין איבערטרעטן די שוועל פון בוענאָס איירעס, האָבן זיינע בונדישע חברים זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט, אים אָנגעטרויט אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן נאָר און אויך דאָס בעסטע — די צייטונג זייערע. ער איז געוואָרן רעדאַקטאָר. בין

איך זיך מודה: די מעשה איז מיר דעמלט נישט געווען „צום האַרץ״. וואָלט איך געווען בכוח, וואָלט איך געטאָן איבער די כוחות — אַוועקצונעמען פון אים דעם רעדאַקטאָר־טיטל. מחמת — אַז ער וועט האָבן אַ פרייע טריבונע און דערצו אַן אייגענע, וועט ער דאָך אַרויס קעגן מיר מיט אַ שפּיציק־שטעכיקער פּען און איך — ווי אַ געבונדענער האָן — וועל אַרומגיין מיט אַ צעדראַפּעטן גאָרגל און אַפילו קיין קריי נישט קענען טאָן. וואָרום, לויט אַ „דזשענטלמען־אָפּמאַך״ אין „די פרעסע״ האָב איך מבטיח געווען — צו פאַרגעסן דעם ענין „מאָטיע״...
נו? — האָב איך דעמלט געמאַכט אַ טעות: אין נומער 8—9 (18—19) „אונזער געדאַנק״ איז פאַראַן אַ רעצענזיע איבער מיין „אוזבעקיסטאַן״. דער רעדאַקטאָר האָט אַוועקגעגעבן קרוב פיר הונדערט זשורנאַל־געדיכטע פּעטיט־שורות און גע־שריבן סימפּאַטיש פון א. י. זאַקוסקי, תושב אין אַרגענטינע אַ יאָר דרייסיק, לערער, פּאָעט, עסייאיסט און סאָציאַליסט. אַזוי האָט מען מיר פאַרגעשטעלט זיין וויזיט־קאַרטע. די רעצענזיע איז אינספּירירט געוואָרן פונם רעדאַקטאָר, וואָס האָט דעם רעצענזענט אויך געגעבן דאָס בוך. בכן: וואָס איז פּלוצים געשען בערך פיר יאָר נאָך דער סימפּאַטישער רעצענזיע?
שוין פיל מאָל אין מיין בידנעם לעבן האָט געטראָפן, איך זאָל „פאַרבייגן״ אויף געצילטע פיילן; זאָל אפילו אַוועקקוקן אויף עוולות; זאָל אויך אַראָפּבייגן דעם קאָפּ כדי נישט צו דאַרפן אַ שפּרונג טאָן אויפן אָנפאַלער.
אויך דאָ האָב איך געטאָן דעם „ענין״ אַריינלייגן אין אַרכיוו פאַרן „קומענדיקן היסטאָריקער״, וויבאַלד — די איצטיקע צייט איז „אומפּאַסיק״ פאַר אַ משפּט איבערן דאָזיקן „חורבן־היסטאָריקער״. אָבער ער האַלט גאָר פאַרקערט. ער איז גרייט אַריינצוכאַפּן די פיילן. ער וויל דווקא אַרויסקומען דער העלד. איז גאָר גריילעך, אַז דאָס קהילה־געריכט זאָל וועלן מקיים־זיין די מצוה פון „ובערת הרע״ — — —

... דריי שופטים. זיי שטעלן זיך פאָר: ק., ג. און ק. — קהילה־דאָזאָרעס. אין וואָס ווער איך באַשולדיקט? פאַרוואָס האָט מען מיר נישט געגעבן דעם באַשול־קונג־אַקט? מען קלערט מיר אויף, אַז דאָ איז בלויז אַן ערגעריכט, אַ מין חברים־געריכט, וואָס האָט נישט קיין פּאָליציי און נישט קיין תפיסות. בלויז אויסהערן די צדדים און גיין — שלאָפן. די שופטים זענען מיד נאָך אַ טאָג אַרבעט. זיי ווילן דעם ענין פאַרענדיקן נאָך היינט. זאָלן די צדדים אַרויס־לייגן זייערע טענות. דאָס וועט זיין גענוג.
הכלל: איך פרעג נישט מער. דער „חבר מאָטיע״ הייבט־אָן מיט אַ לאַנגער דרשה. ער הייבט אָן און ענדיקט נישט. אַ ריכטער בעט אים, ער זאָל מקצר־זיין. איז דער קיצור פון זיין דרוש: איך האָב אים שאַנטאַזשירט אין דייטשלאַנד און איבער דער גאָרער וועלט; אויך דאָ טו איך אים שאַנטאַזשירן, אַ סימן:

איך האָב פּראָוואָצירט דעם שרייבער י. אַ., ער זאָל אַרויסטרעטן קעגן אים. אַזוי וויט גרייכט מיין כוח, צו קענען אָרגאַניזירן איבערפאַלן — מיט יענעמס קולאַקעס...

געהערט און געשוויגן. עס האָט זיך מיר געוואָלט אים אַ שליידער טאָן עפּעס איבערן קאָפּ. אָבער — געשוויגן. לסוף באַקומען דאָס וואָרט — צום פאַר־טיידיקן זיך. וואָס שייך מיין „צווייטן שאַנטאַזש", האָב איך פאָרגעלייגט אַרויס־צורופן דעם הויפּט־עדות, אָבער ב. האָט זיך תיכף קעגנגעשטעלט. מיין רעדע איז געווען אַ הונדערטסטל חלק פון זיינער. האָב בלויז דערלאַנגט פאָטאָקאָפּיעס פון דאָקומענטן: שטוטגאַרטער קאַטאַלאָג, בריוו, צייטונג־אויסשניטן. דער „חבר מאָטיע" האָט געפּרוווט פּסלען די קאָפּיעס. ער האָט דווקאָ געוואָלט כ'זאָל ביילייגן די אָריגינאַלן — זאָלן זיי בלייבן אין קהילה־אַרכיוו איידער איך זאָל זיי אַרומ־טראָגן מיט זיך... דאָס געריכט האָט מסכים געווען אָנצונעמען די קאָפּיעס.

און אָט האָב איך אויסגערופן בקול רם:

„און איצט גיי איך אַריבער פון אַ באַשולדיקטן צו אַ באַשולדיקער!"

... זיך געענדיקט דער פאַרהער. וואָס ווייטער? איך איַל אין רעדאַקציע. אַקסעגצאָוו איז קראַנק. איך פאַרטרעט לעצטנס כמעט אָן איבעררייס די נאַכט־אַרבעט.

## 26. אַ שרייבערישע קרענק

אַ שרייבער הייסט נישט דווקא דער וואָס טוט רק שרייבן, רעאַגירן „אויף דער הייסער מינוט", נישט לאָזן זיך קיין צייט אויף — טראַכטן. אַ שרייבער דאַרף מער טראַכטן ווי שרייבן. בכלל, איז געזינטער פאַר אים, ער זאָל האָבן צייט פריער צו באַטראַכטן די טעמע איידער ער נעמט זי „אויף דער פען". אַ שרייבער דאַרף וויסן וואָס ער וויל; ער דאַרף אויך האָבן צייט צו לייענען וואָס אַנדערע שרייבן. ער טאָר זיך נישט „אויסשרייבן". ער טאָר נישט ווערן שרייבעריש פּראָפעסיאָנעל, מאַכן פון דעם איידעלן פאַך — אַ פּרנסה־פאַך. דער שרייבער דאַרף זיין פאַראינטערעסירט, אַז זיין „לשון" זאָל ערגעצווו צילן און אַז עס זאָל האָבן פּעולה.

טאָ לאָמיר אַ ווייל „אָפּווייכן פון וועג" און אַ שרייב־טאָן וועגן, אַז — אַז שרייבן איז אויך אַ קרענק: שרייבן בכדי צו „זיין געדרוקט". אין יעדן מענטש זיצט אַ שרייבער. עס ווענדט זיך בלויז, צי דער „זיצנדיקער" שרייבער איז אויך אַ מענטש, אָדער — אַ קרענק...

איינעם אַזאַ קרענק אַנומלט ערגעצווו באַגעגנט. ומעשה שהיה:

איז געפאָרן אַ ייד פון בוענאָס איירעס טוריסטעווען קיין ישראל. צווישן זיינע חפצים — אַ בינטל כתבים. דערמיט האָט ער געהאַט בדעה אויסצושלאָגן די

הוצאות — נישט דווקא דעם קרן, נאָר טאַקע אַריינכאַפּן אַ היפּשן ריווח. אַז אַ ייד פּאָרט אינם לאַנד פון די אָבות דאַרף ער פון דאָרט עפּעס מיטברענגען — אַ ביסל גייסטיקן פאַרגעניגן — — — איז דער ייד אַוועק אין דער רעדאַקציע פון „די גאָלדענע קייט", צעעפנט זיינע כתבים און געזאָגט כהאַי לשנה:

„אַט גיב איך אייך איבער די טענות, וואָס דער גערער חסיד יאָסל ראַקאָווער האָט געהאַט צו גאָט בעת ער, יאָסל חסיד, איז געלעגן אין אַ בונקער אין וואַרשעווער געטאָ. די כתבים זאָלט איר שטאַרק היטן. ראַקאָווער האָט זיי פּאַר זיין טויט אַריינגעלייגט אין אַ פלאַש, באַגראָבן אין דר'ערד און ערשט האָט מען זיי געפונען. פון וואַנען די כתבים קומען צו מיר? דאָס וועל איך אייך זאָגן אַ צווייט מאָל. דערווייל דרוקט־אָפּ די „טענות" און דערציילט, אַז דאָס האָב איך אייך געברענגט די הייליקע כתבים".

וכך הווה. די דערציילונג האָט גערעדט צו דער נשמה, אַנגערירט ביים האַרץ. חוץ מזה האָט זיך אַרויסגעוויזן — האָט יאָסל דער גערער חסיד געהאַט טאַלאַנט צום שרייבן. העיקר: דער זשורנאַל איז אָנגעקומען צו דעם און יענעם, אויך אַריינגעפאַלן צו מיר. האָב איך אַרויסגענומען אייניקע ציטאַטעס, זיך אויך אָפּגעשטעלט אויפן אַריינפיר וואָס דערציילט, אַז דעם מאַנוסקריפּט האָט מען געפונען אין אַ פלאַש און געברענגט אים קיין תל־אביב האָט דער טוריסט פלוני־אַלמוני פון אַרגענטינע. אַ רירנדיקע געשיכטע אין אַ קינסטלערישער דערציילונג וואָס רופט אַרויס טרערן...

דער טוריסט איז אַהיימגעקומען. זיינס אָפּגעטאָן: איצט ווייס די גאַנצע וועלט, אַז ער (מיט זיין שרייבערישער קרענק) עקזיסטירט. אלא וואָס? דער שקר האָט נישט קיין פיס און דער אמת גייט צופוס. ער האָט צייט, דער אמת, ער שפּאַנט פּאַמעלעך, אָבער אויפן דרך הישר. און אַזוי האָט דער אמת אַריינגעשפּאַנט דאָ און דאָרט, ביז אימעצער האָט זיך געכאַפּט, אַז די מעשה מיט יאָסל ראַקאָווער איז שוין געווען געדרוקט ערגעץ. ער האָט אַליין זי דאָ געלייענט מיט עטלעכע יאָר צוריק. יאָ, די מעשה האָט געהאַט צוגעשיקט אַ שרייבער פון תל־אביב, אַ שרייבער מיט טאַלאַנט און רייכער פאַנטאַזיע. דאָס האָט ער קינסטלעריש צוגעטראַכט די טראַגישע געשיכטע פון יאָסל ראַקאָווערס אויסטערגען זיך מיט גאָט. גאָר מעגלעך, אַז אַ שמץ דערפון איז געווען אמת. אָבער דעם גאַנצן אמת האָט די שרייבערישע קרענק איינגעהילט אין פוילן שקר... דאָס האָט ער, דער טוריסט מיט דער שרייבערישער קרענק, איבערגעשריבן די געדרוקטע מעשה, צוגעטראַכט דעם שקר וועגן „כתבים אין דער פלאַש", אָפּגעחוזקט פון אַ וועלט אויפן חשבון פונם פינצטער־טראַגישן פּייסאַזש אין וואַרשעווער געטאָ.

נו, דער ריווח איז אים סיווי נישט באַקומען, מחמת — די קרענק האָט עס

אויסגעקרעגקט; מחמת — די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען פון די אָפּגעגאַרטע שרייבערס... זיין אויסזען — אַ קרענק: ער איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים — — — אַ פּראָטאָטיפּ פון דער שרייבער־חולאת.

## 27. ראַדיקאַל־פּאַרטונקלט דער פרעאָן־שמייכל; ווידער: גוט פאַר יידן?

קאַלט־שטעכיקער ווינטער. עס לייגט זיך מיר נאָך אַלץ נישט אויפן געדאַנק, אַז אין סאַמע מיטן תמוז זיך מוזן איינבאַבלען אין אַ שווערן פּאַלטן, אין אַ סוועדער, אין לאַנגע גאַטשקעס און לייבלעך... אַז אַלץ איז דאָ קאַפּידרעך.

און קאַפּידרעך איז אויך: אין אַ קאַטוילישער מדינה, ווו די שפּורן פון דער אינקוויזיציע וואַלגערן זיך נאָך אין שטיין־אַלטע קלויסטערס, זאָל מען גאָר אונטערצינדן קלויסטערס, שלאָגן גלחים, פאַרברענען צלמים!

אָט קום איך איצט „נישט טויט, נישט לעבעדיק" פון דער אַווענידאַ ריוואַדאַוויאַ, אין שטאָט־צענטער, ווו אַ באַמבע האָט צעזעצט די טירן און פאַרביקע שויבן פון אַזאַ מקום קדוש. אויך געזען: היסטערישע מענטשן־פאַרפלייצונג שלעפּט אַ פּעטן, אַן אויסגעפּאַשעטן גלח, אַ צוגענאָגלטן צו אַ צלם אוןביידע — דער גלח און דער צלם — ווערן געוואָרפן אויף אַ העליש פייער אין מיטן גרויסן פּלאַץ נעבן רעגירונגס־הויז, די „קאַסאַ ראָסאַדאַ".

וואָס טוט זיך דאָ? ממש ווי אין די אינקוויזיציע־צייטן, נאָר אַביסינקע פאַרקערט. דאָ ברענט מען גלחים גאָר. אמת, דער גלח איז געווען אַן אויסגעשטאָפּטע פיגור, דאָך וואָלט איך נישט קאַווירט — ווען אַ לעבעדיקער גלח וואָלט אין יענער רגע פאַרבייגעגאַנגען דעם ספּאַזמאַטיש־קוויטשענדיקן המון, צי מ'וואָלט אים נישט אַ לעבנדיקן אַריינגעשליידערט אין פייער — „ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן"... אַוודאי זענען פאַרבייגייערס נישט געווען צופרידן, געשפּריצט מיט די אויגן און געקריצט מיט די ציין, אָבער די בהלה איז פאָרט געמאַכט געוואָרן אין מיטן העלן טאָג —

מצד אחד איז די פאַרשטאָרבענע סעניאָראַ עוויטאַ פּאַרהייליקט, ממש קאַנאָני־זירט: אירע בילדער הענגען אונטער איקאָנעס, אַריינגענומען אינם אָרעאָל פון אַ מאַדאָנע; מצד שני — ווערן די געהייליקטע געברענט אויף שייטער־הויפנס.

גיי און פאַרשטיי אַזאַ קאַפּידרעך! — — —

און ווידער נעמט זיך פּילן אויף קאָריענטעס דאָס אָנרוקן פון ראש השנה. אַ האַנדל מיט „שטעט", אַ קאָנקורענץ מיט חזנים; דער „פּאַסאָ"־טעמפּל ווערט געלופּטערט.

עס רוקט אָן דער פּחד פון אימהדיקע טעג. עס גרייט זיך — דער יום הדין.

נישט פאַראַן ספּעציעל וואָס צו פאַרצייכענען. די יידישע גאַס, די יידישע צייטונ־גען, די קולטור־אַפּאַראַטן און פּאַרטיי־אָנגעשטעלטע — אַלץ ווי פאַראַיאָרן,

ווי פאַר צוויי־יאָרן. אַט ווערט בקרוב פיר יאָר פון מיין זיצן דאָ. קיין חידושים. רעדעס. לויבערייען. „פּיעסטאָס". „פּאָזשאַ"...

און קאַלט איז דאָ — אָן אַ היימיש־וואַרעם ווינקעלע. נישטאָ דער יונג־טומלדיקער ענטוזיאַזם פאַר דעם יידישן שרייבער, פאַר דעם יידישן וואָרט, פאַר יידיש. אַ רעשטל פון אימיגראַנטן־דור וואַרעמט זיך אַרום פּירקאַנטיקע אותיות, זוכט צווישן די זילבערנע־און גאָלדענע חתונה־אַנאָנסן און (נישט אויסגערעדט זאָל׳ס זיין) שוואַרץ־רעמלדיקע נעקראָלאָגן היימישע נעמען, וואָס שפּאַנען צו גבורה אָדער וואָס האָבן איצט אָוועקגעשפּאַנט אין די עולמות... אויך בנמצאָ פּלי־כּעוואַטע יידן, וואָס זוכן אין בלאַט זייערע נעמען אונטער דריישפּאַלטיקע באַנקעט־ווינטשעוואַניעס פאַר דעם פּרעזידענט פון דער אָדער יענער „סאָסיעדאַד" צו זיין זיבעציקסטן „אַניווערסאַר".

אַט אַזוי. די פּען גליווערט צווישן די פינגער — אי פון קעלט אין דער „פּרעסע"־בודע, אי פון אַ מין פּאַראַליז אין די אברים (רחמנא לצלן), וואָס קומט פון אַן אַלגעמיינער פּאַראַליזירונג — — —

ימים נוראים. פּאַרכטיקע טעג. סעפּטעמבער 1955. שטורמישע טעג. עס קערן זיך וועלטן. באָמבעס. יאָ. עס פאַלן באָמבעס פון הימל. עס גרייטן זיך צו פאַלן באָמ־בעס פון ים. אולטימאַטומס. דראָאונגען. שלאָפלאָזע נעכט. לסוף —

זיין עקסעלענץ, גענעראַל כואַן דאָמינגאָ פּעראָן איז אַנטלאָפן; פּשוט: אין אַ רעגנ־דיקער מיטן־נאַכט זיך אַרויסגעגנבעט פון דער „קאַסאַ ראָסאַדאַ", וואָס איר פּלייצע קוקט צום לאַ פּלאַטאַ־טייך, אַרויף אויף אַ פּאַראַגווייער קריגס־שיף און פון דאָרט אַרויסגעגעבן זיינע לעצטע פּאַראָרדענונגען...

די שפּעטע נאַכט־שעהן דאַרפן דעצידירן. די אויפשטענדלערס ווילן פּאַרהאַנדלען. זיי רופן די פּעראָניסטן צו זעצן זיך ביים טיש אין „קאַבילדאָ", דעם היסטאָרישן פּאַלאַצל ווו עס איז געגרינדעט געוואָרן די רעפּובליק.

און דערוויל — שאָסן און אויפרייסן. טויבע קלעפּ פון ערגעץ ווייט און נאָענט. דאָס לאָזט זיך נישקשהדיק „אָפּפילן" אין יידישן צענטער. פּוסט אַרום די שולן. עס איז דאָך ראש השנה. די טירן פון טעמפּל געשלאָסן. אַלץ געשלאָסן. אויך אין נישט־יידישן צענטער פילט זיך — ימים נוראים. גענעראַל־שטרייק. דעמאָנ־סטראַציעס. עס לויפן אַרום ווייזשילאַנטן מיט שטעקנס און בלאָנדע קאָמיסאַרלעך — מיט בלאַנקע שווערדן, צעטרייבן די דעמאָנסטראַנטן, פּעראָנס אָנהענגער; אַלץ שרייט: פּע־ררראָן! און פּאָליציי פויקט איבער די קעפּ און פּלייצעס. די זעלביקע ווייזשילאַנטן פון נעכטן, פון מיט אַ וואָך צוריק. פּעראָנס פּאָליציי...

איז שוין פאַרביי די מהומה? יאָ. פאַרביי אַ נאַכט און ווידער אַ טאָג. די ווענט — פאַרשריבן מיט גרויסע „פּ": — פּעראָן האָט איבערגעלאָזט יורשים. די סע־כע־טע האַלט־אָן דעם גענעראַל־שטרייק. און די צייטונגען, בפרט די יידישע, ווייסן

נאָך נישט — ווער ס'איז מיט וועמען און — ווען אַוועקשענקען דעם ערשטן „קאָפּ". מען שמועסט — אַן איבערגאַנג־רעגירונג, אַ מין קאָאַליציע: מיט פּעראָ־ניסטן און אָן פּעראָנען... די שפּיצלעס שליאָנדערן נאָך אַרום איבער דער גאַס. די חזירשע מאָרדע פון דעם מסור איזראַעליט שטעקט נאָך אַריין איר שנוק אין די יידישע רעדאַקציעס. דאַכט זיך, אַז איצט איז געקומען די צייט, איך זאָל אויף אים אַ שליידער־טאָן אַ שווערע זאַך, האַ? — — —

יוסף אַקסענצאָוו הייסט צוואַרטן. מען דאַרף זיין געוואָרנט, מחמת מיר וויסן נאָך נישט צו ווען עס געהער דער מאָרגן. ער מעקט־אויס פון מיין מאמר דאָס וואָרט „געוועזענער". גאָר מעגלעך, אַז ער וועט צוריקקומען...

אָבער „די גאַס" דערציילט, אַז „ער" וועט שוין נישט צוריקקומען. די ראַדיקאַלן מאַניפעסטירן זייער נצחון מיט — לאַנגע בעזעמס. זיי קערן, זיי רוימען. זיי פירן דורך איבער די גאַסן אַ — בדיקת חמץ. דער בעזעם — סימבאָל פון ריינ־קייט, פון פרייהייט... „ליבערטאַד!" טראָגט זיך איבער גאַסן איין פריילעכער אויסגעשריי.

און ביים עק קאָריענטעס, אין שטאָט־צענטער, — זיך געעפנט אַ פריילעך טע־אַטערל, ווו קאָמיקערס חוזקן פונם „געוועזענעם". אַ ריזן־געמאָלט בילד שטעלט פאָר: פּעראָן זיצט אויף דער פּאַראַגווייער שיף מיט אַ פּעקל געלט־באַנקנאָטן; די אויפשטענדלערס שמייכלען זיגעריש: אַ כפרה דאָס געלט, אַבי פון אים פּטור געוואָרן...

יאָ, דער בעזעם גאַסטראָלירט איבער די גאַסן.

איז עס „גוט פאַר יידן"?

די יידישע „קאָלעקטיוויטעט" איז נייטראַל. וואָס ווייטער — וועט די צייט באַווייזן. און דערווייל — די יידישע צייטונגען האָבן זיך שוין באַוויזן „איבערצו־קוליען". אין די „קעפּ" פאַרנעמען שוין די רעדעס פונם נייעם פּרעזידענט, לענאַרדאָ (זיי וויסן נאָך נישט גענוי ווי מען דאַרף אויסלייגן דעם נאָמען פונם נייעם פּרעזידענט; שרייבן זיי: „לעאָנאַרדאָ") דעם אויבנאָן; פריער האָט גערעדט — יענער, איצט רעדט — דער; פריער האָבן די ווייזשילאַנטן געשלאָגן די ראַדיקאַלן, איצט שלאָגן זיי די פּעראָניסטן.

מאָרגן?

ווער ווייס...

דערווייל פרעגן זיך יידן: איז עס „גוט פאַר יידן"? פּעראָן איז געווען גוט צו אַלעמען; געווען אויך אַ „קאָמפּאַניערא" מיט יידן. אַז דער „דאַיאַ"־פּרעזידענט איז געשטאָרבן, האָט פּעראָן צוגעשיקט אַ טרויער־קראַנץ מיט אַ שוואַרצן באַנד און גאָלדענעם אויפשריפט: „פּעראָן". דער קראַנץ איז געהאַנגען אין סאַמע פראָנט פונם טרויער־וואָגן. ביי „אים" האָבן יידן געמאַכט אַ נישקשהדיק לעבן.

וואָס וועט זיין איצט? און דערווייל קערט מען די גאַסן; דערווייל שאַלט דער נצחון איבער די גאַסן.

און אויך איך ווער אַריינגעריסן אינם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, — כמעט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. אַפּילו די רעוואָלוציע זאָל נישט האָבן „אויסגעפאַלן" גוט „פאַר דער מענטשהייט און פאַר יידן", איז פאַרט נישט שלעכט אַזאַ ענדערונג. צו־רואיק און שטיל געווען. און שטיל איז אויף אַ בית־עולם. און שטיל איז אויך געווען (און געבליבן) אויף דער יידישער קאַריענטעס, שטיל, רואיק, צופרידן. וואָלט, בנאמנות, כדאי געווען אויך דאָ צו מאַכן אַ „שטיקל רעוואָלוציע" — בכלל: האָב איך דאָך שוין אויך רעכט צו מאַכן „רעוואָלוציעס"; בין איך דאָך שוין אַן אַרגענטינישער בירגער...

יאָ. פאַרגעסן. זינט אַראָפּוואַרפן פּעראָנען — איז יאַנקעלע גיבאַלעס געוואָרן „קראַנק". מען זעט אים נישט אין גאַס, נישט אין רעדאַקציע. זיין איבערגעזעצט „ווערק" פון עוואַ פּעראָן, שמועסט מען, האָבן צוגענומען די יידן פון דער „איאַ", די יידישע פּעראָניסטן: אויב פאַרדינען געלט — זענען זיי בילכער. נו, האָט זיך אין מיטן דעם עסק אַריינגעריסן די פאַראַגווייער קריגשיף און אַוועקגעפירט דעם הויפּטהעלד ווייט פון די היגע ברעגעס.

און אָנוכי הקטן? ווי קאָן איך גאָר רוען אין אַזוינע שטורמישע טעג? ניין. איך רו טאַקע נישט. אָט פאַרענדיקט צוויי „רעוואָלוציאָנערע" פעליעטאָנען. נומער 1: „שרייבערישער יום הדין"; נומער 2: „דער סימבאָלישער בעזעם". דעם ערשטן דערלאַנגט צום זעצן אין „די פּרעסע", דעם צווייטן — אַוועקגעשיקט קיין ניו־יאָרק, אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע". אינם ערשטן רעדט זיך וועגן אַן „אויפשטאַנד" אַביסעלע ברמיזא (פאַרט אַ יידישער גזלן); אינם צווייטן איז שוין דער ענין אַ קלאָרערער: עס איז דאָך שוין סיווי נאָך דער רעוואָלוציע... דאָ דרייט זיך דער שמועס אַרום איינעם אַ הויפּט־העלד: שימעלע סאָראָקער, אַ באַ־קאַנטע פיגור פון אמאָליקע שניידערישע צייטן און פון איצטיקע — אַרגענטינישע אויך. הכלל: דער סימבאָלישער בעזעם פאַדערט — אַ רייניק־טאָן אויך די סאָראָקערס...

און די „דאַיאַ", די רעפּרעזענטאַנץ, לאָזט פון זיך הערן: זי רייניקט... זענען דאָך יידן אַ טייל פון דעם אַרגענטינישן קאָלעקטיוו — אַז מען רייניקט דאָרט... האָט מען זיך דאָ ראשית אַ נעם געטאָן צום רב, דעם קהילה רב, וואָס האָט געהאַט געקושט די האַנט פון דער קראַנקער עוויטאַ און געזאָגט תהלים נעבן איר בעט. האָט בלויז דער רב געקושט? זענען דאָך די „דאַיאַ"־ און קהילה־יידן געווען גליקלעך צו דריקן די האַנט פון „זיין עקסעלענץ" אויפן גרויסן באַנ־קעט! האָט דאָך דער פּרעזידענט פון קרן־קימת דעמלט ענטוזיאַסטיש אויסגע־שריגן: „פּה רון" — אַ מויל וואָס זינגט! — — גיי און פאַרשטיי און — רייניק!

און פּאַרוואָס זאָל נישט יאַנקעלע גיבאַלעס פאַרמאָגן אַ ביסל „אייל אין קאָפּ", כּדי זיך צו „כובילירן", אַוועקצוגיין אויף פּענסיע? כ'לעבן, ער וואָלט געדאַרפט פילן, אַז זיין צייט האָט זיך געענדיקט. ווי שעמט זיך נישט אַזאַ ייד צו שרייבן ווידער די גראַמען, ווידער צו סאָראָקעווען!?

אָט האָט ער דעם 6טן סעפּטעמבער, ער, באָטאַשאַנסקי־סאָראָקער־גיבאַלעס — ווען דער סימבאָלישער בעזעם האָט געהאַלטן אין מיטן רייניקן דאָס מיסט פון די גאַסן — דערלאַנגט אַזאַ מין היסטערישן וואָרף אין פּרצוף די געוויסע יידן אין בוענאָס־איירעס (כּדי מסתּמא זיי זאָלן זיך נישט פּעדערן און אים דערלאַנגען מיטן בעזעם איבערן קאָפּ...):

...זאָלן זיי וויסן דידאָזיקע וואָס מיינען, אַז זיי וועלן איינפירן אויף דער יידישער גאַס אַזאַ רעזשים, וואָס איז שוין ברוך השם אין לאַנד געפאַלן. אַז מען וועט זיי געבן איבער די הענט...

ווער־ווער, אָבער נישט ער! ער דאַרף גיין אין זיין רו אַריין און וואָס־גיכער! טשעקאַווע: עס האָט זיך אָפּגערופן אַ ייד, וואָס האָט אים געענטפערט אין וואָכנבלאַט פון די רעכטע פּועל"צ, „די נייע צייט" (אַ זעלטנהייט, באמנות!):

...מילא, דאָס סטראַשען ווי דאָס סטראַשען, נאָר דער „ברוך השם" נאָכן געפאַלענעם רעזשים אין מויל פון י. ב. האָט אַלע חנען. מיינט ער טאַקע, אַז מיר האָבן אַזאַ קורצן זכּרון און האָבן פאַרגעסן זיין קרובהשע שייכות מיטן רייסן זיך איבערצוזעצן אויף יידיש אַ „בוך", וואָס דעם „זין" פון דעם האָבן אַלע געוווּסט... עס איז גענוג דער מוסטער... אויף צו פאַרדעקן זיין פאַרראַט צו דער נאַציאָנאַלער יידישער געזעלשאַפט — — —

סאַראַ געזעלשאַפט — אַזוינע מנהיגים. יאָ, עס ווילט זיך אָפּרוען...

דערהאַלטן אייניקע בריוו. באַזונדער אינטערעסאַנט איז דער בריוו פון ראובן רובינשטיין; אַ גוטער פריינד פון שלעכטע צייטן, מסתמא וועט אונזער פריינטשאַפט אָנהאַלטן אויך אין גוטע צייטן. ער גיט עס מיר טאַקע אָנצוהערן:

תל־אָביב, 21.9.55

טייערער פריינד...

...איך האָב זיך באמת דערפרייט, אַז איר קלייבט זיך אַהער אויף אַ באַזוך. שוין לאַנג צייט געוועזן. אַ יידישער שרייבער מוז דאָך זען די יידישע מדינה! צי האָט איר אַ סך יידישע מדינות געזען אין אייער לעבן? איך בין זיכער, אַז איר וועט הנאה האָבן. על כּל פּנים וועט איר זען אַ נייע, זייער יידישע און יידישקייט־וועלט. און איך האָף, אַז איר וועט גאָר אפשר וועלן דאָ לאָזן וואָרצלען... איך בין אייך מבטיח צו אַראַנזשירן פאַר אייך אַ פיינעם קבלת־פּנים, כּי לך יאה, לך נאה, ווי אין דער הגדה שטייט. איך בין גרייט אייך צו העלפן מיט וואָס איך קען. איר וועט דאָ געפינען אַ גאַנץ היפּשע שרייבערישע סביבה — איך מיין טאַקע פון יידיש־שרייבער.

...ווען קלייבט איר זיך צו קומען? איך וועל גלייך מעלדן וועגן דעם

אין יידישן שרייבער־פאַריין... אויך די געוועזענע שארית־הפליטהניקעס פון דייטשלאַנד וועלן זיין צופרידן אייך אויפצונעמען. ס'איז אגב דאָ פאַראַן אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ גרויס ווערק וועגן דער שארית הפליטה אין דייטשלאַנד. געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט צו דעם צוועק. איך האָב צוגעשטעלט אַ פּלאַן פון דער אויסגאַבע. זייט איר דאָך דער ריכטיקער מענטש מיט דער פעדער פאַרן אָנטייל אין אַזאַ אַרבעט! מיר גרייטן זיך צו שאַפן אַ פאָנד — פאַראַן דערצו מעגלעכקייטן און טאַקע גאַנץ רעאַלע. נאָר וועגן דעם וועלן מיר שמועסן פערזענלעך — — —

מיט האַרציקער פריינדשאַפט, אייער ראובן רובינשטיין

מילא, וואָס שייך דעם „פיינעם קבלת פנים", נו, גרייכט נישט מיין גייציקייט צו־וויט; מכוח דער „היפשער שרייבערישער סביבה", זענען די אַנדערע גרוסן פון דאָרט אין דעם זין היפשלעך אַפּיקורסישע; בנוגע דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן „אַ גרויס ווערק וועגן דער שארית הפליטה אין דייטשלאַנד" — מילא. אָבער ביז די רעדער וועלן אַרויסגעשלעפּט ווערן פון זומפּ, וועט מסתמא דער גאַנצער וואָגן צעבראָכן ווערן... אַזוי בערך איז געשטאַנען געשריבן אין מיין ענטפער־בריוו צו ר. ר.; געענטפערט בילדעריש, אָבער נישט פּעסימיסטיש. חס ושלום. גוט צו געפינען זיך בשכנות פון אָפּטימיסטן. און ראובן רובינשטיין איז דאָך איינער פון זיי. זיכער האָט ער אַ „פאַרוואָס" פאַר זיין אידיליע.

אין אַ בריוו פון 27טן סעפּטעמבער פאַרלאַנגט פון מיר דער רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", ס. דינגאָל, — נאָך אַ דורכשמועס מיטן אַרויסגעבער מאָריס ווײַנבערג — צו „דעקן" פאַר זיין צייטונג די געשעענישן אין אַרגענטינע. הכלל: עס שטייט הינטער דער טיר — אַ מאה... נאָך דעם בריוו פון ראובן רובינשטיין, איז דער פאָרשלאַג פון דינגאָלן ממש אַראָפּגעפאַלן פון הימל — עס וועט זיין צושטייער אויף הוצאות... אַ גוטער סימן. מען דאַרף זיך באמת נעמען — צו דער „עליה".

און די גאַסן ווערן נאָך געריייניקט און געפּוצט. די זיגערס האָבן נישט בדעה אַרויסצולאָזן דעם בעזעם. זעט אויס, אַז אַרגענטינע איז געוועזן נישקשהדיק פאַרמיסטיקט. עס וואָלט אָבער אויך געוועזן אַ יושר, אַז נאָכן אָפּרייניקן איין טייל פּאַליצעס פון דער גרויסער קראָם, — זיי אויסצופּילן מיט עפּעס, אַן עפּעס, וואָס זאָל נישט אַרויסרופן אין גאַס קיין קאָנטער־רעוואָלוציע...

די וועגנט ווערן כסדר באַפאַרבט מיט אַ גרויסער „פּע". פעראָנס אָנהענגער לאָזן זיך פּילן אין אַלע ווינקעלעך. זיי לאָזן זיך נישט אויסרייניקן.

אויך די יידישע אינסטאַנצן ווערן געבאַלעבאַטעוועט ווי ס'וואָלט גאָרנישט פאָר־געקומען. די זעלביקע נעמען. די זעלביקע מנהיגים. די „קעפּ" פון די צוויי טאָג־צייטונגען האָבן זיך שוין באַוויזן איינצובייגן פאַר דער נייער אָרדענונג. נו, איז דאָך ביי יידן פאַראַן אַ געזעץ: דינא למלכותא דינא. דאָס מלכות, סאַראַ פאַרב

עס זאָל נאָר טראָגן, איז עס מלכות און מען דאַרף דערצו דינען. — — —
און ווידער נעמט דער זומער אַריינקריכן אין די עצמות מיט זיין הייסן מרחץ. און די גאַס, ווי מיט אַ חודש און צוויי צוריק. די טראָטואַרן פאַרפּולט. עולם איילט הין און צוריק פון פאַרטאָג ביז פאַרטאָג. אַ שטויסעניש אַרום די „קאַווע־לעך". אָפּגעגאַנגען אַ „קוואַדרע" און געטרינקען אַ קאַוועלע. — ביטער־זיס. מען זאָגט: די אמתדיקע קאַווע ווערט געשיקט קיין אויסלאַנד און די שעטשקע — פאַרן היימישן טאַפּ. סיווי — מען זופּט קאַוועלעך און מען עסט ביפן — רויע שטיקער פלייש —„ביפע דע לאָמאָ". מען טרינקט און מען עסט — אַ גאַנצן מעת־לעת.
ווען אַרבעטן זיי, די אַרגענטינער?

## 28. „נאָר נישט קיין קאַסטנער־פּראָצעס"...

באַקומען אַ בריוועלע פון דער קהילה. אַ מסיבה? אַ פּרעסע־קאָנפערענץ? אַ קבלת־פּנים פאַר אַ וויכטיקן שליח? ניין. אין בריוועלע שרייבט זיך אָפיציעל:

יידישע קהלה פון בוענאָס איירעס
דעם 19טן אָקטאָבער 1955
ה' מ. טשעמני
שטאָט

זייער חשובער פריינד:
איר ווערט פאַרבעטן צו קומען אין אונזער סעקרעטאַריאַט, דאָנערשטיק, דעם 27טן ד. ח. 10 אַזייגער פרי, בכדי זיך דורכצושמועסן וועגן אַ וויכטיקן ענין.

מיט דרך ארץ
נחמן ראַדזיכאָווסקי, גענ' סעקרעטאַר

וואָס זאָל דאָס באַטייטן? אַ וויכטיקער ענין? איך וואַרף דורך אין קאָפּ אַלע וויכטיקע און אומוויכטיקע ענינים, וואָס כ'האָב געהאַט, האָב און האָב בדעה צו האָבן מיט דער קהילה — — גאָרנישט. אויב טענות — ווערן זיי געשיקט צו דער „פּרעסע"־פאַרוואַלטונג. און דעמלט (אָ, דעמלט!) לערנט מיט מיר דער פאַרוואַלטער, עוזר בומאַזשני, אַ קאַפּיטל „פאַרשטייעניש": וואָס־וואָס, איר פאַרשטייט, מיט דער קהילה טאָר מען נישט זאַטשעפּען. די קהילה אונזערע איז נאָך אַלץ אַ חברה קדישא, קכי־כי, ס'הייסט, זי מאַכט אַ לעבן דערפון, וואָס, רחמנא לצלן, אימעצער ווערט אַ „הלך לעולמו", נישט אויסגערעדט זאָל'ס זיין, קכי־כאַ־כאָ! און אַזאַ איינער, איר פאַרשטייט, דאַרף טאַקע אויך האָבן געוועזן, חוץ אַ דבר אחר — כאָטש אַ באַנקיר, אַן אינדוסטריעלער, אַ... אַזאַ איינער, וואָס די קהילה זאָל קענען הנאה־האָבן פון אים — — —
האָב איך לעצטנס זאַטשעפּעט מיט דער קהילה? חלילה. אַז די פּען מיינע האָט

גאָר באַקומען פון מיר וואַקאַציע. נישקשה. זי האָט זיך פאַרדינט. אם כן, מכוח וואָס האָט זיך דאָס די קהילה מיט מיר דורכצושמועסן?

די קהילה געפינט זיך אויף דער גאַס פּאַסטעאור נומער 633. דער אויסנווייניק — שוואַרצער מאַרמאָר. ער גלאַנצט מיט מצבה. אַן אויפשריפט — איין וואָרט. פיר אותיות אין לאַטיין: א מ י א. ראָשי תיבות: אַסאָסיאַציאָן מוטואַל איזראַ־עליטאַ אַרכענטינאַ. עס פעלט אַ פּירקאַנטיק אות, וואָס זאָל באַשטעטיקן, אַז דאָ איז באמת — אַ יידישע קהילה. אַ שמאָלער, אַ לאַנגער, אַ בכבודיקער בנין, ווי איינגעהילט אין אַן אַטלאַסנער שבת־קאַפּאָטע. עס שמעקט מיט הייליקייט, מיט — חברה קדישאָ.

יידן רופן זי אַזוי — חברה קדישאָ. דאָס איז איר אוראַלטער נאָמען. אַ קהילה איז זי געוואָרן לעצטנס. און אין איר, אין דער קהילה, איז טאַקע צונויפגעזאַמלט אַלץ, וואָס קהל פאַרמאָגט, דאַרף און פאַרלאַנגט. זי דערמאָנט אָן אַ גרויסער אונטערנעמונג, ווו עס טומלט מיט באַאַמטע, רוישט מיט פּאַפּירן — מיט עבר, הווה און עתיד. אָן ערך פערציק טויזנט מיטגלידער פאַרמאָגט זי, די קהילה. נישט קיין סך לויט דער צאָל יידן אין בוענאָס איירעס — אַריבער די פיר הונ־דערט טויזנט.

שטאָק אַרויף, שטאָק אַראָפּ. וואַרט־זאַלן. אויפנעם־זאַלן. חדרים, חדרימלעך. אַ געלאָף, אַ געשאָרוועץ מיט פּאַפּירן; איבער די שטאָקן — אַ גערעדעריי אין שפּאַניש, אויך טיילמאָל — אַ געשאָרך אין יידיש. שטאָקן.

דאָ פאַרנעמט אויך אַ שטאָק דער שטודיר־זאַל, ביבליאָטעק און אַרכיוו פון ייוו״אָ. אויך געפינט זיך דאָ דער לערער־סעמינאַר (ריכטיקער: לערערינס־סעמינאַר, מחמת דער רוב — שילערינס). אין דער קהילה ווערן אויפגענומען און געזעגנט חשובע געסט. זי גיט ביישטייערונגען און סובסידיעס, פאַרנעמט זיך מיט ועד הרבנים, ועד החינוך, קולטור־דעפּאַרטאַמענט, בית עלמינס, חודש פון יידישן בוך. נו — און נאָך אַנדערע ענינים, וואָס דרייען זיך און קערן זיך דאָ אַרום די אויגן און טריט. אַ קהילה. נישט ערגער פון אַנדערע קהילות. און טאַקע בעסער אויך!

וויפל איז דער זייגער? אַ יונגערמאַן דערנענטערט צו מיר. איר...? יאָ. ער פירט מיך אַריין אין אַ זייטיק צימער. נעבן דער טיר — אייניקע שטולן. אויף איינער — דער קהילה־פּרעזידענט, שמואל ראַבינאָוויטש. אַן עלטערער, בכבודי־קער, פּאַלקסטימלעכער ייד. זייער פּשוט און זייער עמכדיק. ער שטעלט אָן אויף מיר אַ זייער פאַרזאָרגט פּנים און ערנסט־קוקנדיקע אויגן. ער עסט־איין אין מיר זיין בליק:

„וואָס פאַרלאַנגט איר פון דעם משפט?”

משפט? איך קוק אים אָן פאַרטראַכט: סאַראַ משפט און צו וואָס זיץ איך דאָ?

„אייגנטלעך, אין וואָס איז דער ענין?" — ווער איך טשעקאַווע.
„דער ענין איז נוגע דעם משפט צווישן אייך און מרדכי בערנשטיין".
אָ, ערשט זיך געכאַפּט, זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לאַנגן דרעמל. שוין פאַרביי אייניקע חדשים; געווען זיכער, אַז ערגעץ איז דער משפט דאָ געוואָרן „אָפּגע־ווישט", פאַרגעסן. ניין. ווייזט אויס, אַז דאָס גייט מען מיר דאָ דערלאַנגען דעם אורטייל... אָט אַזוי? פרעגן מיך — וואָס איך פאַרלאַנג? סטייטש? און ווו איז יענער, דער בר־פלוגתא מיינער?
„נו, איך בין גרייט צו הערן אויב עפּעס ממשותדיקס".
„נישטאָ קיין ממשותדיקס. איך וויל, איר זאָלט מבטל־מאַכן דעם פּראָצעס און אויב פאַרלאַנגט איר עפּעס, לאָמיר זאָגן, אַן אַנטשעדיקונג פאַר עפּעס"...
„חס ושלום. נישט איך האָב אים גערופן צום משפט, נאָר ער — מיך. דער ענין איז נישט קיין פערזענלעכער. ער איז נוגע דעם כלל. און איך בין נישט שולדיק, וואָס די מעשה האָט זיך איבערגעדרייט אויפן משפט: איך בין געוואָרן פון אַ באַ־שולדיקטן — אַ באַשולדיקער"...
„נו, גוט, טאָ וואָס פאַרלאַנגט איר סוף־סוף? איר זענט דאָך דער תובע!"
„יאָ. איך פאַרלאַנג, אויף וויפל עס איז מיר נוגע, אַז דער צד שכנגד, ווי ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר די שופטים און אויב ער איז געפונען געוואָרן שול־דיק, זאָל זיך נישט טאָרן פאַרנעמען מיט קיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט"...
„באמת. דאָס וויל איך טאַקע וויסן פון אייך און דערפאַר וויל איך, אַז איר זאָלט מבטל־מאַכן דעם פּראָצעס און לאָזן זיין אויספיר פאַר אַנדערע... מיר ווילן נישט דאָ קיין קאָסטנער־פּראָצעס; עס וועט זיין אַ חרפה פאַרן ישוב. מיר האָבן נישט קיין כוח דערצו!"
דער ראש הקהל האָט זיך שווער אויפגעהויבן, מיר דערלאַנגט אַ ציטערדיקע האַנט, באַוויזן אַ פאַרזאָרגט פּנים. ער איז אַוועק צוזאַמען מיט אַ באַגלייטער צו דער הינטער־טיר. איך בין צוריק אַרויס אויפן קאָרידאָר, זיך פאַרטראַכט וועגן דעם ענין. הער אַ מעשה: שוין געהאַט פאַרגעסן, איז ער געקומען און אויפגעראָיעט אַ סומאַטאָכע. וואָס האָט ער געוואָלט, אַז איך זאָל בעטן ביי אים מחילה? זיינע מעשים האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין טראַכטן פון די ריכטערס. אַחורי הפּרגוד האָט מען איבערגעגעבן, אַז דאָס געריכט זאָל זיך האָבן אָפּגעזאָגט צו פירן ווייטער דעם משפט, ווייל „דאָס איז נישט לויט אונזערע כוחות" און אַז מען דאַרף צונויפשטעלן אַ ספּעציעלן טריבונאַל פון יוריסטן און רבנים... לסוף טוט גאָר דער ראש הקהל אַפּעלירן: נאָר נישט קיין קאָסטנער־פּראָצעס אין אַרגענטינע!
אָט־דערין ליגט דאָך שוין דער אורטייל!
נישט איין מאָל — טאַקע אין די איצטיקע וואָכן — געשריבן קעגן „קאָסטנע־

ריזם", קעגן דער עליטע, וואָס ראַטעוועט די אייגענע פעל און מאַכט אַ לעבן אויפֿן חשבון פֿון כלל — — —

## 29. אויך אַ שרייבער וויל עסן

בערל גרינבערג גייט מיר אַנטקעגן. ער שמייכלט ווי שטענדיק. אָבער פֿון זיין שמייכל קוקט אַרויס ביטערקייט, שפּאַרט אַרויס פֿון אַלע גריבעלעך און שפּעל־טעלעך אויף זיין פּנים. ער גלייכט זיך אויס מיט מיר. נעמט ציטערן מיט די ליפּן:

„הע? אויך דו ביזט שוין געוואָרן אַ גרויסער מענטש? עס פּאַסט דיר שוין נישט צו רעדן מיט אַזאַ נישטיקייט ווי עס איז בערל גרינבערג? וואָסי, פֿאַרוואָס באַהאַלטסטו זיך פֿון מיר? אַוודאַי געהערסטו צו די בעסערע מענטשן־שרייבערס דאָ; ביזט אַ שארית־הפּליטה־שרייבער, אַ געבערענגטער פֿון יענער זייט ים... ווי קאָן איך זיך גאָר פֿאַרגלייכן צו דיר?"

„בערל — האָב איך איינגעקוועטשט אַ האַנט אויף זיין ציטערדיקן אַקסל — אפשר וועסטו אויפֿהערן מיט דיינע שטעכענישן! עס שטעכט מיך סייווי!"

„וואָס שטעכט דיך אַזוינס, אדרבא — איז ער מיר אַריין אין די רייד מיט ירגזון — דו דאַרפֿסט אַרומלויפֿן אין גאַס זוכן פּרנסה? און אויב זאָג איך „דו", מיין איך אַלע זיי, די קאַלעגן דיינע מיט דיר בתוכם... פֿאַרוואָס זאָל גראָד איך דאַרפֿן זיין אינקאַ־סענט פֿון דער קהילה, קלאַפּן אין טירן פֿון גראָבע יונגען, וואַרטן כעני בפּתח ביז יענער וועט מיר יאָ אָדער נישט אַרויסדערלאַנגען די פּאָר פּעזעס, דעם מיט־גליד־אָפּצאָל פֿאַר דער חברה־קדישאָ... גראָד איך? האָבן זיי נישט געקענט גע־פֿונען אַ בעסערע, אַ בכּבֿודיקערע, אַ מענטשלעכערע פּרנסה פֿאַר בערל גרינבערג?"

יאָ, ער איז בפּירוש געגערעכט. אַפֿילו די קהילה־לייט וואָלטן נישט געהאַט קיין פּלאַץ ווו אים אַוועקצוזעצן אויף אַ באַאַמטן־בענקל, האָבן זיי אים פּשוט גע־דאַרפֿט געבן אַ חודשלעכע סובסידיע; מחמת אין אַ בודזשעט פֿון מיליאָנען וואָלט זיך געמעגט פֿאַרוואַלגערן אייניקע טויזנטער פֿאַר אַ יידישן שרייבער, אַ פּראָדוקט פֿון אַרגענטינע, אַ יחיד, וואָס טראָגט מיט רעכט דעם נאָמען שרייבער.

„אָבער בערל — האָב איך געפּרוּווט אַרויסקריכן פֿון דער אומבאַקוועמער באַגע־געניש — איך בין דאָך נישט... שולדיק... גלייב מיר, אַז מיין פּרנסה איז אויך נישט קיין בכּבֿודיקערע... ווייסטו דאָך וויאַזוי עס באַלעבאַטעוועט זיך אין „די פּרעסע" און ווער עס באַלעבאַטעוועט דאָרט און וויפֿל דערדאַזיקער באַלע־באַטעווער הייסט זיך באַצאָלן פֿאַר דעם ביסל פּרנסה... עך, בערל. דו זאָגסט, אַז דו קאָנסט נישט חנפֿהנען אָבער חניפֿה איז אַ פֿאַך. אַנדערע מאַכן דערפֿון אַ בכּבֿודיק לעבן. זיי פֿאָרן אין אייגענע אויטאָס. זיי זענען רעדאַקטאָרן, פּובלי־ציסטן, פּאָעטן. אָט האָב איך בשכנות איינעם אַ פּאָעט־פּובליציסט אַזאַ, וואָס זיינע

שרייבערישע לאַנדסלייט רופן אים „זאַמבאַל" — איז ער צענפּאַכיק גרעבער פון אַ טויץ גראָבע יונגען דיינע. יענע דאַרפן דיר געבן די פּאָר פּעזעס און דער־אַ האָט אַזוי לאַנג נישט קיין מנוחה, ביז — ער רייסט אַרויס ביי יענעם דעם לעצטן ביסן פון מויל. ער גראָבט ווי אַ מויז אַזוי לאַנג ביז עס ווערט אַ לאָך... זאָגסטו: יחסנים"...

„נו, איז ער אַן אויסנאַם. אָבער סאַראַ שייכות האָט עס מיט מיין ביטערער דאָליע און מיט די געוויסע ממונים, וואָס לאָזן מיך טרעטן מיט די פיס"...

„מאַכסט ווידער אַ טעות, בערל. ער איז נישט קיין אויסנאַם, פאַראַן צווישן די „יחסנים" נאָך און נאָך... אָט איז דער „חבר מאַטיע" — אַ טיפּ, וואָס געפינט זיך אונטער חשד, אַ גיריק־געמיינער און כיטרער טיפּ — נו, איז ער נישט רעדאַקטאָר און וואָרטזאָגער און קהלישער פאַרזאָרגער?... זעסטו, וואָלטן די־דאָזיקע טיפּן נישט געווען דאָס, וואָס זיי זענען, וואָלטן זיי מסתמא נישט געוואָרן דאָס וואָס זיי זענען איצט... — און טאַקע דערפאַר ביזטו אַן אינקאָסענט, בערל". ער קוקט מיך אָן מיט אויגן, אי פאַרצווייפלטע, אי פאַרכעסטע. ער וויל דווקא שפּאַצירן, רעדן און שפּאַצירן און אַרויסרעדן פון זיך די ביטערקייט. נו, וועל איך פּרווון אַרויספירן דעם שמועס אויף אַ שרייבערישן ענין, דהינו: שרייבן, אַרויסגעבן ביכער.

„ווילסט מיך שוין ווידער קריטיקירן, האַ? — האָט ער גענומען צאַפּלען מיט די ליפּן — מיין ווייב וויל פּרנסה, דערפאַר מוז איך אַליין פאַרקויפן די ביכער מיינע. דו זאָלסט נאָר נישט געפּרווט ווערן מיט מיין טעם".

אפשר איז ער גערעכט. אָבער איך האָב גראָד יאָ געוואָלט געפּרווט ווערן מיט זיין טעם... ווארום, אָט מיט אייניקע וואָכן צוריק אָפּגעגעבן אין זאַק אַ מאַנוס־קריפּט פון אַ בוך, וואָס דאַרף טראָגן דעם נאָמען „אויסגעוואָרצלטע" — וואָס וועל איך טאָן דערמיט?

„נו, באמת: אַז מיין בוך וועט ווערן פאַרטיק".

„דו קענסט זיך דערלויבן — האָט בערל אַ שפּרונג געטאָן — דו זיצסט אויף אַ גוטן פּאָסטן, מעגסטו אַרויסגעבן ביכער און זיי לאָזן אונטערן בעט".

„אָבער בערל — האָב איך זיך אַריינגעריסן אין זיינע רייד — וואָס רעדסטו כסדר וועגן פּרנסה? ווען האָט אַ יידישער שרייבער געמאַכט פּרנסה פון שרייבן, פון ביכער? איך בין נאָך אַלץ ביי דער מיינונג, אַז ראשית וויל דער שרייבער ווירקן"...

„יאָ, אויך דער שרייבער דאַרף געבן עסן אַ ווייב און קינדער"...

ער האָט זיך האַסטיק אַוועקגעלאָזט צו דער ריכטונג פון זיין גאַס „דאָלאָרעס" — וויטיקן...

## 30. דער דראַפּענדיקער בעזעם אין „די פּרעסע"

יוסף אַקסענצאָוו ליגט קראַנק (אויף אַן אמת) ערגעץ אין אַ קליניק. האָב אים באַזוכט, — אַ סקעלעט. אים דערציילט וועגן מיין אַרבעט, געפּרוּווט מיט אים שמועסן מכּוח אינערלעכע רעדאַקציע־ענינים — נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. אפשר וועט ער אַרויסקריכן. דערווייל... אויס־מענטש.

18טער נאָוועמבער 1955. אַ בריוו פון דער פּאַ"ש. איר רעדאַקטאָר איז מיר מודיע: „אייער קאָרעספּאָנדענץ „דער סימבאָלישער בעזעם" באַקומען. אַ האַר־ציקן דאַנק איך פאַר דאָס צוגעשיקטע. עס וועט זיין געדרוקט אינעם קומענדיקן נומער" — — —

שוין לאַנג אַוועקגעשיקט דעמדאָזיקן „בעזעם". כמעט פאַרגעסן. יאָ, וועגן וואָס רעדט זיך דאָרט? וועגן דעם רעוואָלוציאָנערן בעזעם, וואָס די ראַדיקאַלן האָבן מיט אים אויסגעקערט די גאַסן נאָכן אַראָפּוואַרפן פּעראָנען; עס רעדט זיך דאָרט אויך וועגן שימעלע סאָראָקער, וואָס טראַכט נישט צו לאָזן זיך „רייניקן". ער האָט אַפילו נישט בדעה צו גיין זיך אָפּטובלען ערגעץ אין אַ כשרער מקווה...

און אָט — אָוונט: דער סעאַנס האָט זיך שוין אָנגעהויבן. יאַנקעלע איז אַנגעלאָפן אַ צעשויבערטער — ווי אַ ווינט אַריינגעפלויגן אין רעדאַקציע־צימער, אַ ריס געטאָן פון טיש אַ פּאַק מאַנוסקריפּטן. זיין ציגיינעריש פּנים — שוואַרץ, חושך. ער איז אַריין אין אַדמיניסטראַציע. דאָרט — זיך פאַרטיפט אין אַ שמועס מיט איינעם אַ קאָאָפּעראַטיוו־מיטגליד.

איך בין אַוועק. דער נומער פּאַ"ש איז שוין אָנגעקומען אַהער. קלאָר: שימעלע־יאַנקעלע וועט איצט אַרויס דער זיגער: וועט מיך „אַרויסרייניקן" פון זיין צייטונג־בודע. אָבער איך וועל נאָך פריער אַוועק. אָט גיי איך שוין אַוועק. האָב דאָ מער נישט וואָס צו טאָן; האָב נישט בדעה צו קאָנקורירן מיטן „זאַמבאַל". נישט פאַר מיינע כּוחות.

און כ'בין אַוועק.

צומאָרגן נאָכמיטאָג — געקומען אַ „שמעק" טאָן. סתם אַזוי. געזעסן דאָ פיר יאָר. אויך ביז מיין קומען אַהער — מיטגעאַרבעט אַ יאָר פיר. דאַרף מען זיך כאָטש געזעגענען. נו, דער קאַסיר האָט מיר עפּעס צו זאָגן. ער איז — געלט־אויסצאָלער. ער זעט פאַר זיך פאַרביקע געלט־פּאַפּירלעך. וואָס נאָך? פרעגט אים בחרם — וואָס און ווען עס טוט זיך אין דער צייטונג. פון זיינעטוועגן — מעג „די פּרעסע" זיין אויסגעפּילט מיט בלויז אַנאָנסן.

„הערט — האָט זיין בליק געהאַט אין זיך וואָרענונג און דערציערישקייט —

די פאַרוואַלטונג האָט געהאַט אַ זיצונג און באַשלאָסן: — איך צו באַשטראָפן מיט צען טעג אומזיסטע אַרבעט!״
האַ? יאָ, אַ פאַרשטענדלעכע שטראָף. זי פאַרגעפּילט. אָבער איך מאַך זיך נישט ווייסנדיק:

„האַ? פאַרוואָס? אומזיסטע אַרבעט? עס שמעקט דאָך מיט קאַטאָרגע!״ אַ טרוקענער ביוראָקראַט. קיין שמייכל. ער איז זייער ערנסט. איי, פאַרוואָס אַזאַ שטראָף? מסתמא האָט ער געהערט, אַז איך האָב באַליידיקט איינעם פון די מיט־באַלעבאַטים... באַליידיקט? שוין נישט ס׳ערשטע מאָל. אָן אומהיימלעכער פאַר־לעצער. דאַרף מען באַשטראָפן. באַ־שטראָ־פן! און זאָל ער וויסן, דער חוצפּהניק! איך בין אַוועק פון טיש. אין אַ זייטיק צימערל שטייט דער „זאַמבאַל״. דערזעט מיך, צעשמייכלט ער זיין פּנימל: „אַ באַלעבאָס באַליידיקט מען נישט!״ מיין תשובה: „שטינקער!״... און — אַרויס אויף דער גאַס. וואָס? לייבקנעכט? באַ־שטראָפן? מען זעט דאָך שוין מער נישט דעם מסור איזראַעליט זיך אַרומדריי־ען אין דער בודע! — — —

אויף דער גאַס לייכט אָפּגעאָטעמט — כאָטש די לופט איז אויסגעפּילט מיט מרחץ, מיט שוויצבאַד. אוף! פון איצט אָן דאַרפן טראַכטן וועגן אויספּילן דעם טאָג — נאָכן איבערלאָזן די פאַרשפּינוועבטע „פּרעסע״־בודע; דאַרפן טראַכטן וועגן תכלית, וועגן — דעם מאָרגן און איבערמאָרגן פון מיין יאָ־אָדער נישט־זיין אין דעם אַרגענטינע.
איך זיץ אין מיין חדרל. די שכנותדיקע „מערקאַדאָ״ האָט איצט פּאָמידאָרן־סעזאָן. דער סופיט איז באַדעקט מיט אַ פאַרביקן פליגן־טעפּעך: בלאָע, גרינע, גאָלדיקע און פּילקאָלירנדיקע פליגן — פּיצינקע, מיטעלע און ברייט־פּעטע.
ס׳אי מיר גוט!
איך קוק־איבער די קאָרעקטן פון מיין „אויסגעוואָרצלטע״. דערנאָך — פאַרמאַך ס׳פענצטער, פאַרשטאָפּ אַלע שפּאַרונעס און פאַרמעסט זיך מיט אַ שווערן שפּריי־צער צום סופיט — אַ קאַנאָן קעגן מיינע שונאים! אויסגעשאָסן — און אַוועק, הערמעטיש פאַרשלאָסן די טיר.
אַזוי טאָג נאָך טאָג. ביז דער פּאָמידאָרן־סעזאָן וועט זיך ענדיקן.
און נאָכן צוריקקומען — די פּאָדלאָגע איז פאַרשפּרייט מיט טויזנטער מתים; מיין זיג... נאָך אַזוינע זיגן — און כ׳מעג זיך אויף אַן אמת באַזעצן אין אַרגענטינע.
נו — און וואָס ווייטער? האָב אַפילו נישט מיט וועמען זיך דורכצושמועסן. די היגע יידישע דעמאָקראַטיע ליגט אַזוי פאַרדעקט אונטערן בליי־שטויב פונם „גע־

דרוקטן וואָרט", אַז מען זעט זי כלל נישט אַרויס. אָט — האָט אַ פאָלק אויסגע־קעמפט די פרייהייט; פאַר מעגן שרייבן, פאַר מעגן רעדן און פאַר מעגן קערן די גאַסן. ליי־בער־טאַד! און ביים יידישן טייל פונם דאָזיקן פאָלק? גאָרנישט! דאָ הערשט נאָך דער "קאָודידזשאַ". דאָ מעג מען נאָך באַשטראָפן — לייבקנעכט. געהאַט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. צי וואָלט נישט געווען אַ יושר גדול, כ'זאָל "פאַר־בייגן" עוולות? מוז איך זיך שטעלן אויף יעדן דאָרן, בכדי צו דערפילן, אַז כ'שטיי ממש אויף אַ דאָרן? און אפשר פאַרבייגיין אויך די סאַמע לעצטע אַנשי־קעניש, זיך מאַכן נישט־זעעוודיק, נישט־פילעוודיק; אויסקויפן אַ שיפסקאַרטע קיין ישׂראל — און פטור ווערן פון די פאַרשידענע אַנשיקעניש, רחמנא לצלן?!

— יאָ, בפירוש אַ געדאַנק. אָבער לאָמיר פרווון טראַכטן אויף צוריק. אמת, זיי האָבן מיר נישט אַראָפּגענומען די קאַטשקעס פון וואַסער, נישט אויסגעטאָן אַ נאַ־קעטן אין מיטן גאַס; אָבער עפּעס איז דאָך פאָרט געשען: — פאַרוואָס שליידערט מען זיך מיט מיר? מוז איך זיין אַ הפקר־זאַך כלפי אַזוינע, וואָס האָבן פרעטענ־זיעס אויף "דערציען אַ געזעלשאַפט"? מעגלעך, אַז כ'וואָלט נישט געדאַרפט טאָן דאָס וואָס כ'גרייט זיך צו טאָן. נו, איז אין אַ לייטישער געזעלשאַפט בנמצא אַ בוררות־געריכט, וואָס גלייכט אויס סכסוכים. אין דעם פאַל — אַ שרייבעריש־פראָפעסיאָנעלע. דאָ? איז געמאָלט אַז אַ צייטונג־באַלעבאָס זאָל זיין פרעזידענט פון אַ "שרייבער־און זשורנאַליסטן־פאַריין", אַ מין פאַריין, וואָס דער סאַמע רוב פון זיינע מיטגלידער געהערן בכלל נישט "צום פאַך" — אַ פיקציע, געשאַפן פאַר אַ בכבודיקער פרעזידענטן־פירמע? העיקר: וואָס איז דען שייך "אויס־צוגלייכן" מיין טראַכטן, מיין פילן, מיינע רעכט אויף קריטיק און אַפילו אויף "אַרונ־טעררייסן". דעם סאַמע באָס־פרעזידענט? — אַ גלייכשאַלטונג? פע! קיין שום בייזער חלום איז מיר דערווייל נישט קעגנגעקומען, אַז אַ "באַלידיקטער" שריי־בער זאָל זיך מעגן באַנוצן מיט דער פויסט, בכדי אויפצווייזן זיין "גערעכטי־קייט"... ובכן, וויל איך טאַקע זען, צי אין אַרגענטינע בכלל הערשט די פויסט אין דער פרייגעוואָרענער געזעלשאַפט. סייווי — אַ פאַרשפילטער — וואָס שטייט מיר פאַר צו פאַרלירן?

בין איך קודם אַוועק זיך דורכשמועסן מיט אַקצענסאָון. ער, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון "די פרעסע", איז זייער אַ סאָלידער, אַ רואיקער, שטענדיק גרייט אויסצוהערן דעם צד שכנגד. אָבער נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. זיין לאַגע — זייער אַ קלאָגנדיקע. אַ גרויסער ספק, צי ער וועט זיך בכלל אומ־קערן צו דער אַרבעט. אַ שאַרבן. ער האָט געהערט וועגן מיין "געשיכטע". איז ער דאָך נאָך אַ לעבעדיקער מיטגליד פון קאָאָפּעראַטיוו. וואָלט ער געזעסן אונטן, וואָלט דערצו נישט געקומען. דאָך, איז ער ביי דער מיינונג, אַז כ'דאַרף זיך אומקערן צו דער אַרבעט, זיך נישט מאַכן ווי סנדיק. זיי ווילן דאָרט דאָס. זיי

ווילן פאַרגעסן די גאַנצע מעשה. אויך זיי האָבן נישט קיין כוח צו קעמפן מיט יאַנקעלע־שימעלע סאָראָקער. עס איז זיי שוין נמאָס.

„פּאָלגט מיר.זיי מוזן אים נאָכגעבן און איר טוט ס׳אייעריקע. גיט זיי די צען טעג און שרייבט וואָס איר ווילט און פאַרשטייט. זאָל עס הייסן אַזוי. זיי וועלן אייך סיווי באַצאָלן״.

יאָ־באַצאָלן, נישט־באַצאָלן — — — מער אַקסענצאַוון נישט געזען. אַ שאָטן פון אַ געוועזענעם מענטש האָט גערעדט צו מיר.

## 31. יורשים אָן ירושה

ווי דער גורל שפּילט עס אונטער: פּונקט צו די פיר יאָר האָט זיך דאָס שיסעלע איבערגעקערט מיטן דנאָ אַרויף, אויסגעגאָסן די סמעטענע. דעם זיבעצנטן יאַנואַר 1952 מיט פרייד באַטראַכטן דעם אַרגענטינישן באָדן, די פרייד פון אַ פּליט, וואָס ווערט אויס־פּליט; געקומען זיך באַזעצן צווישן יידן, צווישן המשך־ און קיום־יידן — איז מיר קאַפּויערגעקומען דאָס אמתדיק־נייע לעבן — — אַ לעבן פון „אַקטן״ און קולות: מיר די יורשים! מיר די פאָלקסטימ־לעכע! מיר די שיינע יידן! אויך געוויסע שרייבערישע געסט, וואָס באַקומען דאָ אַן „ענטוזיאַסטישע אויפנאַמע״, לייגן־צו אַ שפּענדל (אַנדערע — אַ קלאָץ) צו דעם פאָלקס־פייער, וואָס בריט און גליט אין דער היגער פאָלקסטימלעכקייט. איז וואָלט בכן אפשר טאַקע כדאי געווען, אַז אַזאַ ווי איך, וואָס בין געקומען „צו אַ ברעג״ און געלעכצט צו געפונען אַ מקום־מנוחה, אַז כ׳זאָל זיך באמת ערגעץ באַזעצן — און אַן עק! אַז סיווי האָבן דאָך מיינע „רעוואָלוציעס״ אַזאַ פּעולה, ווי וואַסער־טראָפּנס זענען בכוח צו שפּאַלטן אַ פעלז וואָס ליגט באַגראָבן אין זומפּ.

איז — אפשר? בנאמנות: אויסזוכן אַ רואיק ווינקעלע ערגעץ, אָפּרוען, פיזיש זיך אויסגלייכן נאָך אַזאַ צעשרויפטן נע־ונד... במה דברים אמורים — ווען כ׳וואָלט באַוויזן זיך אויסצולערנען, למשל, „קלאַפּערייי״. וואָלט איך פאַרוואָרפן איבער די פּלייצעס אַ זעקל מיט שקאַרפּעטן, שניפּסן, ווינדעלעך וכיוצא בזה און אַוועק דערמיט איבער די הייזער, ביז — כ׳וואָלט זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַן אייגענער קלייט און קאָטש. גוטע יידן וואָלטן מיר מסתמא צוגעהאָלפן מיט קרעדיט און הלוואות. נו, שווער איך ביי אַלע הייליקע, אַז כ׳טו נישט טראַכטן דערוועגן, מחמת — כ׳האָב נישט די געהעריקע פעאיקייטן דערצו. וואָלט סתם מבוזבז געווען די טובות פון לאַנדסלייט, צעריסן די שיך און פיס...

צעברעכן די פּען? אָ, דאָס איז זייער אַ שווערער ענין... אַריין אין בלוט — דאָס שרייבן; אַריינגעלייגט דערין מיין גאַנצע יוגנט־ענערגיע. עס האָט מיך געצויגן דערצו. געלעבט דערמיט. טעג און נעכט. אָן עסן, אָן שלאָפן. אָנגעהויבן שרייבן —

מיט אַ פּלפּול אין תורה־זשורנאַל „הכרם״ פון דער פּיאַסעטשנער ישיבה. געווען איז דאָס צו מיינע זעכצן יאָר בערך. און דערנאָך האָבן זיך אַרויסגעקייקלט ביטערע יאָרן: אַרויס פון ישיבה און אין ערגעץ נישט אַריין. איז דאָך דאָס געווען דער גורל פון דער יידישער יוגנט דעמלט. אין די שפּעטע צוואַנציקער יאָרן אינם באַפרייטן און באַפרייערישן פּוילן —

האָט עס מיך געשטויסן צום באַשרייבן די נויט אין קעלער־ און בוידעם־שטיבלעך, פון וואַנען עס איז אַרויסגעוואָקסן די היימישע יוגנט, פּילפּאַרביק און אידעאַליסטיש און, בעיקר — יידיש: אַ יידישע יוגנט, וואָס האָט זיך געצויגן הויך און העכער, אָנגעפּילט מיט גייסטיקע ווערטן. יידיש געזאַנג, יידישע תנועות, אויסגעמישט מיט יידישער התלהבות — אין שטעט און שטעטלעך פון פּוילן דער מדינה.

יאָ. אַ שרייבער איז דאָסזעלביקע באַשעפעניש ווי אַ סטאָלער, אָבער קיין סטאָלער איז ער פאָרט נישט. אַ שרייבער — חוץ זיין שיין־קונסט־שפּילעריי — איז אויך אַן איבערלעבער; ער זעט די סביבה און מיט איר נערט ער זיין פּען. פאַראַן שרייבערס, וואָס זענען קינסטלערס צו מאַכן אַרום זיך טומל: זייער גרויסקייט, זייער איינציקייט — אַלץ זייערס. נו, בלייבט עס דערביי. זיי גרייכן צו (אומ)־בכבודיקער פּרנסה און זייער שרייבן שמעקט מיט דומפּיקייט, איז געקוועטשט און זויער, ווי ס׳וואָלט געקומען פון אַ צעשימלט־צעקנייטשטער אוגערקע.

צוזאַמען מיט די פּוילישע יידן זענען אויך פאַרטיליקט געוואָרן די פּויליש־יידישע שרייבערס. געבליבן אַ מיזערנע שארית־הפּליטה, וואָס איר רוב וויל אָפּנעמען פאַר דער פאַרלוירענער צייט: עסן, רוען און דאַנקען אַלע דאַנקערס זייערע — — —

יורשים!?

יאָ. פיר יאָר פאַרביי זינט כ׳האָב זיך באַזעצט צווישן די „יורשים״ — און ווי עס טרייבט מיך פון זיי!

אַזוי — פון זיבעצנטן יאַנואַר 1952 ביז זיבעצנטן יאַנואַר 1956 —

איצט, פּונקט צום פערטן יאָרטאָג האָבן זיי מיך באַשטראָפט פאַר נישט־צופּאַסונג, פאַר נישט־אַריינפּאַסונג. — — —

איינער אַ בחור פאַרנעמט זיך מיט מיין „ענין״. אַן אָרנטלעכער בחור. ער וויל דווקא פירן „די פּרעסע״־לייט צום געריכט. אָט איז ער געווען ביי מיר מיט דער בשורה: ער האָט אויפגעזוכט אַן אַדוואָקאַטן־ביוראָ, באַהאַנדלט דעם ענין און באַשלאָסן איבערצוגעבן אין געריכט. דער „ענין״ האָט געמאַכט אַן איינדרוק. סטייטש: צונעמען די פרייהייט — נאָכן אַראָפּוואַרפן די אומפרייהייט!?

דער בחור לעבט ממש מיט דער „זאַך״: אַזאַ אומגערעכטיקייט!

„האַ, ווו זענען אייערע, די „אויפגעקלערטע״, מיט זייער דעמאָקראַטיע — די

שרייבערס אייערע? האָבן זיי זיך אָפּגערופן מיט אַ וואָרט? זענט איר דאָך אַלע — קאָלעגן... פאַרוואָס צווינגען זיי, איר זאָלט גיין אין אַ גוישק געריכט? גאָר מעגלעך, ווען אייערע „קאָלעגן", די שרייבערישע קעמפּערס, משטיינס־געזאָגט, וואָלטן פאַרלאַנגט יושר, וואָלט אפשר נישט געדאַרפט קומען דערצו... איצט"...

איצט האָב איך אים נישט וואָס צו ענטפערן. אויך איך שעם זיך פאַר דער שווייגעניש פון די צייטונגאָווע פען־האַלטערס, וואָס זייער „זשורנאַליזם" גרייכט נישט העכער פון דער נאָז פון זייער באַלעבאָס (די צווייטע, די „אידישע צייטונג", האָט בלויז אַ באַלעבאָסטע). פאַר זיי איז עס אַן אינדיווידועלער פּרנסה־ענין. יעדער פון זיי איז ביי דער מיינונג, אַז אָט דער צווייטער, דער קעגנאיבערדי־קער טישזיצער, נעמט פון אים אַוועק די פּרנסה. גיי פאַרלאַנג עפּעס פון יידן, וואָס דאַרפן פּרנסה, וואָס זייער זשורנאַליסטיק איז לויטער — „פּינוסע"...

. . און צווישן דעם אַלעם איז אַרויס פון דרוק מיין בוך „אויסגעוואָרצלטע". פעברואַר 1956. איצט בנאמנות געקומען די צייט: פאַרפּאַקן דאָס פּעקל און זיך אַוועקלאָזן צו דער לעצטער סטאַציע. וואָס־שייך צו וואַרטן? צידה לדרך שוין לאַנג צוגעגרייט. עס ליגט צוקאָפּנס: מאַנוסקריפּטן, ביכער, בריוו... אויך הוצאות פאַראַן. נישקשה. אַ ייד ווערט נישט פאַרלוירן אין יידן־לאַנד. איי, די אומסיפּאַטישקייט פונם דאָרטיקן פאַרענגטן יידיש־ווינקל... נו, פאָרט דאָך אַ ייד קיין ארץ־ישראל און נישט צו וועמען־דאָרט. אַוירא דאַרעאַ מחכימא...

נאָכן פאַרלאָזן די „פּרעסע־בודע און די סביבה אַרום איר, האָבן זיך ביי מיר פאַנאַנדערגעעפנט די נאָזלעכער — זיי עטעמען פרישע לופט. אַראָפּגעפּטרט אַן עול, אַ מאַסע פון אומצוטרוי און אינטריגע. אָט דערמאָן איך זיך: נישט לאַנג צוריק געפּרוווט „אויף אַ דעמאָקראַטישן וועג" רעאַגירן קעגן די ציגיינערישע שטיק ביי אַ זיצונג פון רעדאַקציע און פאַרוואַלטונג. דערצו האָט מיר געדאַרפט העלפן, לויט אַ פריערדיקן הסכם, איינער אַ מיטאַרבעטער, יאַנקעלעס אַ לאַנדס־מאַן, וואָס באַקומט יעדער מאָל ס׳קדחת ביים דערזען דעם בן־עיר זיינעם: טוט זיך הייבן פון בענקל,ביילט די פויסטן און פאַרצווייפלטע געשרייען לעכערן דעם סופיט... נו, איז געקומען די צייט צו מאַכן טאַלק — און אַ סוף!

דער סוף? אויף דער זיצונג האָט דער בעסאַראַבער־מיטאַרבעטער איבערגעקערט דעם פּעלץ, אים אָנגעהאָנגען אויפן בעסאַראַבער־באַלעבאָס... איבער זיין פּנים איז געלעגן אויסגעלייגט אַ רחבותדיקער שמייכל — צופרידן, וואָס מען לאָזט אים זיצן אויף אַ זיצונג מיט גרויסע — באַלעבאַטים — — —

געהאַט אייניקע טרעפונגען מיט די אַדוואָקאַטן. דער בחור מיינער רוט נישט, געפינט זיך שטענדיק אויפן פּלאַץ. ער פאַרלאַנגט בלויז — יושר. עע־עך, ווו שטייסטו איין... יושר!?

בקרוב וועט מען זיך טרעפן אין גערינכט. איך האָב נישט בדעה זיך צוריקצוציען. איז דען פאַראַן אַ געזעץ, אַז אַ יחיד מוז אַראָפּבייגן דעם קאָפּ פאַר אַ רבים, וואָס וויל מאַכן פון אים קליאַטשע? פון ווען איז הפקרות — געזעץ?

דעם רוב שעהן אין טאָג בין איך זיך מטפּל מיט פּאַקן און פאַנאַנדערשיקן מיין ניי־דערשינענעם בוך. אַ שרייבערס בוך איז געגליכן צו אַ מין פליענדיקן שליח, וואָס פאַרבינדט דעם מחבר מיטן לייענער, ברענגט אים גרוסן פון ערגעץ אַ וועלט, פילט אים אָן מיט האָפענונג: נישקשה, נאָך פאַראַן לעבן; דער מבול האָט נישט אַלץ פאַרטרונקען.

אויך מאַך איך שפּאַצירן איבער דער שטאָט, טרעף זיך מיט יידן, וואָס האָבן אינטערעס מיך צו זען. ביטערער גורל: געאַרבעט אין אַ צייטונג, דרויסן און אינעווייניק, במשך אַכט יאָר; כמעט יעדן טאָג האָט מיין נאָמען אַראָפּגעקוקט פון „די פּרעסע״; איצט בין איך פּלוצים פאַרשוווּנדן — און קיינער פרעגט נישט: ווו איז ער הינגעקומען? אַוועקגעפאָרן? גאָרנישט געהערט, מ׳זאָל אים האָבן געמאַכט אַ באַנקעט...

יאָ, „די פּרעסע״ האָט מיר יאָ געמאַכט אַ באַנקעט, געמאַכט, ווי איר שטייגער — היינט, מיטוואָך, דעם זיבעטן מערץ 1956, האָט מען מיר דערלאַנגט דעם נעכטיקן נומער, ווו אויף דער ערשטער זייט ווערט מיר אָנגעטאָן דער געהעריקער כבוד — פון אַ געדיכט־געפלאָכטן רעמל קוקט אַרויס פאָלגנדיקע נאָטיץ:

מיטטיילונג פון דער רעדאַקציע

מיר טיילן מיט אונזערע לייענער און אַלע אינסטיטוציעס, אַז דער ה׳ מלך טשעמני געהערט מער נישט צום רעדאַקציע־פּערסאָנאַל פון „די פּרעסע״.

אַ סאַטיספאַקציע: דאָס וואָס איך לאָז זיך נישט באַשטראָפן; פאַרקערט גאָר — איך גרייט זיך צו באַשטראָפן די באַשטראָפערס, האָט די „פּרעסע״־יאַנקעלעך דערלאַנגט אַ זאַטשמעליע איבער די קעפּ: אַזאַ הפקרעץ! ער מאַכט דאָך באמת אַ געריכט! און ווי לעכערלעך זיי האָבן זיך געמאַכט: אַ מעלדונג צו „אַלע אינסטיטוציעס״... וואָסי? האָב איך געפירט עסקים מיט די „אינסטיטוציעס״? דאַרפן זיי מיר אָפּשטעלן דעם קרעדיט? אַרויסלאָזן פון שותפות? אָבער די „פּרעסע״־לייט זענען גאָר אויסן צו געבן אַ ווונק: היט אייך פאַר אים! — — אַז מען פאַרלירט די קעפּ — — —

## 32. אַן עפּיזאָד: „בוענאָס־איירעסער שטימע״

צו דער צאָל פאַרצייכנטע „איבערקערענישן״ אין מיין נאָטיץ־ביכל, איז צוגעקומען נאָך איינע: אַ פרישע צייטונג אויף יידיש... יאָ, איך האָב זיך פאַרמאָסטן

„איבערצוקערן" דאָס יידישע אַרגענטינע, אָבער ביז דער פולער און ענדגילטיקער רעוואָלוציע — שפּאַן איך דערווייל אַרום „אָן אַ שטאָך אַרבעט". מילא, וואָס שייך תּכלית, וועל איך שוין דערוועגן טראַכטן דאָרט, וווּהין כ'גרייט זיך אַוועקצופּאַקן בקרוב. אָבער ביז דעמלט — דאַרף מען אויך טועם זיין פון אַביסל יין שרף. און פאַר מיר אַזאַ שנאַפּס מיינט: „דאָס געדרוקטע וואָרט". פּשוטו כמשמעו. פּשוטער: ווער עס שפּילט אַ פּאָקער אין פרייער צייט, איך — — מאַך אַ צייטונג...

„בוענאָס-איירעסער שטימע". אַזוי הייסט זי, די צייטונג. דער ערשטער נומער וועט זען די ליכטיקע שיין אין אַ מזלדיקער שעה — פרייטיק, דעם 9טן מערץ 1956 — כ"ו אדר תשט"ז.

וואָס? וויאַזוי? אויף וועמענס חשבון? דערווייל — אויף מיין חשבון. אַזוי איינגעפעדעמט. שייך צו זאָגן — עקשנות! אויך געפונען אַ דרוקער מיט קוראַזש. ער איז אָפּטימיסטיש. פאַראַן דאָ פּלאַץ פאַר נאָך אַ צייטונג. דער עיקר — שיין צונויפגעשטעלט. און ער טוט דאָס. מאַכט שיינע „קעפּ", גיט געדיכטן טעקסט, אויך אַ סך פּעטיט.

וועט דאָס זיין אַ דבר של קיימאַ?

איך מאַך זיך נישט קיין אילוזיעס. די היגע יידן זענען „איינגעזעסן" (בעסער: „איינגעגעסן") אין דער טראַדיציע: פאַראַן אַ „פּרעסע" און פאַראַן אַ „צייטונג". פאַראַן דאָרט אַנאָנסן וועגן באַנקעטן, חתונות און (נישט אויסגערעדט זאָל'ס זיין) לויות. דור הולך ודור באַ. געשטאָרבן כאַקאָבאָ (אַ ווילער ייד געווען, פון די ערשטע תּושבים), איז געבוירן ריקאַרדאָ — צו לאַנגע יאָר. סיי אונטערן לויה-אַנאָנס, סיי אונטערן ברית-אַנאָנס געפינט זיך דעם „חשובן לייענערס" נאָמען. און דאָס זוכט ער יעדן פרימאָרגן. זיין נאָמען דאַרף זיין אין בלאַט אַפילו מיט די קלענסטע אותיות... וואָס נאָך דאַרף ער? אידייען? דאָס לאָזט ער פאַר די ניי-געבוירענע, פאַר די ריקאַרדאָס. די כאַקאָבאָס זענען שוין אַלט, אויסגעדינט. וואָסי? אויפגעבויט אַ ישוב מיט אַלדעס גוטס... די רעשט וועט שוין מאַכן דער קומענדיקער דור. זאָל ער שוין מאַכן...

טאַקע דערפאַר בין איך פּעסימיסטיש וועגן דער נייער רעוואָלוציע מיינער... די זקנים זענען מיד (זיי וועלן זיכער נישט זיין מיינע מיטקעמפערס) און די יונגע — זיי דאַרפן מיך נישט, נישט מיך און נישט מיין יידיש און נישט מיינע רעוואָלוציעס — — —

און אַפילו סטאַביליזירטע רעוואָלוציע-מאַכערס האָבן חרטה ווען זיי קומען אויף אַ „שטאַנד". וואָס דאַרף מען בעסער: אַ ייד אַן אַנאַרכיסט; דאָס האָט מיר געהאַט אַזאַ איינער פאַרטרויט אַ סוד (מחמת ער האָט געהאַט צו מיר צוטרוי), אַז: אויב וועלן די אַנאַרכיסטן דאַרפן וואַרפן באָמבעס — וועלן זיי די ערשטע צוויי באָמ-

בעס וואַרפן אויף די צוויי יידישע טאָג־צייטונגען דאָ (רחמנאָ לצלן!) — — —
אַנומלט אים געטראָפן, געפרעגט: נו? ס׳הערט זיך מיט די... באַמבעס?
וואָס באַמבעס? ווער באַמבעס? וואָס באַמבעוועט ער דאָרט! מיין אַנאַרכיסט
איז צווישנצייט געוואָרן פרעזידענט, אַ פרעזידענט ווי אַלע פרעזידענטן דאָ...
נו, וועט אַ פרעזידענט וואַרפן באַמבעס? — — פע!

על כן, טאָ לאָמיר אויפהערן טראַכטן וועגן... באַמבעס. גלייכער, זוכן מיטלען
ווי זיך אויסצוגלייכן די אברים...

איך פיל נישט קיין גאַנץ אבר. ביז די שפּעטע נאַכט־שעהן — שרייב, קאָרעגיר, שנייד
און רעדאַקטיר. האָב נישט קיין לייטיש טישל ווו זיך „אויסצושפּרייטן״ מיט מיין
רעדאַקציע; אין די טעג, ביז שליסן די דרוקעריי — ביים „שטעלן די זייטן. גוט,
וואָס דער דרוקער „פאַרשטייט מיך״ און לאָזט רעדן צו זיך. אַנדערש — וואָלט
איך אַלץ איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן.

... מזל טוב! אַזוי קוקט עס אויס: אַכט זייטן, 5 שפּאַלטן. אַ לייטאַרטיקל פאָרנט,
אַ לייטאַרטיקל אינעווייניק, מאמרים, שפּילקעס און בעיקר — אַ רוף אויף איבער־
אַנדערשונג. און אָט איז דער פּראָגראַם:

„בוענאָס־איירעסער שטימע״ וועט פאָדערן די דעמאָקראַטיזאַציע פון די
היגע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און וועט אויפקלערן דעם „פאַר־
וואָס״: פאַרוואָס דער צי יענער פרעזידענט פון וועלכער ס׳איז „קאָמיסיאָן
דירעקטיוואָ״ נעמט זיך דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון „גאַנצן ישוב״;
פאַרוואָס מען לאָזט נישט הערן קיין קריטיש וואָרט פון באַעוולטן; פאַר־
וואָס געוויסע „אויפגעקומענע״ האַלטן אַן „אייביקע בענקלעך״; פאַרוואָס
די אַפּאַטיע דרינגט אַריין אַזוי טיף אין היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן...

הכלל: אַ צייטונג „ווי אַלע צייטונגען״, אָבער אַביסינקע אַנדערש. טאַקע דאָס:
זי פאַרלאַנגט אַנדערשקייט. וועט מען זי פאָלגן? — — — אַ שאלה. אָבער דער־
פאַר האָב איך מיין סאַטיספאַקציע. ווידער שטיי איך ביים שטענדער; ווידער
זאָג איך דאָס, וואָס כ׳האַלט אַז אַ שרייבער דאַרף זאָגן און — שרייבן.

אַ נאַכט, אַ פעליקע נאַכט געאַרבעט — אויפן בעט און הינקענדיקן טישל —
ביים פאַנדערשיקן די צייטונג: שרייבן אַדרעסן, קלעפּן מאַרקעס...

איצט — אָפּרו! אָבער אין פּלאַן — אַ פרישער נומער. צו די צוויי וואָכן וועט
ער זיך באַווייזן. עס וועט זיין ערב פסח. 23טער מערץ 1956 — י״א ניסן תשט״ז.

במשך דער צייט, פונם ערשטן ביזן צווייטן נומער — דערהאַלטן אָפּרופן, באַ־
גריסונגען, דערמונטערונגען פון יידישע שרייבערס אין ניו־יאָרק, אין פּאַריז.
אָבער דאָ — דאָ וואָרט איך אויך אויף אַ באַגריסונג און זי קומט נישט: מיינע
כוונות פאַר דער „בוענאָס איירעסער שטימע״ — צו מאַכן עפּעס אַנדערש, אַן
אַנדערשדיקע זאַך, ווי מ׳איז געוווינט דאָ צו זען דאָס „געדרוקטע וואָרט״; איז,

אפשר וועלן די געוויסע יידן, וואָס טוען אויך טראַכטן אַנדערש, זיך צונויפּהעפטן מיט מיר און מיט דער נייער צייטונג און צוזאַמען וועט זיך שאַפן אַ שטיקעלע אַנדערשדיקע סביבה? אָ! — זיי, די אומצופרידענע, די שעלטנדיקע, די שרייענ־דיקע אין אַלע ראַגעס... נישטאָ זיי!

און דער נומער 2 „בוענאָס איירעסער שטימע" איז שוין דאָ. אינם לייטאַרטיקל, געשריבן בשייכות מיט אַ פּאַרגעקומענעם „כינוס" פון מנהיגים אין מאָנטעווידאָ, ווערט געזאָגט:

> און טרויעריק ווערט אויפן געמיט, וואָס „נאָך מאָנטעווידעאָ" איז ווידער געוואָרן אַזוי שטיל, אַזוי רואיק, אַזוי איינשלעפערנדיק ביי אונזערע נאַציאָנאַלע יידן, וועלכע מען דאַרף כסדר וועקן, מאַכן איינשפּריצונגען, ברענגען צו זיי מיניסטאָרן־שליחים, פּרעזידענטן, גרויסע לייט... נישטאָ דער אומרו; נישטאָ קיין נייער גייסט (אויך דער אַלטער איז פאַרשוואונדן), נישטאָ קיין נייער וועג (קיין וועג בכלל נישט) — פאַר איבערגעבן זיך מסירת־נפשדיק לטובת אַן אַלגעמיין־פאָלקישער זאַך.

ווידער — אַ סאַטיספאַקציע... אָבער — די כוחות דינען נישט; נייך. דער „ענין" וועט בלייבן אַן עפּיזאָד. נישט מער. עס וועלן סטייען כוחות אויף נאָך איין נומער. וועלן זיך נישט געפונען קיין העלפערס און שטיצערס, — ביים דריטן נומער אָוועקשטעלן: „תם ונשלם"...

## 33. בראַזיל טוט צו מיר ווינקען

צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע אויסגאַבעס, באַקום איך אויך די „בראַזיליאַנער אידישע צייטונג", וואָס דערשיינט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. אַנומלט האָט זיך פאַרבונדן אַ קאָנטאַקט צווישן מיר און איר רעדאַקטאָר. זיינע בריוו — פריילעכע, אויסגע־פילט מיט הומאָר. פון זיי דרינג איך אַרויס, אַז אים איז באַקאַנט דער „סיכסוך" צווישן מיר און „די פּרעסע" און אַז עס וואָלט נישט געווען אויסערן וועג — איך זאָל עוקר־זיין צו אים. אַזוי, מער־ווייניק. און מאָדנע: ווי נאָר איך נעם ערנסט טראַכטן וועגן מיין „לעצטן און ענדגילטיקן באַשלוס" — רוקט זיך אַריין אַ קלין.

יאָ. מיין צייטונג־עפּיזאָד האָלט ביים קומען צום כשרן סוף. איז אפשר גוט, וואָס דער בראַזיליאַנישער קלין האָלט זיך אין אַריינרוקן. לאָמיר נאָר אָוועק פון דער גוטער בוענאָס איירעסער לופט. זאָל זיין בראַזיל. סייווי — פירט דער וועג קיין ישראל פאַרביי ריאָ דע זשאַנעיראָ...

דער דריטער (און לעצטער) נומער „בוענאָס־איירעסער שטימע" איז שוין נישט דערשינען פּינקטלעך צו די צוויי וואָכן. ער טראָגט די דאַטע 13טער אַפּריל 1956 ג׳ אייר תשט״ז. עס איז כלה פרוטה מן הכיס. דער דרוקער איז טאַקע אַ פיינער מאַן, ער „רייסט נישט די הויט"; ער איז אָבער אַ — קבצן. מען דאַרף אים

באַצאָלן. הכלל: אויך אין נומער 3 געפינט זיך מיין סאַטיספאַקציע; בלויז דאָס: סאַ־טיס־פאַק־ציע — — — —

25טער אַפּריל 1956. אַ פריילעכער טאָג. נישט ווייל עס שמעקט מיט פרילינג. חלילה. דאָ שמעקט עס גאָר מיט — אַ בייזן הימל און פאַסקודנעם ווינטער. אלא וואָס? באַקומען אַ פריילעכן בריוו פון ריאָ דע זשאַנעיראָ. דאַכט זיך — אַ בריוו אין צייט —

ריאָ דע זשאַנעיראָ („כעלם" בלע״ז), דעם 20טן אַפּריל פון 1956. בראַזיליאַנער אידישע צייטונג

מיין אומבאַקאַנטער באַקאַנטער ווייט־נאָנטער פריינד...

... שוין מערער מאָל איך געוואָלט שרייבן. די סיבה? ריכטיק דעפינירן דאָס ווייס איך נישט, אָבער עס גיט אַמאָל אַ צי. עס ווילט זיך שרייבן, אַדורכוואָרפן רייד — — —אין אייער שרייבן האָב איך געפילט, אַז עפּעס בינדט אונז — — — מיט 32 יאָר צוריק האָב איך געשמעקט די לופט פון דער שטאָט, וועלכע מ׳רופט בוענאָס איירעס. שוין דעמלט האָב איך געוואָגט צו זאָגן און שרייבן: בוענאָס איירעס, די שטאָט פון דער פאַר־פעסטעטער לופט. אַ מענטש וואָס וויל לעבן מענטשלעך, ערלעך קאָן דאָרט פאַרסמט ווערן און בין פון דאָרט אַנטלאָפן. היינט געפינט איר זיך אין דערזעלבער שטאָט און זי איז — אין פאַרגלייך מיט יענע יאָרן — נאָך מער פאַרפעסטעט — — — מקנא זיין אייך מיט אייער בוענאָס איירעס בין איך נישט. — — — מיט אייניקע דרייסיק יאָר צוריק האָט מען פאַרקויפט די פעדער פאַר אַן אַנאַנסל, היינט פאַרקויפט מען זיך פראַנק און פריי און מ׳וויקלט דאָס איין אין אידעאַלן... זייט נישט אין כעס וואָס איך וועל אייך שרייבן, אַז אַ סך פון די ב. איירעסער שרייבער פאַר־שעמען נישט נאָר דעם שרייבער, נאָר אויך דעם מענטש, דערפאַר בין איך אייך נישט מקנא מיט אייער זיין און שעפּן די בייס־ערער לופט — —

עס נעמט אייך אַרום פון וויטנס,

אייער . . . .

אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען. געענדיקט מיט דער „בוענאָס־איירעסער שטימע". וואָלט איך געדאַרפט מאַכן נאָך איין נומער — וואָלט געוועזן אַן עק, אַ סוף צו מיר און מ׳וואָלט מיך מסתמא אַרויסגעוואָרפן פונם צימערל, וואָס איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ רעדאַקטאָרישן מיסט־קויש...

נו, האָב איך שוין צייט צו רוען; אויך צייט זיך צו פאַרטראַכטן אויף „תכלית", בפרט — אויף דער בראַזיליאַנישער הילף, וואָס דער דאָרטיקער רעדאַקטאָר־אַרויס־געבער לייגט מיר פאָר. באמת, אַ פיינער זשעסט. אַ דבר בעתו. לאָמיך אָנהייבן זיך רירן פון אָרט, נעמען דעם וועג אויף צוריק — פונם אַטלאַנטיק צום מיטל־לענדישן ים. איז עס נישט קיין ציניזם מצדי? ליגט נישט דערין קיין חוזק — פון זיך אַליין? באַרעכטיקטע פאַרוואורפן. אָבער קיין שאָדן ברענג איך דאָך נישט

קיינעם מיט מיינע נסיעות און נע־ונדן. הכלל: עס איז די צייט צו טראַכטן, טראַכטן און טראַכטן — אויך דערמיט ברענג איך נישט קיינעם קיין שאָדן.

## 34. וויאַזוי פאַרזיסן די ביטערניש?

באַקומען אייניקע בריוו. איצט פאַראַן מער צייט צו ענטפערן. אַדרבא. איצט וויל איך זיך דורכשרייבן, דורכשמועסן. בפרט — בריוו מיט תוכן — שרייבערישע בריוו.

30טער מאַי 1956. פּראָפ׳ א. א. ראָבאַק, אין זיין בריוו פון 21טן:

טייערער פריינד...

... אייער אויפשריפט איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. אויב איך בין נישט קיין בעל־יאוש, בין איך אַן אָפּטימיסט?

אייער צעלאָזן זיך מיט ניגערן — אַזש אַ שטורעם האָט אויסגעבראָכן ווי אַ מין שלעכטע בשורה, איז שוין אַביסל צופיל. איך האָב אַ מער אָביעקטיווע מיינונג וועגן אים און זיין שרייבן — — —

יאָ, ראָבאַק איז פאַרט אַן אָפּטימיסט. איז פאַראַן שלעכטס דערין? במה דברים אמורים? ווען דער אָפּטימיזם איז אַ פּאָזיטיווער, נישט קיין שעדלעכער, נישט קיין איינשלעפערנדיקער. לויט ראָבאַקן — זענען פאַראַן טויזנט יידישע שרייבערס, ממילאָ — טויזנט יידישע לייענערס, ממילאָ... איז נישט אַזוי שלעכט... ניין. ס׳איז נישט שלעכט. עס דאַרף אָבער זיין — גוט. מיטן בלויזן „נישט שלעכט" לאָזט זיך נישט קיין מאַכל פאַרדייען. דאָס מאַכל מוז זיין גוט פאַרן מאָגן. מכוח ראָבאַקס אָביעקטיוויזם: — האָב איך דאָס רעכט צו שרייבן וועגן ניגערן וואָס איך טראַכט און פיל. אַזוי דאַכט זיך וואָלט געדאַרפט טראַכטן — אין אונזער דעמאָקראַטיע — אַן אָביעקטיווער שרייבער. איך מיין: ר׳וועט נישט זיין בייז פון מיין תשובה. איז דאָך דאָס — אָדער דאַרף דאָס זיין — דעם שרייבערס דרך.

מנחם פלינסקער לאָזט מיך גריסן אין אַ בריוו פון 24טן; אַ בריוו פיל מיט טרויעריקער פּאָעזיע און מיט אַ פריילעכן סוף:

... „איך בין דאָ כמעט איינער אַליין, קום נישט צווישן די יאַריד־טומלער, שרייב, לאָז אַרויס ביכער און דער עיקר — מען פאַרברענגט אין די שיינע, אויסגעשטערנטע ישראל־נעכט ביים ברעג פון ים" — — —

הימל. ים. הלוואי, ער (נישט דער ים) זאָל מיך נישט אַנטוישן. מחמת ארץ־ישראל איז דאָך נישט בלויז ים. עס איז דאָך דאָס לאַנד פון יידן, פון ליכט און פון אור לגוים. און מכוח דידאָזיקע איידעלע זאַכן טראָגט זיך, ליידער, נישט דער „למנצח מזמור" פון דאָרט. פאַרוואָס מוז ער דווקא לעבן ביחידות? פאַרוואָס פילט ער זיך אַזוי איינזאַם? פאַרוואָס? און נאָך „פאַרוואָסן". יאָ. וועגן די אַלע שאַלות און ספיקות מיינע וועל איך אים שרייבן אין מיין איצטיקן תשובה־בריוו,

אים אויך שרייבן, אַז בקרוב, טאַקע בקרוב, וועט ער מיך האָבן דאָרט — — — זיין פּאָעזיע צערייצט מיין אַפּעטיט...

מיט דערזעלביקער דאַטע, 24טער מאַי — אַ פּאָסטקאַרטל פון דיכטער מ. ר. מיטן צוריק־אַדרעס: תל־אביב. ער געפינט זיך אין ישראל. אפשר... יאָ:

ליבער... איז וואָזשע וועט שוין אַרויסקומען, אַז אַלע וועלן זיך קריגן מיט אַלע? אין מעקסיקע רופט מען עס „זאַפּאַראַנטשאַ" — און אָט די פּעסט פּרעסט אַמאָל אויף גאַנצע דערפער. איז וואָזשע וועט שוין אַרויסקומען? אפשר זאָלן זיך בעסער אַלע איבערבעטן מיט אַלע... איר זאָגט אָן און וואָרנט, אַז עס איז ביטער. איז וואָזשע וועט שוין אַרויסקומען פון ביטער־ניש? איז דען זיסקייט דער סוף פון ביטערניש, אָדער נאָך גרעסערע בי־טערניש? דאַכט זיך, אַז דאָס אַנדערע... הערט אויף צו ביטערן אַזויפיל און הויבט אָן אַביסל צו זיסן. דאָס לעבן איז קורץ און שוין דאָס אַליין איז זיין גרעסטע ביטערניש

געזונט און שטאַרק, אייער..

ביטער און זיס. צוויי עקסטרעמען. איז נישט פאַראַן אַ מיטן — צווישן ביטער און זיס? יאָ. פאַראַן אַזאַ מיטן. אים אַנצורופן ביים נאָמען: אַ האַלבע סאַכאַרינקע אין אַ האַלבן ליטער וואַסער. צוקער־ליידנדיקע ווייסן דעם טעם. אָבער נישט אַלע פאַרמאָגן דאָך אין זייערע אינגעווייידן צופיל צוקער, כדי צו דאַרפן באַנוצן די סאַכאַרין־זיסקייט...

איז פאַראַן אַ נאָרמאַלע זיסקייט אין אונדזער ייִדיש־ייִדישער און ייִדיש־שריי־בערישער סביבה? עס איז בפירוש ביטער. און אַז עס ליגט אַ ביטערניש אויף דער צונג — שפּייט מען — — —

אָנגעביטערט — איין בריוו פון אַמעריקע, צוויי פון ישראל. מען פאַרלאַנגט פון מיר — זיסקייט...

ביטער און זיס —

— האָבן זיי צוזאַמען געמאַכט אַ שפּאַציר אויף איינער פון די שטילסטע גאַסן אין בוענאָס איירעס, ביידע —

ביטער און זיס.

אַ שטילע, אַ באַשאָטנטע און שטעכיק־טריפנדיקע גאַס.

מיטן חודש יוני.

אַלץ איינגעהילט אין אָוונט־נעפּל. און פון נעפּל פאַלט און פאַלט אַ נאַסקייט אַזאַ, וואָס פילט־אָן מיט ווילגאָטש אַלע שפּאַרונעס און עפענונגען פון די צוויי שפּאַצירנדיקע; איינער — ביטער, דער צווייטער — זיס.

און איך — לייג־צו אָן אויער צו זייער שמועס:

ביטער: — אַז אַ חולה קומט צום דאָקטאָר זיך באַקלאָגן אויף אַ חולאת, מוז ער זיך אויסטאָן, זיך לאָזן באַטראַכטן, דערציילן אַלץ וואָס עס דאָקוטשעט

אים. דעמלט קאָן ער האָפן צו באַקומען אַ רפואה. מיר, שארית החורבן, זענען קראַנק, זענען רואינירט פיזיש און גייסטיק. מען טאָר זיך אָבער נישט מייאש־זיין. מען דאַרף זוכן מיטלען. מען דאַרף זיך היילן. און היילן קאָן מען זיך בעיקר נאָר נאָכן אַנטפּלעקן די ווונדן. נישט אַזוי? עס איז דאָך אַזוי פּשוט און פאַר־שטענדלעך.

זיס: — יאָ, אַנטפּלעקן, אָבער נישט קראַצן די ווונדן.

ביטער: — וואָס מיינסטו דערמיט? מיינסטו, אַז מ׳טאָר נישט אָנרירן „זיין כבוד", אָט דעמדאָזיקן, וואָס הוליעט אַרום אויפן חשבון פונם חורבן; דעם געוויסן פּען־האַלטער, וואָס האַלט זיך פאַרן יורש פון די אויסגעמאָרדעטע און וואָס פאַרטאַכליעוועט די ירושה?

זיס: — אָ, דו רעדסט׳אָך גאָר ווי אַ פּאָליציאַנט. וואָס גייט׳ס דיך אָן? מוזטו טאַקע פאַרביטערן זיך און יענעם דאָס לעבן?

ביטער: — דו שמעקסט מיט לאַקרעץ. אַ צייטונג איז נישט קיין קראָם. יידישע אותיות דאַרף מען טייער האַלטן. מען טאָר נישט מיט זייער הילף שאַנטאַזשירן. איך געפין זיך נאָנט צו די יידישע אותיות און אויך נאָנט צו דידאָזיקע, וואָס באַנוצן זיך מיט זיי — אומריין און אומערלעך. זיי טענהן: „נאָך מיר — אַ מבול". כל זמן „ער" לעבט זעט ער אין אַלץ זיך — בלויז זיך, מער גאָר־נישט. און דאָס — מיט דער הילף פונם אלף־בית, וואָס געהער צו אַלעמען און וואָס אַלע לערנען פון אים במשך דורות. מיינסטו, אַז מ׳דאַרף פאַרשטעלן די אויגן, פאַרשטאָפּן די אויערן, ווערן אַ ליימענער גולם? ווי מאַכט מען דאָס פון אַ לעבעדיקן, אַ פילעוודיקן מענטש — אַ גולם?

זיס: — און מיט דיין ביטערן טוסטו עפּעס אויף?

ביטער: — איך בין נישט קיין אויפטוער. איך וויל אָבער נישט לאָזן זיך אַראָפּ־שליידערן פון די טרעפּ. מחמת עס קומט דאָך אויס: וויל איך נישט מיטמאַכן די זיסע שפּיל פון דעם געוויסן אומבאַרופענעם יורש, פון דעם וואָס זיין שרייבן האָט ער פאַרביטן מיט מסחר, מוז איך דאָך זאָגן פאַרוואָס; וואָרום, טענהט יענער: זיצט מען ביי איין טיש, מוז מען עסן פון איין שיסל; אלא — שפּייסטו אין שיסל אַריין: „וואָן!" האָסטו פאַרשטאַנען? און אַז מ׳זאָגט מיר „וואָן", טאָ ענטפער איך מיט „פּאַשאָל!" — זאָגסטו, אַז דאָס איז ביטער? זיכער. אַוודאי איז עס נישט זיס.

זיס: — עס איז טאַקע ביטער. איך מיין אָבער, אַז מען דאַרף דער ביטערקייט געבן אַ מין שוחד — מיט אַביסל זיסקייט וואָלט אויך די ביטערניש געוועזן דערטרעגלעך...

נו, גענוג. די קעלט שטעכט שוין טיף הינטערן קאָלנער. מען דאַרף זיך צואיילן.

אַן אָפּגעגנאַרטע זאַך, דאָס „בוענאָס איירעס״: „גוטע לופט״ — אַז ווי לייכט
עס איז דאָ אַריינצוכאַפּן אַ גוט קדחת! — — —

## 35. בשורות

צוויי בשורות צו פאַרצייכענען. איך שטעל נישט אַוועק דאָס וואָרט „גוטע״ —
גוטע בשורות; מחמת — זיי האָבן דעם טעם פון אַ שטיק קוכן, וואָס איז אַריינ־
געפאַלן אין אַ טאָפּ זאַלץ.

די ערשטע בשורה: איך האָב געוווּנען דעם משפּט קעגן „די פּרעסע״. דעם
27טן יוני. דאָס געריכט האָט מיר צוגעפּסקנט צען טויזנט פּעזעס. אַ היפּשע
מטבע. וועל האָבן צו דעקן די הוצאות קיין ישראל. לכאורה, האָבן די „פּרעסע־
לייט געטאָן אַ ציוניסטישע זאַך: צוהעלפן צו דער איינאָרדענונג פון אַ ייד אין
דער יידישער מדינה... זיי האָבן אָבער דערביי באַנוצט געגנוג ציניזם, וואָס
קומט פון אויפגעבלאָזענער באַלעבאַטישער גאווה. אָבער דער בחור — מיין
פאַרטרעטער אין געריכט — האָט זיי ביים משפּט „אַראָפּגעקוועטשט״. ער האָט
אָנגעוויזן אויף זייער חוצפּה — אַוועקצונעמען די פרייהייט ביי אַ שרייבער, אין
טעג פון אַראָפּגעוואָרפענער דיקטאַטור. די אַדוואָקאַטן האָבן פאַרלאַנגט אַכצן
טויזנט פּעזעס. אַזוי האָט אויסגעקוקט זייער חשבון. נאָך אַן אָמפּערניש האָב
איך — זיצנדיק פאַרטוליעט אין אַ ווינקל, איינגעהילט אין שווערן פאַלטן און
אין בושה — מסכים געווען אויף אַ פּשרה, אַבי — אַ סוף צו דער חרפּה! — — —

די צווייטע בשורה: אַ קאָנטראַקט פון דער „בראַזיליאַנער אידישע צייטונג״ אויף
צוויי יאָר. „קאָנטראַטאָ דע טראַבאַלהאָ״, אַזוי רופט ער זיך — אויף זייער לשון,
אויף פּאָרטוגעזיש — אַן אַרבעט־קאָנטראַקט. כתוב וחתום. און עס האָט גראָד
נישקשה צוגעשפּילט: דעם קאָנטראַקט באַקומען אין די זעלביקע טעג בערך, ווען
עס האָט זיך פאַרענדיקט מיין משפּט מיט „די פּרעסע״. עס הייסט: פון איין
בלאָטע אַרויס — — — יאָ, אַן אַרבעט־קאָנטראַקט. פאַרדינען כך וכך אין אַ צײ־
טונג, וועלכע וועט מיר נישט פאַרשאַפן קיין באַזונדערע הנאה... דאָ פאַרדינט פּע־
זעס, דאָרט — קרוזעיראָס — — — איז דער בראַזיליאַנישער צייטונג־באַלעבאָס
אַנדערש פון די אַרגענטינישע באַלעבאַטים? און אפשר זענען די דאָרטיקע יידן
— אַנדערש? בכלל... נו אַן עק! ווער צווינגט מיך? פאַרוואָס ווידער פּטרן צוויי
יאָר אין יאַדעניש? פאַרוואָס נישט מאַכן אַ סוף צום נע־וונד? ממה־נפשך:
געפעלט מיר נישט דער היגער יידישער נוסח — אויף אַלע אופנים — טאָ צו
וואָס אים מיטמאַכן? שטעקט דען נישט אין אַלע מיינע שטראָף־רייד — צביעות?

יאָ. אויך איך בין נישט גאַנץ מיט זיך. בין איך דאָך אויך אַ זינדיק באַשעפעניש
מיט אַ יצר הרע... און דער דאָזיקער יצר־הרע שטויסט מיך דווקא — נישט
אָפּצושטויסן אַן אויסגעשטרעקטע האַנט. סיי ווי זענען אַלע מיינע חשבונות אַריינ־

געטאָן — אין מיין נסיעה קיין ישראל... אפשר. אפשר טאַקע פאַרלייכטערן מיין „דאָרט־זיין" מיט דער „דאָאיקער" הילף: „מי שטרח בערב שבת, יאכל בשבת" — — —

און אַז עס גייט — קומט עס אַליין אין שטוב אַריין: מיט אייניקע טעג צוריק באַקומען אַ בריוו פונם בראַזיליאַנישן רעדאַקטאָר. ער קומט קיין בוענאָס איירעס. איך זאָל זיך טרעפן מיט אים. איז לכתחילה דאָס צונויפטרעפעניש צוגעגאַנגען אַביסל שווערלעך. ער האָט מיך געזוכט, איך אים — אוןביידע זיך נישט געפונען. אָבער מ'האָט זיך — נאָך זוכעניש — אָפּגעזוכט. ער מאַכט „אַן איינדרוק": אַ ברייטער קאַפּעלאַטש, אַ רעדאַקטאָרישער, אַ שטעקעלע און אַ גלייכער, כמעט־שטייפער גאַנג; דאָס אַלץ האָט צו זאָגן: דרך ארץ!

ער איז דאָ באַקאַנט מיט דעם און יענעם, מיט אַקטיאָרן. ער כאַפּט זיך אַרום, קלאַפּט זיך אין פּלייצע — „פּער דו". נו, זאָל זיין אַזוי. אַ טרויעריקע צייט. איז גוט צו געפינען זיך אין אַ פריילעכער חברותא — — —

און אין צווישן — איז אַוועקגעשטאָרבן יוסף אַקסענצאָוו. דעם 7טן יוני. אַ שאָד. ער איז, אמת, געווען אַ קאָמוניסט, אָבער ערלעך מיט זיין כאַראַקטער. ער האָט נישט „געביטן דאָס רענדל", ווי עס האָבן דאָס געטאָן זיינע קאָלעגן מיט דעם באַרימטן יאַנקעלע בראש — בלויז צוליב מסחר — ביים אויפקום פון דער מדינה. בעת זיי זענען ממש געשפּרונגען פון דער הויט מיט זייער נייעם (ציוניסטישן) פּאַטריאָטיזם, איז אַקסענצאָוו געבליבן וואָס ר'איז געווען. און טשעקאַווע: גראָד מיט דעם אומפאַרבעסערלעכן באָלשעוויק האָט אַ נאַש־בראַט געקאָנט רעדן אַפּיקורסות, גלייכצייטיק שמועסן ביי אַ קאַוועלע, בעת די ריכטיקע „פּרעסע"־קרעמערס האָבן אויסער דער קראָם און אויסער זיך קיינעם און גאָרנישט געזען.

יאָ. יוסף אַקסענצאָוו איז געווען ערלעך מיט זיך און מענטשלעך כלפּי אַנדערע. מיט זיין אַוועקגיין וועט „די פּרעסע" פאַרלירן דעם פּרצוף פון אַן אָביעקטיווער ציטונג; זי וועט ווערן דאָס שותפות פונם גיב־אַלעס מיטן זאָם־באַל. — — —

נו, האָב איך נישט וואָס צו באַדויערן אויף מיין פאַרלאָזן די קאָריענטעס־און קאַסטעלי־לופט. סיידווי וואָלט די איצטיקע אַטמאָספער אינם בלאַט — נאָך אַקסענצאָוס אַוועקגיין — מיך פאַרטריבן פון דאָרט. איז בכן גוט, וואָס עס איז אונטערגעקומען דער קאָנטראַקט. לאָמיר — צום פאַרבייס — פאַרזוכן אויך אַ פּאָרציע בראַזיל.

תם ונשלם.

ביי אַ קאַווע־טישעלע האָט זיך געהאַט פאַר מיר פאַרטרויט איינער אַ רעזשיסער, אַז אָט פאָרט ער קיין אַמעריקע און דאָ — האָט ער אַפילו נישט מיט וועמען זיך צו געזעגענען...

אַסטאַ מאַניאַנאַ, בוענאָס איירעס... אַדיאָס! — — —

# נײַנטער טייל

## 1. ויסעו! — ויחנו?

פון בוענאָס־איירעס קיין מאָנטעווידעאָ — אַ שפּרונג. אָנהייב אויגוסט 1956. לויטן היגן קאַלענדאַר דאַרף שוין איצט זײַן ערב־זומער, אָבער די רעגנדיקע ווינטן האַלטן די פּאַסאַזשירן פאַרקוועטשט אין די קאַיוטעס; שליידערן די שיף — סכנות. נו, צו וועמען האָבן טענות — אַז דאָס וועטער דאָ בלאָזט לויט די רעזשי־מען און זיי, די רעזשימען: היינט דיקטאַטאָריש, מאָרגן דעמאָקראַטיש, איבער־מאָרגן — ביידע צוזאַמען...

אין מאָנטעווידעאָ וועט די שיף שטיין אַ שעה זעקס. דאַרף מען מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שווייץ פונעם לאַטייניש אַמעריקע. דאָ, זאָגט מען, איז דער רעזשים אַ סטאַבילער און אַזוי — דער קלימאַט. און דערפאַר טאַקע, זאָגט מען אויך, איז פּעראָן געוועזן דער גרעסטער שונא פון אורוגוויי. ער האָט פּיינט געהאַט די ביידע זאַכן. איצט — צוויי פרייע מדינות האָבן זיך אויסגעשטרעקט די הענט אויף לאַנגע יאָר.

יאָ, אין מאָנטעווידעאָ שײַנט די זון. אויף די שמאָלע געסלעך, וואָס פירן פון פּאָרט, גלײַך איך זיך אויס, טרעט מיט זיכערקייט און — פרייהייט. עס ווילט זיך מיר אַזש אויסשרייען: „עס שפּאַנט אַ באַפרייטער בירגער!" — — —

ערשט אַ פּאָר אויגן שטעכן זיך אײַן אין מיר. פונם קעגנאיבערדיקן טראָטואַר קוקן זיי אַריבער צו מיר, די אויגן, קוקן און שמייכלען און אויך הער איך, דאַכט זיך, ווי זיי זאָגן, די אויגן: „האַ, מאַכסט אַ לעבן!"

אַ ייד פון בוענאָס איירעס, וואָס זיצט אי דאָ, אי דאָרט. אין סך־הכל — אַ פּויליי־שער ייד מיט פאַרבליבענער טראַדיציע. ער וויל מיך נעמען אויף שפּאַציר.

„לאָמיר האָבן דאָס פאַרגעניגן — פאַרוויקלט דער ייד אַ היימישלעכע האַנט איבער מײַן פּלייצע — צו שמועסן מיט אײַך ביחידות"...

ער שטעלט זיך פאָר ווי מײַנער אַ חסיד, ווי אַ חסיד פון יעדן יידישן שרײַבער. זײַן חסידות פירט ער מיט זיך פון פּויליש־יידישן שטעטל. ער וויל מיך דווקאָ נעמען אויף אַ „קאַוועלע".

„מילאָ, אַ קאַוועלע — זאָג איך אַ צופרידענער, וואָס אַזוינע יידן זענען נאָך בנמצאָ — לאָמיר אויסטרינקען אָטאָ דאָ, מחמת מײַן שיף וועט אויף מיר נישט וואַרטן".

דערהערט, אַז איך פֿאָר קיין בראַזיל, איז דער ייִד געבליבן אַנטוישט. הער אַ מעשׂה. זיך צופעליק געטראָפן. און צופעליק האָט געדאַרפט טרעפן, אַז דער ייִד פירט מיט זיך — חוץ זיינע וואָכעדיקע עסקים — גייסטיקע שפּייז: אַבאָנירט ייִדן אויף ייִדישע זשורנאַלן, פאַרלאַגן; מאַכט „ליטעראַרישע ביבקעס" און... אַזאַ געלעגנהייט צו פּטרן?! ער קאָן זיך נישט מוחל זיין. און צווישן איין קאַוועלע־זופּ און דעם צווייטן טוט ער אַ וואָרף אַריין:

„האָ, רפאל"...

שווייג איך. וואָס פאַראַ רפאל? דערנאָך פרעג איך מיין ייִד, צי פון דאַנען איז ווייט צו גיין אויף דער גאַס פאַנדאָ. ער הערט נישט. וווּנדערט זיך אויף מיין שווייגן ביי זיין דערמאָנען דעם נאָמען רפאל. וואָס, נישט געהערט, אַז עס איז גע־שטאָרבן רפאל מאַנדעלצווייג?

האָ! ניין. נישט געהערט. וואָס...? מיינע לעצטע טעג אין בוענאָס איירעס האָבן מיך דערוווייטערט פון ייִדישן צענטער און פון ייִדישע צייטונגען דאָרט. נישט ווייל כ'האָב חלילה גענומען פיינט קריגן די דאָרטיקע ייִדן. אָסור. אָבער קיין באַזונדערע ליבע, לאָמיך דאָס באַצייכענען: אהבת ישׂראל, אויך נישט געהאָט. ממילא — נישט געוווּסט, וואָס עס קאָכט זיך דאָרט און ווער, נעבעך עס איז גע־וואָרן אַ הלך־לעולמו.

רפאל מאַנדעלצווייג איז געשטאָרבן דעם 26טן יולי. אַ וואַרשעווער געווען. אַ קונסט מאָלער. געווען אַ שוואָגער פון בערל גרינבערג און דער שלום צווישן זיי איז געווען אַזאַ צעשטערטער, אַז נאָר שונאי־ישׂראל זאָלן פילן דעם טעם — קללות וחרמות, וואָס איין שוואָגער האָט געוואָרפן אויפן צווייטן.

אָט שטייט ער מיר פאַר די אויגן, רפאל:

אַן אויסגעשניצטער קין און אין גאַנצן אַן אומרואיקער נערוו. ער זיצט אין „קאָמערסיאַל". אויך דאָ איז ער נע־ונד. קאָן זיך נישט צוקלייבן קיין פּאַסיקע געזעלשאַפט. זיין איינציקער ענטפער אויף אַלץ: „פע!"

נו, קיין פרטים נישט פרעגן וועגן זיין טויט. אויך קיין אָפּשאַצונג וועגן אים איצט נישט מאַכן. מיין באַגלייטער וויל דווקא פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס וועגן קונסט און קינסטלערס, אָבער איך וויל פון אים:

„פירט מיך אויף פאַנדאָ".

פאַנדאָ? ווּעמען האָט איר אויף פאַנדאָ?"

דערצייל איך אים וועגן מיין קוזין יאָסל, וואָס רופט זיך דאָ כאָרכע און וואָס פאַרמאָגט אַ מעבל־פאַבריק... אָבער גיין צו אים וועל איך נישט. ניין. חוץ אַלעם — וועט די שיף נישט וואַרטן אויף מיר. און בכלל — האָט יאָסל נישט פאַרדינט מיינס אַ באַזוך, נישט פאַרדינט — איך זאָל אים דערלאַנגען די האַנט...

גייז. איך וועל נישט גיין אויף פּאַנדאַ!
זיך געזעגנט מיטן אומבאַקאַנטן ייד־חסיד מײַנעם און זיך אומגעקערט צום פּאָרט.

## 2. ריאָ דע זשאַנעיראָ ... — אויב נישט נאָך ערגער

מײַן נײַער באַלעבאָס: צעשמייכלט, צופרידן, ציניש. די דרײַ „צדיקים" מאַכן אים, אויפן ערשטן בליק, פאַר אַ דרײַפאַכיקן צדיק צווישן די יידן פון דער שטאָט ריאָ דע זשאַנעיראָ. אויף מײַנע שאלות מכוח יידן, ישוב, קהילה, איז זײַן תשובה: „ע, ס'אי גאַניש"... מיר שפּאַצירן איבער דער אַוועניִדע פּרעזידענטע וואַרגאַס. זונטיק. אַ דושנאָטע טראָגט זיך פון די וואָלקנקראַצערס. די לופט — אויסגעפּילט מיט זאַמד. מײַנע חפצים ליגן שוין אין אַ האָטעל, ערגעץ אין אַ זײַטיק, חשודדיק געסל, אַ געגנט, וואָס פּאַסט זיך לגמרי נישט צום „פּראַנט", ווו מיר שפּאַצירן איצט. פון איין זײַט וואָלקנקראַצערס, ריזן־קאַסטנס מיט הונדערטער פענצטערס צום הימל, פון דער צווייטער —נידעריקע, הילצערנע הײַזקעס, כמעט אײַנגעזונקענע אין דר'ערד.

הימל און ערד — האָבן מיך געטאָן באַגריסן אין ריאָ דע זשאַנעיראָ.

„נאָכמיטאָג וועל איך אײַך פירן אויף מײַן ראַדיאָ־שעה" — זאָגט מײַן באַגלייטער מיט אַ צעשפּרייטן שמייכל אויף זײַנע צעקנייטשטע באַקן.

ער איז קאָנטיק צופרידן פון זײַן דאָליע דאָ: אַ יידישע צייטונג, אַ יידישע ראַדיאָ־שעה. אויך איך בין צופרידן. דאַכט זיך — „גוט אַרײַנגעפאַלן". בכלל, מאַכט ער אַ „גוטן אײַנדרוק". אויסערלעך היימישלעך, אַ „פּאַן בראַט", שמייכלדיק און זינגעוודיק. אינעווייניק — — אַביסעלע געדולד...

זײַן יידישע ראַדיאָ־שעה געפינט זיך אין בנין פון דער מלוכהשער ראַדיאָ־סטאַציע. דאָס באַשטעטיקט, אַז דער ייד פאַרמאָגט „פּלייצעס". ער איז אָריגינעל, אויפ־טועריש. און אָט — געוועזן זיכער, אַז ער איז אויסן צו דעמאָנסטרירן פאַר מיר זײַנע פעאיקייטן פון אַ ראַדיאָ־שפּיקער... טוט ער אַ זאָג כמעט באַפעלעריש:

„איר וועט באַלד אָפּגעבן אַ גרוס אונזערע יידן."

„אַ וואָס?" — פאַרשטיי איך נישט.

„אַ גרוס פון אַרגענטינע"...

מײַנע נאָזלעכער — אויסגעפּילט מיט זון און זאַמד; דער האַלז — פאַרלייגט מיט זאַמד און זון און אין גאַנצן בין איך — ווי איצט אַראָפּגעפאַלן פון דער לבנה. עס העלפן נישט מײַנע טענות: אַראָפּ פון דער שיף, מיד, גע־רעדט. אויב איז דאָס זײַן סטיל, זײַן טאָן, זײַן התנהגות — וועלן זײַן צרות מיט מײַן נײַעם באַ־לע־באָס... הלוואי — אַ טעות...

און האָב אָפּגעגעבן אַ גרוס, אַ כריפּנדיקן און כאָפּנדיקן...

דערנאָך אַוועק אין האָטעל; — זיך געגומען „אַרײַנגלידערן" אין דער נײַער

סביבה. יאָ. דער האָטעל איז גילטיק פאַר אַלץ, אָבער נישט — פאַר שלאָפן. מיין פענצטער אויפן צווייטן שטאָק, אונטן, אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר, אַ האַנדל אַ פּעליקע נאַכט, אַ האַנדל צווישן חתנים און כלות. איך פאַרשטיי נישט זייער לשון (כאָטש די „פּעטער־מומע״־נקבה־שפּראַך איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע); איך פיל — מען דינגט זיך און מען קומט צווישן זיך דורך. איינע מיט איינעם אַוועק, אַ צווייטע מיט אַ צווייטן פאַרנעמען זייער פּלאַץ. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט.

מיטן אויגוסט 1956. אימעצער פרעגט זיך אויף מיר. נאַרוואָס געמאַכט אַ שפּאַציר אויף דער גאַס סאַנטאַנאַ און אַרום די געסלעך פון דער פּראַסאַ אַנזע. צוויי שילן געפינען זיך דאָרט. איינע — אין גאַר אַ פאַרוואָרפן און וויסט געסל, טראָגט דעם נאָמען „בית ישראל״, דערציילט וועגן אַן אַמאָליקן יידישן ישוב דאָ.

אונטן וואַרט אויף מיר אַ ווייבל. זי שטעלט זיך פאָר: אַ יידישע שרייבערקע, אַ טעטיקע און פּאָעיקע. געהערט און געלייענט. דער האָטעל געפעלט איר נישט.

„אַזאַ האָטעל? זשאַקאָב האָט נישט געקענט געפונען קיין בעסערן האָטעל?״

ווער איז דאָס דער זשאַקאָב? ווייזט זיך אַרויס, אַז אין אַרגענטינע ווערט פון יעקב כאַקאָבאַ און אין בראַזיל — זשאַקאָב. הכלל: די שרייבערקע איז מיט מיין באַלעבאָס זייער אינטים. זי רופט אים ביים ערשטן נאָמען: זשאַ־קאָב. גראָד אַ גוטער סימן. זי איז אַ סימפּאַטישע און שמייכלדיקע. רעדט אַ ליטעראַרישן יידיש. האָט שוואַרצע אויגן און איזן איז זי אַ טונקעלע. אירע יאָרן? לאָזן די „שאַצונג״ אויף אַ צווייט מאָל.

מיר זיצן־איין אין אַ טעקסי. זי פירט מיך אויף אַ קבלת־פּנים. איבערן וועג דער־ציילט זי וועגן שרייבערס און וועגן אַ שרייבער־גרופּע און וועגן נאָך אינטערע־סאַנטע זאַכן. און אַז איך האָב טענות (אין אַן איידעלן טאָן) הלמאי מ׳האָט מיר נישט מודיע־געווען וועגן דער איצטיקער נסיעה, האָט זי מיר געענטפערט מיט אַ דין־דריבנע געלעכטערל:

„אַז מיר זענען דאָך אַלע אייגענע מענטשן, כמעט משפּחה; טאָ וואָס שייך צו רעדן״...

אַ פּריוואַטע וווינונג. אַ „סאַלאָן״, אויסגעפּילט מיט כל טוב. חוץ פּלעצלעך מיט הערינג, סענדוויטשן און קאָנפיטורן — אויך אַ היפּשער עולם, די פּני פון ריאָ דער שטאָט — שרייבערס, לערערס, טוערס און ספּעציעל — טוערקעס. עס הערט זיך אַ היימישער, אַ געדיכטער יידיש.

ועל כולם — אַ גאַסט פון ישראל, געקומען אויף שליחות אין אַרגענטינע, אויף צוריקוועגס דאָ אָפּגעטראָטן —

יעקב זרבבל.

ער זיצט אויבנאָן. איך נעם זיך די געלעגנהייט צו באַקענען די שבעה טובי העיר: זעץ זיך פונקט אַנטקעגן דעם אויבנאָן. פון דאַנען אַרויס — אַלץ „אויפן אויג״.

וואָלט איך זיך נישט געשעמט, וואָלט איך אַרויס זיך אָפּקילן. עס איז דושנע און הייס. און מיט רעדעס בין איך אָנגעזעטיקט. באין ברירה — אויסגעהערט די באַגריסערס. כמעט אַלע — אידעאיש־נאָענטע מיטן ישראל־גאַסט. אַ בענקשאַפט צו „קאַרמעליִצקע 23" הערט זיך אַרויס פון די רעדעס, אַ נאָסטאַלגיע צום פאַר־שוווּנדענעם. דערנאָך באַקומט איינער אַ באַגריסער — נאָך־אַ־באַגריסער — דאָס וואָרט. ער קוקט צו מיר. איך זיץ ווייט פון אים.

„און ערשט — רופט ער אויס אַביסל הייזעריקלעך — ווען מיר געבן דאָס וואָרט אונזער חשובן גאַסט, דעם באַקאַנטן שרייבער וואָס ווערט דאָ אַ תושב, דעם זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר, חבר...״

ער בייגט זיך איין צו אַ ייד נעבן אים, ווינקט פון אים צו מיר. ער וויל וויסן ווי מען רופט מיך, מיין נאָמען. ער קען דאָך נישט אויפרופן צום „וואָרט" סתם אַזוי — אָן אַ נאָמען!

יאָ. איך האָב אויסגעשטרעקט אָן אויער און בפירוש געהערט (האָט עס דאָך אַנדערש נישט געקאָנט זיין!), ווי ער טוט פרעגן: „האַ, ווי רופט מען אים דאָרט, דעם שלימזל?" ניין. נישט אַזוי פּינקטלעך. ער האָט דאָך מיך נישט געקענט, טאָ פון וואַנען האָט ער געהאַט צו וויסן, אַז איך בין גראָד אַ שלימזל? מאַלע, וואָס עס דאַכט זיך, בעת ביי יענעם לאַכט זיך...

אָבער זרבבל (און אויך זיין פרוי, די שרייבערקע פרידע, געפינט זיך נעבן אים) — ער איז חוץ אַ גוטער רעדנער און שרייבער, אויך אַ גוטער לייענער. האָט ער געהערט, ווי יענער — זיין שכן אויבנאָן — פרעגט אויף מיין נאָמען, האָט ער אים אַרויסגעפירט פון דער צרה...

יאָ. (איך מעג זיך באַרימען) — זרבבל געהער צוו מיינע גוטע לייענערס. לשבח אים און צום רום מיר. מחמת — אַז איך האָב פאַרענדיקט מיינע „פאָר ווערטער", ווו כ'האָב זיך „פראָוואָצירנדיק" אָפּגעשטעלט אויף דער בוענאָס איירעסער שלום־עליכם־שול, זי געבערענגט פאַרן מוסטער פון דער צוקונפטלאָזער צוקונפט פאַר אַ צוקונפטיקן יידיש־יידישן דור אין אַרגענטינע — האָט זרבבל אָנגעהויבן זיין וואָרט אין זינגענדיק־טרויעריקן י. ל. פרץ־טאָן:

אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלינגען,

איך זאָל פאַר גויים גוייש זינגען...

ער האָט „אַ ביס געטאָן" מיין „בייסיקייט". איז דאָך די שלום־עליכם־שולע דאָס שיינדעלע פון זיין פאַרטיי אין אַרגענטינע. דערביי האָט ער דערמאָנט די אינטע־גראַלע יידישקייט, וואָס געוויסע שרייבערס פרעדיקן, אַ יידישקייט מיט טראַדיציע און מיט וועלטלעכקייט. דאָס ווילן גאַלאָמב און סיימאָן און מענעס און איינהאָרן — — בעת מען זעט זיי נישט — נישט שבת און נישט יום טוב גיין אין שול אַריין, טראָגן אַ טלית קטן, פראַווען די תרי"ג־מצוות...

„און איר — האָט ער אויסגעשטרעקט זיין היפּשלעך גראָע באָרד אין מיין זייט — זענט מיר אויך באַקאַנט ווי אַן „אינטעגראַלער"... וואָס איז אייער חלק אין די מצוות מעשיות?"
ער האָט נישט געוואַרט אויף מיין ענטפער. נישט געווען קיין צייט צו פירן אַ וויכוח וועגן דעם ענין. אַ הייסע נאַכט. דושנע און שווייסיק. עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. אַ דאַנק דער שרייבערקע — באַקענט די יידיש־סביבה אין ריאָ, יידן־שרייבערס און יידן־טוערס. פיין, זייער פיין.
איך נעם „מיט ברייטע טרי־ט" אַריינטרעטן אין אַלע ווינקעלעך פון היגן ישוב. נישט קיין שווערע עובדא. האָב איך דאָך דורכגעמאַכט אַ לעקציע אינם שכונות־דיקן אַרגענטינע — וואָס עס מיינט אַזוינס „לייכטע יידישקייט".
רואיק אין ריאָ. עס הערט זיך בלויז דאָס האַסטיקע טרעטן פון הילצערנע נעגער־טרעפּעס איבער דער לענג פון די טראָטואַרן אַרום דער אַווענידע אַטלאַנטיקאַ אַנטקעגן דעם רוישיקן ים. צוזאַמען, די ים־כוואַליעס און די נעגער־טרעפּעס שאַפן אַ מין ים־האַרמאָניע — נאָר אויסצוזינגען פאַר אַ פּערזן־שרייבער און אויסצושפּילן אויף אַ האַרמאָשקע — — —
אויך ביי יידן איז שטיל. די שטאָט איז גרויס. נישט פאַראַן קיין יידישער צענטער. איז דערפאַר שטיל, הייס, דושנע און איינשלעפערנדיק.
געפינען אַ צימער־וווינונג ביי יידן אין קאָפּאַקאַבאַנאַ. רוסישע יידן, קבצנים, וואָס זענען פאַרוואָגלט געוואָרן אַהער, נישט ווייסנדיק וויאַזוי, מיט וועלכע נסים. יאָ. אַ קבצן פון אַ ייד, אַ מיזערנער קבצן. ער האַלט אויף מיר אויג. נישט אַזוי אויף מיר — אויף מיין באַנוצן זיך מיט דער עלעקטריע. דערהערט ער, אַז איך טו קרעכצן אויף דער „כסא מלכותאָ" פון בית־הכסא, אַזוי לויפט ער אָן און פאַרלעשט דאָס ליכט אין מיין חדרל. ווער ווייס, ווי לאַנג ער האָט אַזוי בדעה צו קרעכצן „דאָרט" און דאָ — די עלעקטריע־געזעלשאַפט... יאָ. נאָך אַ מעלה האָט דאָס חדרל ביי דעם ייד דעם קבצן־קמצן. ביז צום שלאָפן גיין איז אַלץ כמעט אויף־אַ־וועג. ווי נאָר איך צי זיך אָבער אויס אויף דער האַרטער קאָשעטע — אַרום חצות — ווערט אַ טרעטן אויבן, אויף דער פּאָדלאָגע איבער מיין קאָפּ. אימעצער דאָרט לויפט, קלאַפּט מיט געקאָוועטע שיך. אויס מיטן שלאָף! טענה איך צו מיין באַלעבאָס:
„רעב ייד, וואָס טוט זיך אויבן אַ פעליקע נאַכט?"
„אויבן? — רעדט ער צו מיר באַלעבאַטיש — אויבן זיצט אַ פרוי פון דער גאַס, עס הייסט: אַ גאַסנפרוי... נו, איר ווייסט דאָך מסתמאָ, ווי שייך, וואָס דאָס מיינט. ווייסט איר דאָך אויך, אַז אַזאַ־אָ פרוי אַרבעט בלויז ביינאַכט... נו"...
נו, נו, אָבער איך גיי אַרום אין די נעכט איבער מיין שטיקל פּאָדלאָגע, זוך ערגעץ

אַ ווינקעלע ווו אַוועקצולייגן דעם אומרואיקן קאָפּ. נישטאָ! די „פּרוי" מיט אירע געסט אויבן — זיי פאַרנעמען אַלע ווינקעלעך פון דער וווינונג.
און דער ייִד וויל מיך נישט פאַרלירן; וויל נישט כ'זאָל אַנטלויפן פון אים. איז ער אַראָפּ צום „פּאָרטעיראָ", אין אים אַריינגעטענהט, באַשר דער סעניאָר איז אַן „עשקריטאָר" (אַ שרייבער, הייסט עס; דאָ רעדן זיי מיט אַ האַרטער שין); על כן דאַרף ער מנוחה"... רעד צו דער וואַנט. דער טויער־היטער איז דאָך זיכער שותף צו די נאַכט־געסט... יאָ, עס האָט געהאַלטן ביי אַ גרויסן סקאַנ־דאַל. און כדי דאָס אויסצומיידן — גענומען אייליק טראַכטן וועגן אַרויסטראָגן זיך פון דאַנען.

ריאָ איז דאָס שטיפקינד פון בוענאָס־איירעס. וואָס דער דאָרטיקער „ישוב" האָט שוין אויסגעקוועטשט — ווערט פאַרוואָרפן אַהער: אַ רעדנער, אַ שליח, אַ שריי־בער... בלויז צוריקוועג שטעלט זיך אַזאַ איינער אָפּ דאָ — צו כאַפּן אַ שווים אין ים...
שוין באַזוכט די טאָגשולעס דאָ. מען רופט זיי: „אינטעגראַלע". וואָס דידאַקטיקע שולעס אינטעגרירן אין זיך — ווייסן נאָר די שול־אָנפירערס אַליין. עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע מאַטערנישן: די תלמידים האָבן בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסקוועטשן פון זיך כאָטש איין יידישע זילבע — נישט אין יידיש, נישט אין העברעאיש — — —
אַ ניי סאָרט יידישקייט האָט זיך געטאָן אַנטפּלעקן פאַר מיר, דעם נייעם גרינעם: אַ יידישקייט אויף פּאָרטוגעזיש. אויס מיטן אַרגענטינישן „קאַסטעזשאַנאָ". דאָ הערשט נישט דער נוסח ספרד; דאָ — נוסח פּורטוגל...
יאָ. פּאָרטוגעזיש. דאָ זענען זיי שטאַרק ברוגז אויף זייערע שכנים, די אַרגענטינער און אויף זייער לשון. אַנומלט דערפילט דעם ביטערן טעם אויף דער פּאָסט. אַ נייע צרה: זיך קוים אויסגעלערנט אייניקע טוץ שפּאַנישע ווערטער, זענען זיי דאָ נוצלאָז און טויגלאָז. דער פּאָסט־באַאַמטער האָט אין מיר אַריינגעקנעלט, אַז אויב וויל איך באַקומען בריוו־מאַרקעס זאָל איך נישט בעטן „עסטאַמפּיזשאָס", נאָר — „סטאַמפּילהאָס"... גיי ווייס. בכלל, קוקט מיר אויס דער פּאָרטוגעזיש ווי עפּעס אַ געפּאַנפּעט לשון. זיי פּאַנפּענען אַלע דאָ. עס איז (לויט מיין פילאָלאָ־גישער אָפּשאַצונג) אַ קאַליעדיקער שפּאַניש, עלעהיי — אַ וואַרשעווער יידיש אַנטקעגן אַ ווילנער יידיש...
און אויך די קינדער אין די יידישע שולעס טוען פּאַנפּען... אַ מכת המדינה... ערשט־אָ באַזוכט אַ רעליגיעזע שולע, ווו עס ווערט געפּראַוועט אַ מנין בציבור אום שבת. געווען דאָרט ערב שלש סעודות. דער „מורה" מיט אַ סאַטין־שוואַרץ בערדל, פונם סאָרט „מזרחי"־בערדלעך, וואָס בעטן זיך: דרך ארץ, אַ ייד אַ שליח

פון ישראל — גרייט די קינדער צו מנחה־דאַווגען. ער שאַרט זיי צונויף פון אַלע ווינקעלעך. אין איינעם אַ ווינקעלע איז אַ גרופּע קינדער פאַרסאַפּעט אין פּינגפּאָנג — פּינגפּאָנג מיט קאַפּעלעך — אום שבת... סטייטש?

האָט מיר דערויף געגעבן אַ תשובה דער „מורה":

„אַז די קינדער וועלן נישט שפּילן פּינגפּאָנג דאָ, אין שול, וועלן זיי שפּילן אַנדערשוווּ; וועלן זיי נישט דאַווגען קיין מנחה און נישט וויסן, אַז עס איז שבת ביי יידן"...

אַ שבתדיקער פּינגפּאָנג אַזאַ...

וואָס נאָך?

מער גאָרנישט. פאַראַן דאָ — גאָרנישט. אַלץ — אימיטאַציע. סוחרים, פאַבריקאַנטן, גאָלד־שפּעקולאַנטן, בוי־אונטערנעמערס — מיטגלידער פון פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען; יידן־נגידים — פּראָגרעסיווע, בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן...

אויך צווישן די שרייבערס — אימיטאַציע. אַ שרייבער־גרופּע — אַ מין „אויסלעבן זיך" ביי אַ פלעצעלע מיט הערינג, ביי אַ פאַמיליאַר קאַווע. און דערביי שמועסט מען. אַ באַחנטער, אַ שטעטלשער יידיש לאָזט זיך הערן מפה לפה. און היימלעך איז טאַקע. מען „נעמט אויף" פאַרבייפאָרנדיקע שליחים־געסט און שרייבער־געסט און דערפאַר באַקומט די „שרייבער־גרופּע" און ספּעציעל די שרייבערקע אַ שרייבערישן גלעט אויך; „פיין, זייער פיין; אייער שרייבן איז גאָר פיין!"...

נישט באַשולדיקן קיינעם. חלילה. ווי האָט איינע אַ ווייבל געזאָגט: „בעסער ווי צו שפּילן אין קאָרטן"...

...און אָט אַזוי זיץ איך און שרייב און שוויץ און שטעל צונויף „מאַטעריאַל" פאַר אַ נומער, פאַר נאָך אַ נומער און ווידער אַ נומער — „בראַזיליאַנער אידישע צייטונג" — — עס ווילט זיך שלאָפן.

און סעניאָר זשאַקאָב? פאַר אים איז די צייטונג — זיין צייטונג; זי איז — אַ טייל פון אים. איז זי דאָך — זיינס! נו, פירט ער דאָרט אַ ווינקעלע אַזאַ אונטערן טיטל: יאַנקעלע קאַלאָביעלער — סאַמע רכילות; האָט אים אימעצער געזאָגט אַ נישט־אויסגעשלאָפענעם „גוט מאָרגן" — אַריינגעזאָגט... האָט אים אימעצער נישט פאַרבעטן אויפן ברית פון זיין אייניקל — אַריינגעטראַסקעט...

יאַנקעלע קאַלאָביעלער — עפּעס אין זיך פון בוענאָס איירעסער יאַנקעלע גיבאַלעס. וואָלט מיר דער איצטיקער יאַנקעלע געפרעגט מכוח אַ לייטישן פּסעוודאָנים פאַר זיין ווינקעלע, וואָלט איך אים געעצהט: „יאַנקעלע נעמאַלעס"...

יאָ, דער נע ונד קריכט מיר נאָך. נאָך אַלץ — אויסגעוואָרצלט...

## 3. איז אפשר פּאַרט — אויפהערן זיך צו „קריגן"...

וואָס מיינט באמת: אויסגעוואָרצלט און ווי ענדיקט זיך די אויסגעוואָרצלטקייט? דער אויסדרוק לאָזט זיך נישט אַריינפּאַסן אין אונזער, דער יידישער ווירקלעכקייט — אינם גרעסטן אומגליק, וואָס דער דייטש־מערדער האָט אונז פאַרשאַפט; במקום אויסגעוואָרצלט — אַוועקשטעלן: אויסגעריסן. כלחוך השור. דער מערדער האָט אונז אויסגעריסן מיטן וואָרצל און — — —

ווי פּאַרט זיך חורבן מיט יום טוב? מילא. זאָל זיין יום טוב ביי יידן. אָבער — אַביסעלע באַשיידענער, אַביסעלע איידעלער, אַביסעלע יידישלעכער — וואָלט באמת נישט געשאָדנט צו דער שמחה. אָבער ווער הערט דען מיינע מחשבות, ווער לייענט דען מיינע טראַכטענישן: אַט — אַ בטלן...

אָבער אַ באַרואיקנדיקע תשובה געפּרוווט געפינען אין אַן עסיי פון ד״ר אַ. מוקדוני, אַרויסגעברענגט אויפן סמך פון מיין בוך „אויסגעוואָרצלטע" (29טער יולי 1956 —„טאָג מאָרגן־זשורנאַל").

זיך איך און לייען דעם עסיי, וואָס פאַרנעמט העכער 500 צייטונג־שורות און וואָס טראָגט דעם נאָמען „טאָפּלטע אויסגעוואָרצלטקייט". דער קריטיקער באַמיט זיך צו געפינען אַ פּתרון צו מיינע „בייזקייטן" און ווייעניש. זיין מיינונג: דער שרייבער איז געוואָרן אויסגעוואָרצלט, ממילא — זיין ליטעראַטור אַן אויסגעוואָרצלטע, מחמת — ליטעראַטור מוז האָבן אַ היים, מוז האָבן געשטאַלטן און העלדן, טאָר נישט זיין היימלאָז. און איך? האַלט מוקדוני: איך זוך נישט בלויז די סיבה פון אויסגעוואָרצלטקייט. איך זוך די סיבה פונם מענטש, וואָס איז געבליבן אויסגעוואָרצלט. „יאָ. ביטער טראַגיש איז מלך טשעמניס בוך „אויסגעוואָרצלטע" — — — ער קען זיך הפּנים נישט פאָרשטעלן, אַז צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן אויסגעמאָרדעטע, צוזאַמען מיטן גרויסן רויב און גרויסער גניבה, האָבן די דייטשן צוגענומען אויך די יידישע מאָראַל"... על כן? טאָר דער שרייבער נישט פאַרלאַנגען, אַז דער באַפרייטער ייד זאָל זיך באַמיען אויך צו באַפרייען פונם אַרויפגעצוווּנגענעם קאָשמאַר? לויט ד״ר מוקדוני:

> פאַר מיר איז דער ערגסטער ייד, וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די דייטשע לאַפּעס נאָך אַלץ דער גרעסטער צדיק אין אונזער וועלט...

ממילא, איז נישט פאַראַן קיין צדיק וואָס זאָל נישט זינדיקן. „אַזוי איז דער מענטש". אָבער דער שרייבער דאַרף שרייבן. דער געראַטעוועטער שרייבער קאָן נישט שרייבן וועגן הימל און שטערן, זון און לבנה. אין אים לעבט — און וועט לעבן — דער חורבן. ער דאַרף אים פאָרשן, אַריינדרינגען אין מערדערס פּסי־

כיק, דערגיין דעם מהות פון געוויסן יידס צונויפלעבן זיך מיטן געשעענעם — אויך נאָך זיין באַפרייאונג.

נו, דאָס איז מיין מיינונג. שווער זיך צו באַפרייען פונם פאַרגעקומענעם. דאָ וועט קריטישער מוסר נישט האָבן קיין פעולה. פשוט: אוממעגלעך איבערצובויען דעם שרייבערס מוח.

און איך טו זיך פרעגן, טו רעדן צו זיך (בעת כ׳האָב דאָ נישט מיט וועמען צו רעדן): הלמאַי דער ירגזון מיינער קעגן אַ צייטונג מיט יידישע אותיות — מה רעש? קיינער האָט נישט אַרויפגעצווינגען אויף מיר — גאָרנישט; געקאָנט זיצן ווי כ׳בין געזעסן — פריער און דערנאָך; געקאָנט זיצן — אין ערגעץ נישט... צו וואָס טענות? און אפשר גאָר געדאַרפט דאַנקען דעם יעקב פון אַרגענטינע פאַר זיין העלפן מיר אַרויסקריכן פון דער מינכענער בלאָטע; און אויך מסתמאָ געדאַרפט געבן אַ ישר־כוח דעם יעקב פון בראַזיל, פאַר זיין אַרויס־נעמען מיך פון די בוענאָס אײַרעסער „קאָודידזשאָס״? — — אויב זיך קריגן, איז — מיט זיך. נאָר ווי דראַפּעט מען אויס די אויגן — זיך? — — —

עס ווילט זיך מיר איצט זייער פילאָזאָפירן. און איבער וואָס איז פאַראַן. אָבער נעם און פילאָזאָפיר מיט צעשרויפטע געדאַנקען... אייגנטלעך, געהערן דאָך די פילאָזאָפן צום צעשרויפטן מין. אפשר. אָבער — אָט מיש איך אין מיין בריוו־טעקע און ציִ־אַרויס אַ פּאָסט־קאַרטל פון דיכטער מ. ר., געשיקט פון תל־אביב קיין בוענאָס אײַרעס מיט דער דאַטע: 23טער מערץ 1955. מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק בערך. עס הייסט, אַז אויך דעמלט האָב איך געהערט צום „קריגע־רישן״ מין...

> טשעמני, טשעמני, מען טאָר אַזוי נישט רעדן און טאָר אַזוי נישט טראַכטן.
> פאַרהאַנען מענטשן וואָס זענען אומעטום צופרידן און פאַרהאַנען אַזעלכע,
> וואָס זענען עס אין ערגעץ נישט. האָט איר זיך גרינגלעך פאַרטראַכט צו
> וועלכן מין איר געהערט? — — —

צו וועלכן מין? מסתמאָ צום צווייטן און דאָך — דאָ בעט זיך ווידער... פילאָ־זאָפיע: איז דאָך אומצופרידנקייט דער באַרעכטיקטער אויסדרוק — נישט צו נעמען דאָס לעבן ווי ס׳ווערט סערווירט פון דער „אָפיציעלער געזעלשאַפט״; אַדרבא: עס איז גאָר אַן אַרויסרוף פאַר איבעראַנדערשונגען, פאַר דערפינדעריש־קייט און אויפטועשקייט! — —

הכלל: זאָל איך זיין — צופרידן?

...דער נייער יאַנקעלע מיינער, דער בראַזיליאַנישער, האָט מיך שוין ווידער געגומען אויף אַ שפּאַציר. ער לאָזט מיך נישט צורו. איך מוז אים באַגלייטן אויף אַלע זיינע וועגן. אַ ציניקער. ער האַלט זיך אין איין באַגריסן מיט „גרויסע לייט״, וואָס ער טרעפט אין וועג.

„איר ווייסט ווער דער־אָ איז? כדי אָנצוקומען צו אים דאַרף מען שטיין אין אָטשערעט וואָכן לאַנג".

איך קוק אַריין אין זיינע גרויסע אויגן. זענען זיי ערנסט אָדער לאַכן זיי? יאָ. זיי לאַכן. ראשית — פון זיך אַליין און אויך — פון מיר.

או־וואַ! טאַקע אַ וויכטיקער פּאַרשוין. ביידע — מיין באַגלייטער און יענער פּאַר־שוין — פאַרנייגן זיך טיף־טיף איינער צום צווייטן. עס איז נישט פּשוט. טאָ וואָס טוט גאָט?

בין איך געווען אין דרוקעריי פון דער בראַזיליאַניש־פּאָרטוגעזישער צייטונג, ווו עס דרוקט זיך די „בראַזיליאַניש־אידישע צייטונג" — דערקען איך צווישן די שוואַרץ־אַרבעטער יאַנקעלעס „פּערזענלעכקייט", ביי וועמען מ'דאַרף שטיין אין אָטשערעט...

ער נעמט מיך „אויפן האַטשיק"; געפּאַקט אַ יאָלד פון וועמען צו חוזקן און אויף וועמענס חשבון — זיך צו רימען. אַן אַקטיאָר — אַן „ברעטער". אַן אויסגעע־שפּילטער אָדער בכלל אַ פאַרשפּילטער אַקטיאָר.

אויך די אַרבעטער אין דער גוישקער דרוקעריי קענען אים, ווייסן מיט וואָס דער ייד, דער רעדאַקטאָר, שמעקט. אַנומלט איז ער אַריינגעקומען אין דער דרוקעריי (פּאַרשטייט זיך, אין מיין באַגלייטונג), האָבן זיי געהאַלטן אין מיטן אויסקערן דאָס מיסט. אים דערזען, האָבן זיך תיכף געשאַפן צוויי רייען און, מיט די בעזעמס און באַרשטן איבער די אַקסלען, זענען זיי געשטאַנען „נאַ באַטשנאָשטש" ביז ער איז דורכגעגאַנגען צווישן זיי... דאַכט זיך, ער איז גאָר געווען צופרידן פון דער מעשה. ער האָט געשמייכלט. און איך — וואָס בין איך אַזוי אומשולדיק אַריינגעפאַלן אין דעמדאָזיקן מיסט? — — —

שפּאַצירן און שפּאַצירן. ער קאָן גאָר אָן מיר נישט שטעלן קיין טראָט. ער האָט מיך — אין גאַנצן. און איך בין דאָך ביי אים — אין גאַנצן... האָט ער ביי איינעם אַזאַ שפּאַציר מיר אָנגעוויזן אויף עפּעס אַ באַוואָקסענעם פּאַרשוין, וואָס שטייט אין גאַסן־ראָג אויף אַ טראָטואַר־ברעג און — וואַרפט מיט די הענט, רעדט, טענהט זיך אויס מיט זיך. פאַרבייגייערס שענקען אים אַ בליק און — ווייטער אַוועק. מ'קען אים שוין. אַ „היימישער טיפּ".

„איר ווייסט ווער ער איז — האָט מיין באַגלייטער איינגעקנייטשט די באַקן און פון די וואַסערדיקע אויגן אַרויסגעשפּריצט אַ זייער צופרידן געלעכטערל — איר זעט? אין אַ זעקס חדשים אַרום וועט אויך איר אַזוי שטיין און אויך אַזוי מאַכן מיט די הענט" — — —

אַלע מיינע בייזע חלומות...

ער האַלט מיך פאַר אַן אומאָפּשיידבאַר חפץ — פון אים. ווו ער גייט: „לאָמיר גיין". נישט שייך צו זאָגן — ניין. ער האָט מיך. ער קאָן זיך נישט באַוועגן —

אָן מיר. אַז אָן אים — סאַראַ ווערט האָב איך דען? — — — יאָ. ריאָ איז געגליכן צו כעלם, ווי ער האָט מיר געשריבן אין איינעם אַ בריוו. ריכטיק. כעלם — כמו שכתוב. און ער — מיין באַלעבאָס — איז דער צוגעפּאַסטער יושב ראש פאַר די כעלמער פני אין ריאָ.

חוץ אַלעם — איז ער אַ רכילותניק, יאַנקעלע קאָלאָביעלער. איך האָב זיך שיער „אָפּגעריסן" אויף אים איבער. אַ פאַסקודנער מעשה מיט אַ ישראל־שליח — גראָד אַ ייד וואָס איז גאָר היימיש מיט די דריבנע אותיות; האָט ער מסתמאָ נישט צוגעטיילט דעם געהעריקן כבוד דעם רעדאַקטאָר בכבודו ובעצמו. נו: נעמט יאַנקעלע און טוט אַ שרייב אין זיין בלאַט, אין זיין רכילות־ווינקעלע, אַז — דער שליח „דרייט זיך אַרום הייזלעך", איז גאָר „פאַני בראַט", הייסט עס, מיטן „געוויסן מין"... מיט אַזאַ שונד־שרייבעריי קאָן מען אַוועקלייגן דעם גרעסטן שונא. אַזוי פילט ער, דער רכילותניק... הפקר! און — טפו!

פאַראַן בשכנות נאָך אַ צייטונג. „אידישע פרעסע". איז יענער רעדאַקטאָר צעקריגט מיט דעם רעדאַקטאָר. יענער שרייבט אונטערן פסעוודאָנים: „אַ. בראָקער" — אַ מין ווינקעלע מיט כל בו. האָט דער „בראָקער" אַנומלט אָנגעבראָקט אַן אויסטערלישע מעשה, נישט פאַר די ליפּן צו ברענגען:

אין די צוואָנציקער אָדער דרייסיקער יאָרן, ביי זיין אָנקומען קיין בראַזיל, זאָל ער, דער איצטיקער באַלעבאָס מיינער און רעדאַקטאָר פון אַ יידישער וואָכנצייטונג, האָבן געגעכטיקט ערגעץ אין אַ פראַוואָסלאַוונעם אָדער באַפּטיסטישן אָדער גאָר סתם־אַ־הייליק־באַצלמטן הקדש, אין אַ מין הקדש, וואָס פאַרלאַנגט דריי מאָל „קדוש" מיט אַ הייליקן פּסוק דערצו פון דעמדאָזיקן, וואָס טרעט אַריבער די שוועל פון דער הייליקייט.

אַ מאָדנע, טשעקאַווע מעשה.

און דער „בראָקער" בראָקט אַריין אין דער מעשה דעם מרא דאתרא. עס זאָל האָבן געהייסן, אַז קהל האָט גערופן דעם דעמלטיקן כופר בעיקר צום רב.

סוף המעשה? יאָ. נאָך דער געבראָקטער און זייער דעליקאַטער מעשה איז דער באַמעשהטער צו מיר צוגעקומען, מיך אָנגעקוקט מיט רויט־וואַסערדיקע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט פון מיר אַרויסלייענען: הע, גלייבסטו אין דער מעשה אויך — דו?! ניין. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. גלייכער אַזוי.

און צוריקגעשמועסט: האָבן דאָך יידן־אימיגראַנטן געהאַנדלט אין יענע יאָרן מיט פאַרשידענע „הייליקייטן": צלמלעך און געטעלעך און געטשעלעך און יעזוסלעך און אַנדערע מינים — פון אייגענער און פרעמדער פאַבריקאַציע.

טאָ וועמענס חטא איז אַ גרעסערער? און ווער איז דאָ בכוח צו פּסקענען? סייווי — עס איז מיר אָנגעפּעפּערט אונטער דער צונג — נישט אויסצושפּייען, נישט אַראָפּצושלינגען.

## 4. נייעסן און בריוו

ערשטע טעג נאָוועמבער 1956. אַ־אוף! אַזאַ מרחק! גאַנצע צען מאָס שוויץ האָט דער באַשעפער אַראָפּגעשליידערט אויף ריאָ דע זשאַנעיראָ. יעדן טאָג שפּאַנען מיר צו אַ מיטאָג־טיש. שפּאַנען פאַרביי צווישן לאַנגע וואָלקנקראַצער־פּיס. אויף יענער זייט פון די ריזיקע פּיס — אַ געסלקע, אַ רעסטאָראַן, אַ „יידישער טיש", ווו אַ האַלבער מנין יידן עסט מיטאָג. היימיש־טשעקאַווע יידן. יעדער אויף זיין שטייגער. דאָ „באַרעדט" מען אַלץ און אַלעמען. בפרט איצט איז פאַראַן וועגן וואָס צו רעדן. מחמת — אָט האָט זיך פאַרענדיקט די סיני־אַקציע. עס איז פריילעך אויפן געמיט. און פריילעך שפּאַנט דער באַלעבאָס מיינער מיט צעשפּרייטע פּיס צווישן די וואָלקנקראַצער־פּיס. אַזוי שפּאַנט ער — מסתמאָ דער זיגער אַליין. והראַיה: אָט נעמט ער און שטעלט זיך אַוועק נעבן עפּעס אַ קרעמל און נעמט שפּרינגען דעם קרעמער אין די אויגן אַריין. ער זידלט אים. יענער — צוריק... ווער איז ער דאָס, דער קרעמער? — אַן אַראַבער — — —

... ישראל אַשענדאָרף. זיין נאָמען קוקט אַרויס פון אַ שוואַרץ רעמל. ער איז געשטאָרבן אין אַ וואַגאָן ערגעץ, אויף אַ נסיעה צו אינספּעקטירן יידישע שולעס אין אַרגענטינע. דעם 31טן אָקטאָבער. ער האָט לעצטנס געאַרבעט ווי אַ שול־אינס־פּעקטאָר ביי דער קהילה. ער האָט נישט געהאַט קיין נחת פון דער אַרגענטי־נישער פאָלקסטימלעכקייט (און אפשר אויך להיפוך...); זיך געוואָרפן אויף פאַרשידענע אַרבעטן — — ישראל אַשענדאָרף... שמעריקע קאַטשערגינסקי... אפשר. ווען זיי פאָרן נישט קיין אַרגענטינע... טייל פּליטים־שרייבערס האָבן נישט אויסגענוצט דעם וויזע־זכות, נישט פאַרלאָזט פאַריז... טייל געקומענע — זענען צוריק אַוועק. פון די געבליבענע איז בלויז בולט דער „זאַמבאַל", וואָס קען דורכבייסן שטיינער אַבי זיינס צו גרייכן...

קיין נחת האָט אַרגענטינע נישט געהאַט פון די שרייבער־פּליטים (און דאָס אייגענע צו הערן — פאַרקערט) — — —

... צוויי בריוו דערהאַלטן פון תל־אביב. איינעם פון אַ ייד, וואָס האָדעוועט שוין לאַנגע יאָרן אַ מאַנוסקריפּט פון אַ ראָמאַן „דער וועג פון ליידן"; דער בריוו, אַ באמת ליידנדיקער, איז געשיקט געוואָרן קיין בוענאָס איירעס, פון דאָרט — אַהער. דער שרייבער בעט, איך זאָל אים פאַרבונדן מיט די וואַרשע־ווער לאַנדסלייט; עס קומט אים אָן שווער דאָס „מאַכן אַ לעבן" אין ישראל; דערביי זאָגט ער אָבער אויס דעם סוד — פון וואָס און פון ווען שרייבערס בכלל מאַכן אַ לעבן דאָרט... עס ווערט קאַלעמוטנע נאָכן איבערלייענען דעם בריוו זיינעם מיט די הונדערטער דריבנע ווערטערלעך — אַ סענסאַציאָנעל־טריבע און ווערעמדיקע דערציילונג... וואָס זאָל איך אים ענטפערן? מיט די אַרגענטינישע

וואַרשעווער האָב איך נישט קיין קאָנטאַקט און די בראַזיליאַנישע — ווייס איך נישט צי אַזוינע זענען דאָ בנמצא.

דער צווייטער בריוו איז פון מיין גוטן ישראל־קאָרעספּאָנדענט מנחם פלינסקער. ער גייט מיר נאָך ממש פּיס (אָדער ים)־טריט. גוט אַזוי. גוט צו האָבן כאָטש איינעם, אַ באמת טרייען חבר.

נו, טו איך לייענען אין זיין בריוו (29טער נאָוועמבער 1956) אַ היפּש קאַפּיטל מיט קאָמפּלימענטן אויף מיין חשבון; ער דערמאָנט מיך כסדר; ער לעבט מיט מיר; ער בעט זיך: שרייב, קאַרג נישט קיין טינט און פּאַפּיר. „איך דער־וואַרט דיין בריוו ווי מען דערוואַרט די אויסלייזונג". לסוף פאַרטרויט ער מיר אַ סוד, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט מאַכן אַ רייזע איבער דער וועלט און אַז איך, אַנוכי הקטן, דאַרף זען עפּעס צו טאָן דערין — — —

אַ באמת־ליבער, חברישער און גאָר האַרציקער בריוו. אָבער — וואָס זאָל איך טאָן וועגן אַזאַ מין „רייזע פּראָיעקט" פאַר מיין גוטן פלינסקער? מיט וועמען זאָל איך דאָ רעדן דערוועגן? אפשר פאַרלייגן דעם פּראָיעקט פאַר די ריזיקע, געל־שווינדזיכטיקע וואָלקנקראַצערס, וואָס בלויז און נאָר מיט זיי באַגעגן איך זיך יעדן טאָג?

און עס ווילט זיך מיר דווקא נישט אַוועקנעמען פון אים די אמונה, אַז איך קאָן פאַר אים עפּעס טאָן. און כדי דאָס צו באַשטעטיקן דאַרף איך דאָך ממשות־דיק רעאַליזירן מיינע טראַכטונגען. אָבער — ווו און מיט וועמען? וועט ער וועלן פאַרשטיין, אַז בראַזיל בכלל און דאָס יידישע בראַזיל בפרט איז קולטורעל — אַ מדבר? אַ לאַנד — אויסגעפּילט מיט געצן, געטשקעס און מיט אַ יעזוס, וואָס שפּרייט זיך אונטערן הימל, שפּרייט זיינע רעפלעקטירטע הענט איבער זיינע שעפּעלעך... און דאָס ביסל יידיש איז איינגעבעטן ביי די קאַטוי־לישע באַלעבאַטים; און די יידישע יוגנט איז אַסימילירט ביזן בייך אין דער שפּראַך, אין דער סענסאַציע; זעטיקט זיך מיט די געלע בלעטער־פּלאַכטעס און שפּאַנט לינקס, לינקס...

יאָ, האָב פאַרשפּעטיקט דאָס בעטל, וואָס דער גוטער מנחם האָט פאַר מיר געהאַלטן איבערגעדעקט מיט אַ ווייס ליילעך אין זיין אַראַביש־פּאַרלאָזטן דאָרף. ער האָט זיך שוין אַריבערגעקליבן קיין תל־אביב. אָבער דאָס סימבאָלישע בעטל שטייט מיר סייווי פאַר די אויגן — מיט דער ווייסקייט און וואַרעמקייט. אַ שאָד, אַ שאָד דאָס בעטל...

אים אפשר שרייבן, ער זאָל אַהערקומען ווי אַ שליח — אַזויפיל שליחים דרייען זיך דאָ אַרום (אָן עין הרע)... וועל אים אָבער דערביי מוזן דערציילן וועגן איינעם אַ שליח אַזאַ, אַ שרייבער־שליח, וואָס זיצט דאָ און טוט דאָ פאַרן „פאַרייניקטן קאַמפּיין". אַ רחמנות אויף אים. אַ שרייבער און פאַרטיזאַן. אים

געטראָפן אין אַ האָטעל־האָל, ווו ער האָט געוואַרט מ׳זאָל אים קומען אַוועקפירן אין אַ שטעטל ערגעץ. אַרום חצות. און אַ רעגן האָט אַ פלייץ געטאָן — מיט טאָנעס וואַסער. איז אָט אַריינגעפאַלן אַ ייד, אַ כאַפּ געטאָן דעם שליח, ווי אַ שד דעם מלמד, אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַרטיזאַן, וואָס איז געווען היפּש אויפגערעגט, שלעפעריק און טאַקע אומצופרידן, וואָס ער מוז אין אַזאַ רעגן זיך אַוועקלאָזן ערגעץ... און געטראָפן אים אויך אויף אַ „צוזאַמענטרעף פון עסקנים". ווידער — אַ רחמנות אויף אים, ווי נעבעכדיק און ווי אומבאַהאָלפן — — —

ניין. וועל אים נישט שרייבן דערוועגן. ער וועט מיר נישט גלייבן: אַזאַ פּנים האָט אַמעריקע!?

## 5. אַ שוואַרצער פּאָליציאַנט; אַ פּאָלאַק־ארגענטינער־בראַזיליאַנער; גאָלד! ווו האָט ער דאָס גאָלד?

אַ היפּש ביסל חדשים, וואָס כ׳גיי פאַרביי יעדן טאָג צווישן ריזיקע פּיס, אויף וועלכע עס האַלט זיך אַ 30שטאָקיקער וואָלקנקראַצער, היפּשע חדשים און עס איז מיר נישט געקומען אויפן רעיון אַ פרעג צו טאָן וועמען פון די אַרומשמיי־ענדיקע יידן דאָ: הע, פעטער, פון וואָס מאַכן יידן דאָ אַ לעבן? —

אַ געשטויס, אַ געשטופּ, אַ געדרענג, אַ געשושקעריי. אויסגעפּילטע ווינקלען. מען האַנדלט. אַ טומל — אַ יאַריד אונטערן הימל... און איך בין פאַרטאָן אין מיינע עסקים — מיין עסק! — — בטלנות!

און אָט — איז עפּעס געשען, אַן עפּעס, וואָס האָט מיך אַ שטויס געטאָן, אַ זייער נישט־דזשענטלמעניש שטויס — און דאָס האָט מיך אַרויסגעשטויסן פון מיין גייענדיקן דרעמל, מיך געצוווּנגען זיך אַרומצוקוקן — אַרום און אַרום: שוואַרץ אַרום די אויגן...

אַ שוואַרצער פּאָליציאַנט האָט זיך מיר געשטעלט אין וועג.

מיין גאַנץ לעבן באַמי איך זיך, מיט אַלע מיינע באַשיידענע כוחות, נישט צו שטעלן זיך קעגן געזעץ, קעגן מלכות — נישט צו האָבן קיין עסקים מיט פּאָליציי־לייט, בפרט — זיך צו דאַרפן שלאָגן מיט זיי; נישט פאַר מיינע כוחות. אויב שלאָגן זיך — קלייב איך אויס מיין גלייכן: אַ יידישן רעדאַקטאָר, אַ שרייבער וכדומה קאָלעגן מיינע פון פּויסט און פּאַך.

מהאַי־טעמאָ: סאַראַ שייכות האָב איך דאָס מאָל געהאַט מיט אַ בראַזיליאַנישן פּאָליציאַנט — און סאַראַ פּאָליציאַנט: שוואַרץ ווי די נאַכט און אַ פּאַרנעם — אַ דרייטירלדיקע שאַנק — אַן אַטלעט; און נישט בלויז מיט אים —

„אַ דאָקומענט!"

די אַרויספאָדערונג האָט דורכגעצישעט צווישן די ציין איינער אַ בחור, וואָס האָט זיך מיר אַריינגעשטעלט אין פּנים אויף מיין טעגלעכן מיטאָג־שפּאַציר.

דערביי האָט ער פאַרקנייטשט אַ קלאַפּע פון זיין רעקל, מיר געוויזן אַ גלאַנציק בלעכל, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן: דאָס געזעץ! זייער געהיים!
איז מיר פאַרביי אַן איילּיקער געדאַנק: אַ טעות. נישט מיך מיינט ער. האָב איך דערפאַר מיט ווירדע אַרויסגענומען מיין אַרגענטינישן פּאַס, אים דער־לאַנגט מיט אַ טאָן, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן: דרך ארץ פאַר אַן אַרגענטינישן בירגער! אָבער יענער האָט זיך נישט געמאַכט פון מיין שטאָלצעניש. ער איז גראָד געווען זיכער, אַז ער האָט געטראָפן דאָס ריכטיקע געזוכטע. דערפאַר האָט ער דעם שטאָלצן פּאַס מיינעם דערלאַנגט צו אַ פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן — אַ פּאָליציאַנט־פּאַרשוין, וואָס בלויז זיין אַפּמעסטן מיך מיט רויט־רוצחישע אויגן האָט פון מיר אַוועקגענומען דעם מיטאָג־אַפּעטיט; ער האָט גע־דרייט דעם פּאַס צווישן שוואַרץ־קלאָציקע פינגער, אים געעפנט און גענומען אַרויסלייענען (גראָד אַ גראַמאַטנער געווען):
„נאַסידאָ ען וואַרסאָוויאַ", עס הייסט: געבוירן אין וואַרשע; „נאַסיאָן פּאָלאָניאַ", וואָס מיינט — אַ ריין־בלוטיקער פּאָלאַק; „אַרכענטינאָ נאַטוראַליזאַדאָ", וואָס זאָגט — אַ נאַטוראַליזירטער אַרגענטינער; „פּערמאַנענסיאָ ען בראַזיל" — וווינרעכט אין בראַזיל... (אַזוי האָט ער געלייענט קליפּ און קלאָר — אי שפּאַניש אי פּאָר־טוגעזיש — כמעט אַ פּראָפעסאָר.) הער אַ מעשה: אי אַ פּאָלאַק, אי אַן אַרגענ־טינער, אי — גרייט זיך צו ווערן אַ בראַזיליאַנער — אַ גאַנצער אינטערנאַ־ציאָנאַל...
„קום!" — האָט די פּאָליציי־שאַנק באַפוילן און אַריינגערוקט מיין שיינעם פּאַס אין זיינס אַ פאַרשוויצטער טאַש.
האַ? מיט וואָס אַזוינס האָב איך געשעדיקט דאָס גאַסטפריינטלעכע בראַזיל? און אפשר געפעלט אים נישט מיין הילוך, אים, דעם גראַמאַטנעם שוואַרצן פּאָליציי־פּאַרשוין — די אַרגענטינישע מאָדע: ברייט־זאַקיק רעקל און הויזן, אַז די פּאָליציי־שאַנק וואָלט זיך געפילט באַקוועם אין זיי? אַ מאָדע אַזאַ. בין איך שולדיק, אַז אין בראַזיל טראָגט מען גראָד שמאָלע רעקלעך און שמאָלינקע הויזן־רערלעך, קוים אַ פוס דורכצושטופּן?! דערפאַר אַרעסטירט מען פרידלעכע מענטשן?
נו, שוין צופיל געטראַכט. דער פּאָליציאַנט האָט מיך געהיט, ווי אַן אוצר ממש. ער — ביי מיין זייט, נישט אַראָפּגענומען די רויטע אויגן־רעמען פון מיינע שפּיציקע און צאַפּלדיקע אַקסלען; הינטער מיר — דער פּאָליציי־אַגענט. מען פירט מיך. וווהין? ווילן זיי מיך דווקא באַקענען מיט זייערס אַ מוסטער־האַפּטן אַרעסט־קעלער? מוחל! נישט אין אַזאַ היץ! האָב איך דערזען אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט אַרויסשטייק אין אַ קיאָסק. כ'וועל אָנקלינגען צו מיין באַלעבאָס. זאָל ער כאָטש וויסן — ווען ער האָט אַראָפּגעברענגט פון אַרגענטינע — — —
נו, ווי כ'האָב זיך געגרייט אַ כאַפּ צו טאָן דאָס טעלעפאָן־טרייבל, האָט דער שוואַר־

צער ריז מיך אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם, אַ שטייגער — אַ זעקל שעטשקע...
איצט נאָך שטאַרקער אויפגעװעקט ביים נעגער דעם פאַרדאַכט: גייט זיך פאַר־
בינדן מיט זיינע אינטערנאַציאָנאַלע שותפים, געבן זיי דאָרט אַ װוּנק...
נו, האָב איך געװאָרפן מיט די פיס, געטרייסלט מיט די הענט, זיי געשליידערט
אין דער לופט, װי זיי װאָלטן זיך געבעטן: ראַטעװעט, גוטע מענטשן! הילף!
עס האָט נישט געהאָלפן מיין שרייען, אַז כ'װעל זיך שוין אויפפירן לייטיש,
אַבי דער אַטלעט (ער מאַכט דאָך פון מיר אַ קאָטלעט!) זאָל מיך צוריק אַװעק־
שטעלן אויף מיינע פיס. גאָרנישט. ער האָט מיך געטראָגן — אַן אוצר! און
דאָס געסל אַרום — שװאַרץ: אָ־װאָ! אַזאַ הערכט געפאַקט! — — —
מיין נס אין יענעם שװאַרץ־שװייסיקן נאָכמיטאָג: די פּאָליציי־קאָמיסאַריע האָט
זיך געפונען נאָענט. מיין שרעק: די געװיסע געלע פאָטאָגראַפן זאָלן מיך נישט
„אַראָפּכאַפּן", מאַכן זייערע שונד־סענסאַציע־בלעטער פול מיט מיין פּערזענ־
לעכקייט אין דער איצטיקער פּאָזע...
.... אין איין האַלבער שעה שפּעטער — שוין װידער געװען אַ פרייער און
אָרנטלעכער בירגער. אויף דער גאַס בפירוש געזען, װי דער אָנגעלויף באַדויערט
זייער, װאָס אַזאַ סענסאַציע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פונם געלן בלאַט... אמת,
האָב געדאַרפט פאַרלאַנגען, אַז דער פּאָליציאַנט זאָל מיך צוריק אַװעקטראָגן
אַהין, פון װאַנען ער האָט מיך געבראַנגט, אָבער — — — זאָל ער שוין באַקומען
די מפּלה פון אַנדערע הענט...
שפּעטער געװאָר געװאָרן: אין דעם דורכגאַנג־געסעלע צװישן די ריזיקע װאָלקנ־
קראַצער־פּיס גייט אָן אַ שװאַרצער גאָלד־האַנדל. איז דער שװאַרצער פּאָלי־
ציאַנט געװען זיכער, אַז דאָס געהער איך צו דער שװאַרץ־גאָלדענער חברה.
און דערפאַר טאַקע האָט ער, דער פּאָליציייאישער גאָלד־זוכער — נאָכן אַראָפּ־
װאַרפן מיך פון זיינע שאַנק־פּלייצעס — געגומען זוכן אין מיינע קעשענעס.
װאָס? נו: גאָלד. צו מיין מזל (און זיין שלימזל) האָט ער דאָרט נישט געפונען
כאָטש די װערט פון אַ װערטלאָזער קרוזעירא — גאָלד... ער האָט בלויז
דעם קאָמיסאַר — דװקא אַן אייראָפּייער מיט קולטורעל־פּאָליצייאישן פאַרשטאַנד
(יאָ, אויך פאַראַן אַזאַ זאַך!) — אַריינגעפירט אין אַ פּאַסקודנער לאַגע: יענער
האָט זיך געמוזט אַנטשולדיקן — נאָך אַ טעלעפאָנישער אָנפראַגע פון מיין
רעדאַקטאָרס זון — פאַר אַרעסטירן אַן — אויסלענדישן רעדאַקטאָר...
אָבער — דער נעגער האָט געטאָן זיינס... ער האָט מיך אָט אַזוי „איינגעביר־
גערט" אין בראַזיל, אַז — האָב געגומען זוכן דעם װעג װאָס־גיכער זיך אַרויס־
צובירגערן — — —

## 6. פאַרייניקטער פליי־סעזאָן אין ריאָ

וואָס־וואָס — אחדות הערשט צווישן בני־ישראל אין ריאָ. אָט זענען פאַרגע־קומען וואַלן צו דער חברה קדישאָ, אָריגינעלער נאָמען פון דער היגער קהילה. נו, איז עס געווען אַ מין טי־נאַ־טי־קאַמף, ענלעך ווי ס׳איז פריער געמאַכט גע־וואָרן פון היגן שטאָטראַט. דאָרט ווי דאָ האָבן פערזאָנען דווקא געשריגן, אַז דאָס זענען זיי די ריכטיקע „פערזענלעכקייטן" און אַז דווקא זיי זענען גרייט „אויף קרבנות" פאַרן פאָלק. אוודאַי האָט דער שטאָטראַט מער קאַנדידאַטן ווי די חבֿרה קדישאָ; און אַוודאַי געהער „די גאַס" צו די שטאָט־טאַטעס, בעת די חברה קדישאָ פאַרמאָגט בלויז אַ באַגרענעצטן פלאַץ פאַר איר קאַמף — אַ קעלער אין בית־המדרש.

ביי די וואַלן צום שטאָטראַט זענען די גאַסן געווען באַהאַנגען מיט לאָזונגען און פאָטאָס פון די צוקונפטיקע טאַטעס; פון איינער אַזאַ פאָטאָ האָט אַראָפּגעקוקט אַן אינוואַליד אין אַ וועגעלע. זיין פּנים — בלויז צער. ער האָט אַפּעלירט: זעט, גוטע בירגערס, איך בין אַ קאַליקע; שיקט מיך אין מאַגיסטראַט אַריין, ווייל איך פיל די ליידן פון די ליידנדיקע.

נו, צו דער חברה־קדישאָ זענען נישט „געלאָפן" קיין קאַליקעס. איך האָב געזען די אויסגעוויילטע. אַלע, ברוך השם, מיט הענט און פיס און גאַנצע קעפּ (אין די מוחות נישט אַריינגעקוקט). אַלע פאַרטייען־פערזענלעכקייטן: ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן. אָבער געזיגט האָט סיווי דער רבֿ. יאָ, אַ רבֿ אַ יושבֿ־ראש. איז מען זיך דערנאָך צונויפגעקומען אינגם קעלער פונם בית־המדרש אויף אַ „לחיים" לכבוד די זיגערס — אַ מין ברידערלעך־דזשענטלמעניש האַנט־דרוק. איז געווען זייער טשעקאַווע צו זען דעם יידישן קאָמוניסט, דעם באַזיגטן, וואָס האָט מיט איין האַנט געגלעט דאָס קאָפּעלע אויף זיין קאָפּ און מיט דער צווייטער — געגלעט דעם רבס האַנט, דעקלאַרירנדיק מיט האַרציקער פּאַטעטיק:

„איך — בין — מיט — אייך!"

אויך דער בונדיסט האָט געטראָגן אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ. אויך ער האָט געווינטשן דעם זיגערישן רבֿ „לחיים" —

ועשו כולם אַגודה אַחת...

... פליי. אַ פליי־אָנשיקעניש. ווו אַ קער — פליי, נישט חלילה מענטשן־פליי (דאָס לאָזט זיך דאָ פילן אַ גאַנץ יאָר), נאָר פליי ממש: שוואַרצינקע, שפּרינ־גענדיקע, בייסנדיקע פליי

פון וואַנען זענען פלוצים אָנגעשפּרינגען אַזוי פיל פליי אין ריאָ דער שטאָט? אין מיין ניי־געדונגענעם חדר, וואָס געפינט זיך אין דער שיינער געגנט „פלאַמענגאָ", בשכנות מיטן ים, האָב איך זיי — אָדער: האָבן זיי מיך — דערטאַפּט, די פליי.

האָב זיך געשעמט צו רעדן דערוועגן מיט מיינע נייע באַלעבאַטים. זיי קאָנען נאָך האָבן צו מיר טענות: האָט אָנגעטראָגן אַהער פליי פון דער גאָרער וועלט! הכלל: עס איז מיר ווינד און ווינד — כ׳זיץ אויפן בעט און יאָג זיך נאָך פליי. וואָס טוט מען? אפשר האָבן זיי זיך אַזוי אנגעיאָוועט אינם האָריקן טעפּעך, וואָס ליגט רחבותדיק אַרום מיין בעט? זיכער! אָט אַ נעם טאָן דעם פּאַסקודנעם טעפּעך, אים צונויפקנוילן, פאַרדושען אין אים די פליי... אָפּגעאַרבעט מיט שווייס, אָבער — צום טייוול: פליי אַרום און אַרום! די נאַכט — די ערשטע נאַכט אינם דאָזיקן חדרל — נישט געשלאָפן. פאַרטאָג זיך אייליק אַרויסגעשאַרט. זאָלן די באַלעבאַטים מיך נישט זען, נישט זען דעם חורבן, וואָס האָב אָנגעמאַכט אינם צימער.

האָב זיך געלאָזט איבערן וועג צום ים. וואונדער: די פליי באַגלייטן מיך; זיי שפּרינגען מיר נאָך! און זע דאָס וואונדער: צוזאַמען מיט מיר, צוזאַמען מיט מיין טרייסלען די פיס ביים וועלן אַרויסטרייסלען די שפּרינגענדיקע באַשעפענישן, טוען דאָס אויך אַנדערע שפּאַצירערס ביים פאַרטאָגיקן ים. אויך זיי זענען נישט געשלאָפן די נאַכט. אַזיסטן: וואָס טרייסלען זיי זיך אַזוי און וואָס טוען זיי פאַרטאָג אויף דער פּלאַזשע? יאָ, די גאַנצע שטאָט טרייסלט זיך, איז פאַרנומען מיט — קראַצן זיך נאָך אַ פליי־אָנפאַל. ווי זינגט זיך דאָרט:

טראָג איך אַ קאָלנער ווייס ווי שניי,
אונטערן קאָלנער פול מיט פליי...

אין רעדאַקציע־צימער געטראָפן דעם רעדאַקטאָר מיט אַ האַנט (זייט מוחל) צווישן די פיס. האָב אים תיכף נאָכגעטאָן אוןביידע האָבן מיר זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט:

„וואָסי ס׳געלעכטער?״ — ווילט זיך מיר ווייגען.

„פּפּפּלללליי — קייכט דער רעדאַקטאָר — עס איז דער סעזאָן פון פּ־פּ־פּ־לללליי...

הער אַ מעשה: אַ סעזאָן פון פליי אין ריאָ דע זשאַנעיראָ.

פליי דאָ, פליי דאָרט — אומעטום — פליי.

און אין דעמדאָזיקן פּאַסקודנעם פליי־סעזאָן באַקומען אַ דרינגענדיקע טעלעפאָן־מעלדונג פון דער שרייבערקע (וואָס מלאָה כל הארץ כבודה): היינט אָוונט מוז איך זיין ביי איר איך שטוב; היינט, פּינקטלעך, עס וועט זיין אינטערעסאַנט. וואָס פּלוצים? קום איך דאָך צו איר כמעט יעדן אָוונט. אויך היינט קומען. פאַרוואָס דער ספּעציעלער רוף?

זי וווינט אין קאָפּאַקאַבאַנאַ, די פאָרשטאָט אָדער הינטערשטאָט פון דער הויפּשטאָט. דאָ געפינט זיך דער ים און נעבן אים — „די שענסטע פּלאַזשע אויף דער וועלט״. אַזוי רימען זיך די שטענדיקע ליגערס אויף דער פּלאַזשע

(„פּראַיאַ", בלע"ז): דאָס זאַמד איז גאָלד, די זון — גאָלד און די מיידלעך — גינגאָלד.

די „שענסטע מענטשן פון שטאָט" וווינען אין קאָפּאַקאַבאַנאַ. דאָס לעצטע צו פאַרקויפן און אַ דירה ביי דער „פּראַיאַ" צו קויפן. עס לוינט פאַרן געשעפט און עס איז כדאַי פאַר מחותנימשאַפט און פאַר קאָרטן־שפּיל. דאָ שפּילט מען קאָרטן אין מנין. דאָ לעבט מען צוזאַמען און אויך איזאָלירט פון די רעשט שטאָט־טיילן.

דאָס אַריינפאָרן קיין קאָפּאַקאַבאַנאַ איז דורך אַ טונעל, אויסגעבויט אין אַ באַרג — די גרענעץ צווישן שוואַרצן הונגער און ווייסער האָכשטאַפּלעריי. אַן עדות דערויף איז טאַקע דערדאָזיקער באַרג: ווויַן־לעכער ווי קברים קוקן אויף קאָפּאַקאַבאַנאַ, קוקן צו דער „פּראַיאַ", צום ים, צו די שוימיק־שטורמישע כוואַליעס. „פאַוועלאַס" רופט מען זיי, די קברים, וואָס זענען צעוואָרפן איבער אַלע בערג און בערגלעך — דער שיינער פּייסאַזש פון ריאָ דע זשאַנעירא.

אין קאָפּאַקאַבאַנאַ וווינט דער רוב יידן פון שטאָט: די אַריסטאָקראַטיע — פון רעכטס ביז לינקס. אויך פאַראַן אין ריאָ אַן אַריסטאָקראַטיע אויף לינק; יידישע קאָמוניסטן־נגידים; בונדיסטן־פאַבריקאַנטן, פּועלי־ציון־סוחרים...

צו דער אַנגעוויזענער שעה, ווי יעדן אָוונט, אַראָפּגעבויגן די קליאַמקע פון דער סאַלאָנאַווער וווינונג ביי דער שרייבערקע, צעעפנט היימישלעך די טיר און געבליבן שטיין מיטן „גוט אָוונט" אויף דער צונג: דער סאַלאָן — אויסגעפילט מיט די פּני פון שטאָט; די „שרייבער־גרופּע" אין פולן קאָמפּלעט. וואָס איז היינט די שמחה? פאַרוואָס האָט די באַלעבאָסטע געמאַכט פון דער שמחה אַ סוד? און לכבוד וועמען די שמחה? נישט געהערט פון קיין געסט, נישט געזען קיין דורכפאָרנדיקע פּערזענלעכקייט, וואָס די שרייבער־גרופּע זאָל דאַרפן אויפנעמען און באַגריסן. האַ? פאַרוואָס פּאָרט אַזוי געהיים. וואָלט איך פריער געוווּסט, אָדער — כ'וואָלט בכלל נישט געקומען, אָדער — כ'וואָלט כאָטש געביטן די הויזן...

מילאָ, אומבאַקוועם אַריינגעפאַלן. סיווי זעט מען מיך נישט אַרויס. יעדער האָט צו טאָן מיט זיך און אַלע צוזאַמען — טרייסלען זיי פון זיך די פּליי.

אוף! געכאַפּט אַ ביס און — געכאַפּט די פּלוי. בנאמנות...

אַלץ באַזעצט. איך געפין אַ ברעקעלע פּלאַץ ביי דער טיר. בעסער אַזוי. די טיר פירט צו די טרעפּ, צום אַנטרינען פון דער פּליי־צונויפקומעניש.

...„אַ דאַנק איר שאַפערישקייט, רייכער פּען און באַרימטקייט איבער דער גאָרער וועלט האָט אונזער ישוב באַקומען אַ נאָמען און געוואָרן אַן אָנגעזעענער ישוב"... — אַזוי זאָגט אַ ייד, האַלט אַ רעדע, לויבט. וועמען? מסתמאָ — דער באַלעבאָסטע. ווער דען האָט דאָ פאַרדינט געלויבט־צו־ווערן? באַלד ווערט מען

מכבד־זײַן מיט געזאַלצענע שניטקעס. זײ ליגן שוין אויסגעסדרט אויפן טיש אין צווייטן צימער. איך כאַפּ זיך אַרײַן דאָרט אַהין, פון דאָרט — אויפן באַלקאָן. די גאַס אונטן רױשט. דער אָוונט קילט זיך אין ים־ווינט.

די באַלעבאָסטע האָט מיך אַנטפּלעקט:

„פאַרוואָס באַהאַלט איר זיך? — שײַנט זי פון גדולה און קײַכלט מיט אַ דריבנע געלעכטערל — קומט אַרײַן, האַ, פאַרוואָס ווילט איר נישט אַרײַנקומען?"

„ערשט נעכטן בין איך דאָך געווען. וואָזשע קומט הײַנט פאַר?"

„עס איז מײַן יום טוב. איר הערטאָך!"

„נישטאָ וואָס צו הערן".

„קײנער פרעגט נישט ביי אײַך — טוט זי זיך אַ קאָקעטישן ביײזער — קומט אַרײַן און זאָגט אַ פּאָר ווערטער!"

דאָ אַרויסווײַזן מײַן עקשנות: נײן! צו אַזאַ „פאַרברענגען" בין איך בכלל נישט געוווינט; צונויפנעמען ביי זיך אין שטוב אַן עולם, כּדי צו הערן לויבערײַען! הער אַ מעשה. דערין ליגט די פיזישע איבערגעזעטיקטקייט פון יידן (און יידענעס), וואָס זוכן „גײַסטיקן גענוס" אין קאָלעקטיווער זעלבּסטלויבערײַ. פלײ. אַ פלײ־סעזאָן אין ריאָ דע זשאַנעיראָ.

## 7. דזשונגל — קאַרנאַוואַל — פאַרגעניגן — געזעץ — ספּאָרט — א שטאָק...

אַטראַקציעס אין ריאָ (פאַרצײכנט כראָניקאַליש):

1. — פאַראַן אין בראַזיל מער דזשונגל, מער מענטשן־פרעסערס, ווי ציוויליזאַציע און ציוויליזירטע. האָט די רעגירונג אָוועקגעשיקט אין אײנעם פון די דזשונגלס אַ מיליטער־קאָמיסיע — אַן עראָפּלאַן מיט אָפיצערן, מיט גוטע מאַכלים פאַר די קאַניבאַלן. אפשר וועלן זײ לאָזן „רעדן צו זיך" מיט דער הילף פון די באַטעמטע מאַכלים. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דזשונגל־לײַט זענען קליגער פון די ציוויליזירטע: זײ האָבן אַרײַנגענאַרט דעם עראָפּלאַן, אַרויס־געכאַפּט די מאַכלים, די מענטשן, — אויפגעפרעסן די גוטע זאַכן צוזאַמען מיט די מענטשן.

2. — אײניקע גימנאַזיסטלעך האָבן זײער חברטע אַרויפגעפירט אויפן העכסטן שטאָק פון אַ נישט־פאַרענדיקטן וואָלקנקראַצער מיט דער כוונה זי מזנה־צו־זײַן. די חברטע האָט זיך באַצײַטנס געכאַפּט, זיך קעגנגעשטעלט און לסוף — אַרויס־געשפּרונגען דורכן פענצטער. דער פאָטער פון אײנעם פון די גימנאַזיסטן איז אַ מקורב צום פאָליצײ־הויפּט. דאָס זינדל ווייס, אַז עס וועט אים גאָרנישט געשען פאַר גורם־זײַן דעם טויט פון מײדל. שמײכלט ער פאַר די פאָטאָגראַפן. זײַן בילד פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דער גאַנצער געלער פּרעסע; עס איז אויך

פאַנאַנדערגעקלעפּט איבער אַלע מויערן פון דער שטאָט (ממש — אַ וועלט־סענסאַציע). און בעת מ׳האָט אים געפירט צום געריכט האָבן אים הונדערטער עקזאַלטירטע מיידלעך אָפּגעוואָרט און — ראַשיק אַפּלאָדירט. ער איז אַ העלד. און דאָס געהרגעטע מיידל — אַ מצוה אויף איר: נישט געדאַרפט זיין קיין באַטלענטע.

3. — דער היגער טראַמוויי איז אַ קאַפּיע פונם סאַמע ערשטן טראַמוויי, וואָס איז אַמאָל, מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, געפאָרן איבער די וואַרשעווער גאַסן געשפּאַנט אין פערד און באַהאַנגען מיט פאַסאַזשירן. דער היגער טראַמוויי וויגט זיך טאַקע אויף עלעקטריע, אָבער באַהאַנגען איז ער פון אַלע זייטן, באַהאַנגען מיט מענטשן, ווי מערעשקעס אויף אַ צעקוועטשטער פליג. און אינעווייניק שטופּט זיך און שטויסט זיך דער קאָנדוקטאָר. ער נעמט צונויף די קרוזעיראָס, ציט ביי אַ שטריקל, וואָס קלינגט־אויס נומערן אויף אַ זייגער אַזאַ. יעדער קרוזעיראָ — אַ נומער. אָבער דער קאָנדוקטאָר — נישט קיין יאָלד — נעמט צונויף אַ צענערל און גיט בלויז פינף צי ביים שטריקל. פּיפּטי־פּיפּטי...

4. — קאַרנאַוואַל קאַריאָקאַ. ער הייבט זיך אָן סוף פעברואַר, אָבער לאָזט זיך פּילן זינט ניי־יאָר. ווער עס האָט נישט געזען דעם קאַרנאַוואַל אין ריאָ, דעם „קאַרנאַוואַל קאַריאָקאַ״, דער האָט נאָך אויף זיין לעבן קיין קאַרנאַוואַל נישט געזען. טעג און נעכט. אַ שטאָט אַ גאַנצע — משוגע. פונם פּרעזידענט ביזן גאַסן־קערער. אָרעם און רייך — אַלע גלייך. מען קושט זיך און מען האַלזט זיך און מען וואַלגערט זיך צוזאַמען אין רינשטאָק — דער מיניסטער און די מולאַטקע, דער גאַסן קערער און די אַריסטאָקראַטקע. אַ לעבן. זעצט זיך אַוועק אויף אַ בריקל אַ יינגל מיט אַ פּייקל. ווערט אַרום אַ רעדל, אַ גרויסע ראָד פון יינגלעך. ער פּייקלט. די יינגלעך דרייען זיך אין ראָד. זינגען. שוויצן. שלעפּן אַראָפּ די העמדער. דרייען זיך אַ שעה, צוויי. אויס מיט די כוחות. בלויז איינאיינציקער ניגון דערהאַלט זיי, דאָס געזאַנג — פון „סאַמבאַ״. אַז זיי האָבן דאָך דורכגעמאַכט אַ ספּעציעלע קאַרנאַוואַל־שולע: „עסקאָלא דאַ סאַמבאַ״. אויך יידישע יינגלעך ווערן פאַרכאַפּט פונם עקסטאַז, דרייען זיך אין ראָד. אויך זיי זינגען דאָס קאַרנאַוואַל־ליד. אַלץ פאַרן קאַרנאַוואַל! טויזנטער אַנטלויפן פון שטאָט. טויזנטער פּילן־אויס די טאַנץ־טריבונעס. נישט קיין עסן, נישט קיין שלאָפן. עס העלפט נישט דאָס פאַרשפּאַרן די פענצטער פון מיין חדר, דאָס פאַרשטאָפּן די אויערן מיט וואַטע, דאָס שעלטן דעם קאַרנאַוואַל זינט זיין געבוירן, — דורך אַלע שפּאַרונעס רייסט זיך דורך דאָס הייזעריק־מידע געקרעכץ פונם „קאַרנאַוואַל קאַריאָקאַ״. און אַראָפּגיין שפּעט ביינאַכט אויף דער גאַס, פּרווון פאַרטרייבן דעם שלאָף — חס ושלום! אַ לאַנגע שורה שוואַרץ־בולקעדיקע מולאַטקעס וואַרט שוין גרייט אַ כאַפּ צו טאָן דעם רויב: ווו נאָר אַ פּאָר הויזן — לויפן זיי קעגן,

נעמען אַריין דעם מיד־פאַרשוויצטן מאַנפאַרשוין אין נאַקעט־פאַרשוויצטע אָרעמס... טאַנצן. טאַנצן. ביזן שפּעטן פאַרטאָג אַריין...
אָט אַזאַ איז ער, דער סאַמבאַדיקער קאַרנאַוואַל קאַריאָקאַ...

5. — אַן אָפּגעשלאָסן געסל. נידעריקע הייזקעס. טיף אין טונקעלן הינטערשטאָט. ווייט פון קאָפּאַקאַבאַנאַ. קליינע, הילצערנע הייזעקס — הייזלעך מיט צעעפנטע לאָדנס. אַ פינצטער געסל, אויסגעפילט מיט מאַנסלייט, מיט היציקע בליקן צו די אָפענע לאָדנס, ווו עס וויגן זיך דרייפערטל־נאַקעטע מיידלעך. עס קאָסט בלויז אַ פינפערל. אַזעלכענע היפּטן. אַזוינע בריסטן. אַאַא! די זונה שמייכלט, רופט קונים פאַר איר לייב. צענדליקער הייזלעך אַזוינע מיט זונות. איבערן אַריינגאַנג — אַ בליציקע איקאָנע: אַ קריסטלעך־כשר הייזל. ביי אַנדערע — בליצט נישט. מסתּמאַ זיצט דאָרט אַ יידישע מומע — פון יענע כלות, וואָס חתנים האָבן געבערענגט אויף שיפן מיט אַ דרייסיק־פערציק יאָר צוריק. אַלטע מומעס. אַן איבערבלייב פון די טמאים (רופיאַנעס, בלע״ז). און ביים געסל־ראָג — אַ פּאָליציי־קעטשל. אָרדענונג מוז זיין! עפנטלעכער זנות איז פאַרבאָטן אין בראַזיל. פאַרשלאָסענער — אָפן. אינם פינצטערן געסל באַלעבאַטעוועט די פאַרשלאָסענע זונה.

6. — אַז אין ריאָ גרייט זיך אַ רעגן — דאַרף מען זיך אָנגרייטן אַ שיפּל. עס כלאַפּעט מיט צעפליקטע וואָלקנס, מיט באַליעדיקע הימלען. בערג ווערן צע־שפּאָלטן. וואָלקנראַצערס צעפּאַלן. איינער אַזאַ באַרג, באַזעצט מיט פאַוועלאַס: דירות־לעכער פאַר היימלאָזע — האָט זיך גענומען אַראָפּגליטשן בעת אַזאַ רעגן און צוזאַמען — אַ גאַנץ הויזגעזינד. אָט קנעט ער, דער שוואַרצער באַלעבאָס, זיינע נאַקעטע פיס אין פעטן באַרג־ליים. אויף זיינע הענט — אַ נאַקעט קינד. ביידע וועלן זיי באַלד איינזינקען. ווער עס טוט אויף זיי אַ קוק, ווער — אויך דאָס נישט.

7. — סדום אין ריאָ. אַ מענטש ליגט אויפן ברוק. אַן אויטאָ האָט אים געגעבן אַ שטויס. איצט גייט ער אָפּ אין בלוט. אַ ריטשקע בלוט ציט זיך פון זיין מויל, ציט זיך איבערן רינשטאָק. מענטשן גייען פאַרביי, וואַרפן אַ בליק און — ווייטער אַוועק. דאָס געזעץ דערלויבט נישט צו געבן הילף אַזאַ איינעם, ביז אויפן אָרט קומט די געזעצלעכקייט — פריער וועט דאָס פּאָליציי־קעטשל באַשטימען און מעסטן, דערנאָך — וועט דאָס הילף־קעטשל אַוועקפירן דעם געהרגעטן ערגעצווו — — —

8. — צוויי שלאָגן זיך. אַ לאַנגער און אַ קורצער. דער קורצער דערלאַנגט דעם לאַנגן מיט די פויסטן אין בויך אַריין, אין האַרץ אַריין. דער לאַנגער פאַלט. אַ געדיכט רעדל האַלט זיי ביידן אין מיטן. דאָס רעדל גיט אונטער קוראַזש דעם קורצן. דער לאַנגער ליגט שוין אויף דער ערד. דער קורצער טרעט אויף אים.

האָקט אין אים מיט זיינע שיך. דער לאַנגער פאַרוואָרפט דעם קאָפּ, די הענט. ער איז באַזיגט. דער קורצער הייבט אויף ביידע הענט. ער ווערט אַפּלאָדירט. ער האָט געזיגט. דאָס רעדל צעפאַלט זיך. דער לאַנגער ליגט אויף דער ערד, ראַנגלט זיך אין קראַמפּן. פון זיין מויל ציט זיך אַ ריטשקעלע בלוט. אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע? אַן אומגליקפאַל? ניין. אַ ספּאָרט־שפּיל אַזאַ. דער צעמיתטער — אַ קרבן פון בראַזילאַנישן צעהיצטן ספּאָרט.

9. — אַנטקעגן דעם ים געפינט זיך אַ פּלעצל, אַ גערטנדל אַזאַ, מיט בענק און ביימער. דאָ רו איך אין די ליידיקע שעהן. דאָ זיצן אויך אויף די בענק יידן. זייער אויסזען — אַ צעבראַשטשעטער. זיי שפּרינגען פון באַנק צו באַנק, פון ייד צו ייד. דאַכט זיך: אַלע שפּרינגען זיי צוזאַמען, אַלע איילן זיי ערגעץ. און אַזוי שפּרינגענדיק און איילנדיק — פאַרלירן זיי איבערן וועג איין וואָרט, איינאיינציק וואָרט, וואָס, זעט אויס, איז פאַר זיי דער איינציקער אָנהאַלט אין לעבן.

„אַ שטאָק" — רופט זיך דאָס וואָרט.

„אַ שטאָק, אַ שטאָק".

און מחמת איך האָב אַ טבע „אונטערצושפּאַרן אַן אויער" דאָרט, ווו ס׳איז טשעקאַווע צו הערן אַ „גוט וואָרט", טו איך אויפכאַפּן:

יידן האַנדלען מיט „שטאָקן". ערגעצווו האָט אימעצער אַ פּלאַץ אויף וועלכן ער האָט בדעה אויפצושטעלן אַ וואָלקנקראַצער פון אַ דרייסיק שטאָק. נאָר וואָדען. עס פעלט אים געלט. נעמט ער און גיט איבער זיינע „שטאָקן" צו דידאָזיקע יידן, וואָס לויפן דאָ אַרום איבערן פּלעצל, לויפן און רעקלאַמירן זייער סחורה:

„אַ שטאָק, אַ שטאָק, אַ שטאָק!"

ווינטמילן, וואָס באַוועגן זיך מיט דער הילף פון — לופטיקע שטאָק־פּרנסות...

## 8. אַ־וואַ! — געלט

ביז כ׳האָב דערפילט דעם טעם פון געלט — בפירוש נישט געוווּסט סאַראַ טעם געלט האָט. נישט מחמת איך בין בטבע אַ שונא בצע, עס הייסט — אַ פיינט פון געלט. פשוט: קיינמאָל נישט פאַרמאָגט קיין געלט, ממילאָ — נישט געוווּסט דעם טעם דערפון און נישט געהאַט וואָס פיינט צו האָבן.

אָבער לעצטנס — אין די לעצטע אייניקע יאָר זינט בין געוואָרן בעל־תכלית, געגומען ערנסט טראַכטן וועגן „תכלית" און דעם איינציקן אויסוועג פאַר אַזאַ מין תכלית: פאַרמאָגן אויף אַ שיפקאַרטע קיין ישראל און אויף הוצאות אין די ערשטע וואָכן דאָרט — גענומען „ליגן אויפן גראָשן" — געשפּאָרט און געשפּאָרט: אָוועקגעלייגט „אונטערן מאַטראַץ" אַ דאָלער און נאָך אַ דאָלער,

נאָך אַ הונדערט־פּעזעדיקן, נאָך אַ טויזנט־קרוזעיראָדיקן... אַן אויסשטעלונג פון קאָלירטע גלעט־פּאַפּירלעך — אַ מטמון!

האָט זיך געמאַכט אַ קריזיס (ווי זאָגט דאָס ווערטל: אַז גאָט דער פּאָטער, וויל ער שטראָפט ער) — אַ פּשוטער מענטשלעכער ענין, אַזוי פּשוט און אַזוי מענטשלעך, ווי נאָר אַ סתם מענטש קאָן זיך פאָרשטעלן: ער זאָל זיך אין אַ געוויסן קריזיס־טאָג דאַרפן איבערגעבן צום זכות פון דאָקטאָרס מעסער.

איז די צרה קאַפּוירגעקומען אין שטוב אַריין —

דער ים.

אין וואַרשע איז נישט געווען קיין ים; אַפילו די מאַמע מיינע האָט געהאַט באַשטעטיקט — מיט אַ פערציק יאָר צוריק — אַז: געוואַלד און געשריגן, ער איז דאָך אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אין אַ ים! דאָס געשריי האָט זי אַרויסגעבראַכט בעת איר צוגיין צום בעט, אין וועלכן ס׳איז געלעגן איר זעקסיאָריקער הדר־בחור, דאָס מיינט — איך.

יאָ. און שפּעטער, ווען דער „איך" האָט שוין געטראָגן אויף זיינע פּלייצקעס אייניקע מאָל זעקס, איז ער צו קיין ים נישט דערגאַנגען — אויף דער גאַנצער וואַנדערוועלט זיינער.

דאָ, אינם בראַזיליאַנישן קאָפּאַקאַבאַנאַ, האָט ער זיך פּלוצים דערזען אייניקע טריט פון ים. אם כן, דאַרף מען פון אים הנאה־האָבן.

און אָט אַזוי זיך געפּלעגט צוקוקן, ווי האַלבנאַקעטע יונגען און דרייפער־טלדיקע מיידן טוען שפּרינגען צווישן די כוואַליעס, וואָס האָבן זיי אַרויס־געשליידערט אויפן זאַמדיקן ברעג. געקוקט און מקנא־געווען: ס׳איז דאָך אַזוי גוט! פּאַרוואָס זאָל אויך איך נישט מאַכן אָט אַזוי: אַ שפּרונג אַריין אין דער כוואַליע — אַ שליידער אַרויס אויפן זאַמד. האָט מיר דער ענין אָפּגעגליקט. אין פּאַרטאָג. נאָך אַ פּאַרטאָג. — ביז אַזאַ כוואַליע האָט מיך שיער פּאַר־אומגליקט —

אַרויף אין פּענסיאָן (יאָ. איך וווין שוין אין אַ פּענסיאָן „מיט אַלע פּאַרגעניגנס"), זיך אַרונטערגעשטעלט אונטערן קאַלטן שפּריץ, גענומען לויפן מיט די פינגער איבער מיין אַרומגעברוינט גוף און — זיך פּאַרהאַלטן אויף אַ „געוויסן פּונקט".

האַ? וואָס־אי־דאָס? — — —

ווייזט זיך אַרויס, אַז די כוואַליע האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ כמאַליע, אַז עס איז דערפון אַרויסגעקומען אַ... קיליע.

און ווי ווי!

אַוועק צו דער אַרבעט, זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער קאָשעטע. וואָסי געשען? פּאַרטאָג? שוין שלאָפן? איך פּאַרטרוי דעם ביטערן סוד מיין רעדאַקטאָר־באַלעבאָס. תיכף איז ער אַריין „אין דער ראַליע". און געמאַכט האָט ער עס

גוט. זינט כ׳געפין זיך ביי אים — נישט געזען אַזאַ גוט שטיקל אַרבעט:
ער האָט אָנגעקלינגען צו אַ באַרימטן יידישן כירורג, ד״ר ק., באַשטעלט אַ
וויזיט. איינס און צוויי זענען מיר געווען דאָרט. יענער האָט באַשטימט אַ טאָג
פאַר אַן אָפּעראַציע...
גיך און גוט.
ליג איך אויפן קליניק־בעטל. דער קליניק, זאָגט מען, איז אַ געזעלשאַפטלעכער.
דאָס מיינט, אַז פיל מאַמעס פאָרען זיך אַרום דעם קינד... דערפאַר טאַקע איז
דאָרט אַזוי ברודיק, אַזאַ אומאָרדענונג; דערפאַר שטייען דאָרט אַזוי בעט אויף
בעט...
הכלל: אָפּגעפּאַסט אַ טאָג. ביינאַכט האָט מיך אַ ווייבל אַריינגעפירט ערגעץ אין
אַ מין באָד־צימער, זיך גענומען צו דער מלאָכה פון אַרומראַזירן דעם „ריכטיקן
פלאַץ״, גענומען זיך גרייטן צו מאַכן אַ „קאַנע״.
אַ ווייבל גאָר?
עס שטייט מיר אַן ענלעך בילד פאַר די אויגן פון די רוסישע בעדער און
שפּיטאָלן, ווו ווייבער טוען אַרום די מענער אַלע „דעליקאַטע״ אַרבעטן.
דאָ אויך? געפינט זיך נישט קיין מאַן, וואָס זאָל זיך פאָרען אַרום די מאַנס־
פאַרשוינען?
...איי, איי, איי, האָט זי מיר „פאַררוקט אַ קאַנע!״...
געבעטן דעם דאָקטאָר, ער זאָל מיך איינשלעפערן ערב דער שנייד־פּראָצעסיע.
ער האָט מיר צוליב־געטאָן. איך קען זיך נאָך צעקאָפּען בשעת־מעשה...
ליג איך שוין בכבודיק אויפן וועגעלע, וואָס פירט מיך צו דער עקדה. אַרום —
חולאים באַגלייטן מיך מיט ווינטשערייען. איינער אַ סירישער ייד, וואָס האָט אין
ישראל געאַרבעט צוזאַמען מיט פּוילישע יידן און זיך אויסגעלערנט יידיש,
באַגלייט מיך מיט אַ זינגענדיק קולכל:
„פאָר געזונט און קום געזונט״...
און מיר דאַכט זיך — איך הער:
„צדק לפניו יהלך״...
דראָטן און דרעטעלעך ווערן פאַרטשעפּעט אַרום מיין קאָפּ. אויס. דעם לעצטן
וואַכנדיקן בליק געוואָרפן צו אַ יונגן דאָקטאָר, וואָס האָט מיט עפּעס אַ טרייסל
געטאָן אַרום מיין פּנים. אויס! — — —
אַ גוטער „שניידער״ דער ד״ר ק.
נו, קיין צרות נישט געפעלט. ערשט נעם איך זיך באַקענען מיט די אַרומיקע,
גראָד איז עס געווען אין די טעג, ווען די בראַזיליאַנישע ספּאָרטלער זענען
געפאָרן קעמפן פאַר וועלט־מייסטערשאַפט. ליגט בשכנות פון מיר איינער אַ
פּאַציענט, אַ „געקיליעטער״ פון פאָרנט און פון הינטן. ער ליגט מיט אַ טראַנ־

זיסטאַר ביים אויער. ער הערט די נייעס, הערט ווי „אונזערע" קעמפן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. פּלוצים — אינגם דריטן טאָג פון מיין ליגן אויפן בעטל — טוט מיין שכן אַ שפּרונג, אַ טראַסק אַראָפּ פון בעט צוזאַמען מיטן טראַנזיסטאָר:

„ווי־אַ!" — האָט ער אויסגעשריגן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מ'האָט אים געמוזט אַרויפטראָגן „שטיקלעכווייז" אויפן בעט...

דאָס האָט ער אַזוי באַגריסט די בראַזיליאַנישע זיגערישע ספּאָרט־טשעמפּיאָנען.

פון דער פרויען־אָפּטיילונג האָט מען אַרויסגעפירט אַ מיידעלע צום אָפּעראַציע־טיש. איז זי געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז אויפן וועגעלע האָט זי גענומען ברעכן, אַרויסברעכן פון זיך די „גרינע גאַל", ביז מ'האָט זי צוריק אַוועקגעלייגט אויף איר בעט.

אין אַ צוויי טעג אַרום — זי שוין געזען פלירטעווען מיט אַ יונג דאָקטאָרל ערגעץ אין אַ טונקל ווינקל. די אָפּעראַציע האָט זיך איינגעגעבן; דער פּאַציענט איז געבליבן לעבן: דאַרף מען דערפאַר אַריינכאַפּן אַביסל לעבן...

אויפן זעקסטן טאָג בין איך געווען אַן אויסגעשריבענער.

ערשט, ביים אַרויסגיין פון קליניק דערפילט: כ'האָב נישט ווו אַריינצוגיין... קיינער האָט נישט געטראַכט, מיר כאָטש אָנצוווייזן אַן אַדרעס — דאָ קאָן מען „קומען צו זיך", אָפּרוען נאָך אַ חולאַת... גאָרנישט. באמת: קיינער איז דאָך נישט מחויב צו טראַכטן פאַר מיין געזונט. אַ וואַזשנע מעשה!

אָבער נישקשה. גאָט איז אַ פאָטער. מיין אָפּגעשפּאָרטע אַפּותיקי, וואָס האָב אָנגעטרויט אין גוטע הענט: דער באַוווּסטער שרייבערקע — וועט מיר העלפן צום „אַוועקשטעלן זיך אויף די פיס"; עס וועט דערפון אויך בלייבן פאַר איר אייגנטלעכער מיסיע: אַ שיפקאַרטע און ערשטע „זעטיקע טעג" אין ישראל.

דאַרף איך, קודם כל, צוריקבעטן מיין פאַרמעגן, דאַנקען דער גוטער שרייבערקע און זיך אויסזוכן ערגעץ „פּאַסיקע קעסט".

איז — היינט, דער צוועלפטער טאָג נאָך מיין „באַלייגן" דאָס קליניק־בעט, פאָרגעקומען אַזאַ מין דיאַלאָג צווישן „איך" און „זי":

איך: געוואָרט, געמיינט אַז איר וועט מיר אַליין אומקערן דאָס געלט.

זי: וואָס ברענט דען? איר מאַכט געשעפטן? נישקשה. עס ליגט אין זיכערע הענט.

איך: רעגט זיך נישט אויף. כ'האָב עס ביי אייך אַוועקגעלייגט ביזן אַרויסגיין פון שפּיטאָל. איך האָב אַפילו נישט צו באַצאָלן דירה־געלט.

זי: איך האָב דאָס געלט פאַרטאָן אין מסחר. איך וועל אייך געבן פּראָצענט.

איך: סאַראַ חוצפה! איך בין נישט קיין פּראָצענטניק. לאַכט פון אייערס גלייכן, פון אייערע גאָלד־קרעמערס דאָרט!

זי: געלט האַלט מען נישט אונטערן מאַטראַץ. געלט דאַרף זיך געפונען אויף אַ זיכער אָרט....
מיין לעצטער בליק אויף איר און אויף איר אויסגעפּוצטער דירה: אַ קלאַפּ מיט דער טיר און אַוועק, איבערלאָזנדיק אַן אולטימאַטום:
„איר זאָלט מיר ברענגען דאָס געלט, ווען נישט — וועט זיין שלעכט”...
וואָס — „שלעכט”? מיט וואָס האָב איך צו סטראַשען און וואָס קאָן איך טאָן? גאָרנישט! געגעבן דאָס געלט מיט פולן צוטרוי און איצט — רוף מיך קנאַקניסל. פאַרוואָס פּלוצים מוז זי מיר אומקערן מיין אָפּגעשפּאָרט פאַרמעגן? — — —

אין מיין נייער דירה — טשעקאַווע טיפּן. דאָס צימער — אַנטקעגן ים — אויף דער סאַמער יחסנותדיקער אַוועניִדאַ אַטלאַנטיקאַ, אין קאָפּאַקאַבאַנאַ ממש. דאָס גופא איז אַ דערגרייכונג פאַר דער צייט פון מיין זיצן אין בראַזיל. קאָפּאַקאַבאַנאַ — דער חלום פון יעדן קבצן. און קבצנים זענען געווען אין ריאָ — בעת געסלקעס האָבן זיך געשניטן פון וואָקזאַל ביזן צענטער. יידישע קרעמלעך, וואַרשטאַטלעך — יידן פון בעסאַראַביע און פון פוילן און פון אַנדערע מקומות. דערנאָך האָט די רעגירונג געהייסן צעוואַרפן די געסלעך, אויפשטעלן אַ גרויסע און ברייטע גאַס, „די ברייטסטע גאַס אין דער וועלט”, וואָס טראָגט דעם נאָמען פונם אומגליקלעכן פּרעזידענט־דיקטאַטאָר וואַרגאַס: „אַוועניִדאַ פּרעזידענטע וואַרגאַס”. טאָ ווּ האָבן זיך היגגעטאָן הונדערטער יידישע משפחות? זיי האָבן באַקומען באַצאָלט פאַר די הייזקעס און — אַוועק קיין קאָפּאַקאַבאַנאַ. אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין זייטיקע געסלעך, טיפער און נידעריקער — נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן. אויך זיי וועלן אַוועק צום ים — לכשירחיב. סיווי — אַנטרינען דער יידישער טומל. די פאַרבליבענע שילעכלעך אַרום דעם געוועזענעם קבצנישן צענטער, די גאַס סאַנטאַנאַ און די „פּראַזאַ אָנסע”, זיי טראָגן בלויז סימנים פונם גוטן אַמאָל. איצט איז דאָ ליידיקלעך, קוים פאַראַן אַ מנין אין שבתים.
נו, איז מיר אָנגעקומען לייכטער — דאָס „באַזעצן זיך” אין קאָפּאַקאַבאַנאַ. בלויז אייניקע טריט און דער ים בולבעט אַרום מיינע פיס. און אַ שפּרונג פון ים — כ׳געפין זיך אויבן. די ווינדע פירט מיך אַרויף אויפן נײַנטן שטאָק, אינם פּענסיאָן, ווו אַ יידיש ווייבל איז באַלעבאָסטע. איר מאַן, געוועזענער מיליטער־רישער דאָקטאָר אין דער פּוילישער אַרמיי — צווישן די צעשאָסענע אָפּיצערן אינם ברידער־קבר פון קאַטין. דאָס דערציילט זי מיר אין אַ פרייער שעה. זי רעדט אַ זייער היימישן יידיש און זי איז זייער אומצופרידן מיט איר פּענסיאָן: נישט פאַר אירע כוחות.
אַנומלט — אַ באַזעצטער טיש מיט געסט. צו יעדן מיטאָג־עסן איז פאַראַן די

נאָרמאַלע צאָל איינוווינער אין פּענסיאָן. איצטיק מאָל — דאַרף מען אַרויסרוקן דעם טיש, צושטעלן בענקלעך. ווער זענען די געסט? פרעמדע פּנימער, בראַזיליאַנער, אָבער פילן זיך היימיש — צווישן די יידן, ספּעציעל מיט דער יידישער באַלעבאָסטע. טאַקע — אירע מחותנים. דער איידעם — אַ פליער אין בראַזיליאַנישן לופט-פלאָט, ער און זיינע טאַטע-מאַמע — כשרע בראַזיליאַנער „קאַריאָקאָס". אַ גליקלעכער שידוך. די טאָכטער — זיך געהאָדעוועט אין רוסלאַנד, ווו די מאַמע האָט זיך געמאַטערט בעת דער מלחמה — איז דאָ אויפגעוואַקסן צווישן די בראַזיליאַנער, געוואָרן איינע פון זיי. איז די מאַמע צופרידן פון אירע נייע קרובים? זי ענטפערט מיט אַ קרעכץ: „נו, שוין פאַראַן אַ קינד אויך!" און דאָס קינד — שיין „ווי אַלע וועלטן", אַ ייִנגעלע, פאַרמאָגט נישט קיין סימן פון — ייִד. אַ ברוין-הויטיקער אַזאַ; אָט ווי אַלע קינדער דאָ.

ביי מיין לינקער זייט — אַ ישׂראלי. ער הייסט זיך רופן — סאַמי. איז דאָס אַן אָריגינעל ישׂראלשער נאָמען? בפירוש צו פילן: די קלוגע ישׂראל-לופט האָט נישט געווירקט אויף סאַמין. כדי זיך נישט צו שרעקן פאַר אַ „שלעכט וואָרט", טו איך אים באַצייכענען: עגאָיסטישער אידיאָט. ער נעמט אַוועק פון מיר דעם חשק — צו זען אינם ישׂראלי „דאָס גרויסע געווינס". זיין אויסזען — אַ זייער נאַריש פּנים, פול-גלאַנציקע און צופרידענע באַקן. ער עסט מיט ריזן-אַפּעטיט, עסט ממש — „מיט די אויגן". בשעת ער האַלט פאַרשטאָכן די אויגן אינם טעלער — מעג זיך דער טיש איבערקערן; מעג אַ שׂרפה אויסברעכן. ער באַטייליקט זיך נישט אין קיין שום שמועסן און ענטפערט נישט אויף קיין שום רופן. — ער עסט! ער האָט הנאה זיך פאַרצושטעלן מיט פאָטאָגראַפיעס פון תל-אביב: סאַמי איז אויף דער פּלאַזשע; סאַמי גייט שפּאַצירן אויף אַלנבי; סאַמי עסט גלידה און טרינקט מיץ; סאַמי דאָ און סאַמי דאָרט. און דערביי לאַכט ער מיט אַזויפיל הנאה, אַז — עס ווילט זיך אים אַרויסשליידערן דורכן פענצטער... אין ים אַריין. מיך נודיעט ער אַמייסטן, דער סאַמי. ער האָט נישט פון מיר קיין נחת. וואָסי? נישט איין מאָל האָט ער מיר געוואָרנט, אַז דער שניפּס מיינער פּאַסט זיך נישט צום העמד. און גאָרנישט. ער טוט אויף מיר אַ פאַרקרומטן קוק און וואַרפט אַריין דעם גרויסן קאָפּ אינם פאַרעדיקן טעלער.

אינם שמאָלן קאָרידאָרטשיק, אַנטקעגן מיין חדרל, שטייט אַ ריזיקער אייזקאַסטן מיט אַן אויטאָמאַטישער טיר. אין דעם קאַסטן האָט יעדער פון די פּענסיאָנערן אַ ווינקעלע, ווו ער לייגט אַריין אַן עסנדיקע זאַך פאַר אונטערלענען דעם מאָגן אין אַ שפּעטער נאַכט-שעה. און יעדע נאַכט, נאָכן קומען פון שפּעטן נאַכט-שפּאַציר, איז אַ געשפּאַן צום אויטאָמאַטישן קאַסטן. אַרויסגענומען דאָס אונטערלענעכץ און געלאָזט די טיר אַ פלי טאָן... תיכף — אַ טראַסק, אַז עס שליידערט מיך אַראָפּ פון בעט. נישטאָ קיין מזל! איך פּרוּוו רעדן מיט דעם און יענעם,

אַפּעליר צו זייער געוויסן. איינער, אַ מעדיצין־סטודענט, אַ געבוירענער אין דייטשלאַנד, רעדט צו מיר מיט דאָקטאָרישע טערמינען:
„די היץ איז דאָ גרויס; דער מאָגן ווערט אויסגעטרוקנט, בלייבט אָן דער נייטיקער זאַפט; איז דעריבער זייער וויכטיק אַפילו שפּעט ביינאַכט מיט עפּעס אויסצושמירן דעם מאָגן"...
די באַלעבאָסטע איז כלל נישט אומרויִק וועגן דער אומזיכערער צוקונפט פון איר פּענסיאָן. זי האָט פון אים צרות און וועט זיין צופרידן פון אים פּטור־צו־ווערן.
„די שטאָט־פאַרוואַלטונג גרייט זיך איינצוואַרפן דאָס הויז, כדי דער צוגאַנג צום ים זאָל ווערן אויסגעברייטערט" — אַזוי דערקלערט מיר די באַלעבאָסטע, ווען כ'האָב פון איר געבעטן אַ פּאָר טעג „נאָרהאַפּטע מיטאָגן" נאָך מיין פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל־בעט —
„איך דאַרף זיך קרעפטיקן, קומען צו זיך".
זאָל טאַקע זיין אַ שטיקל הון צום מיטאָג. מילא, דער חשבון איז דאָך אַן אָפּענער. נו, האָט זי מסכים געווען. אַדרבא, פאַרוואָס טאַקע נישט? אָבער מיין שכן, דער ישראלי סאַמי און דער מעדיצין־סטודענט — זיי האָבן נישט מסכים־געווען; עס הייסט: זיי האָבן נישט קעגן, אַז איך זאָל עסן הון, נאָר — זיי ווילן אויך... ווי נאָר סאַמי האָט דערזען, אַז די שוואַרצע קעלנערקע האָט נעבן מיר אַוועקגעשטעלט אַ פּאָרציע הון, האָט ער געוואָרפן אַ האַסטיקן בליק — פריער אויף מיין אומפּאַסיקן שניפּס און תיכף אין טעלער אַריין; נאָך אים — האָט דער מעדיציִן־סטודענט אַ הייב געטאָן די ברילן, זיך איינגעקוקט; יאָ, טאַקע: הון! הו־הו!
איך האָב געוווּנטשן דער באַלעבאָסטע, זי זאָל וואָס־גיכער פּטרן דעם פּענסיאָן און זיך — באַשטימען דעם טערמין פון אויסקויפן די שיפקאַרטע... איצט ווענדט עס זיך אָן דער שרייבערקע. זי האָט מיר געשיקט אַ ייד אַ באַרואיקער: זי וועט מיר ברענגען דאָס געלט, מיין אָפּגעשפּאָרט געלט.
יאָ, זי האָט זיך געישובט אייניקע טעג און — געברענגט. עס וואָלט געווען באמת שלעכט ווען זי ברענגט נישט. האָב צו צאָלן חובות. פאַרמאָג נישט אויף די מינדסטע הוצאות. בין איך גרייט געווען „אויפן ערגסטן"... האָט זי דאָס מסתמא דערפילט; קיין נאַרישע יידענע איז זי נישט. איז זי געקומען און געברענגט די אַפּותיקי. קיין נחת נישט געהאַט פון איר קומען און פון איר פאַרענטפערן זיך. מחמת — דערביי איז געשטאַנען דער באַלעבאָס מיינער. ער האָט אויסגעשטרעקט אָן אויער און — אונטערגעהערט; אָ־וואָ! געלט, אַזאַ „קופּע מיט געלט!" ער האָט אַרויסגעשטופּט די וואַסערדיקע אויגן־גלעזער, פאַרקרימט דאָס צעקנייטשטע פּנים און דערלאַנגט, ווי זיין שטייגער, אַ קכיקע:

„אָט שטייט ביי מיר אַן אייזערנע קאַסע, קכי; איר קענט נאָך איצט אַריינלייגן דאָס געלט אין קאַסע, קכע!" — — —

אויך דאָס מאָל איז נישט געפּאָלגט, ווי אים ביזאיצט נישט געפּאָלגט.

בכלל, הערשט צווישן אונדז אַ מין קידערווידער. איך וויל אים דווקאָ אָפּגע־וויינען פון נעמען מיך אויף זיינע שפּאַצירן, פון באַגלייטן אים צו די „קונדן" זיינע; אָבער ער באַליידיקט זיך נישט, אַפילו כ'זאָג אים „ס'ערגסטע". ער איז זיכער, אַז דער קאָנטראַקט מיט מיר דערלויבט אים — „צו האָבן מיך אין גאַנצן"...

און אַזוי האָט ער מיך אויך „געהאַט" אַנומלט, בעת ער האָט אַ שיינענדיקער מיר אָנגעזאָגט די בשורה: „משהלע קומט היינט צו פליען"; ווער איז דאָס דער משהלע? נישט שייך צו פרעגן. „געגאַנגען!"; מען דאַרף גיין אויפן פלי־פעלד אויפנעמען דעם אָנגעפלויגענעם — משהלע.

נישט שייך קיין טענות: משהלע אינטערעסירט מיך נישט; משהלע אַהין און משהלע אַהער — איך בין געגאַנגען. נישט געהאַט קיין ברירה.

און איך בין נישט אַליין. נאָך יידן וואַרטן. נאָך יידן זענען געקומען אויפן לופטפעלד. פרעג זיי בחרם — וואָס און ווען. פאַראַן צייט. נישטאָ ווו אַוועקצו־הרגענען די איבעריקע צייט. דעריבער, אַז אַ גוטער ברודער זאָגט: עס קומט אַ גאַסט פון ישראל, וואָס טראָגט דעם נאָמען משה־לע, דאַרף מען נישט זיין קיין דבר־אחר; בפרט — אַ קאָטש איז דאָ; אַביסעלע כבוד וועט זיין — היידאָ!

איז אָנגעפלויגן דער עראָפּלאַן און דער גאַסט איז אויסגעשטיגן. ער איז אַלעמענס גאַסט. ער איז זייער אַ סימפּאַטישער און שמייכלדיקער. ער קומט נישט סתם אַהער. וויכטיקע ענינים פאַראַן. שייך צו זאָגן — נישט אויפנעמען אַזאַ קאָלעגע!? אויך אַ פילמירער איז געקומען. מען האָט זיך פאָטאָגראַפירט — אַלע; דערנאָך איז דער גאַסט געוואָרן — פילמירט. און אַלע זיצן אַרום אַ טיש. און ער רעדט. וואָס רעדט ער? עס הייסט: אַ פּרעסע־קאָנפערענץ. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ ביכל מיט דין־גלאַנציקע טעוועלעך. זיין זשורנאַליסטן־קאַרטע. עס איז בפירוש אַ כבוד צו זיין אַ זשורנאַליסט־מיטגליד אין ישראל. דערמיט האָט ער מסתמאָ געוואָלט באַשטעטיקן, אַז דער צוגעטיילטער כיבוד איז אַ פאַרדינטער — לכבודו. דערביי האָט איינער פון די יידן זיך קנאהדיק איינגעקוקט אינעם ביכעלע. אויך ער וואָלט געוועזן צופרידן צו האָבן אַזאַ־אַ ביכעלע. אַלץ פאַרמאָגט ער, דער ייד —

„סעניאָר... קאָן מען נישט קריגן אַזאַ ביכעלע?" — — —

## 9. בריוו: פריילעכע, טראַגישע, קאָמישע

ווידער ליגן אויף מיין טיש צוויי בריוו פון תל־אביב, פון מיין גוטן חבר, דעם אָביעקטיוון קאָרעספּאָנדענט און שילדערער, מנחם פלינסקער. ער פאַרמאָגט באמת אַ מאָלערישע פען — אויך אין די בריוו זיינע. דאָס מאָל (דעם 3 טן מערץ 1957) איז ער אָפן און קלאָר — קלאָרער ווי ביזאיצט. דהיינו: 1) ער הייסט מיר אָפּלייגן מיין קומען קיין ישראל אויף כאָטש אַ יאָר; אַרויסצופילן: ער שרעקט זיך איך זאָל נישט אינוואַדירן זיין דירה, ווו ער ווינט „אין צוויי קליינע צימערלעך"; 2) ער פירט מיך אַרויס פון אַ טעות: אפשר געמיינט, אַז אין ישראל לעבט זיך גוט דעם יידישן שרייבער — איינער פרעסט דעם צווייטן; וואָלט דאָרט געווען אַ בעריאַ — „וואָלטן די יידישע שרייבער זיך אויס־געהרגעט"; 3) ער בעט ביי מיר מחילה: „זיי נישט בייז פאַר צעשטערן די אילוזיעס"... פון דעם בריוו ווערט מיר קלאָר: ער זאָרגט שטאַרק פאַר מיר און ער איז באַזאָרגט, אַז מיין ווילזיין זאָל נישט חלילה צעשטערט ווערן אין דער מדינה.

און ווי נאָר כ'האָב געהאַט צייט זיך אויסצוטשוכען פון דעם בריוו — אָנגע־קומען אַ צווייטער (פון 15טן אַפּריל), וואָס דערגענצט פאַקטיש דעם פאַריקן, אַ מין ראָמאַן־פאָרזעצונג:

4) ער האָט דערפילט, אַז דער פאַריקער בריוו האָט מיך צעטומלט, על כן, הייסט ער מיר נישט נעמען קיין מוסטער פון די סוחרים „מיט יעווסעקיזם" אין ישראל. זיי האָבן וואָס צו פאַרקויפן — „אַן אויסגעשריגענעם רויטן פויקער"; 5) „מיינסטו, אַז איך בין דער גליקלעכער?... פון דער ווייטנס זעט מען אַלץ שענער"...

האָב אים דען אַמאָל געשריבן, אַז ער איז דער גליקלעכער? האָב בלויז געוואָלט וויסן, פאַרוואָס ער מיינט, אַז איך בין דער גליקלעכער און פאַרוואָס — ער איז אַזוי אומגליקלעך...

וואָס שייך די רעשט אינטערעסאַנטע ענינים — בין איך נישט אַזוי „נאַאיוו". איך לייען דאָס תל־אביבער יידישע טאָגבלאַט, זע ווער עס זענען די דאָרטיקע זשורנאַליסטישע וואָרטזאָגערס, ווייס אויך וואָס עס טוט זיך אינם שרייבערישן קעלער אויף רחוב דב הוז אין תל־אביב. אויך געלייענט ביטערע שורות פון ראובן רובינשטיין וועגן דער „פרעסערישקייט" פון די יידיש־שרייבערס — — — מילאָ. ווי זינגט זיך דאָרט: עוד לא אָבדה...

מאַי 1957. אויף דער גאָרער וועלט איז איצט — מאַי: מאַיאָווע ווינטלעך און מאַיאָווע לידלעך און אַ מאַיאָווער הימל. אַ קלייניקייט: מאַי! און דאָ — אַן איבערגעקערטע וועלט, אָט ווי זי דערקענט מיט פינף יאָר צוריק אין אַרגענטינע. זינט דעמלט — האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

פונם קעגנאיבערדיקן צימער, ווו עס זיצט דער רעדאַקטאָר־באַלעבאָס מיינער, הערט זיך אַ האַסטיק געלויף. דאָס לויפט ער, דער באַלעבאָס טאַקע, ער לויפט צו מיר, פאָכענדיק מיט אַ פּאַפּירל אין דער לופט. ער איז מלאָ פרייד:

„נאַט! לייענט! האַ?! קכע!"...

דאָס איז אַ בריוועלע פון אַ דיכטער „מיט אַ נאָמען". יענער לייגט־פאָר זיין מיטאַרבעט אין דער „בראַזיליאַנער אידישע צייטונג". באמת, פאַראַן מיט וואָס זיך גרויס־צו־האַלטן. אַ וויכטיקער נאָמען. און מיר ווערט קאַלעמוטנע — להיפּוך צו מיין באַלעבאָס — נאָכן איבערלייענען דאָס בריוועלע. אָבער לאָמיך פאַר־טרייבן די בייזע ווינטן. מעגלעך, אַז דאָס בין איך שולדיק דערין. גאָר מעגלעך, אַז אויך אַ באַקאַנטער יידישער דיכטער וויל הנאה־האָבן — חוץ פון גייסטיקער שפייז. אָבער משטיינסגעזאָגט — ווי ווייט די הנאה קאָן גרייכן...

באַלד ווערט אַ יאָר זינט מיין זיצן דאָ. וואָס אויסגעזעסן? אמת, פאַרדינט אַביסל צושטייער פאַר מיין נאָנטער נסיעה קיין ישראל (נאָנט ממש!), אָבער נישקשה אַוועקגעפּטרט ס׳ביסל געזונט: „געטאַפּט אַ וואַנט" — און נאָך נישט פאַרענדיקט. עס שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן — אַ גאַנץ יאָר מיט אַן עודף...

נו, אויף דעם דיכטערס בריוועלע דאַרף מען ענטפערן. און דאָס איז געווען די כוונה פון מיין פריילעכן באַלעבאָס — איך זאָל אים ענטפערן, אויפקלערן געוויסע זאַכן. און אַזוי געטאָן.

און אָט — פאַרביי אַ צוויי וואָכן. ער לויפט ווידער פון זיין חדרל צו מיר. איצט — אַ זייער טרויעריקער. ווידער טרייסלט ער מיט אַ פּאַפּיר־בויגן אין די הענט. געטראָפן. אַ בריוו פונם באַקאַנטן דיכטער. ער וואַרפט אַוועק דעם בריוו אויף מיין טיש. ער קוקט מיר אויס זייער טראַגיש און — ווי שטענדיק — קאָמיש. ער טייטלט מיט אַ פינגער אויף איינאיינציק וואָרט אינם בריוו. דאָס וואָרט לייענט זיך: „רעדאַקטאָר". זיינע אויגן, דעם רעדאַקטאָרס, ברייט צע־פּראַלט. דאַכט זיך — ער וויינט, אָדער גרייט זיך צו וויינען. וואָסי געשען? וואָס פּייניקט אים, דעם רעדאַקטאָר, דאָס וואָרט „רעדאַקטאָר"? —

דעם 15 טן מאַי 1957

ליבער חבר...

אָט האָב איך באַקומען אייער בריוול פון 10 טן מאַי און גיי ריכט זיך, אַז איר זענט דער רעדאַקטאָר, אָדער אַ רעדאַקטאָר, פון דער יידישער צייטונג אין בראַזיליע, און איך האָב געמיינט, אַז איר זענט נאָך אַלץ אין אַרגענטינע...

קלאָר: איך בין אומשולדיק, וואָס דער דיכטער באַטיטלט מיך פאַר דעם רעדאַקטאָר פונם דאָזיקן בלאַט. אָסור. האָב דאָס אַפילו נישט דערמאָנט. איך טענה אַריין אין מיין נעבן־טרייסלדיקן באַלעבאָס־רעדאַקטאָר, גיב אים צו פאַרשטיין, אַז איך בין גאָט־די־נשמה־שולדיק, אַז איך... זאָל איך אַזוי וויסן

פון בייזע חלומות... חס ושלום. בין איך אַרונטער פון זינען? ווערן גאָר רעדאַקטאָר פון דעם־אָ! אַוועקנעמען דעם רעדאַקטאָר־טיטל פון יענעם־אָ! — — —
לסוף האָט ער מיך איבערגעלאָזט, דער רעדאַקטאָר. ער האָט זיך אַוועקגעטרייסלט פון מיר — אַ זייער באַטריבטער. וועל מוזן ווידער שרייבן אַ בריוו צום דיכטער, אים בעטן — אויסצובעסערן דעם טעות. ניין! נישט איך בין דער רעדאַקטאָר און אַפילו נישט אַ־רעדאַקטאָר...

## 10. זאַמד און — חבלי קליטה

האָב זיך שוין איינגעבירגערט אין בראַזיל. פיל זיך שוין אַ „גלייכער מיט גלייכע". יאָ. כ'בין שוין אַזוי פויל ווי אַלע פוילע דאָ. איך טרינק „קאַוועלעך". דער שווייס פרעסט מיך. עס ציט מיך צום — שלאָפן. אַ גאַנצן טאָג — שלאָפן. אין מיין אַרבעט־צימערל שטייט אַ קאַשעטע. נאָכמיטאָג וואַרף איך אַוועק מיין שווייסיק גופל אויף איר. די אַרבעט איז געענדיקט. דאָס „מאַטעריאַל" געפינט זיך שוין ביים זעצער. וווהין גיין? מיט וועמען פאַרברענגען? ווי פּטרן דעם רעשט טאָג? נישטאָ ביי וועמען און נישטאָ מיט וועמען. אַלץ איז פאַרנומען מיט סאַלאָן־אויפנאַמעס און — מיט קאָרטן.
טוט עס מיך טרייבן צו דער קאַשעטע. אָבער אויך דערצו ווינציק מזל. ווי נאָר כ'לייג זיך אַוועק, גלייך־אויס דעם גוף, פאַרקוק זיך אויפן ברודיקן סופיט — הערט זיך אַ שליסעריי אין טיר־שלאָס. ערגעצוווּ, ווו ער געפינט זיך יאָ און ווו נישט, דערפילט ער, דער באַלעבאָס און פרנסה־געבער מיינער, אַז איך „מאַך אַ לעבן" אָן צו פרעגן זיין רשות. סטייטש! קומט ער אָנצולויפן, קוקט אויף מיר מיט זיינע פייכטע אויגן. דאַכט זיך, אָט וועט ער זיך צעוויינען: וואָס? ליגן אין מיטן זוניקן טאָג? און יאָך ווו בין? ער נעמט מיך שלעפּן פון בעטל. ער גייט ערגעץ. אָן מיר קאָן ער נישט גיין. איך מוז אים באַגלייטן. עס וועט זיין אינטערעסאַנט. ער וועט זיך טרעפן מיט וויכטיקע מענטשן...
אַזוי יעדן טאָג. איך געהער צו אים. איך מוז זיין מיט אים — — —
מאָנאַטאָן. אַלץ דאָ — פאַרבלאָזן, געבויט אויף זאַמד. היינט שטייט עס, מאָרגן — ליגט עס. אָט, למשל, אַזאַ נאַרמאַלע זאַך: וואַלן, דאָס אויסוויילן אַ פרעזידענט — נישט פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט — אַ פרעזידענט פון בראַזיל. טרעפט: מען האָט אַזאַ פרעזידענט אויסגעווילט, אָבער די אַרמיי איז נישט צופרידן מיט אים. נו, באַשטימען די מאַרשאַלן און גענעראַלן, אַז — מ'וועט אים, דעם אויסגעווילטן פרעזידענט, נישט אַריינלאָזן אין דעם פרעזידענטן־פּאַלאַץ...
דעמאָקראַטיע — היינט וואַכט זי, מאָרגן — קראַכט זי. עס קראַכן אויך די וואָלקנקראַצערס. אַנומלט — זיך „אַראָפּגעזעצט" אַ היפּשער בנין, ווו עס האָט זיך געפונען אַ ביבליאָטעק מיט יידישע ביכער. געוווען הרוגים. דער ביבליאָטע־

קאַר צווישן זיי. און אַט — אַנטקעגן מיין פענצטער — אַ בנין פון דרייסיק שטאָק. האָבן זיך אין די העכסטע שטאָקן באַוויזן שפּאַלטן — אין דער ברייט. אַט־אַט — און די צוויי לעצטע שטאָק וועלן זיך אַ „גליטש” טאָן אַראָפּ מיט אַלץ באַנאַנדער. נו, איז אַ האַסטיק געלויף. ווינדע אַראָפּ, ווינדע אַרויף. מען ראַטעוועט וואָס עס לאָזט זיך.

עס איז געבויט אויף — זאַמד.

יעדן זונטיק זעט מען אים, דעם אַרכיטעקט, אויף דער פּלאַזשע, אַרומגערינגלט מיט — זאַמד. ער איז אַרומגעשרפּעט פון דער ים־זון. אַן אויסגעטרוקנטע זאַך. ער איז דאָ אַריינגעטאָן אין בויען. ער בויט קלויסטערס, פּאַלאַצן, היסטאָרישע בנינים. און אַלץ — פון זאַמד. פון גאָלדיק־זיידענעם פּלאַזשע־זאַמד. און ער מאַכט דאָס לויט אַלע אָנגענומענע כללים פון בוי־קונסט. נייגעריקער עולם קלייבט זיך אַרום זיינע זאַמד־פּאַלאַצן. מען וואַרפט אַריין אין זאַמד אַ קרוזעיראָ־פּאַפּירל, די ווערט פון אַ „קאַוועלע”. ער וואַרט ביז די זון זאָל זיך נעמען רוקן אַראָפּ, הינטער די בערג. דעמלט צעגייען זיך די זונטיק־געסט. דעמלט צעוואַרפט ער זיינע זאַמד־פּאַלאַצן, קלייבט־אַרויס די נדבה־קרוזעיראָס פון זאַמד און לאָזט זיך אַוועק איבער דער אַווענידע אַטלאַנטיקאָ. באַלד וועט ער קייען אַ שניטקע און פּאַרטרינקען מיט אַ זיס־ביטער קאַוועלע.

אַן אַרכיטעקט, וואָס מאַכט אַ לעבן פון זאַמד־בנינים. אַ לעבן אויף זאַמד.

באַקומען אַ בריוו פון ראובן רובינשטיין. אַן אומעטיקער בריוו. אַוודאַי טוט ער מיך, ווי שטענדיק, „ציען קיין ציון”, דאָך — פאַרשווונדן פון אים די פּאָריקע האָפּערדיקייט —

תל־אביב, 22.7.57

טייערער פריינד...

איך האָב באַקומען אייער האַרציקן בריוו פון ריאָ, געשריבן דעם 5.5.57 און האָב אים געלייענט מיט גרויס אינטערעס און הנאה. איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז איר האָט שוין באַוויזן אַריבערצופּעקלען זיך פון אַרגענטינע קיין בראַזיל. אָבער לאָמיר קודם כל גיין צום עיקר. איך מיין טאַקע אייער עליה קיין ישראל. איך קען אייך תיכף זאָגן: ברוכים הבאים! שוין לאַנג צייט געוווּסן! איך האָב זייער באַדויערט, וואָס פון אייער נאָך פריערדיקער כוונה איינצופּאַקן פּעקל און זעקל און זיך אַ ריר טאָן קיין ציון, איז גאָרנישט געוואָרן. אָבער ווי זאָגן לייט? בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט.

איר פרעגט זיך נאָך וועגן דער לאַגע און וועגן די מעגלעכקייטן פאַר אַ יידישן שרייבער זיך דאָ איינצואָרדענען, זיך אַריינצודרייען אין פּרנסה־קרייז פון פּען־מענטשן. איך האָב גערעדט וועגן דעם ענין אויך מיט שרייבער, זיך געהאַלטן מיט זיי אַן עצה, קאָנטראָלירט מיינע אייגענע

איינדרוקן און ידיעות. הגם איך בין אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון יידישן שרייבער־פאַריין און קען די לאַגע, האָב איך געוואָלט נאָך אַמאָל טאַפּן דעם דופק. איז דער אויספיר אַזאַ: די יידישע שרייבער האָבן דאָ איצט נישט לייכט, אַ חוץ די יעניקע וואָס אַרבעטן אויף שטעלעס, אויף סטאַבילער נישט־שרייבערישער אַרבעט — — — ווייסט איר דאָך שוין, טייערער פריינד און חבר, אַז יעדער עולה מוז דורכמאַכן די אַזוי גערופענע חבלי קליטה. אויך אַ ייד ווי מלך טשעמני ביי זיין גאַנצן פלאַם־פייערדיקן טאַלאַנט, איז נישט פּטור פון אָט דער מצווה... — — —
מיט אויפריכטיקער פריינטשאַפט און וואַרעמע ברכות...

נו, „חבלי קליטה". האָב זיי דורכגעמאַכט אומעטום. בכלל, טראָג איך זיך אַרום מיט די קליטה־ווייען שוין באַלד אַ קימאַ־לן אַ יאָר צוואַנציק. עס זענען געווען רוסישע ווייען מיט אַ „קייסער שניט", דערנאָך פּוילישע ווייען, דייטשע וויטיקן און אויך אין אַרגענטינע האָבן זיי נישט געפעלט, די „דאָלאָרעס"; ערשט — בראַזיל... איך דאַרף צונעמען אַ בוכאַלטער; זאָל ער האַלטן חשבון: כך־וכך ווייען יענע וואָך, כך וכך נעכטן, היינט... —

פאַרוואָס טאַקע דאַרף מיך גראָד די יידישע מדינה באַפרייען פון די ווייען?
אַ ראַיה צו רובינשטיינס „אַנטמוטיקנדיקן" בריוו געפונען אין איינעם אַ ליד פון איינעם אַ פּאָעט. נו, ווייס איך נישט, צי דערדאָזיקער פּאָעט טראָגט אויך אין ישראל שוואַרצע ברילן אויף זיינע קאַליע־אויגן, ווי כ׳האָב זיי, די אויגן, געזען אין סאַמאַרקאַנד און אין וורואָצלאַוו. איצט תושבט ער אין ישראל. אָבער די דאָרטיקע לופט האָט אים נישט באַווירקט, דעם פּאָעט. אין זיין ליד, געדרוקט אין דער פּראָגרעסיווער „פרייהייט", האָט ער שטאַרקע טענות צו דער רעגירונג און פּאָלק אין דער יידישער מדינה, הלמאַי מ׳באַהאַנדלט אים ווי עפּעס אַן „עולה פּשוט": סטייטש! זענען פאַראַן פיל אַזוינע פּאָעטן אין דער מדינה? פאַרוואָס לאָזט מען אים אַזוי „אין דער לופט"? הפקר אַ פּאָעט אין דער מדינה?! — — —
זיך געוואַלגערט אין אַלע רינשטאָקן פונם קאָמוניסטן־לאַנד, דאָרט געהאַט אַ פּנים — אַזאַ פּנים זיינע „פרייהייט"־לער... אין דער יידישער מדינה וויל ער זיך נישט וואַלגערן, דער שוואַרץ־אויגיקער פּאָעט. דאָרט וויל ער אַ „ספּעציעלע באַהאַנדלונג"...
זאָל איך נעמען פון דעם־אָ אַ ראַיה? נו, וועל מסתמא געפונען בעסערע אינ־פאָרמאַטאָרן. בלויז פאַרצייכנט אַ פאַקט. סיווי — דאָס לעבן אַליין וועט שוין מסתמא אַלץ אויסגלייכן.

## 11. ער וויל מיך נישט פאַר קיין איידעם

אויך אין בראַזיליאַנישן מדבר איז צו געפינען אַ קערנדל הומאָר. דאָס האָט מיר דערלאַנגט אַ ייד פון אַ געוועזן היימיש שטעטל אין פוילן און איצטיקער נגיד אין ריאָ, צוגעטראָגן אויף דער שיינער קאָפּאַקאַבאַנאַ־פּלאַזשע.

געשען איז דאָס אין אַ פאַרנעם סעפּטעמבער־פאַרטאָג. אמת, דער זומער שטייט נאָך דערווייל הינטער דער טיר; פאַר אים איז אָבער געַנוג דאָס קריכן דורכן פענצטער, כדי אַרויסצוטרייבן פון בעט, אַראָפּצוטרייבן אויף דער פּלאַזשע. און מחמת מיין פענסיאָן־בעט שטייט „ממש אויף דער פּלאַזשע", בין איך אויך דעמדאָזיקן פאַרנעם פאַרטאָג אַראָפּ אויפן זאַמד, כדי דאָרט „צוצושלאָפן" אַ שעה־צוויי „אויף דער וויג" פון די רוישיקע כוואַליעס. ווייזט אָבער אויס, אַז אויך דעם שכן מיינעם, דעם היימישן ייד און נגיד אין ריאָ, האָבן די נאַכט געביסן די פליי (נישט דווקאָ די „סעזאַנאַווע") און אויך די דומפּיקייט האָט אים פאַרטריבן אַראָפּ. נו, האָבן מיר זיך באַגריסט און זיך אַוועקגעלייגט זייט ביי זייט.

אַ ייד פון די אמתדיקע „קרעסאָווע" — כאָטש זיין נגידות געפינט זיך אין סאַמע האַנדל־צענטער פון ריאָ. האָט זיך דער ייד איצט גענומען קלאָגן פאַר מיר אויף זיין טאָכטער, וואָס ברענגט אַהיים שקאָצים און וואָס ווייס אַפילו נישט, אַז זי שטאַמט פון אַ יידישן טאַטן. ער האָט אָבער אַן עצה: וועט זי שיקן קיין ישראל. צווישן יידן — וועט אויך זי ווערן אַ יידישע טאָכטער. דער געדאַנק מאַכט אים צופרידן. ער וויל מיין הסכמה. בין איך אַוודאי מסכים און בין זיכער, אַז דער ייד וועט איצט גאָר זיין צופרידן. אָבער ניין. עס וואָלט גוט געווען, ער זאָל דאָ ליקווידירן זיינע געשעפטן און זיי אַריבערפירן, צוזאַמען מיט דער טאָכטער, קיין ישראל. טאָ ווי זאָל ער דאָס מאַכן? עס איז אים שווער אין צווייען: שווער אַריבערצופירן די געשעפטן און שווער זיך צו שיידן מיט דער טאָכטער.

פּלוצים, ווי ער וואָלט שוין געפונען אַ באַשייד פאַר זיינע געשעפטן און פאַר דער טאָכטער, גיט ער אַ פרעג צו מיין זייט:

„און איר, וואָס וועט זיין אייער תכלית? מיינט איר אַז עס איז גוט אַזוי, אָט אַזוי, צו זיין אָפּהענגיק פון דעם־אָ, דעם"...

„ניין — ענטפער איך מיט צופרידנקייט, וואָס ענדלעך האָט זיך געפונען אַ ייד מיט אינטערעס פאַר מיין בידנעם גורל — איך טראַכט ערנסט צו פאָרן קיין ישראל; עס מוז נאָך דויערן אַביסל. און ביז דעמלט, זעט איר, וואָלט איך, סתם אַזוי, געוואָלט ווערן אייער איידעם... איך מיין: עס זאָל זיך ביי אייך אין שטוב אַרומדרייען אַ מין איידעם אויף קעסט, מעג זיין אָן אַ שידוך"...

דעריין איז געלעגן אַ סתם־שלעפעריקער פאַרטאָג־אויסדרוק אין אַ פוילער שעה,

ווען עס ווילט זיך יאָ און נישט שלאָפן. נאָך דעם געפּערלעכן זאָג, אויף וועלכן כ׳האָב געוואַרט צו באַקומען אַ הילכיק געלעכטער, האָב איך זיך איינגעגראָבן טיפער אין זאַמד, געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. אָבער מיין ייד האָט איינגעשטאָכן אין מיר זיינע פרעגנדיקע אויגן, נישט פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ פאַרנעם פאַרטאָג איז גוט צו פּראַוועון אַביסל אומשולדיקע לצנות: לאָמיר לאָכן יעדער פון זיינע צרות. איז דען שכיח צו פּראַוועון ערנסטקייט אויף דער פּלאַזשע? אָבער ניין. ביי מיין שכן האָבן זיך פּלוצים געשטעלט קאַפּויער די האָר אויף זיינע בריסטן און בויך, דאָס פּנים — פאַרזויערט:

„וואָס? מיין טאָכטער איז דאָך בלויז זיבעצן יאָר אַלט און איר”...

ער האָט געטאָן אַ קייקל זיין שווערן גוף איבערן זאַמד, מיר געוויזן זיין רויט־אויסגעפּילטע האַריקע פּלייצע. ער וויל מיך נישט פאַר קיין אידעם. נו, איז נישט. אָבער איך האָב פאַרגעזעצט מיין שמועס. דאָס מאָל — מיטן צעזונטן הימל —

אַ יונגערמאַן אויף קעסט... אָט באַקום איך דאָ אַנטקעגן קעסט — אין פּענסיאָן; בקרוב וועט מען פאַנאַנדערוואַרפן דאָס הויז מיטן פּענסיאָן צוזאַמען, וועל איך בלייבן אָן קעסט. מוזן דען קעסט זיין פאַרבינדן מיט אַ טאָכטער דווקא?

איך וואַרף אַ בליק אָן דער זייט. מיין שכנס פּלייצע ווערט רויטער און רויטער. צי דאָס איז פון דער בריענדיקער זון אָדער פון מיין מאָנאָלאָג — ער האָט אַ שיב געטאָן דעם גוף איבערן זאַמד און זיך אַוועקגעלאָזט צו די כוואַליעס.

אויך פאַר מיר איז שוין געענדיגט דער פאַרטאָג־ים. האָב איך זיך הויך פאַנאַנדערגעלאָכט און אַרויף אויף דער ווינדע צו מיין פּענסיאָן און חדרל. מען דאַרף זיך מכינען צום אויפנעמען דעם טאָג.

## 12. ערב...

אין פּענסיאָן פּילט זיך די נאָענטע ליקווידאַציע. אויף דער 10שטאָקיקער בנין טרייסלט זיך — ערב ליקווידאַציע; ספּעציעל לאָזט דאָס הערן פון זיך די ווינדע. זי טרייסלט זיך מיט אַזויפיל רוגזה, ווי זי וואָלט געוואָלט, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל הערן איר געשריי: אַזויפיל יאָרן טריי געדינט און איצט, אויף דער עלטער, האָט זיך פאַרגלוסט די שטאָט־טאַטעס צו פאַרברייטערן דעם צוטריט צום ים... און די גערעכטיקייט איז פאַרט מיטן מאַגיסטראַט: דער בנין פאַרשטעלט דעם וועג צו דער פּלאַזשע; ער שטייט יוצא־דופנדיק, ווי אַן אַרויס־שטאַרנדיקער פּרעמדער צאָן אין מויל פון אַ קאַרנאַוואַל־נעגער. מען דאַרף דאָס הויז אַראָפּוואַרפן. סיווי זענען מיינע נעכט שלאָפלאָז. טייל געסט און שכנים קומען אַהיים אין שפּעטע נאַכט־שעהן. טרייסלען זיי זיך אַרויף, איבער די שטאָקן, אין דער טרייסלדיקער ווינדע. טרייסלען זיך די ווענט צוזאַמען מיט

דער ווינדע און אירע קרעכצערייען טרייסלען מיך אַראָפּ פון בעט... די פענסיאָנערן זוכן פאַר זיך דירות. וווהין זאָל איך ווידער אַוועקטראָגן מיינע מטלטלין?

ניין. וועל נישט זיין צווישן די דירות־זוכערס. איצט וואַרטן אויפן לעצטן טאָג. פון דאַנען — אַוועקטראָגן מיינע פעקלעך צו דער שיף! — — —

דער זומערדיקער שוויץ האָט זיך שוין טיף אַריינגעכאַפּט אַהינטער די ווייס־שווייסיקע קאָלנערס. דאָ איז אַ מנהג (כמעט אַ דין), אַז דעם ווייסן קאָלנער טאָר מען נישט אויסטאָן און מען טאָר נישט פאַנאַנדערבינדן דעם שניפּס. בפרט מוזן זיך דעריין אַריינפּאַסן מלוכה־באַאַמטע. אויך דאַרף מען ביי דער אַרבעט טראָגן רעקלעך. עס הייסט: זיין אויסערלעך עלעגאַנט, „מאַכן אַן איינדרוק". נו, איז אַ רחמנות, קודם־כל, אויף די טראַמוויי־אָנגעשטעלטע. דער ברודיקער שוייס ריטשעט זיך פון אונטער זייערע שווערע היטלען אַראָפּ; איבערן קאַרק און קאָלנער. אויך טראָגט דאָ יעדער צווייטער בירגער (נישט געזעצלעך) אַ שירם, כדי באַשירמט צו ווערן פון רעגן, וואָס האָט דאָ אַ טבע אויסצוברעכן יעדע רגע. און ביי אַזאַ רעגן ווערט מען פאַרפלייצט — נישטאָ קיין אַרויס (צוזאַמען מיטן שירם).

אָט אַזוי, שוויצנדיק און ערב־רעגנדיק, אין אַ פרימאָרגן באַגעגענט דעם באַלעבאָס מיינעם — אַ לאַכנדיקן, אַ זומערדיקן. ער איז היינט אַנדערש פון נעכטן, פון יענער וואָך. אַ באַזונדערע פריילעכקייט שיינט אַראָפּ פון אים, באַשיינט זיינע אַרומגערעמטע אויגן־גלעזער. וואָסי געשען? סאַראַ שמחה היינט? ער לויפט. ער שפּרייזט האַסטיק פון מיר צום קאָרידאָר, פון קאָרידאָר צו זיך אין חדר — און צוריק.

יאָ. ער האָט פון וואָס צו זיין פריילעך. אויף זיין טיש ליגט דאָס מוניציפּאַלע בלאַט. אין סאַמע פראָנט זענען אויסגערעכנט נעמען, וואָס די שטאָט־רעגירונג זעט אין זייערע באַלבאַטים „בעסערע בירגער" פון ריאָ דע זשאַנעיראָ און דערפאַר ווערט זיי צוגעטיילט דער טיטל: „סידאַדאַן קאַריאָקאַ", דאָס מיינט: ערנבירגער פון דער הויפּטשטאָט.

אין אַ פּירקאַנטיק רעמעלע, וואָס סעניאָר זשאַקאָב האָט שוין באַוויזן צו מאַכן מיט רויטן שטיפט, געפינט זיך אויך זיין נאָמען צווישן די „געערטע" ———
נו, האָט ער אויף וואָס צו זיין פריילעך. שפּאַנט ער, לויפט ער, טרעט ער... בלויז דאָס האָט אים צוגעפּעלט צו זיין גדולה — ערנביגער פון ריאָ: רעדאַקטאָר, דירעקטאָר, ספּיקער, דעלעגאַט, וואָרטזאָגער, אַקטיאָר, איצט — ערן־ביר־גער. ער ווייזט מיר אַ פאָטאָ, ווו דער סאַמער פרעזידענט קוביטשעק זיצט אויף אַ באַנקעט און ער, דער איצט־געערטער, האַלט אויף אים אַ האַנט — מחמת ליבשאַפט און גוט־בירגערשאַפט...

„האַ, וואָס זאָגט איר דערצו?"
געפרעגט און נישט געוואָרט אויף קיין תשובה. וואָס אינטערעסירט אים דען מיין תשובה, מיין יאָ־צי נישט־הסכמה: ווער איז ער און ווער בין איך... האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די פּיס און מיט זיי אַרויסגעקלאַפּט פון מיר צו זיך. אויס. נישטאָ. איצט האָב איך שטאַרק מורא, אַז זינט ער איז געוואָרן „סידאַדאָן", ס'הייסט, פון איצט אָן ממש — וועט ער בכלל נישט וועלן מיט מיר רעדן, מחמת —
ווער־ווער, אָבער — ער...
און אַז ער איז טאַקע — ער (און נישט — איך) — געהאַט אַנומלט די איבער־צייגעניש: ער האָט מיך אַ „כאַפּ געטאָן ביים קאָלנער":
„קומט!"
וווהין? זייער וויכטיק. נישט שייך צו פרעגן. גע־גאַנג־געגן!
ער האָט מיך געפירט איבער גאַסן און געסלעך. איבערן וועג זיך באַגריסט מיט אייניקע „וויכטיקע פּערזענלעכקייטן". דערנאָך — אַריינגעפאַלן אין אַ גרויסן, ריזיקן בנין. וואָס איז דאָ? גלייכער צו שווייגן. אַ סוד. ער גייט דאָ אויפטאָן אַ וויכטיקע זאַך. דאָ, דאַכט זיך, איז דער מאַגיסטראַט, אָדער גאָר דער שטאַטראַט, אָדער אפשר גאָר דעם פּרעזידענטס פּאַלאַץ.
מיין פירער לויפט איבער טרעפּ, מיך ציט ער נאָך זיך. שטעלט זיך אָפּ נעבן אַ טיר, ווו עס זיצט און וואַכט אַ נעגער אַ ריז — אַ דריי מעטער די לענג. ער פאַרשטעלט מיט זיינע לאַנגע פּיס דעם אַריינגאַנג.
„אַ־אָנדע?" — וווהין, הייסט עס — טוט ער פרעגן.
אָבער „מיינער" שאַרט אַוועק די צוויי סלופּן־לאַנגע פּיס פון דער טיר, שפּאַרט זיך דורך, מיך — נאָך אים. אינעווייניק — אַ כאַפּ געטאָן אַ שרייבמאַשין, זיך אַוועקגעזעצט קלאַפּן אויף די קלאַווישן.
צו וועמען קלאַפּט ער און וואָס טוט זיך מיט אים?
„צום פּרעזידענט אַ בריוו" — טוט ער מיר אַ זאָג מיט זייער פיל ערנסט.
צו וועלכן פּרעזידענט און וואָס דווקא דאָ? איך בין אַרויס אויף דער גאַס און דאָרט דערטראַכט די רעשט. און אָט וואָס אויסגעטראַכט:
זידיק איז דאָס אינדיאַניש־מולאַטיש־בראַזיליאַנישע בלוט, זידנדיק און קאָכנדיק, ווי די שוואַרצע קאַוועלעך דאָ —
אַזוי בריענדיק זענען אירע בירגער — פונם פּרעזידענט ביזן פּאַרטיער, פונם פּשוטן בירגער ביזן ערנבירגער — אומנאָרמאַלע בירגער, וואָס ווערן משוגע־אָנגעשטעקט פונם טראָפּיש־משוגענעם קלימאַט — — —
טאָ לאָמיר פאַרצייכענען נאָך איינעם אַ פריילעכן עפּיזאָד. אין אַ טריבן פרימאָרגן האָט דער ראַדיאָ אָנגעזאָגט די ווילדע בשורה:

אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן בראַזיל און אַרגענטינע; מען שיסט זיך און מען ממיתט זיך אויף די גרענעצן...
מנע! בין איך דאָך, כידוע, אַן אַרגענטינער; מיינט עס: אַ שונא פון די בראַזיל־יאַנער, בתוכם — פון מיין באַלעבאָס.

נו, בין איך פונדעסטוועגן אַוועק צו מיין טעגלעכער רעדאַקציע־אַרבעט, אַריין אין מיין חדרל, זיך אַוועקגעזעצט. דערהערט פון יענער זייט קאָרידאָר אייליקע טריט: ער לויפט, דער באַלעבאָס מיינער, דער בראַזיליאַנער. נעם איך און לויף אַנטקעגן. ניין. וועל אים נישט אַריינלאָזן. אויב מלחמה...
„איר זענט מיין שונא — שטעל איך אָן אויף אים מיינע שטעכיקע קוקערס — דאָ וווּ איך זיץ איז מיין טעריטאָריע און איר"...

און ער פאַרלירט דער מאַמעס מילך פון זיינע צעקנייטשטע באַקן: וואָאאָס?! ניין. ער האָט נישט געהערט היינט דעם ראַדיאָ. און דערווייל האָט זיך דאָרט די מלחמה פאַרענדיקט. און איצט האָט ער זיך האַסטיק צעלאַכט; זיך געכאַפּט: נישט־דערגאַנגענע מלחמה צווישן אַן אַרגענטינער און אַ בראַזיליאַנער — — —

אָפּגערוט. וויפל צייט איז פאַרביי זינט כ'האָב פאַרענדיקט מיינע לעצטע נאָטיצן? אַ חודש, דריי, זעקס... צייט האָט דאָ נישט קיין ווערט. דער נעכטיקער טאָג איז ענלעך צום היינטיקן און וועט האָבן דאָס ענלעכע פּרצוף מאָרגן און אין אַ וואָך אַרום אויך. אַ געלע פאַרב איז פאַרשפּרייט איבער בראַזילס הויפּטשטאָט. אַלץ — איין קאָליר: קאָלירלאָז. טאָ וועגן וואָס געדאַרפט פאַרצייכענען? ביי מיר וועט זיך דאָס בילד מסתמא ענדערן, ווען דער לעצטער פּענסיאָנער וועט געזעגענען ווערן צו פאַרלאָזן דעם פּענסיאָן ערב אַראָפּרייסן דאָס הויז. און דערווייל קאָן איך נישט באַשליסן: וועל זיין דער ערשטער אָדער לעצטער פּענסיאָנער צום פאַרלאָזן. אָבער איך מוז סיי ווי שוין טראַכטן וועגן צוגרייטן אַ צווייטן, אַ באַקוועמען פּענסיאָן — — —

יאָ. אַז עס איז „ערב" — אויך דערפילט אין אַ צוגעשיקטן צייטונג־אויסשניט פונם ערב־ראש־השנהדיקן „שערים", פון די אַגודהשע „פּועלים" אין תל־אביב. דאָרט דערזען מיינס אַן איבערגעזעצטע דערציילונג, אָבער — נישט אונטער מיין נאָמען. די דאָרטיקע „אברכים" טוען מסתמא פּסקענען: „תוכו אָכל וקליפּתו זרק", עס הייסט: די דערציילונג איז טאַקע אַ שטיק חסידות, אָבער דער דערציילער — ווער ווייס אים דאָרט... נו, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט איבערן „קאָפּ": „ר"ה בבית הרבי מפּיאַסצנה זצ"ל, (דער זצ"ל געהער צום רעדאַקטאָר) — ש. ברקאַי. ווער איז דאָס דער „ברקאַי"? הלמאַי האָט ער מיך „ליקווידירט" גראָד ערב ראש־השנה?

בכלל, האָבן זיך די ישראלשע גוטע יידן פאַרליבט אין מיינע דערציילונגען. אַזוי האָט געהאַט דער מזרחידיקער „הצופה" איבערגעדרוקט מיינס אַ זאַך, זי איבערגעזעצט קאָרעקט און ממש פּינקטלעך. האָט זיך די רעדאַקציע דערביי אויפגעפירט קאָרעקט; אונטן דעם איבערזעצער, אויבן — דעם מחבר. כמו שכתוב. און די „שערים"-לייט? האַ? וויאַזוי אויסטייטשן — זייט מוחל — די חזיריי פון כשרע יונגעלייט דווקאָ אום ערב ראש השנה (תשי"ז)? נו, עס איז — ערב; אַ סימן, אַז אָט-אָט און עס ווערט — ערב... ערב וואָס?

אויף מיין טיש האָט זיך ווידער אָנגעקליבן אַ בינטל בריוו, בראש — די בריוו פון מיין גוטן ברודער (בעסער פון אַ ברודער): מנחם פלינסקער פון תל-אביב. איז ער דאָך פאָרט דער איינציקער מקור, פון וואַנען איך שעפּ (מיט עמערס גאַנצע) די לעצטע ידיעות פון מיין נייעם פּענסיאָן, וואָס געפינט זיך מסתמאָ אין תל-אביב — נענטער צי ווייטער, מה נפקאָ מינה: אַ פּענסיאָן אין דער יידישער מדינה.
דער איצטיקער בריוו (פון 2 טן אַפּריל 1958) — זייער-זייער אַ פאַרביסן-בייזער-טראָוועריקער בריוו. ער וויל וויסן: 1. צי איך פאַרלאַנג פון אים אַ סערטיפיקאַט אָדער וויזע קיין ישראל? 2. האָב איך באַשלאָסן צו קומען — „מיינע הענט ווילן דאָס דאָזיקע פּאַטריאָטישע בלוט נישט פאַרגיסן"; 3. ער וואָרנט מיך, אַז כ'וועל אין ישראל נישט האָבן אַפילו מיט וועמען זיך צו קריגן...
זייער פּעסימיסטיש. אויך אַנדערע שיקן ענלעכע גרוסן. אָבער מיין פלינסקער שפּאַנט נאָך ווייטער. נישט איך האָב פאַרלאַנגט פון אים אַ סערטיפיקאַט און אויך נישט קיין וויזע און נישט קיין שום פּראַקטישע הילף. ער שפּייט ממש מיט ביטערניש. ער איז דאָרט זיכער, אַז איך גרייט זיך צו מאַכן אויף אים אַן אינוואַזיע — אויף זיינע בעטן און טישן און אויף זיין גאַנץ פאַרמעגן. אָסור. עלי ועל צוואָרי. איך פאָר נישט צו קיינעם, בלויז — צו זיך. אַזוי אים געשריבן. און אויב האָבן טענות — אויך צו זיך. און דאָס איז מיין לעצטע ברירה. איי, וואָס „דריי איך אַ דאַשעק" מיט אויספרעגן, מיט וועלן וויסן: „מה חדש?" איז דעריבער: מה רעש? — — —
און ווידער — אַ ליבעס-בריוועלע פון 6 טן אַפּריל (ווי איילי‌ק!), ווו ער דערציילט מיר מכוח זיין דערפאָלג אין פּאַריז מיט אַ רעפעראַט אין זאַל „מאָדערן" — „ביי דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַ פאַרטרעטער פון דער ישראל-אַמבאַסאַדע". אגב: ער וויל, זיין רעדע זאָל ווערן אָפּגעדרוקט אין „דיין צייטונג"... אוך, מנחם! ווי גרויס דיין גע‌יעג נאָך פּרסום!
בין מיד, פאַרמאַטערט. דאָס בלויזע אַרומדרייען זיך דאָ שלאָגט אַרויס פון די

כּוחות. נישטאָ ווו זיך הינצוטאָן. אַלץ — געל און גראָ און געשמאַקלאָז. אין דידאַזיקע זינלאָזע טעג ווילט זיך נישט שרייבן, נישט טראַכטן, נישט זען דעם דרויסן. עס ווילט זיך בלויז שלאָפן. עס ציט צום בעט, צו ענגע ד׳ אמות — צו זיין אַליין, נאָר אַליין...

און דאָך — בין איך נישט אַליין. אַפילו כ׳זאָל געפינען די ריכטיקע רפואה אין התבודדות, טוט עס מיך טיילמאָל אַ שטויס צו דער גאַס, אַ שטויס אַריין אין המון: וואָס טוט זיך? ווי לעבט די וועלט? יאָ. איך האָב אויך אַן אייגענע, אַ יידישע וועלט — אין דער יידישער מדינה. טאַקע דערפאַר פיל איך זיך אין די איצטיקע טעג זייער געהויבן און זייער שטאָלץ — אין די טעג ווען עס ווערט געיומטובט דער צענטער יום־העצמאות — בעת כ׳גיי פאַרביי דעם צענטער פון ריאָ און זע, ווי אויף אַ שטיק פון דער גאַס ריאָ בראַנקאָ פלאַטערן די ישראל־פאַנען; בעת איך זע, ווי די שמחה אַרום דער יידישער מדינה האָט זיך אַרויס־געריסן פון אַ קליינעם שטח, זיך צעשפרייט איבער לענדער און שטעט. פאַראַן מיט וואָס צו פאַראַדירן!

ווידער — אַ בריוו פון מנחם פלינסקער. וואָס האָט ער זיך אָנגעזעצט מיט זיינע בריוו? וואָלט ער גלייכער אויפגעהערט מיט זיינע יאַדעניש. זיי פעלן מיר סייווי נישט. האָב זיי געענוג אויפן אָרט; מוז ער זיי מיר שיקן פון תל־אביב אַהער — גראָד פון תל־אביב??! —

יאָ. דער בריוו — פון 18טן יוני. ער דערציילט מיר, אַז: 1. זיין רעפעראַט איז אַריין אין „צוקונפט" און אַז גוט האָב איך געטאָן וואָס כ׳האָב אים נישט געדרוקט „אין דיין צייטונג"; 2. יידישע שרייבערס אין ישראל מאַכן אַ לעבן — „ווער פון אַ האַלבן פאָסטן און ווער פון אַ האַלב ווייב"; 3. ער בעט מיר כ׳זאָל אויפהערן צו זיין דער ריטער פון גערעכטיקייט, מאַראַל, יושר"; 4. רופט אויס מיט אַ האַנט אויפן האַרץ: געענוג געשלאַכטעוועט אויף די וויסטע פעלדער פון דער יידישער ליטעראַטור"; 5) אָט איז דער סוף פּסוק: „איך ווייס, אַז כ׳רעד צו דער וואַנט. דו ביזט נישט מסוגל מיך צו הערן און פאַרשטיין"...

אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען. פאַרענדיקט דעם 2 יאָריקן קאָנטראַקט. אויך מיטן פענסיאָן האַלט עסביים פאַרענדיקן. די שכנים פון הויז קלייבן זיך אַרויס. עס ווערט נענטער די ריי פונם פענסיאָן. די באַלעבאָסטע איז ערגעץ אוועקגעפאָרן. עס נודיעט מיך דאָס אַריינקומען אַהין. איך שפּאַציר ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אַרום ים. שפּאַן היין און צוריק איבערן אַרומגעשניטענעם האַלבקיילעך, וואָס גאַרטלט־אַרום די קאָפּאַקאַבאַנאַ־פּלאַזשע. און אָט אַזוי, שפּאַנענדיק צוזאַמען מיט נאָך שפּאַצירנדיקע, כאַפּט מיין אויער אויף אַ באַקאַנטן קלאַנג, וואָס טיילט

זיך אַרויס פונם פּאַנפּעדיקן פּאָרטוגעזיש — אַ העברעאיש־קלאַנג. מסתמאָ שליחים פון ישראל, וואָס ווילן אויך הנאָה־האָבן פונם געזאַלצענעם ים־געפּילדער אין שפּעטע נאַכט־שעהן. אפשר — מחנכים, מעגלעך אויך — יורדים... פאַראַן פון זיי פיל. איינער אַזאַ קומט אַרויף צו מיר. אַ הויכער בחור, אַ דינער, אַ הונגעריקער. ער „מאַכט אַ לעבן" פון שנאָרען. אַן אַרומגעריסענער, כמעט באָרוועס. ער בעט צושטייער צו אַ מיטאָג־עסן. הלמאַי איז ער געקומען אַהער בעטן נדבות? האָט ער דאָך דאָס אויך געקאָנט טאָן אין ישראל — אַ מדינה־גייער אין דער אייגענער מדינה... ער איז מסכים. ער האָט זיך געדאַרפט פריער לאָזן אָפּהאַקן אַ האַנט, איידער ר'האָט פאַרלאָזט ישראל... אָבער ער האָט פאַרלאָזט, ער און נאָך פיל צענדליקער אַזוינע. מען זעט זיי, לרוב, אין סאַן־פּאַולאָ, אויפן „יידישן פּלעצל". דאָרט האַנדלען זיי און דאָרט — שנאָרען זיי. יאָ. אַנומלט געווען ביי דעם ייד־„מאַכער", ביי דעם „מאַכער", וואָס מאַכט מיר אַ בראַזיליאַנישן דאָקומענט; האָט ער מיר פאַרגעשטעלט איינעם אַ בלאָנדן, אַ צעפּלאָשעטן בחור מיט אַ גילדיק־צעפּלאָשעטער טשופּרינע און מיט אַ גאָלדן מגן־דודל אויף דער האָריקער ברוסט. דער בחור וויל עפּעס פון דעם ייד, אָבער דער ייד פאַרשטייט נישט וואָס דער בחור וויל. ער פאַרשטייט נישט דעם בחורס עברי, כאָטש, ער, דער ייד, דאַוונט אויף לשון קודש 3 מאָל אין טאָג שוין מסתמאָ אַ יאָר זעכציק.

„דערהרגעט מיך... איך פאַרשטיי נישט אַ וואָרט!"

נו, האָב איך איצט געדאַרפט אויספּרובירן מיין גמרא־קאָפּ. און דער בחור, זע איך, לייגט אויף מיר די לעצטע האָפענונג. וואָס וויל ער דען? ער איז געקומען פון ישראל. אַ סאַברע. דאָרט איז ער געווען אַוויאַציע־מעכאַניקער. איצט וויל ער פאַרזוכן אַביסל בראַזיל. בכן, איז זיין בקשה: דער „מאַכער" זאָל אים מאַכן אַזאַ וווינרעכט אין בראַזיל, ער זאָל נישט דאַרפן אויפגעבן די ישראל־בירגער־שאַפט, עס הייסט: ער וויל עסן חזיר־קאָטלעטן, נאָר זיי זאָלן זיין געכשרטע. שייך אָפּצושאַצן די קישקע פון אַ ישראלי — — — קאָמבינאַציעס און קאָמפּלי־קאַציעס. די וועלט איז גרויס און בראַזיל איז אַ האַלבע וועלט. נאָך אַביסל — און דער סאַברע־בחור וועט פּאַנפּען אויף פּאָרטוגעזיש; און שאָקאָלאַדנע מולאַט־קעס וועלן זיך „דרייען" אַרום דעם העל־גילדענעם ישראל־בחור...

אַ גאַסט אין ריאָ. דער איצטיקער רעדאַקטאָר פון דער „נייע יידישע צייטונג" אין מינכען. נאָך מיין פאַרלאָזן די „שטאָט דער בעוועגונג" מיט העכער פינף יאָר צוריק האָט ער איבערגענומען די רעדאַקציע. אַ ליטווישער בחור, אַ זשורנאַליסט אין יידיש און ענגליש, מיט אַ פאַרענדערטן נאָמען, וואָס פאַרשטעלט ווי מיט אַ געלער לאַטקע זיין עכט־קלינגענדיק־יידישן נאָמען. איצט מאַכט ער

אַ רייזע איבער דער וועלט. געווען אין אַרגענטינע, פון דאַנען — קיין צפון־אַמעריקע. וואָס איז דאָס פאַרן? לויט זיין אויפקלערונג איז לייכט צו דרינגען, אַז ער פאָרט אין עפּעס אַ סוחרישער שליחות פון יידן אין דייטשלאַנד. גיי און פאַרשטיי די דרכים פון אַ רעדאַקטאָר. איך פיר אים אַרום איבער דער שטאָט. אַ מידקייט דריקט אויף די עצמות. ער דערציילט וועגן די ציישונג־אַרויסגעבערס אין מינכען, צוויי ברידער. האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ גרויסע דייטשע דרוקעריי. די ציישונג אין יידיש ברענגט היפּש הכנסה — כאָטש אַ זייער קליינער טיראַזש — פון עפּנטלעכע געלטער; צוזאַמען — אַ מין „פלאַסטער אויף צו ריינינקן דאָס געוויסן"...

מיר זענען אַרויף אין פּענסיאָן. דערהערט, אַז ביים מיטאָג־טיש זיצט אַ ישראלי מיטן נאָמען סאַמי, האָט מיין גאַסט געוואונטען רעדן עברית. און דאָ האָט זיך דער ישראלי פאַרמסרט: זיין העברעאיש — אַ צעפּאַנפּעטער...

און דערנאָך — האָט דער גאַסט דערהערט וועגן אַ פּראָסטיטוציע־געסל... וויל ער, כ'זאָל אים אַהינפירן. דאָס דאַרף זיין דער זשורנאַליסטישער קאָמפּאָט נאָכן מיטאָג... ניין. אַהין וועט ער שוין אַליין מוזן גיין — — —

זיך געזעגנט. איצט קאָן איך שוין ווידער טראַכטן מיינע פּריוואַטע טראַכטענישן.

אוף! שוין ווידער היציק־שוויציק. נאָוועמבער 1958. וואָכן, וואָס איך לעב מיט „רייזע פיבער". דאָ געפינט זיך ה., געוועזענער תושב פון אַרגענטינע, איצט — אין ישראל. ער פאָרט אַרום אין „פּאָליטישער שליחות". אַ שיין וואָרט. מסתמא ברענגט עס נוצן. סיווי — ה. איז זייער אַ פעאיקער, זייער אַ יידישער און אויך אַ סימפּאַטישער. ער וועט דאָ האָבן אַ פּרעסע־קאָנפערענץ. איך וועל דאָרט זיין און אַריינכאַפּן מיט אים אַ שמועס. סתם אַזוי. מיר וועלן זיך איבערקוקן. האָב איך דאָך געהאַט מיט אים אין בוענאָס איירעס פיל צוזאַמענטרעפן און מיר זענען דאָך דאָרט געווען ידידים, כאָטש אויך צאַנקערייען בנוגע „יידיש־העברעאיש" האָבן נישט געפעלט. אַ היימישער ייד, אָן אונזעריקער.

אָנהייב דעצעמבער. אין גרויסן זאַל פון אַ.ב.י. (אַלגעמיינער זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד), אַ פּרעסע־קאָנפערענץ מיטן ישראל־גאַסט. זשורנאַליסטן פון בראַזיליאַנישע ציישונגען הערן זיך איין צו די רייד פון דעם שפּאַניש־רעדנדיקן ישראלי. זיי פאַרשטייען זיינע רייד. אויך איך פאַרשטיי זיי. נאָכן פאַרענדיקן — אַריינכאַפּן מיט אים אַן „ערנסטן" שמועס. וואָס אַזוינס האָב איך צו פאַרלאַנגען פון אים? ער געהער טאַקע צום בעסערן טיפּ יידן, וואָס דאָס יידישע אַרגענטינע האָט אַרויסגעגעבן, אָבער מער ווי אַן עצה... — פאַרלאַנג איך דאָך נישט מער! ווי דער שטייגער פון אַ שליח, וואָס איז אויך אַ שטיק דיפּלאָמאַט, רעדט ער ווינציק און קלאָר:

„פאַרפּאַקן זעקל און פּלעקל און — ויסעו ויחנו״...
ער איז בפירוש געדעכט. דערפאַר איז ער אויך מסתמא געדעכט, בעת ער טעלעפאַנירט ערגעץ, צו איינעם אַ סוכנות־שליח (אַן עין הרע — די שליחים...). איצט האָט ער מיר איבערגעגעבן אין די ריכטיקע הענט. איך דאַרף בלויז אַריבערגיין צו אים. די רעשט — לאָזן פאַר דער סוכנות. און גוט איז מיר ממילא: בין אַן עולה פון לאַטיינאַמעריקע און ה. אין אין ישראל פאַרזיצער פון „התאחדות עולי אמריקה הלטינית״. אַ פיינער טיטל. מסתמא וועט ער מיר, דער טיטל, אויך ברענגען נוצן — בשעת הצורך.

## 13. טשעקאַווע צונויפטרעפענישן און אַ שליח אין מיטן

די פענסיאָנערן האָבן באַקומען אַ שטרענגען באַפעל: פאַרלאָזן ביז מיטן חודש יאַנואַר! עולם קרעכצט און זיפצט און — פאַרלאָזט דעם פענסיאָן. אויך מיין ריי איז נאָענט. וועל דאָס מאַכן נאָך די חגאות. פריער זיך באַקענען מיטן סוכנות־שליח. סך־הכל ווייס איך נישט, וואָס צו פאַרלאַנגען פון אים. אַז פאַרן וועל איך אויף אייגענע הוצאות און אין אַ טאָג, וואָס וועט זיין פאַר מיר צוגעפּאַסט. טאָ צו וואָס דאַרף איך דעם שליח? מילא. לאָמיר גיין אויפן דרך הישר. אַזוי איז מסתמא דער סדר.
הייסע נעכט אין ריאָ. איך שפּאַציר אויפן טראָטואַר לענגאויס דעם ים. פונם זאַמד טראָגן זיך קולות. דאָס שפּילט מען דאָרט אין פילקע. אויך ביינאַכט. דאָ לעבן זיי, די שוואַרצע, וואָס זייערע פּרצופים מישן זיך אויס מיט דער נאַכט. און אַז זיי ווערן מיד — טוליען זיי זיך אַריין אינם זאַמד און שלאָפן מיט חלומות וועגן אַ ווייך געלעגער פון זאַמד־גאָלד און אַ וואַסער־מיידל דערביי — — —
איבער די גאַסן שפּאַנען אין פאַרלעך — באַהעלמטע פּאָליציאַנטן. די צייטונגען ווייסן צו דערציילן: מיליטער־לייט האָבן געפּאַקט אַ פּאָליציאַנט אין אַ הינטער־געסל, האָבן זיי אים אַזוי צעפּערטלט, אַז אַפילו זיין ווייב וועט אים נישט דערקענען... דם־שונאים אין בראַזיל: מיליטער קעגן פּאָליציי און פאַרקערט. מלחמה־צושטאַנד...
און איך — פאַרנעם זיך ווידער מיט נאַרישקייטן: זוך עפּעס אַ שיינעם אָנדענק, וואָס אַרויסצופירן פון דאַנען. מסתמא וועט מען דאָך מיך פרעגן אין ישראל, סאַראַ יידישער שבט עס לעבט אין בראַזיל און סאַראַ יוגנט דאָרט, — האָב איך געהערט וועגן איינער אַ יידישער שולע, פון די ערשטע און גרעסטע. וועל איך דאָרט מאַכן אַ באַזוך. לאָמיר אויף אַזאַ אופן זיך אָנהייבן געזעגענען מיט דער היגער הכנסת אורחים און מיט איר יידישקייט — נאָך העכער צוויי יאָר אַרומזוכן זיי ביידן...
אין דער שולע, וואָס געפינט זיך אין אַ געוועזענער יידישער געגנט, לערנען

אַרום פינף הונדערט תלמידים. פאַרן איינגאַנג שטייען אייניקע פון זיי. ווי דער שטייגער — פירן זיי אַ געדיכטן שמועס. איך שטעל זיך דערנעבן. זייער לשון פאַרשטיי איך נישט, דאָך — אפשר וועט זיך פאַרט אימעצער פון זיי „פאַרמסרן" מיט אַ יידיש וואָרט... דאַכט זיך, דער־אָ דער בלאָנד־באַשפּרענקלטער — מיט אים זיך קענען צונויפרעדן.

„ס'איז הייס!" — טו איך אַ זאָג אַריין אין דער קופּקע.

זיי קוקן אויף מיר. איצט שטעל איך אָן מיין דורכדרינגלעכן בליק אויפן באַשפּרענקלטן בחור. ער צעלאַכט זיך. די רעשט לאַכט־מיט. וואָסי ס'געלעכטער? פאַרשטייען נישט יידישע קינדער כאָטש איין יידיש וואָרט?

ניין. זיי פאַרשטייען נישט. זיי זענען נישט קיין יידישע קינדער. דאָס אַנטפּלעקט פאַר מיר איינער פון די לערערס, וואָס איז אַרויס כדי אַריינצורופן די תלמידים נאָך דער פויזע.

„פון די פינף הונדערט קינדער זענען בלויז פופציק יידישע און די רעשט — גוישקע... אונזער שולע איז אַ מלוכהשע און דערפאַר מוזן אירע טויערן זיין אָפן פאַר אַלעמען"...

„וואָס איז די סיבה?"

„די סיבה? ווייל די יידן זענען אַוועק פון דאַנען, זענען אַוועק צום ים און איבערגעלאָזט די שיינע שול־געביידע. זאָל מען זי אין גאַנצן אַוועקגעבן צו די גוים? און וואָס וועלן טאָן יענע פופציק קינדער, וואָס זייערע טאַטעס זענען געבליבן דאָ וווינען?" — — —

אַ פּראָבלעם. נישט איך האָב די לייזונג. בין אַוועק מיט שוויס־טראָפּנס אויף די באַקן און מיט אַ ביטערניש אונטער דער צונג. יאָ. טאָ זאָל דאָס זיין מיין גרוס פון דער יידיש־בראַזיליאַנישער ווירקלעכקייט — — —

בין געווען אין אַ רייזע־ביוראָ, זיך באַקענט מיטן פּלאַן פון די שיף־נסיעות קיין איראָפּע. דעם 17 טן פעברואַר גייט־אָפּ פון ריאָ קיין מאַרסעל די פראַנצויזישע שיף „פּראָוואַנס"; פון מאַרסעל — מיט דער שיף „תאודור הרצל" — קיין חיפה דעם 9 טן מערץ.

ערשט אַוועק צום שליח. פּריוואַטיק. ער וווינט ביים ים. נישט ווייט פון מיין טרייסלדיקן פּענסיאָן. ער וויס שוין אַלץ. איצט וועט ער אַראָפּ צום ים, זיך מיט מיר דורכשמועסן. ער שטעלט זיך פאָר. ער איז אַ גאַליציאַנער. בלויז דער העברעאיזירטער נאָמען זאָגט עדות, אַז ער איז אַ ישראלי.

מיר זיצן ביי אַ קאַפע־טישל אַנטקעגן ים. אַ בריענדיקער יאַנואַר־טאָג. דער אַטלאַנטיק איז אומרואיק, די כוואַליעס רייסן זיך, שוימען, שפּרינגען. זיי ווילן דווקא אַרויפשפּרינגען אויף די דעכער פון די נאָענטע וואָלקנקראַצערס.

דער שליח הייבט־אָן דעם שמועס מיט אַ „פּערזענלעכער דערקלערונג" —

„היינט איז פרייטיק. היינט אַרבעט איך נישט. בלויז אייך צוליב... שטעלט מיר צו אַ קיצור פון אייער ביאָגראַפיע"...

ביאָגראַפיע? ניין. דאָס געפעלט מיר נישט. מיין רעכט זיך אומצוקערן אַהיים... דאַרף יעדער ייד וואָס האָט רעכט לויטן ישראל־געזעץ צו געניסן פון „חוק השבות", דאַרף יעדער ייד צושטעלן אַ ביאָגראַפיע? פאַרט אַ ייד קיין אַמעריקע — אַ ביאָגראַפיע. אויך קיין ישראל? פע! און אַז כ'וועל קויפן אַ שיפקאַרטע פאַר מיין געלט — אויך אַ ביאָגראַפיע? פע! צוויי מאָל פע!!

ער איז פיל מיט טענות, דער שליח, צו די יידן־מנהיגים פון בראַזיל. זיי שטערן אים אין דער אַרבעט זיינער, זיי ווילן וויסן, הלמאַי ער פאָרט נישט פון ריאָ קיין סאַן־פּאַולאָ מיטן אויטאָבוס, נאָר פליט מיטן עראָפּלאַן... זיי זאָגן, טענהט ער, אַז אַזאַ דירה ווי ער האָט זיך דאָ אויסגעקליבן האָט ער נאָך קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען. אמתע טונעיאַדעווצעס זענען זיי, די מנהיגים. אין תל־אביב פאַרמאָגט ער אַ שענערע דירה. כי־כאַ! פון מיר וויל ער אויך וויסן, וואָס איך טראַכט וועגן דעם און יענעם ישראל־פירער; מיין מיינונג וועגן בן־גוריון, וועגן דער מדינה און ציוניזם... נו, אויף היינט גענוג. עס איז פרייטיק. היינט אַרבעט ער דאָך נישט...

מיין ערשטע מסקנה פון דעם ערשטן צוזאַמענטרעף: פון דעם ווייץ וועט נישט זיין קיין ברויט. אָבער דעם ענין מוז איך דערפירן ביז אַ סוף. אַ טשעקאַווער ענין. סיידוי — לויטן אָנגעצייכנטן פּלאַן זיץ איך איין אין דער שיף.

אייניקע טעג וואָס איך וווין אין אַ האָטעל. דער פּענסיאָן שטייט שוין גרייט — צום רייסן פון אים שטיקער. נאָך אַ טאָג, נאָך צוויי — דער וועג צום ים וועט זיך אויסברייטערן.

אין האָטעל זיך באַקענט מיט אַ קינסטלער פון צפת. זיין צימערל איז פאַרלייגט מיט בילדער און פאַרבן. ער איז אַביסל אַ צעשויבערטער און היפּשלעך — הונגעריק. יאָ. ער האָט געהונגערט אין צפת. ער איז אַוועק פון דאָרט, כדי מער נישט צו דאַרפן הונגערן. ער וועט דאָ אויסשטעלן זיינע בילדער. די מנהיגים האָבן אים מבטיח געווען הילף. איז ער דאָך נישט אַבי־ווער: אַ קינסטלער פון צפת! מכוח מיין נסיעה קיין ישראל, הייסט ער מיך זיך „אונטערגאַרטלען". אַ שווערע מדינה. אַ שווער לעבן. ערשט — אַ ייד, וואָס מאַכט אַ לעבן פון יידיש... ער האָט זיך אין צפת נישט אינטערעסירט מיט יידיש. זיין לשון איז אינטערנאַציאָנאַל. אַ פּענזעל־לשון. ער האָט יאָ געהערט וועגן אַ צייטונג אין יידיש וואָס דערשיינט אין תל־אביב, אָבער איר קרייז איז, קענטיק, זייער אַ שמאָלער. זי פאַרמאָגט אַ לייענער־ראַם פון אַ געוויסן בייעם עולה, וואָס איז שוין נישט „אין די יאָרן" זיך צו לערנען העברעאיש. מער נישט. פאַראַן

צייטונגען אין פּויליש, אין רומעניש, אונגאַריש, דייטש ... דער מאָלער איז פאַר מיר אַ שפּיגל, ווו כ׳זע דאָס טעגלעכע לעבן אין דער מדינה. בכלל, פאַרמאָגט ער קוראַזש. דאָס באַשטעטיקט די נסיעה זיינע אַהער מיט אַזויפיל קאָסטנס, לייוונטן, רעמען. וועט ער נאָר „קומען צו זיך", פאָרט ער תיכף צוריק קיין צפת. נישטאָ אויף דער וועלט קיין שענער ווינקעלע פאַר אַ קינסטלער. מיך עצהט ער צו פאָרן אויף אייגענע הוצאות און זיך נישט אַריינלאָזן מיט דער „סוכנות", ווייל דאָס וועט מיינען — חובות אויף אַ גאַנץ לעבן — פּראָצענט און פּראָצענט פונם פּראָצענט...

איך דערצייל אים, אַז כ׳האָב בדעה צו פאָרן אויף אייגענע הוצאות און דאָרט זיך דינגען ערגעץ אַ וווינונג ער יעבור זעם, ס׳הייסט — ביז די „חבלי קליטה" וועלן פאַרביי. האָט ער דערויף אויסגעשריגן מיט התלהבות:

„בראַוואָ! איר זענט אַ יאַט! הלוואי וואָלטן אַלע יידן, וואָס קומען קיין ישראל זיך אַזוי געפירט, וואָלטן זיי געלעבט באַשיידן און נישט „אויסגעשטאָכן די אויגן איינער דעם צווייטן"...

יאָ. דער קינסטלער רעדט בפירוש קלאָרע דיבורים. און עס איז מסתמאָ טאַקע בעסער, ממש אַן אצבע אלוקים, וואָס דער שליח פלאָנטערט מיט דער צונג, גיט מיר נישט קיין קלאָרע תשובה. עפּעס דערציילט ער מיר מעשיות וועגן טעלעגראַמעס, וואָס פליען צווישן ריאָ און ירושלים מכוח מיין ענין. פאַר טעלעגראַמעס דאַרף מען דאָך צאָלן. ווערט אַזאַ „ברייטגעלטיקייט" אָנגעווענדט כלפּי יעדן ייד, וואָס וויל זיך „אומקערן אַהיים"? ער הייסט מיר טעלעפאָנירן, באַשטעלן „טרעפּעניישן". און אַז כ׳קלינג ענטפערט ער: „נישטאָ אין דער היים!" אַ פּרא אָדם. לרוב זע איך אים אַרומלויפן אַ נאַקעטן אויף דער פלאַזשע. אים אפשר אָנכאַפּן ביים זנב און אַ שלעפּ טאָן, אַ פרעג טאָן: אַרבעטעסטו היינט? סוף־סוף אים אונטערגעפּאַקט. איצט האָט ער מיר דערלאַנגט די טעלעגראַמעס:

מברק ממחלקת העליה, ירושלים —

„גורמאַן איז זיך מטפל מיט דער קליטה פון טשעמני. אָבער דערווייל אויפהאַלטן זיין עליה — יקיר".

„לרגל סיבות אי אפשר לעכב טשעמני. יעלה 17/2 יגיע 9/3. **בלעדו** גורמן לא יצליח בקליטתו. מכתב בדרך".

אויף מאַמע־לשון מיינט עס:

טעלעגראַם פון דער עליה־אָפּטיילונג, ירושלים —

„גורמאַן איז זיך מטפל מיט דער קליטה פון טשעמני. אָבער דערווייל אויפהאַלטן זיין עליה — יקיר".

ענטפער פון שליח קיין ירושלים:

„צוליב סיבות נישט מעגלעך אויפצוהאַלטן טשעמני. איז עולה דעם 17 טן פעברואַר, קומט־אָן דעם 9־טן מערץ. אָן אים וועט גורמאַן נישט מצליח־זיין אים איינצואָרדענען. אַ בריוו אין וועג".

צו פילן, אַז ערגעצוווּ — דאָ אָדער דאָרט אָדערביידע צוזאַמען — וואָלט מען געוועז צופרידן, ווען איך „דריי נישט קיין ספּאָדעק״; זיץ איינגעזעסן אויף מיין געזעס — — —

שוין. שוין איינגעצאָלט פאַר דער שיפקאַרטע. אין מאַרסעל דאַרפן וואַרטן אייניקע טעג אין אַ האָטעל אויף דער ישראל־שיף. אויך פאַרן האָטעל איינגעצאָלט. סוף־סוף — אַ רייזעניו פון דריי וואָכן אויפן ים; זיך אָפּרוען נאָך זיבן פעטע יאָר זיצן אויף יבשה אינם לאַטייִנישן אַמעריקע. אַן אַמעריטשקע! — — —

מיין האָטעל־שכן, דער צפתער מאָלער, האָט אָנגעשריבן אַ געדיכטן בריוו צו זיין שוועסטער אין חיפה. דער בריוו איז פאַר מיר. ער שרייבט דאָרט, אַז די שוועסטער זאָל מיך אַריינלאָזן איבערנעכטיקן; אַז זי זאָל זיך דערמאָנען ווי שלעכט איר איז געווען ביים אָנקומען אין לאַנד; אַז זי זאָל איצט אָפּצאָלן פאַר דער גוטקייט, וואָס אַנדערע האָבן צו איר אַרויסגעוויזן. הכלל: אַן „אייזערנער בריוו״. דער מאָלער „גיט מיר אויף דער האַנט״ צוויי וואָכן: אַזויפיל צייט וועט די שוועסטער לאָזן וווינען ביי זיך. איך דאַרף איר בלויז מבטיח־זיין צו באַצאָלן שכר־מיטה — לכשירחיב... אויך וואַרעמט זיך שוין אין מיין טאַש אַ היפּשע צייט אַן אַנאָנס פון „מעבלירטע צימערן״ אין חיפה. על כל צרה — זאָל זיין ווּ אַריינצושטעקן אַ פוס ביים באַטרעטן דעם ישראל־באָדן. וואָרום, אָט פאָר איך דאָך „כמעט ווי אַן אַמעריקאַנער״ — אויף אייגענע הוצאות, מיט אַן אייגענעם חשבון און דער עיקר — מיט אייגענער חשיבות.

און דערווייל, הייסט עס, אַרבעט איך אין דער צייטונג. ווי געווען אַזוי איצט — אייניקע טעג פאַרן איינזיצן אין דער שיף. דער שליח זאָל מיר נאָר נישט „פאַרשיטן״. דער באַלעבאָס מיינער, הערנדיק מיינע שאלות מכוח ישראל, פלעגט דערויף צעטרייסלען דעם קאָפּ: ניין; עס איז דאָרט שלעכט, זייער שלעכט. בכלל — אויסגעמיטן צו רעדן מיט אים, צו געפינען זיך אין זיין סביבה; על כן — וואָס פלוצים פראַווען אַ געזעגענונג? נישקשה צרות פונם שליח — וועט אויך ער אויף מיר זיך אָנזעצן...

טוט מיר איינפאַלן: די שיף גייט־אָפּ דינסטיק; וועל איך אים זאָגן: דינסטיק קלייב איך זיך אַריבער אין אַ נייער וווינונג; איז דאָך דאָס דער אמת אויך... וכך הווה.

נעכטן, אַן אָוונט ערב דעם „היסטאָרישן דינסטיק״, אַוועק צום זעצער, דער פּאַקטישער צונויפשטעלער (און אויך רעדאַקטאָר...) פון דער צייטונג. ער איז בפירוש אַ זעלטענער איבערבלייב פון דער אַמאָליקער יידישער זעצער־משפחה, וואָס האָט געהערט צו די שענסטע יידישע קאַפּיטלעך ביים פאַנאַנ־דערבלי פון ליטעראַטור און פרעסע אויף יידיש. איצט בין איך אַוועק צו אים.

ער טרייסלט זיך איבערן לינאָטיפּ. איך גיב אים איבער מיין סוד. ער שמייכלט. מיר געזעגענען זיך...

ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהן אַרומשפּאַצירט איבער דער „פּראַזאַ אָנזע" — דער געוועזענער יידישער געגנט — און זיך פאַרגעשטעלט מיין אַראָפּגיין פון דער שיף, מיין אַרויפגיין אויפן הר־הכרמל, אויפן באַרג פון אליהו הנביא... און דערנאָך פאָרן קיין ירושלים... און דערנאָך זיין אין צפת, אין דער שטאָט פון די מקובלים... און דערנאָך... און דערנאָך — גיין לויט די פוסטריט פון חומש...

איך פאָר קיין ישראל אָפּרוען, גייסטיק אָפּרוען, קומען צו זיך — נאָך צוואַנציק יאָר (ווינציקער 6 חדשים) ווערן אויסגעריסן, זיין אַרויסגעריסן פון די אייגענע ד' אמות — פאַרלוירענע יאָרן; וועל איך די ווייטערדיקע צוואַנציק (באַשערטע) יאָרן אָפּנעמען כפליים... זון, הימל, ים — ירושלים — — —

## 14. חבלי עליה

הימל און ים. 17 טער פעברואַר 1959. האַיאַר אַריינכאַפּן צוויי זומערס. סוף זומער דאָ, אָנהייב זומער דאָרט. אַ נייער אָנהייב.

די שיף איז געקומען פון בוענאָס איירעס. זי פירט אַ מנין בחורים, וואָס פאָרן אויף „השתלמות". אַזוי זאָגן זיי: זיך באַקענען מיטן לאַנד און פאָרן צוריק ווערן מדריכים. די שיף פירט נישט קיין „עולים". אַ צוויי־דריי סך־הכל.

אָבער געקומען צו דער שיף זי געזעגענען איז דער שליח, אין באַגלייטונג פון זיין רייזע־אַגענט. ווער איז דאָס פּאָרל געקומען געזעגענען? — האָט מיך דער שליח דערזען, האָט ער מיר געגנומען שענקען אַזוינע בליקן — גלייך עפּעס וואָלט אים געביסן. וואָס אַזוינס האָט אים טאַקע געביסן? איז ער באמת באַלעבאָס איבער יעדער ייד, וואָס פאָרט קיין ישראל? מעגלעך, ער פאַרמאָגט אַזאַ כוח פון ירושלים — — אויף מיר אָבער איז ער, דער כוח, נישט חל. האָב נישט מיט אים קיין שום שייכות, נישט מיט אים און נישט מיט זיין שליח־העם, וואָס זיין התנהגות איז אַ פחיתת הכבוד פאַר זיינע שולחים...

נו, בין איך שוין, ברוך השם, תושב אויף דער שיף. ענדלעך! און פריילעך איז דאָ, אויף דער פראַנצויזישער שיף. די בחורים טאַנצן אַ „הוירא"... ביי איינעם אַזאַ טאַנץ האָט זיך אַרויסגעשיילט אַ מאָדנע־טשעקאַווע סצענע: דאָס טאַנצנדיקע ראָד האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, אַרויסגעשיילט פון זיך איינעם אַ צעשראָ־קענעם בחור, — אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט אויף דער מיטלסטער דעק. וואָס איז געשען? ווער איז דער אַרויסגעוואָרפענער בחור? איך בייג־צו אַן אויער דאָ און דאָרט, ווער געוואָר: דער אַרויסגעוואָרפענער — אַן אַראַבער פון ירדן, וואָס פאָרט איצט אַהיים אויף וואַקאַציע פון זיינע לימודים אין בוענאָס־

איירעס. אויך ער, אַ בחור ווי אַלע בחורים, האָט הנאה־געהאַט פונם ישראל־טאַנץ. און אויך ער — שוואַרצע אויגן, טונקעלע הויט, שמאָל־ייִנגלשע אַקסלען. וויאַזוי איז צו די ייִדישע בחורים דערגאַנגען דער סוד, וואָס דער ירדנער האָט מסתמא געהאַלטן טיף פאַרשטעקט אין זיך? האָט דער אַראַבער געטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אַרויסברענגען פאַרדאַכט קעגן אים?

די שיף וויגט זיך. בליקן וואַרפן זיך דורך מיט חשד. פאַרשוויצטע בחורים זעצן זיך פאַנאַנדער איבער די ווינקלען פונם גרויסן דעק־זאַל, פאַרשטייען נישט, הלמאַי דער ירדן־בחור דאַרף מיט זיך פערזאָניפיצירן די שנאה פון אַראַבישע „קאַאודידזשאָס"...

דער קאָנפליקט איז געענדיקט. דער אַראַבער איז ערגעץ פאַרשוווּנדן. איך פאַרקוק זיך אויף דער ריזיקער געפּאַלדעוועטער פלייצע פונם ים. דאָ קאָן מען אָפּשאַצן גאָטס וווּנדער. מלא כל העולם כבודו.

די שיף איילט קיין אייראָפּע. זי פירט מיך צוריק צו מיין וויגעלע. אָבער דאָס וויגעלע מיינס ליגט צעשמעטערט. האָב איך געפּרוּווט זוכן מנוחה אין אַ נייער, אַן אויסערלעך־רואיקער וועלט... באַלד וועט די שיף אַנקערן אין שפּאַניע, ווו די דריטע ראָד פונם היטלער־אַקס, דער „גענעראַליסמאָ", באַלעבאַטעוועט: איז אַ שיינער באַלעבאָס צווישן פעלקער, אַ גליד אין דער פעלקער־משפּחה. דאָ איז דאָס טויער קיין אייראָפּע. און איך פאָר אָפּרוען קיין אַזיע, ווו גאָט האָט מבטיח־געווען דעם ייִדישן פאָלק — איש תחת דגלו ותחת תאנו — — — פון באַרצעלאָנע וועט די שיף פירן קיין מאַרסעל.

און ווידער האָבן די בחורים באַאומרואיקט די שיף־פּאַסאַזשירן: בעת די שיף האָט געהאַלטן אין פאַרלאָזן דעם באַרצעלאָנער פּאָרט האָבן די היציקע בחורים זיך אויסגעשטעלט אויף דער דעק און — געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע קעגן פאַשיזם, קעגן פראַנקאָ. זיי האָבן געשריגן, געמאַכט צווישנרופן. — אַ מיטינג געמאַכט... די פּאָליציי אונטן האָט געשיקט אַרויף פייער־בליקן. און וווּנדער: עס איז גאָרנישט געשען. בלויז אַ קינדער־שפּיל אַזאַ. די שיף האָט זיך אַוועק־געגליטשט איבער דער ים־ברייטקייט.

ווער זענען דידאָזיקע בחורים? אייניקע פון זיי רעדן צוביסלעך ייִדיש. זיי זענען — זאָגן זיין — דערצויגן געוואָרן אין פּראָגרעסיוון גייסט און אַזוי ווילן זיי זאָל אויך זיין די וועלט.

פּראָגרעסיוו? פון ווען אָן טאַנצן „פּראָגרעסיווע" בחורים אַ „הורא"? זענען זיי „פּראָגרעסיוו" לויטן שטייגער פון די ייִדישע גבירים סטאַליניסטן פון וויזשאַ־לינטש אין בוענאָס איירעס? זענען זיי זינדלעך פון יענע קאָמוניסטישע פּאַברי־קאַנטן? טאָ וואָס האָבן זיי סאַראַ שייכות מיטן ציוניסטישן ארץ־ישראל? — — —

אַ טעות. זיי, דידאָזיקע פּראָגרעסיווע בחורים געהערן צום „פּראָגרעסיוון פליגל"

(אַזוי זאָגן זיי) פון די אַלגעמיינע ציוניסטן... (אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ...)
דאָס ווערט אויך קלאָר, בעת עס האָט זיך באַוויזן דער שליח פון דער „באַוועגונג".
ער זיצט אויבן, אין ערשטן קלאַס (דאָס אַליין באַשטעטיקט, אַז ער געהער צו אַן אַנדער סאָרט „פּראָגרעסיווע"). ער האָט באַוויליקט אַראָפּצוגיין אונטן, צום „נאַראָד", כדי צו מוסרן זיינע בחורים, הלמאי זיי פירן זיך נישט אויף „ווי מענטשן". ער רעדט צו זיי יידיש. איז דאָך אַ ישׂראל־שליח נישט מחויב צו קענען שפּאַניש און אַרגענטינישע בחורים — העברעאיש... דער אינצידענט איז פאַר־ענדיקט. דער ים — גלאַטיק. אַ בלאָער הימל. די שיף גליטשט זיך פאָרויס.
טשעקאָווע טרעפענישן און זעענישן אויף דער שיף:
1. אַ באַקאַנטער ייד פון בוענאָס איירעס, אַ ייד אַ „רודערער", אַ מין קהלישער דרייער. אָנגעהויבן זיין דרייעניש ביי די קאָמוניסטן, ווו געווען איינער פון די גאָר־גרויסע מטיפים זייערע; דערנאָך — איבערגעקערט דעם בערישן פעלץ מיט דער פעל אַראָפּ — געוואָרן מטיף ביי די רעכטע פועלי־ציון. גיי און שאַץ אַן עניך. נו, זיין עניך. אַזוינע „ענינים" וואַלגערן זיך בכלל אין אונזער צעוואַל־גערט וועלטל.
אָבער נישט דאָס בין איך אויסן.
אויסן בין איך צו פאַרצייכענען, אַז דער ייד־דרייער האָט זיך בשעתו געהאַט אַריינגעדרייט אין אַן עניך וועגן — איבערבויען דעם זאַל פונם יידישן טעאַטער אין בוענאָס איירעס. געמיינט האָט עס: היות דער כל־ולך, יעקב באָטאָשאַנסקי, האָט אַ ווייב און היות ער מיט זיין ווייב האַלטן אין אַרענדע די יידישע קולטור דאָרט; ער — דאָס געדרוקטע וואָרט, זי — דאָס געשפּילטע וואָרט; און היותביידע זוכן זיי — און געפונען אויך — געלט און געלט און די גאַנצע וועלט... פאַר געלט — איז דאָס מאָל געבליבן:
יאַנקעלע גיבאַלעס וועט צוזאַמען מיטן דאָזיקן ייד־פּראָפּאַגאַנד׳סט זיך אַרויס־לאָזן איבער דער שטאָט — שאַפן געלט פאַר אויפבויען־איבערבויען־פאַנאַנדער־בויען דעם זאַל פונם יידישן טעאַטער.
ווי דער שטייגער: געלט איז געוואָרן, אָבער ס׳איז נישט געוואָרן — קיין חשבון, קיין זאַל, קיין טעאַטער. אויף אַ מין פּרעסע־קאָנפערענץ, ווו יאַנקעלע האָט געדאַרפט באַרואיקן שטאָטס גרויסן טומל, האָט דער דעקאַן פון די געלט־קלייבערס אַזוי געפּלאָנטערט און פאַרפּלאָנטערט דאָס געלט־עסק, אַז געבליבן איז ביים אַלטן — ביי אים דאָס געלט און ביי אים דער יושר.
איצט האָב איך דעם שותף אויף דער שיף. ער איז „עולה". ווי דעמלט אַזוי איצט — דעם טעאַטער־געלט־עניך נישט געברענגט פאַר די ליפּן. קלאָר: פון די פאַרשידענע ווינקערייען און רמזים איז קלאָר געווען, אַז די סאַרכאָנים זענען געווען (ווי שטענדיק) יאַנקעלע מיט זיין יאַנקעלעכע.

שאַ. לאָמיך נישט צעשטערן דאָס שטילע געררויש פון די ים־כוואַליעס.
2. אינם עס־זאַל אַנטקעגן מיר זיצט אַ ווייבל, נעבן דעם ווייבל — אַ געפלאָכ־טענער קויש, אינם קויש — אַ קינד. יעדער מאָל, ווען דער שיף־קאָלעקטיוו לאָזט זיך צום עס־זאַל, טראָגט דאָס ווייבל, מיט דער הילף פון נאָך אַ ווייבל, דעם גרויסן צוויי־אויערדיקן קויש, וואָס דינט פאַר דעם פּישטשענדיקן קינדעלע — אַ וויגעלע און אַ בעטעלע אויף דעם שווימענדיקן שיף־בנין.
און ווו איז דער טאַטע פון דעם קינד?
דער טאַטע? ער איז געבליבן אין אַרגענטינע ערגעץ. דער טאַטע האָט נישט בדעה צו פאָרן אין דער יידישער מדינה. ער איז אַ גוי־אַ־גאַוטשאָ... נו, לויטן יידישן דין איז דאָס קינד — אַ יידיש קינד, ווארום די יונגע מאַמע איז אַ יידישע. אויך רעדט זי יידיש. זי האָט אַן אַרויסרוף פון אַ קיבוץ. דאָרט וועט פאַרדעקט ווערן די חרפה. דאָרט וועט זיך אויפהאָדעווען אַ נייער קיבוצניק מיט אינדיאַניש בלוט...
יאָ, פאַראַן וועגן וואָס צו רכילותעווען אין די נודנע טעג אויף דער וויגנדי־קער שיף.

1טער מערץ 1959. מאַרסעל. קרוב צוויי וואָכן זיך געוויגט און געגליטשט אויפן ים. ווידער יבשה, באַלד וועט מען אַלע „ישראלים" אַוועקפירן אין אַ האָטעל, ווו מ׳וועט וואַרטן אויף "תאודור הרצל" אַ פיר טעג. אַזוי זאָגן יודעי־חן. נו, קיין פיל צייט איז נישט פאַראַן. אָט רופט מען צו די אויטאָבוסן. מיטן טאָג. מאַרסעל רוישט מיט פאַרפּראָפּטע גאַסן און געסלעך. פאַרבייגייערס קוקן זיך אַפילו נישט אום אויף אונזער טומלדיקן קאַראַוואַן. שוין געוווינט דערצו. איז דאָך דאָ יאָרנלאַנג אַ זאַמלפּונקט פאַר און פון ישראל.
מיר שטעלן זיך אָפּ אויף אַ שמאָל געסל, נעבן אַ מין האָטעל. און דאָ נעמען זיך הערן קלאַנגען: מען זאָגט, אַז אין דעם האָטעל סטייעט בלויז איין בעט פאַר צוויי געסט...
די טשעמאָדאַנעס אָנגעוואָרפן אין קאָרידאָר. אַ מהומה. קולות. קיינער ווייס נישט — ווער ס׳איז ווער. מען דערקענט זיך אַליין נישט... פאַראַן אויך מאַמעס מיט קליינע קינדער. נישטאָ מיט וועמען צו רעדן. מיט אונז, זאָגט מען, איז זיך מטפל די „סוכנות"...
די „סוכנות? סאַראַ שייכות האָט זי מיט מיר? פאַר איך דאָך אויף אייגענע הוצאות, מיט אַן איינגעצאָלטן בילעט פאַר אַ האָטעל... לכאורה, וואָלט איך נישט געדאַרפט פאַרלאַנגען „אויסער דער ריי", עס הייסט: זיך אַרויסטיילן פון אַלעמען מיט באַזונדערע פריווילעגיעס, דאָך — טאַקע דאָס ביסעלע יושר אין מיר טוט קאָכן און זידן: פאַרוואָס שליידערן זיך די „סוכנות"־לייט

מיט לעבעדיקע מענטשן, וואָס האָבן באַדערפעניש, וואָס ווילן אַפּרוען, וואָס ווילן אָנקומען קיין ישראל מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן?! און דאָ — סאַראַ מהומה! קיינער ווייס נישט — ווער מיט וועמען עס וועט דאַרפן שלאָפן אין איין בעט...

די האָטעל-אייגענטימערין, אַ פאַרטרוקנטע פראַנצויזקע, לויפט איבער שמאָלע טרעפּ, ברעכט די פינגער: פאַרוואָס האָט מען דאָ אָנגעמאַכט אַזאַ באַלאַגאַן? נאָך אַ לאַנג אַרומזוכעניש האָט מיך אימעצער צונויפגעפּאָרט מיט מיין בעט-פּאַרט-נער: אַ בוענאָס איירעסער תושב, וואָס פאָרט זיך זען מיט דער טאָכטער ערגעץ אין אַ קיבוץ. ער איז מיד, דער ייד. ער וויל וויסן, צי איך שלאָף אויף דער רעכטער אָדער לינקער זייט. ער האָט ליב צו שלאָפן אויף דער פּלייצע. נישקשה. קיין סך פּלאַץ וועט ער נישט פאַרנעמען. איך לאָז אים איבער און גיי אַראָפּ באַקוקן מאַרסעל.

אַרום פּאָרט. עס שמעקט מיט פיש. פון ים טראָגט זיך אַ ווינט, וואָס טרייסלט די שילדן און הענגענדיקע לאַמטערן-לאָמפּן. נישטאָ וואָס צו זען אין קאַלטן דרויסן. די פיס ברעכן זיך אונטער מיר. וואָלט איך געוווסט ווו צו קריגן ערגעץ אַ צימער, וואָלט איך אַוועקגעגעבן ס'לעצטע אַבי נישט צו דאַרפן שלאָפן אין איין בעט מיט יענעם ייד, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ ברייטע פּלייצע (ברייטע פּלייצעס זענען נוצלעך פאַר דער „סוכנות"...)

באין ברירה, אַרויף אין האָטעל. אַריין אין „מיין" צימערל. דאָס בעט איז אויס-געפּילט אין דער לענג און ברייט. מיין פּאַרטנער האָט טאַקע ליב צו ליגן אויף דער פּלייצע... איך בין אַראָפּ אונטן. מיט אַנגסט אַרויסגעשלעפּט מיין טשע-מאָדאַן, אַרויסגענומען אַ קאָלדרע און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע נעבן מיין פּלייצעדיקן פּאַרטנערס בעט.

מילאָ, וואָס איך און מיר אַלע דאָ טוען ווינטשעווען דער „סוכנות", מעג איר בלויז אַ העלפט מקוים ווערן; וועלן אירע שליחים האָבן גענוג אויף חדשים לאַנג — — —

אויך דאָס איבערגעקומען. צוריק אין פּאָרט. פּערטעער מערץ. איך זיץ אַרום מיינע מטלטלין, וואַרט אויף מיין ריי איינצושטייגן אין דער יידישער שיף. בפירוש: אַן איבערלעבונג, אַ פאַרווירקלעכטער חלום... אָט אַזוי — אַ שעה בערך. באַלד...

און טאַקע באַלד, ממש פאַרן איינזיצן אין דער שיף, — אַן איבערראַשונג: מ'רופט מיין נאָמען; אימעצער לויפט איבער טרעפּ מיט אַ שווערן קאָנווערט אין האַנט, פאָכעט מיט אים אין דער לופט און — מיין נאָמען. יאָ... וואָס און ווער פלוצים? אַ שווערער קאָנווערט. אַ פּאַק פּאַפּיר אינעווייניק —

צוריק-אַדרעס: „אָרגאַניזאַסיאָ סיאָניסטאַ אוניפיקאַדאַ דאָ בראַזיל", דאָס מיינט:

„פּאַרייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין בראַזיל"... סאַראַ שייכות געהאַט מיט דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס זי שיקט מיר אַזאַ שווערן בריוו אַזש קיין מאַרסעל?

געעפנט דעם טשעקאָוון קאָנווערט. אינעווייניק: „משרד עליה". דאָס מיינט, יאָ — דער שליח הידוע... דאָס שיקט ער מיר פינף געדיכט־פאַרקלאַפּטע מאַשין־זייטן. צוויי אין העברעאיש און דריי אין יידיש... אָ, דער באַליידיקטער שליח! ווייס אים דער רוח: פאַרוואָס האָט ער אויך נישט געשיקט כאָטש אַ צוויי זייטן אין פּאָרטוגעזיש? — אַזאַ זלידניאַק! —

ער יאָגט זיך נאָך מיר; ער וויל מיר דווקא צעשטערן מיין ביסל אויסגעבענקט פאַרגעניגן... ניין. ער מעג דאָרט וואַרטן. זיין שרייבעכטס וועל איך איצט נישט לייענען. וועל עס באַהאַלטן אויף אַ טריבן טאָג, ווען די שיף וועט אַריינשווימען אין אַ בין־השמשות — — — וועל דאָס באַהאַלטן פאַר בית הכסא־ליטעראַטור — — — האָב אוספּייעט צו וואַרפן אַ בליק אינעווייניק: ער זידלט, דער זלידניאַק. צו פילן, אַז די „סוכנות" און אירע „שליחי העם" און אַלץ אַרום זיי — אַז דאָס אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן אין איין שעה צוזאַמען מיט די זלידנע פליגן: זיי טרעטן נישט אָפּ ביז — צום צעקוועטשט ווערן... סייווי אַלץ טאָן, כדי זיי פון זיך אָפּצוטרייסלען ווי זלידנע פליגן ממש — — —

אַ טראַגי־קאָמישע איבערלעבונג:

נאָך דעם פערטן טאָג זיך וויגן אויף דער שיף, עסן די פראַנצויזישע מאכלים און פאַרטרינקען מיט רויטן באָרשט־ווײַן; יאָ. נאָכן וויגן זיך און נישט באַוועגן זיך, איז ביי מיר (רחמנא לצלן) פאַרשטאָפּט געוואָרן דער מאָגן. פול. האַרט. אַ קלין. נישטאָ קיין אַרויס! אויפן היימישן לשון: עצירות. און צוזאַמען דערמיט — נישט געדאַכט זאָלס זיין — אַ רייסעניש און בייסעניש פונקט דאָרט, דורך וואַנען דער קלין וויל נישט אַרויס. טו אים עפּעס!

שפּאַן איך אַרום איבערן דעק אַ פאַרזויערטער. שפּאַר זיך אַרום די וויגנדיקע ווענט. יעדע ווײַלע — אַ כאַפּ מיט דער האַנט ביים הינטן... טפע!

אַוועק צום דאָקטאָר. ער דאַרף זען וואָס דאָרט טוט זיך. אַוועקגעלייגט. אַ־האַ. ער ווייס שוין. אַריינגעשטופּט זיין בינטל פינגער, אַרויסגעשלעפּט — אַ בינטל קישקעס... אוי, מיינע קרעכצעגישן! וואָס טוט ער דאָרט? אָנגעשמירט מיט עפּעס דאָרט. קוים אַראָפּ פון טיש. דערנאָך זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ בעטל. אַ „שוועסטער" אַזאַ, אַ צעקנייטשטע גויקע, „פאַררוקט מיר אַ קאַנע"... אַזוי איינינקע אָוונטן. שוין. דאָ, אויף דער פראַנצויזישער שיף, וועט שוין בלייבן מיין אָנדענקעניש...

זיך קוים דערשלעפּט צו דער יידישער שיף. אַריין צום יידישן דאָקטאָר.

„לאָזט אַראָפּ די הויזן!" — באַפעלט ער זייער יידישלעך און זייער היימישלעך.
די הויזן? שוין ווידער אַראָפּלאָזן? וויל ער מיר ווידער אַרויסשלעפּן די
קיש—קעס?
ניין. ער וויל בלויז אַ קוק טאָן. מער גאָרנישט. און ער האָט געקוקט. און ער
האָט אַ יידישלעכן שמייכל געטאָן:
„רעב ייד, דאָס איז עס!"
וואָס איז עס?
„מע־רי־דן"...
טאָ פון וואַנעט זאָל אַ פראַנצויזישער גוי וויסן וואָס עס ווייס אַ ישראַלשער ייד?
ער האָט ממש אויף מיר אַרויפגעצויגן אַ נייע הויט — אַ ישראַלשע (באַלד וועט
מען זיך געפונען אין חיפה).
זיין „דאָס איז עס!" האָט ער אויסגערופן מיט אַזויפיל פרייד, גלייך שוין לאַנג
האָט ער געוואַרט אויף מיר, כדי מיר אָנצוזאָגן די בשורה...

די „תאודור הרצל" פאַרמאָגט אַלע חנען פון אַ יידישער שיף. דאָס יידישע אות
קוקט אַראָפּ פון אַלע ווענט; יידישע משגיחים (פון כשרות) גודיען זיך אַרום
די ווענט; אינם גלאַנציקן לייענזאַל — די העברעאישע פּרעסע; אויך דאָס
יידישע טאָגבלאַט. עס איז געמיטלעך, היימישלעך. דאָ טרעפן זיך יידן מיט יידן.
דאָ רעדט מען יידיש. דאָ פרייט מען זיך, באַקלאָגט מען זיך — זידלט מען
זיך אויך.

אַ משפּחה. ער פון פּוילן, זי פון רוסלאַנד. מיט די צוויי יינגעלעך זייערע רעדט
זי רוסיש, ער יידיש און צווישן זיך רעדן די ברידערלעך העברעאיש. אַ משפּחה
— צוריקפאָרערס. עס הייסט: זיי זענען געווען „יורדים" פון אַ קיבוץ, געפאָרן
קיין סאַן פּאַולאָ צו קוזינען. דאָרט „געטאַפּט אַ וואַנט" (אַזוי זאָגט ער); געשריבן
צום קיבוץ, געשריגן „חטאתי"; נו, וועט דער קיבוץ האָבן אַ יונגע, אַן אַרבעטנ־
דיקע משפּחה.

אויפן דעק. איינער אַ יונג ווישט די פּאָדלאָגע־ברעטער. איך שטיי אָנגעשפּאַרט
נעבן פאָרענטש. נעבן מיר — אַן עלטערע גויקעלע, וואָס זיפצט אויף פּויליש.
אַ פּוילישע? יאָ. מסתמא האָט זי דאָך וועמען אין ישראל. און אפשר גאָר פאָרט
זי קיין ציפּערן. גיי ווייס. פון איר זיפצן אַרויס געהערט:

„עך, באָזשע, ס'זענען דאָך גאָר אַנדערע יידן; ס'זענען דאָך גאָרנישט די זשידקעס
פון פּוילן, ווידזשי פּאַן: ווי זיי אַרבעטן דאָ, ווי זיי פירן אַ שיף!"...
דערווייל האָט דער בחור דערגרייכט מיט זיין פּאָדלאָגע־שמאַטע צו דער גויקעס
זייט. אויך ער האָט געהערט איר צופרידן זיפצעריי; דערויף רעאַגירט:

„סלוכאַי פּאַני; אויך איך בין אַ פּוילישער, אָבער מער נישט קיין פּוילישער זשיד. איצט בין איך אַ ישראלי... נישט קיין ייד"...

דער פאַרשויך, דער ישראלשער נישט־ייד, קוקט מיר אויס צו זיין אַ היפּש־גראָבער יונג. לאָמיר האָפן, אַז אַזוינע „ישראלים" וועל איך אין ישראל נישט טרעפן — — —

און אָט — איינער אַ שעלטנדיקער אַ בחור. ער שעלט די מדינה און אַלע יידן דאָרט. זיינע אויגן — בלויז קללה. וואָסי? די ברידער זיינע אין תל־אביב האָבן אים אַרויסגעשיקט, ווי נח די טויב, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט און צי אַ וועלט עקזיסטירט נאָך בכלל. איז ער געפאָרן און געפאָרן און דערפאָרן קיין קוריטיבאַ, אַ שטאָט אין בראַזיל. דאָרט האָט ער געדאַרפט „צו־גרייטן דעם באָדן" פאַר די ברידער, זיי זאָלן קומען אַהין פון תל־אביב אָנהייבן אַ ניי לעבן. קלאָגט ער איצט: זיך אָפּגעמאַטערט אַ יאָר, אויפגעגעסן די לעצטע פּרוטה, לסוף — פאַרקויפט דאָס לעצטע, זיך געשאַפן הוצאות אויף צוריק. שרייבן אים איצט די ברידער: ניין, ברודערל, נאָר נישט צו אונז... מיר וועלן דיך נישט אַריינלאָזן — — — שעלט ער. שולדיק איז די מדינה. שולדיק זענען די יידן דאָרט...

און נאָך איינער אַ ייד, אַן „עולה ממש", טוט זיך באַקלאָגן: אויף די עלטערע יאָרן באַשלאָסן — זיך באַזעצן אין ישראל. האָט ער פאַרקויפט אַ שפּייזקרעמל, צונויפגעשלאָגן די הוצאות און אויך אויף אַ קרעמל אין ישראל. האָט זיך דער שליח צו אים צוגעטשעפּעט מיט אַזוינע צוטשעפּענישן, אַז ר'האָט געפּילט: אָט אָט און ער בלייבט אָן אַ פּרוטה... יאָ, און נאָך יידן זענען פאַראַן. און אויך שליחים זענען פאַראַן אויף דער שיף. זיי „באַדינען" די עולים. שליחים פון אַלע פאַרטייען — אַ קאָאַליציע. איינער מיט אַ קאַפּעלע און איינער מיט אַ פּליך, איינער אַ שמייכלדיקער און אַ צווייטער — אַ בורטשענדיקער... דריי עולים און פיר שליחים. און פאָרן פאָרן זיי, די שיף־שליחים — פּערווי קלאַס. אַזוי טענהט איינער פון זיי: „צים" איז נישט צופרידן, וואָס זיי פאָרן ערשטע קלאַס. סטייטש! זיי מוזן האָבן באַדינגונגען, מוזן זיי!

יאָ, וואָס פאַרלאַנגט פון מיר „מיין שליח" מיט זיין פּאַק בריוו? וואָס האָט אים אָנגעיאָגט פון ריאָ קיין מאַרסעל? איז דאָס איינע פון זיינע פונקציעס — צו זידלען איבער יבשה און ים?

מיט עקל דורכגעוואָרפן די פינף בריוו־זייטן. די צוויי העברעאישע — צו זיי האָט ער נאָך געהאַט רעספּעקט. מעגלעך אויך דערפאַר, וואָס אין העברעאיש זענען נישט בנמצא אַזויפיל זידל־אויסדריקן, ווי אין יידיש. אָ, דאָ, אין די יידישע זייטלעך האָט ער אויסגעגאָסן דעם גאַנצן גראָבן יונג זיינעם; דאָ — פּילט ער זיך אין דער היים: — אָנשיקעניש, שקרן, שוטה, פּחדן, חסר דעה... וואָס

אַזוינס האָב איך אים געטאָן, דעם שנאָרערישן פּאַראַזיט, אַז ער זאָל מיך באַציי־כענען מיט אַזוינע און ענלעכע עפּיטעטן? — אַ מנובל און דאָס אַלץ! ענטפערן? כדאי אויפצושטעכן אַ בלאָטער. היינט — דער 7טער מערץ 1959. אין גרויסן שיף־זאַל. פאַנאַנדערגעשיקט אייניקע בריוו־קאָפּיעס קיין ישראל און ריאָ. אין מיין „תשובה צום משרד עליה אין ריאָ, בראַזיל" דרענג איך אויס די גאַנצע בלאָטע אויפן שליח־שעף פונם דאָזיקן „משרד".

דער גאַנצער ענין — מוקצה מחמת מיאוס — — —

די לעצטע נאַכט פאַרן אָנקומען קיין חיפה — אַרומשפּאַצירט אויפן דעק מיט איינעם פון די שיף־שליחים. בייטאָג האָבן זיי, די שליחים, מיך אויסגעפרעגט: וואָס האָב בדעה צו טאָן אין דער מדינה און ווו וויל איך זיך באַזעצן. איך בין פאַר זיי — אַ „פּראָבלעמאַטישער עולה". מילא, אַ שלאָסער, אַ שניידער, אַ שוסטער — נוצלעכע יידן, אָבער אַ שרייבער, אַ מין ספרא רבא און נאָך אין יידיש דערצו — סאַראַ נוצן קאָן אַזאַ בטלן ברענגען דער מדינה? לאַנג האָבן זיי זיך געקראַצט, די שליחים — ווער אונטער דער יאַרמלקע, ווער אויפן פּליך, ווער אונטער דער צעפּלאָשעטער גריווע, ווער... הכלל — איך האָב פאַר זיי אָפּגעגעבן אַ פאַקטועלע דערקלערונג:

„איך פאָר קיין ישראל, רבותי, כדי פון א י ר צו האָבן נוצן... געוואַרט און געהאָפט און מתפלל געווען — ווי זאָגט איר: צוויי טויזנט יאָר... נו, זיך דער־וואַרט — וויל איך הנאה־האָבן פון דער מדינה" — — —

די שליחים האָבן שוויגנדיק געשמייכלט. אפשר האָבן זיי הנאה געהאַט פון מיין קאַטעגאָרישער פאָדערונג, אפשר — געחוזקט פון מיין חוצפּה. אָבער — זיי האָבן מיך צורו־געלאָזט, נישט געשטערט די פרייד פון מיין גרויסן אַריינשווים (מיט דער יידישער שיף) אין דער יידישער מדינה.

שפּעטער האָט מיין שליח־מיטשפּאַצירער געוואָלט וויסן, הלמאי איך בין אַוועק פון דרום־אַמעריקע.

„מחמת — האָב איך געענטפערט אָן חשק — די דאָרטיקע יידן פאַרנעמען זיך מיט ענינים, וואָס פּאַסן זיך נישט אַריין אין די ראַמען פון אַ יידישן שרייבער"...
האָט דער שליח תיכף געפּסקנט:

„מיינט איר, אַז אין ישראל וועט איר האָבן בעסערע ראַמען? אין וועלט אויף דער גאַנצער וועלט" — — —

# צענטער טייל

## 1. חבלי קליטה

פּאַרטאָג. 9טער מערץ, 1959. די שיף אַנקערט אין חיפה. אַלע פּאַסאַזשירן אויפן דעק; אַלע איינגעשטאָכן די בליקן צום הויכן כרמל־באַרג. אָט — און מיר וועלן באַטרעטן דעם ישראל־באָדן. איך באַטאַפּ אין טאַש די צוויי אַדרעסן: דעם בריוו פון צפתער מאַלער צו זיין שוועסטער אין חיפה און דעם אַנאָנס מיט די „מעבּלירטע צימערן". לאָמיך האָבן ווו אַריינצוגיין. אויך אין דער יידישער מדינה דאַרף אַ ייד אַ „דאַך איבערן קאָפּ".

אָבער תיכף זיך אַרויסגעוויזן, אַז אימעצער פאַראַן, וואָס דאַגהט וועגן מיר. ביי מיינע ערשטע טריט אַראָפּ פונם שיף־לייטער דערזען אַ באַקאַנט פּנים: ה. פון בוענאָס איירעס, וואָס האָט מיך אין ריאָ אומשולדיק פאַרבונדן מיט אומסימפּאַטישן סוכנות־שליח... איצט — האָט ער אָפּגעווישט פון מיין פּנים אַלע ספיקות: אָט איז אַ היים און אָט פיל דיך ווי אין דער היים...

אָבער — אַ שטן־המקטרג מוז אומעטום אַריינשטעקן זיינע נעגל: אונטן, אינם וואַרט־זאַל. ה. באַגלייט מיך, העלפט אויפזוכן מיינע פּעקלעך. פּלוצים הער איך, ווי דורכן הילכער ווערט אויסגערופן מיין נאָמען. (מען רופט מיך שוין ווידער!) דאָס מאָל — אימעצער פון די שיף־שליחים. מסתמא האָט מען דאָרט אויסגעפונען אַ מקום, וווהין מיך צו שיקן. דערזע איך, ווי עס גייט פאַרביי דער שליח, וואָס כ'האָב מיט אים געשמועסט נעכטן אויפן דעק. טו איך אים אַ פרעג:

„הא, איר ווייסט דאָך זיכער: צו וואָס רופן זיי מיך?" יאָ. ער ווייס. ער, דער שליח פון דער לינקער ציוניסטישער פּאַרטיי, טראַכט נישט לאַנג און טוט אַ וואָרף אַרויס פון זיך:

„זיי רופן אייך, ווייל זיי דאַרפן אייך אויף כפּרות"...

וואָס? האָב איך גוט געהערט? וואָס האָט ער געזאָגט? הא? כפּרות?... און אפשר נישט דערהערט? איך ווענד זיך צו מיין באַגלייטער:

„הא, וואָס האָט ער געזאָגט? ווער דאַרף מיך דאָ אויף כפּרות?"

ה. האָט מיך, ווי זיין שטייגער, אָנגעקוקט מיט זיין היימישן שמייכל, וואָס בלויז דאָס האָט מיך באַרואיקט:

„נישט כדאי זיך אויפצורעגן. דאָס איז אַ גראָב נפש אין מאַנטל פון אַ פּאַרטיי און שליחות. אויך אַזוינע זענען בנמצא אין דער מדינה... שאַ, איר זעט'אַך, אַז ער טראָגט אַ וואַליזקעלע. איז דאָך קלאָר: ער האָט אויפן וועג איינגעהאַנדלט

אַביסל טריפּהנע זאַכן; נו, לאָזט מען אים נישט דורך... איז ער בייז... קלאָר?"
ניין. נישט אין גאַנצן קלאָר. דער ענין איז נישקשה פּאַרוואָלקנט. ווי קומט עס, וואָס אַזאַ נפש ווערט געשיקט פון אַ פּאַרטיי פּראַוועץ שליחותן, ברענגען עולים, פּרעדיקן ציוניזם — — — ?! (עלעהיי, דער גלאָוונער שליח אין בראַזיל...)
נו לאָמיך דערווייל אָפּשטויסן פון זיך די שלעק. לאָמיך מאַכן "שהחיינו" — — —
און דערווייל דערנענטערט צו מיר אַ ייד, וויל וויסן צי מיין נאָמען לייענט זיך טאַקע אַט־אַזוי. און אויב טאַקע יאָ, איז ער מיר תיכף מבטיח, אַז חיפה וועט מאַכן פאַר מיר אַ קבלת־פּנים...
אַ וואָס?
"נו, מ'וועט אייך אויפנעמען, באַגריסן".
"ווער?"
דער ייד זאָגט זיין נאָמען, שטעלט זיך פאָר: אַ יידישער שרייבער; אַ תושב אין חיפה, וווּ עס געפינט זיך אַ יידישער שרייבער־פאַריין, עס הייסט, אַ סניף פונם תל־אביבער יידישן שרייבער־פאַריין...
נו, גענוג אויף היינט. איצט — — זיך אַריינגעזעצט אין אַ טעקסי און — היידאַ! — מיט אַן אַדרעס אין טאַש: רמת־אביב, בית־ברודצקי. אַ האָטעל אַזאַ פאַר אַקאַדעמיקער. דאָרט וואַרט אויף מיר אַ חדרל. פאַר דעם מקום מנוחה וועל איך דאַרפן צאָלן כך וכך. אַ היפּש ביסל פונטן. אָבער אַ דאַנק קומט סיווּי דעם גוטן ה. פאַר העלפן פאַרלייכטערן די "ערשטע ווייען" — די חבלי קליטה.
אין טעקסי. בשכנות מיט מיר — נאָך אַ האַלבער מנין יידן. תושבים. פריילעכע יידן. און דאָס שטעקט אויך מיך אָן. רעכטס און לינקס — יידישע מדינה, רחבות־דיקע זון, ערב פרילינג. איך עטעם אויף ביידע נאָזלעכער, מיט אַ צעעפנט מויל, מיט צעפּראַלטע אויגן...
אין האָטעל. באַצאָלט דעם שאָפער מיין חלק. און אָט: דאָס צימער; און ווידער: אַנטוישונג. קיינער האָט מיך נישט געפרעגט, צי כ'בין מסכים צו וווינען בשותפות מיט נאָך איינעם... על כל פּנים, געמעגט וויסן דערפון! אַוודאַי, דאַרף איך נישט זיין בעסער פון אַ צווייטן. חלילה. און דאָך...
מיין צימער־שכן — אַ בחור פון האָלאַנד. אים געזען אויף דער שיף. האָט כלל נישט קיין יידיש פּנים. און רעדן? קיין יידיש אות נישט. ער איז זיכער נישט שולדיק, הלמאי מ'האָט אים צוגעטיילט מיך — פאַר אַ שותף. ער שמייכלט און שוויגט. מיר קוקן זיך ביידע אָן. ווי איך דערמאָן זיך, האָט מיין מאַמע מיך נישט איינגעוויגט אויף — האָלענדיש, אָבער צונויפשמועסן דאַרפן מיר זיך דאָך. גיב איך אים צייכנס מיט די פינגער, וואַרף אַרויס דורך די ליפּן: "תל אביב". ענטפערט ער מיט אַ — פייף. יאָ. דאָס מיינט: צופרידן. היידאַ! —

אַ פייפנדיקער האַלענדער.
קאַלט אויף רחוב אלנבי. מיר שפּאַצירן רעכטס, דערנאָך לינקס. איך שפּאַן פּאַרויס, מיין שותף — הינטן. עס ווילט זיך מיר דווקא טיילן מיינע איינדרוקן, אָבער גיי רעד, אַז נישטאָ מיט וועמען.
אַ קאַלטער אָוונט. די גאַס — ווינציק שפּאַצירערס. דער זייגער — אַרום 9. איך טראָג אַ לייכט רעקל. מיין לופטיקער הילוך האָט מיך דערטראָגן ביז צו אַ פינצ־טערן אַרויסגאַנג. דער ים. דאָ ענדיקט זיך תל־אביב. דאָ לאָזט זיך פילן דער געזאַלצענער ווינט. ערשט היינט פרי פאַרלאָזט דעם ים נאָך אַ 3 וואָכן זיך וויגן אויף אים. דאָך — ציט עס מיך ווידער צו אים. אַ היימישער ים. האַ? קום, האַלענדער. כאַטש אַ טובל־טאָן דאָס פּנים אינם געזאַלצענעם ווינט.

איבערגעשלאָפן די ערשטע נאַכט אויף אַ בעט, איינגעדעקט מיט אַ דריי קאָלד־רעס און דעם פּאַלטן מיינעם אַ צולאָג. עפּעס פּאַסט זיך נישט אַריין אַהער אַזאַ־אַ קעלט — ווי פּאַסט עס זיך טאַקע? — —
פאַרטאָג האָט מיך אויפגעריסן פון שלאָף — אַ פייפן. דער האַלענדער, זעט־אויס, איז געשלאָפן אין די מלבושים. אַלץ אויף אים צעקנאָדערט. זיין אויסזען — ווי איצט אַרויסגעשפּרינגען פון קאַלטן ים. שווער אָפּצושאַצן זיין עלטער; דאָס פּנים — ווי דורכגעפירט דערויף אַ פּלאַסטישע אָפּעראַציע. זיין נאָז — אַ ברע־קעלע פון אַ נאָז, אַ סימן בלויז. אויב שוין יאָ אַ האַלענדער — דווקא אַזאַ־אַ?!
ער איז צופרידן פון זיין דאַליע — ער פייפט. ער וויקלט־פאַנאַנדער די מתנה, וואָס אַ „סוכנות"־בחור האָט געטיילט אין חיפהר פּאָרט: אַ ברויט, אַ פלאַש טיי, אַ פּאָר קאַרטאָפל און פּושקעס אַזוינע. איבערגעביסן און זיך געלאָזט צום אַרויס־גאַנג. ער וועט זיך גיך איינאָרדענען. ער איז אַ טעכניקער פון שרייבמאַשינעס. דאָס האָט ער באַשטעטיקט אויף מיין „בייבי". אַ טאַפּ געטאָן און אַ פייף געטאָן: גוטע סחורה.

עס קומט אַריין די אויפרוימערקע. זי ווערט פאַר מיר אַ קוואַל פון אינפאָרמאַ־ציע — די „ערשטע האַנט". זי קרעכצט. געקומען אַהער פון מעזריטש — אַ חלוצה. מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק. געווען אָנגעפילט מיט „הויראַ" און אידעאַליזם. דאָס האָט זי צוגעגרייט דעם באָדן פון דער מדינה, געגרייט די מדינה פאַר נייע עולים; פאַר אַלעמען געגרייט, נאָר נישט פאַר זיך. נישט געווען קיין צייט. דערפאַר מאַכט זי איצט „ספּאָנדזשאַ"...
וואָס מאַכט זי?

„איר זע'טאָך, איך וואַש פּאָדלאָגעס, וואַש איך; אָטאָ דאָס הייסט „ספּאָנדזשאַ"...
יאָ, אויך דאָס הייסט — מאַכן פאַר דער מדינה. איז זי, די געוועזענע חלוצה, נישט צופרידן מיט אַזאַ „מאַכן"? הלמאַי?

איך וויל פון איר וויסן, צי איז מעגלעך אין דעם יחסנותדיקן האָטעל צו באַקומען אַ באַזונדער צימער.

„פּראָשע באַרדזאָ — זאָגט מיר דאָס מעזריטשער ווייבל אויף אַ קלאָרן פּויליש — פאַראַן דאָ באַזונדערע צימערן אויך; מען דאַרף נאָר געלט"...

איך בין אַראָפּ איינקויפן עפּעס אין קרעמל. דער קרעמער האָט תיכף דערקענט: „אַן עולה חדש". וואָס? פון אַרגענטינע? געקומען אַהער? פון אַמע־רי־קע?! משוגע, מיינע שונאים... ער גרייט זיך גאָר צו פאָרן אַהין... ס'טי גע־הערט... אַזאַ־אַ קבלת פּנים — — —

אַ טומלדיקע שטאָט, תל־אביב. גאַסן און געסלעך און געסלקעס. און אומעטום — אַ געהאַנדל: אויף די טראָטואַרן, אין הייף, אויף שטאָקן — יידישער האַנדל. זענען דאָך יידן געקומען פון אַלע עקן וועלט. אומעטום — געהאַנדלט; אומעטום — יידן נישט צוגעלאָזט צו קיין אַנדערע פּרנסות. און אומעטום האָבן זיי געהאָלפן בויען לענדער און שטעט. איצט— אין דער אייגענער מדינה. דאָ בויען זיי אַן אייגענע היים, האַנדלען זיי — מיט אייגענעם מסחר.

יעדן טאָג שפּאַציר איך פאַרביי אַ שטיק תל־אביב, שפּאַציר אַוועק צום ים, צו אַ הויז־נומער אויף רחוב הירקון, ווו עס זיצט ה. דאָס האָט ער מיר געגעבן דעם אַדרעס, געהייסן באַזוכן. עפּעס וועט שוין אַרויסקומען דערפון. אַזוי זאָגט ער. קום איך דאָך פון דרום־אַמעריקע, וואָס דאָס מיינט, אַז ער דאַרף זאָרגן פאַר מיר, ער, וואָס איז אויך פּרעזידענט פון אַלע דרום־אַמעריקאַנער אין ישראל. אַוודאי האָב איך נישט בדעה צו פאָדערן פון אים און נישט ער איז מחויב מיך צו באַזאָרגן מיט אַ דירה און פּרנסה, אָבער — מען דאַרף אים נעענטער קענען, כדי צו פילן, אַז ער וועט יאָ עפּעס טאָן. אַפילו — אומפאַרלאַנגט.

אויף רחוב הירקון געפינט זיך דער „מרכז מפא"י". דאָ זיצן יידן מיט היימישע פּנימער. צווישן זיי דערקענט — דעם „עקס" (פּרעזידענט פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע דייטשלאַנד). ער זיצט אין אַ חדרל מיט צוויי טעלע־פאָנען. זאָגן, אַז ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט ביים דערזען מיך — אָ, ניין. ער האָט זיך דערפרייט, אָבער נישט גאָר שטאַרק. אָט אַזוי. סתם אַזוי. לשם יוצא־זייַן. וואָס דאַרף ער צוויי טעלעפאָנען? מיין דאגה. מסתמא — אַ פאַסיקע מלאָכה פאַר אַ געוועזענעם פּרעזידענט.

און דערווייל — טו איך וואַרטן און האָפן — לויט דער הבטחה פון מיין גוטן לאַנדסמאַן, ה., דעם פּרעזידענט פון אַלע דרום־אַמעריקאַנער. ער הייסט האָבן געדולד. און ער הייסט קומען. געדולד מיינט דאָ: סבלנות. נישקשה. אַבי געזונט. אַנומלט געווען ביי אים אין חדרל אויף רחוב הירקון. ער איז שטאַרק פאַרפאָרעט. געטראָפן ביי אים אייניקע יידן פון די מזרח־עדות. ווידער: סבלנות. ער גרייט עפּעס פאַר מיר. און איך האָב נישט קיין טענות צו אים. אַדרבא. אַז ער הייסט

וואַרטן — איז פאַראַן אויף וואָס צו וואַרטן. ער איז זייער אַ סימפּאַטישער און זייער אַ יידישער און זייער אַ סבלנותדיקער... נו, האָבן מיר ווידער אַביסל געשמועסט און ווידער, ווי דער שטייגער — אין יידיש. האָב איך עפּעס נישט דערהערט און איבערגעפרעגט מיט אַ יידישלעכן:

„וואָאָאָס?"

איז דערויף געקומען אַ הילכיק געלעכטער פון די „מזרחניקעס":

„ווּס־ווּס" — האָט זייער געלעכטער געשטורעמט (דער „ווּס־ווּס" — בין איך שפּעטער געוואָר־געוואָרן איז אַ חוזק־באַצייכענונג פון די „ספרדישע" כּלפּי די „שיכנאַזישע" ייִדן, עלעהיי: „אַבראַשאַ", ווי די סאָוועטישע וואַנקעס באַטיטלען אַ ייִד במקום דעם פאַרבאָטענעם „זשיד").

ה. האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט אַראָפּגעשלינגען אַ שמייכל. איך בין אַרויס אויפן קאָרידאָר. עפּעס איז דאָ נישט בסדר. פאַרוואָס האָבן זיי געלאַכט פון מיין „וואָס"? וואָס אַזוינס האָב איך געזינדיקט מיט מיין „וואָס" אַנטקעגן מיינע „מזרח־ ברי־דער"? — — —

שפּעטער איז דער גוטער ה. פאַרבייגעלאָפן דעם קאָרידאָר. מיך דערזען, האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט זיין געוויינלעך געלעכטערל:

„ווילט איר אפשר ווערן אַ שליח?"...

האַ? צו פילן, אַז דאָס מין „שליחים" איז אַן אינדוסטריע ביי די פּאַרטייען אין ישראל...

דאַרף אויפזוכן דעם אַדרעס פון ראובן רובינשטיין. דאַרף געבן „שלום עליכם" צו פריינט און „קאַלעגן פון דער פען". רובינשטיין פאַרטרעט ביידן. ער וווינט ערגעץ עק שטאָט, אויף אַ גאַס מיטן נאָמען לאַ־גווארדיאַ. וועל נישט פאָרן מיטן אויטאָבוס. בכלל, מייד איך אויס די אויטאָבוסן. דאָ איז גוט צו זיין אַן עולה־רגל. מחמת, אַז איך גיי צופוס, גיי איך און — דאַוון. ווו אַ בליק — סידור און סידור־אותיות און גאַנצענע פּסוקים; קוקט־אַראָפּ פון שילדן, פון גאַסן־נעמען, קוקט אַרויס פון אויסשטעל־פענצטער, — אומעטום: דער תנ"ך „וואַלגערט זיך אַרום די טריט".

און פון פלויטן און פאַרקאַנעס קוקן אַראָפּ יידישע אותיות, יידישע ממש: „אַ חתונה אין שטעטל", „האָב איך מיר אַ ווייבעלע", „די ציגיינערקע" און — „צאַנינס אילוסטרירטע וועלט". באמת: אַ חידוש פון פאַרקאַן אַראָפּ. אין ערגעץ און קיינמאָל נישט געזען אַזוינס. און אפשר — אפשר האָט „צאַנינס אילוסטרירטע וועלט" אַ נאָענטע שייכות מיט „די ציגיינערקע" און מיט „האָב איך מיר אַ ווייבע־לע". גיי וויים...

רובינשטיין האָט זיך מיט מיר דערפרייט, ממש ווי אַ ברודער וואָלט געקומען.

אין לשער. ער ווייס נישט ווו מיך אַוועקצוזעצן. אַזאַ גאַסט! אַזאַ...! די פרוי דערלאַנגט כּיבוד. אָונטבּרויט. דורך די צעעפנטע פענצטערס קוקט אַריין — אַ גאָרטן. דער דרויסן צוויטשערט מיט נאַכט־פייגעלעך, מיט זומער, מיט מנוחה. רובינשטיין לאָזט נישט פאַלן קיין שפּרענקעלע אויף די ישׂראל־יידן. דאָס בלויזע זיצן דאָ, דאָס איינזאַפּן די ארץ־ישׂראל־לופט, איז מטהר פון אַלע אומרייניקייטן; דאָס רייניקט דעם ייד פון אַלע גלות־שטויבן...

עך, עעך, אַזאַ גאַסט!

דערנאָך — ער רעדט ערגעץ דורכן טעלעפאָן:

„האַ, איר ווייסט שוין? געקומען, אַ־האַ! יאָ... שוין געקומען אין אַ מזלדיקער שעה... גוט, מאָרגן איינס אַזייגער..., שלום״...

ר. זאָגט מיר אָן די בשׂורה, אַז דאָס האָט ער געריעדט מיט די „לעצטע נייעס״, באַשטימט פאַר מיר אַ צוזאַמענטרעף. גראָד די בשׂורה געפעלט מיר נישט. — אַ ביסינקע צוגעאיילט. וואָלט ער מיר כאָטש פריער געפרעגט. מסתמא אַ מאָדע אַזאַ דאָ: אומר ועושה...

אָפּגעגעסן אַ ישׂראלדיקע סעודה מיט איילבירטן, מאַראַנצן און פאַרטרינקען מיט טרויבן־זאַפט (המכונה: „מיץ״); לסוף — זיך געזעגנט און זיך ווידער גע־קלאַפּט איבער די פּלייצעס: אַזאַ פריידי!

עס יאַוועט זיך געסט. ראשית — משה לעסטני. בין שוין באַלעבאָס פון אַ באַ־זונדער צימער אינעם סוכנות־האָטעל. באַלעבאָס — פאַר אַ היפשער מטבע. (נו, קום איך דאָך פון אַמעריקע!) די בערך צען יאָר זינט מיר האָבן זיך געזעגנט, זענען שטאַרק בולט אויף לעסטניס צעקנייטשטן אויסזען. ער איז געבליבן ביים אַלטן נאָמען, אים נישט געביטן אויף „לסת״. געבליבן ביים וואַרשעווער „לעסט־ני״. אין זיינע רייד — אַביסל קריטיק כּלפּי מיר, דעם „אַמעריקאַנער״, וואָס מ׳האָט אים געבערענגט פון דער שיף גלייך אין האָטעל אַריין, בעת ער איז גע־זעסן אין אַ „מעברה״... לעסטני לאַכט. ער מיינט עס נישט ערנסט. אָבער עס הערט זיך אַרויס פון זיין לאַכן אַ היפּשע דאָזע ביטערניש. מ׳וועט נאָך שמועסן. איך זאָל אַריבערקומען צו אים. ער איז קולטור־לייטער אין אַ מושב־זקנים.

באַקומען אַ טעלעפאָן־רוף פון „דבר״. דאָס האָט געקלונגען ק., געוועזענער גוטער ברודער פון שלעכטע און גוטע צייטן. פּובליציסט אין יידיש און העברעאיש. ביי זיין פאַרלאָזן מינכען האָט ער זיך כּמעט געגעבן אַ נדר: ווי נאָר ער וועט אַרויף אויף דער שיף — שפּייט ער אַרויס דעם יידיש אין ים אַריין... ער האָט דאָס געזאָגט ערנסט. אָבער צוגלייך ווי לעסטני, וואָס האָט נישט געהאַלטן וואָרט און נישט העברעאיזירט דעם נאָמען, אַזוי ער — האָט נישט צעבראָכן

זיין גלות־פּען: ער שרייבט נאָך נישקשה מאַמרים אויף יידיש און דווקאָ — אין גלות־אויסגאַבעס.

עס האָט מיך אויך אָפּגערופן אַ צווייטער ק., אַ שרייבערישער כל־בו. ער וווינט אין יפו. פּאַרביי זיינע פענצטערס כוואַליעט דער ים. ער ווייזט מיר אויף אַ שטיין, וואָס וואַשט זיך אין ים־שוים. אויף דעם שטיין איז געזעסן יונה הנביא נאָך זיין אַנטלויפן פון גאָט...

אַ מדינה — לעגענדע, לצים, געשיכטע און נסים.

נעכטן געווען אינם שרייבערישן קעלער, וואָס שמו הולך לפניו. אַן אויפנאַמע פּאַר אַ גאַסט. איז תיכף געוואָרן אַ פריילעך רעדל אַרום מיר. באַקאַנטע פּנימער. עולם וויל וויסן אויף ווי לאַנג בין געקומען.

„אַ טוריסט אויף אַ וואָך, אַ חודש, אַ יאָר?"

דערביי איז מיר נישט געקומען אויפן רעיון, אַז מיט מיין זאָגן דעם אמת וועט געשען, וואָס עס איז געשען...

„נישט קיין טוריסט — אַ תושב" —

אַ־אוך! דאָס רעדל אַרום מיר האָט זיך ברייט געעפנט; איינער נאָכן צווייטן האָבן זיך גענומען אַרויסרוקן, גענומען פאַרשווונדן, ביז — כ'בין געבליבן אַליין, נישט געהאַט אַפילו וועמען צו פרעגן, מיט וועלכן אויטאָבוס איך קען גרייכן צום האָטעל... זיי האָבן דאָ, קענטיק, גענוג שרייבער־תושבים; זיי דאַרפן שרייבער־טוריסטן — נעבן אַ שרייבערישן טוריסט קאָן מען זיך אַ וואַרעם־טאָן: אויב נישט קיין טשעקל — איז פּירסום אויך אַ מטבע...

און אַז עס איז באַשערט... קומט עס אַהיים —

געהאַט צוגאַסט איינעם אַ ייד, וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי פאַרטרעטער פון דער „יידישע צייטונג" (האַ? פאַראַן אַזאַ צייטונג? הלמאַי נישט געהערט פון איר?) נו, וויל דער ייד, וואָס מאַכט, קענטיק, פּרנסה פון אינטערוויוען — וויל ער מאַכן מיט מיר אַן אינטערוויו... זיין קול איז מיר באַקאַנט פון ערגעץ צייטונגס־קאָרידאָרן אין געוויסע שטעט. ער רעדט זייער דין, ווי עס וואָלט פון אים אַרויסגערעדט דאָס קול פון אַ יונג מיידל... ער איז שוין אַן אַלטער „דרייער" אַרום רעדאַקציעס און טוריסטן. פאַראַנען אַזוינע „דרייערס", וואָס פון זייערע דרייעלנישן קאָנען זיי נישט אַרויסדרייען כאָטש אַ צעבראָכענעם דרייער. נו, איז ער געקומען צו מיר, דעם „אַמעריקאַנער", נעמען אַ „פּיקטשע" און מאַכן פּירסום; און פאַר זיך, — זאָל איך אים אויסשרייבן אַ טשעקל.

ניין. איך דאַרף עס נישט. און קיין טשעק־ביכל האָב איך ליידער נישט. אמת, אַהערגעקומען פון אַמעריקע, אָבער אַן אַמעריקע — פון פּעזעס און קרוזעיראָס און נישט פון דאָלאַרן. ער איז אַוועק אָן אַ גוטן טאָג. מסתמאָ וועט ער נאָך קאָפּויערקומען. נישט ער, איז אַ צווייטער, אַ דריטער אַזאַ...

אין רעדאַקציע פון דערדאָזיקער צייטונג בין איך יאָ אַוועק. כדאי צו באַקענען זיך מיט אַלץ, וואָס זאָגט פאַר המשך, כאָטש נישט אומעטום, ווו מ׳רעדט וועגן המשך, איז אויך פאַראַן קיום. די צייטונג און איר רעדאַקטאָר און די, וואָס „דרייען" זיך אַרום איר — — אַ שוואַכע מעשה. בלויז פאַר אַנאָנסן און אינ־טערוויוען. און דער רעדאַקטאָר־באַלעבאָס — גראָד אַ ייד מיט חשק און ענערגיע — איז זיכער, אַז וועל זיך נישט אָפּזאָגן פון צו ווערן אַ שותף צו זיין בלאַט: אַ ברויט מיט אַ מעסער. שייך צו זאָגן: געקומען פון אַמעריקע... און אָט — האָט דער ייד־רעדאַקטאָר מיך געפירט שפּאַצירן גאַס־איין, גאַס־אויס, ביז ער האָט מיך אַוועקגעפירט אויפן „צפון", ווו עס געפינט זיך זיין דירה. נישקשה פון אַ דירה, בלויז גלאַנץ, גלאָז און שפּיגל. און אַ רחבותדיקער כיבוד אויך. מען קלאַפּט צונויף די גלעזלעך. יאָ, אַזאַ דירה נישט געזען — טאַקע אין אַמע־ריקע ביי יידן, וואָס פאַרמאָגן — נישט קיין צרהדיקע יידישע וואַכנצייטונג, — פאַבריקן און הייזער און ברייזער...

נאָכן „לחיים" — נעמט דער ייד זיך גרייטן צום אינטערוויו. צו פילן, אַז די רייכע שטוב האָט ער זיך איינגעשאַפּט פון — אינטערוויוען... ניין. בין נישט גרייט אונטערצושטעלן מיין אַקסל. איך רוק אַוועק זיין האַנט צוזאַמען מיטן פּאַפּיר־בייגעלע.

אויף דער גאַס אַריינגעזאַפּט די פרישע אַפּריל־לופט, זיך געלאָזט זוכן אַ וועג, וואָס זאָל מיך אַרויספירן פונם סנאָבישן „צפון". נישט קיין וווּנדער: אין אַ הייסער מדינה זענען פאַראַן שוויצערס. אַזאַ איז דאָ דער קלימאַט. — — —

## 2. אַ כעלמער מעשה מיט אַ שרייבערישן קעלער

באַקומען אַ פּאָסט־קאַרטל פון בת־ים — 8טער אַפּריל 1959.

ליבער פריינד...
דערמיט בין איך אייך מודיע, אַז די פאַרוואַלטונג פון אונזער (שרייבער)־פאַריין האָט באַשלאָסן איינצואָרדענען פאַר אייך אַ חברישע אויפנאַמע. דער אָוונט וועט פאָרקומען דאָנערשטיק דעם 16טן אַפּריל 8.30 אָוונט. בעט איך אייך אַז איר זאָלט די דאַטע פאַרנאָטירן און אין דעם דאָזיקן טאָג גרייט זיין צו זיצן אויבנאָן און אויסצוהערן שבחים...
זייט געזונט אייער...

ווידער די אייגענע מעשה: נישט געפרעגט, נישט געוואַרט אויף קיין הסכמה. „באַשלאָסן" און — רוף מיך קנאַקניסל. מילאָ, אַז כ׳זאָל זיך שוין נעמען „אַרומ־קריגן" מיט דעם און יענעם — וואָס וועל איך טאָן שפּעטער?

נו, זיך צופּאַסן צו דער דאַטע. אַבי זאָל זיין שלום; אַבי זאָל דאָס זיין די לעצטע דאגה. און דערווייל בין איך אין טיפּול פון „התאחדות עולי אַמריקה הלטינית" און פונם „איחוד עולמי מפא"י". נישקשה פון אַ טיפּול. מסתמא וועט פון דידאָזיקע

טעפּעלעך אַרויסקומען אַ געקעכטס... טשעקאָווע: סאַראַ שייכות האָב איך מיט די צוויי חשובע נעמען? מחמת — דער פּאַרזיץ פון די בײדע געהער צו אײנעם, צום גוטן ה., דעם געוועזענעם אַרגענטינער און איצטיקן ישראלי בלב ונפש. ער פאַרלאָזט מיך נישט. ער איז זייער אָפּטימיסטיש: בקרוב וועל איך האָבן אַ דירה און אויך אַרבעט אין אַ — צייטונג. האַ? אין אַ צייטונג? יאָ. נישט געדאגהט...

אַנומלט געטראָפן אינם חדר מיט די צוויי טעלעפאָנען, ווו עס זיצט דער „עקס" פון מינכען, דעם פּאָעט מיט די געוועזענע שוואַרצע אויגן, וואָס האָט גערידלט און געזידלט אין דער ניו־יאָרקער „פרייהייט" אויף דער ביטערער דאָליע פון אַ יידישן פּאָעט אין דער יידישער מדינה. איצט מסתמאָ איז ער שוין צופרידן. ער שמייכלט. די אויגן אַרומגערייניקט. ער געהער שוין צו דער „פּאַרטיי"... און נאָך איינעם געטראָפן דאָ, אינם דערמאָנטן חדרל מיטן די צוויי טעלעפאָנען, איינעם אַ ייד, וואָס פּראַוועט שרייבעריי. זיין נאָמען נישט געהערט. געקומען אַהער איז ער, ווי פיל אַנדערע, פון וורשאַצלאַוו. דאָרט האָט ער זיך מסתמאָ אַריינגעפּאַסט אינם געוויסן „רעמל"... דאָ — אויך — דאָ איז ער אַן אויך־רעדאַקטאָר פון אַ מפא״ישן ביולעטין. אויף יעדן זייטל — זיין נאָמען. ער שרייבט וועגן אַלץ און אַלעמען — פּאַטריאָטיזם אָן אַ סוף. ווי מאַכט מען דאָס? ווי ווערט מען דאָס איבערנאַכט פון „אַנטי" — „פּראָ"?

לעצטנס פיל איך, ווי עס פעלן מיר אויס שעהן צום מעת־לעת. איך לויף אַרום און שלינג אַלץ, וואָס עס קומט אונטער דער האַנט. לויף אויף אויסשטעלונגען; לויף הערן רעדעס; לויף אין די טעאַטערס; לויף... און ס'איז פאַראַן ווו צו לויפן. און חוץ אַלעם — חוץ די אייבערמענטשישע זעאונגען — דאַרף איך אויך טראַכטן וועגן מיינע ד' אמות: טאַקע לויפן וועגן אַ דירה און וועגן אַרבעט אויך... הכלל: דאָס אַרומלויפעניש האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן צו שרייבן און ענטפערן אויף בריוו, אויך — אויפן קאַרטל פון בת־ים, וועגן דער „חברישע אויפנאַמע", וואָס חברה שרייבערס גרייטן פאַר מיר. אָבער מיין נישט־ענטפער וואָלט געמעגט דינען פאַר ענטפער: שתיקה כהודיה דמיה. וואָסי. הלמאַי נישט מסכים זיין אויף שיינע רעדעס און לויבערייען? ———

אָבער אַנדערש האָט געטראַכט דער קאַרטל־שרייבער, וואָס איז אויך סעקרעטאַר פונם פאַריין. אָט קום איך אַריין אינם האָטעל און מען דערלאַנגט מיר אַ פרישקאַרטל און ווידער פון בת־ים —

10/4

ליבער פריינד...

שוין מודיע געוועזן אייך מיט אַ פּ. ק. אַז דער אָוונט לכבוד אייך קומט פאַר דאָנערשטיק דעם 16 טן אַפּריל. איך גיב איצט איבער די אַנאָנסן פאַר „לעצטע נייעס". שרייבט זאָפאָרט צי איר האָט די בײדע קאַרטלעך

באַקומען און צי איר נעמט עס צו קענטעניש... זייט געזונט און שרייבט
זאָפאָרט אויף מיין פּריוואַטן אַדרעס, אייער...

נו, דאָס מאָל פאַרצייכנט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, אַז כ׳בין שולדיק אַן ענטפער, בפירוש שולדיק. אָבער (כ׳בין שוין אַרייַן אין די „רעלסן״) — פון זיין שולדיק ביז צאָלן איז אַ מהלך. ווידער נישט געענטפערט. פשוט: דער גאַנצער ענין האָט נישט געפונען קיין ווינקעלע אין מיין מוח. בעסער: אפשר וועלן אויך זיי פאַרגעסן דעריך, וועלן מיר זיין קוויט... אַ סוף — ווינציקער מיט איין „באַערונג״. סייווי: האָבן זיי באַשטימט אויפן 16 טן, וועל איך קומען, קומען, קומען. צו וואָס די דערמאָנונגען?

ניין. כ׳וועל נישט קומען. זאָלן זיי זיך אָפּטשעפּען. שוין? זיי מאַכן שוין פון מיר (ווי די מאָדע דאָ) וואָס זיי ווילן? מיט אַ טאָג און צוויי פריער געזען אין בלאַט הידוע דעם אַנאָנס וועגן „אָוונט״. עס האָט געהייסן, אַז דער שרייבער־פאַריין וועט מיך באַגריסן צו מיין באַזעצן זיך דאָ. אָבער אינם היינטיקן אַנאָנס האָבן זיי מיר צוגעשטעלט אַ שותף... יאָ־שותף, נישט־שותף — ניין. כ׳וועל זיי בכלל נישט ענטפערן...

אָבער דער סעקרעטאַר האָט זיכער געלייענט מיינע טראַכטענישן אין זיין בת־ים דאָרט. און דערפאַר האָט ער נישט גערוט. און דערפאַר האָט ער מיר ווידער געשיקט — עקספרעס — אַ קאַרטל. עקספּרעס — פון בת־ים קיין תל־אביב, וואָס צופוס קומט מען אָן גיכער ווי די עקספרעס־פּאָסט... יאָ. דאָס קאַרטל טאַקע באַקומען צומאָרגנס. האָב פאַרשפּעטיקט צום „עקספרעס״. געוועזן ביי ה. אין שטוב, אויסגעהערט וועגן מיין צוקונפטיקער אַרבעט אין אַ מפאי״איש אילוסטרירט וואָכנבלאַט. און דערווייל זיך פאַרשמועסט ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהן.

און אָט זיץ איך אין מיין חדרל און שמייכל מיט ביטערניש איבערן עקספּרעס־קאַרטל —

13/4

חשובער פריינד...
כ׳האָב אייך שוין צוויי פאָסטקאַרטלעך געשריבן און קיין ענטפער נישט באַקומען. מיר האָבן אַרויסגעשיקט איינלאַדונגען און אַנאָנסירט אויפן 16 טן אייער אָוונט. אויב איר זענט דערצו נישט מסכים מוזן מיר עס זאָפאָרט וויסן כדי דעם אָוונט רעכטצייטיק אָפּצוזאָגן. איר וועט דאָך פאַרשטיין אַז מיר מוזן וויסן יאָ צי ניין. שרייבט עקספרעס אויף מיין אַדרעס, אָדער קומט מאָרגן אין הבימה.

אייער...

קיין „עקספרעס״ נישט שרייבן, דערפאַר אָוועקגיין אין „הבימה״, ווו זיי מאַכן עפּעס אַ פייערונג און זיי דאָרט זאָגן, אַז — גיין: זאָלן זיי תיכף אָפּרופן!

...אין „הבימה" — פאַרזאַמלט די פּני פון „שרייבער־פאַריין" און פון „לעצטע נייעס". איך פיל זיך נאָך דאָ זייער „גרין", אַן „עולה חדש" ממש. אַזוינע פייערונגען זענען בלויז פאַר „ותיקים", איינגעזעסענע און איינגעגעסענע. מיינע נערוון זענען דערוויל נישט צוגעגרייט צו „זאַטשעפּען" מיט די געוויסע כיבודים־דורשטיקע, וואָס אַ בענקל אויף דער טריבונע איז פאַר זיי — די העכסטע מדרגה פאַטריאָטיזם; דער העכסטער קוראַזש פאַרן געוויסן באַזוכער־עולם, וואָס האַלט גרייט די הענט צום אַפּלאָדירן. אָ, דערוויל נישט. ניין. נישט איך וויל זיי אַפּלאָדירן און נישט קריטיקירן.

„ניין! איך וועל נישט קומען אויף מיין אָוונט!" — האָב איך אויסגעשריגן ביים דערזען אַרומשמייען דעם שרייבער־סעקרעטאַר.

געהערט מיין טענה, האָט ער מיך אָפּגעשיקט צו צוויי געוויסע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער:

„וואָס בין איך שולדיק? אָט זיי, האָט צו זיי טענות, הלמאַי מען האָט אייך צוגעטשעפּעט אַ צוטשעפּעכץ"...

זיי? וואָס עפּעס זיי? יאָ, זיי, די צוויי געוויסע פאַרוואַלטונג־מיטגלידער, האָבן „געמומען" ביי אים — ביי אַ געוויסן רעפּאָרטער פון אַמעריקע — „באַקשיש"; אַזוי רופט מען עס דאָ, כדי ער זאָל דערשיינען אויף דער קעלערדיקער שרייבער־בינע... צוזאַמען מיט מיר.

שוחד? אייסעכוואָס! פּשיאַטשעלעס. טוט מען זיך גלעטן איבער די וואָנסעס. אַזאַ־מין־סאָרט־וואָנס־באַק־שיש...

תוך כדי דיבור, האָט זיך אַריינגעשאַרט אין קרענצל ער אַליין, דער באַלעבאָס פון „צאַנינס אילוסטרירטע וועלט". ער האָט מיך אָנגעקוקט מיטן בליק פונם שטעטלשן פּעלטע, וואָס פּאָכעט מיט דער בייטש איבער שטאָט־באַלעבאַטים. נע־נע: ווייסטעץ וועיע יעך בין? און ווייסטעץ וועיע איטץ זענט?! ———

——— נו, אויך דאָס איבערגעקומען. נישט כדאי זיך אָפּצושטעלן דערויף, אויפן „קבלת פּנים". ווידער־אַ־באַערונג, וואָס זאָגט גאָרנישט און וואָס פּאַרמאָגט־גאָרנישט. אַרויס באַגלייט פונם קעלער האָט מיך ד"ר יוריס. איז ער דאָך „ערנקאָנסול פון דער שפּאַנישער רעפּובליק", וואָס דאָס מיינט אויך — פון אַלע שפּאַניש־רעדנדיקע בירגער... נו, האָט ער פון מיר געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אויפן „קאָנטינענט". אָבער אין צווישן האָט זיך צו אים צוגעהעקלט עפּעס אַ ווייבל, אים אַ כאַפּ געטאָן אונטער אַן אָרעם. יוריס האָט זיך אַרומגעקוקט אַ דערשראָקענער און אויסגעשריגן צו מיין זייט:

„זי איז דאָך אַ משוגענע!"

דער סוף? איך בין געבליבן אַליין: אין וועלכער זייט געפינט זיך דער אויטאָבוס, וואָס דאַרף מיך פירן קיין רמת־אָביב? ———

יאָ. איבערן צעדרייטן וועג האָב איך געשוווירן — מער נישט איבערצוטרעטן די שוועל פונם דאָזיקן שרייבערישן קעלער!

## 3. גלות־גייסט

נאָך אייניקע טעג און וועל אָנהייבן אַרבעטן אין „די וואָך אילוסטרירט״, אַ מין קאָנקורענט־בלאַט צו „צאָנינס אילוסטרירטע וועלט״. פוןביידן טראָגט זיך אַן איבלדיקער ריח. נו, עס וועט נאָך אויסקומען צו פאַרצייכענען, זיך „צו טיילן״ מיט מיינע נייע אַרבעט־טעג. און דערווייל — טו איך שפּאַצירן גאַס־איין, גאַס־אויס. תל־אביב. איך שוועב ווי אין חלום. יידישע גאַסן, יידישער אויפבוי, יידישע יוגנט. לכאורה, איז די יוגנט נישט אַנדערש פון דער יוגנט אין אַנדערע מקומות; אָבער דאָך — איז דאָ בולט חידוש: אַ געדיכט רעדעריי אין העברעאיש טראָגט זיך אין דער לופט, באַגלייט מיט אַ נאַטירלעך העברעאיש געלעכטער, וואָס צווינגט אָנצושטעלן אַן אויער, אויפצוכאַפּן ווערטער און — מיטצולאַכן, לאַכן פון הנאה, וואָס לשון־קודש איז געוואָרן אַ וואָכעדיק יידיש לשון, אַפילו, קוים וואָס כ׳פאַרשטיי אַ וואָרט פונם דאָזיקן סאַברע־לשון ———

יאָ. אויך אין בוענאָס איירעס און אין ריאָ, אַז כ׳האָב געהערט יידישע יוגנט רעדן שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש — אָנגעשטעלט מויל און אויערן: זע־נאָר — אָט ווערן מזרח־אייראָפּעאיש־אָפּשטאַמיקע פאַרוואָגלט אין אַ שפּאַניש־פּאָרטוגעזישן שבט... גיי און פאַרשטיי דעם יידישן נע־ונד.

און דאָך — איז עס דאָ אַנדערש: דאָ ווערט פון שבטים אַ פאָלק, אַ פאָלק מיט וואָרצלען, מיט קולטור, מיט יידיש־קודש־לשון ———

איך שפּאַן איבער גאַסן. שלום עליכם, י. ל. פּרץ, מענדעלע — די דריי אָבות פון דער יידישער ליטעראַטור טוליען זיך צוזאַמען אין דריי גאַסן אויף זייערע נעמען און אַרום זיי — עס רוישט מיט יידישער שטאָט און מיט יידיש. טאַטע־מאַמע רעדן יידיש, זייערע קינדער — העברעאיש. עס זענען די צוויי יידישע נאָזלעכער, וואָס עטעמען אַזוי בהרחבההדיק אויף תל־אביבס גאַסן. ניין. נישט קיין שבטים, וואָס לעבן אין זכות פון אינדיאַנער און מולאַטן; יידן — לעבן אין אייגענעם זכות ביי זיך אין דער היים.

עס רוישט און עס קלאַפּט. דאָס געשריי פונם אויטאָ־פייפער רייסט זיך אַריין אינם געקלאַפּ פונם האַמער־קלאַפּער. טומלדיקע גאַסן, אָבער אַזאַ טומל, וואָס באַרואיקט, באַרוישט און פאַרוויגט.

אָט קום איך פון יפו. דאָ איז עס אַנדערש. דאָ איז יידישע געשיכטע. עס איז נישט דער תל־אביבער צפון. דאָ איז — מזרח. ים און יפו — שטויב פון דורות. ערב וואַלן, די ווענט פאַרקלעפּט מיט נומערן, מיט קאַנדידאַטן, מיט — „אַריינזאָגעכץ״. אויף איינעם אַ מיטינג אין רמת־אביב האָט משה שרת אויסגערופן

פּאַטעטיש: „דאָ הייבט זיך אָן אונזער געשיכטע, אונזער לשון, אונזער פאָלק״.
וואָס מיינט: „עס הייבט זיך אָן״? האָט זיך דען ווען ס׳איז איבערגעריסן? בעת
ער איז געווען אין בוענאָס איירעס האָט ער גערעדט אַ מענטשלעכן און טאַקע
אַ רוסישן יידיש. און יידיש טראָגט דאָך מיט זיך דורות; יידיש פּאַרלייקנט דאָך
נישט דעם יידישן אַפּשטאַם, אינם יידישן שטעטל, וואָס איז געווען כולו יידיש,
האָבן געלעבט אונטער איין דאַך — דער באַרג סיני, דער בית המקדש, בבל
און יבנה און ווילנע און וואַרשע; אַ בלאַט גמרא אויף יידיש, אַ רבישע תורה
אויף יידיש, אַ זמר אויף יידיש און אַ יידישע יוגנט, וואָס האָט געטאַנצט אויף
— יידיש.
ניין. עס „הייבט זיך״ נישט אָן. עס איז המשך פון יידישער געשיכטע — עד סוף
כל הדורות — — —
בפירוש: עס וואָלט געווען אַן אידיליע אין דער מדינה, ווען די פּאַרטייען וואָלטן
פאַרבליבן — אין גלות. אַזויפיל פּאַרטייען: 21 ליסטעס צו די וואַלן! וואָלטן
דידאָזיקע 21 פאַרמאָגט אַביסעלע אידעאַליזם, אַביסעלע איינזעעניש מיט דער
מדינה, וואָס ראַנגלט זיך קעגן אַזויפיל שונאים זינט זי האָט דערזען די שיינע
וועלט, וואָלטן זיי דאָך אַלע זיך געאייניקט בלויז אַרום איין זאַך: מדינה! דער־
האַלטן די מדינה! אָבער די קליינע, נישטיקע פאַרשווינדלעך — פאַרמאָגן בכלל
נישט קיין פּראָגראַם. ס׳איינציקע: ווער עס האָט מער פּאָסטנס, דער באַקומט
מער שטימען. עס איז אַ רייסעניש אַרום פּאָסטנס. פּאָסטנס גיבן כוח דער
„פּאַרטיי״. וואָס־מער פּאָסטנס — שטאַרקער די פּאַרטיי. פּאָסטנס, פּאַרטיי —
מען רופט עס דאָ: פּראָטעקציע (מיט אַ גרויסער „פּ״) — — —
אויך איך נעם שוין פּילן דעם ביטערן טעם...
האַלבע טעג אַרבעט ביי דעם אילוסטרירטן בלאַט; „ביי דעם״ און נישט „אין
דעם״. דאָס האָט דער גוטער גורל צוגעשפּילט, כ׳זאָל נישט דאַרפן דירעקט
מיטמאַכן אַזאַ־אָ אומשיינע שפּיל. פיר שעה אין טאָג קלאַפּ איך אויף אַ יידישער
שרייבמאַשין — ביליקע סענסאַציע, וואָס אינעווייניקסטע מיטאַרבעטער שטעלן
מיר צו. אַ פּשוטע, אַ טעכנישע — אַ ברודיקע אַרבעט.
ווער זענען די צושטעלערס?
ראשית כל — דער רעדאַקטאָר: אַן אַלטער חבר פון דער „פּאַרטיי״ נאָך פון
זיינע בעסאַראַבישע יאָרן. איז ער איצט צוריקגעקומען פון אַ פּאַריזער שליחות
מיטן געדאַנק: היות ער דאַרף פרנסה, וועט ער דאָ מאַכן אַ פּאַריזער מאַגאַזין;
ער וועט לאָזן איבערזעצן פון פראַנצויזיש אויף יידיש די אַלע שונד־און סעקס־
מעשׂות און דערמיט — אי פאַרקאָנקורירן „צאַנינס אילוסטרירטע וואָך״, אי
אַריינכאַפּן דעם רומעניש־בעסאַראַבישן לייענער־עולם. ועל כולם — פרנסה פאַר
זיך און פאַר דער פּאַרטיי...

ער קען נישט הערן דאָס וואָרט „ליטעראַטור". טפו! ווער דאַרף עס! און פיינט האָט ער „די פוילישע", סכנות!

סאַראַ טענות האָט ער צו „די פוילישע"? זיי שטעלן אים דאָך צו דעם רינשטאָק צו־זעט! אלא מה. ער וואָלט געוועז צופרידענער, ווען „די פּאַרטיי" וואָלט אים געגעבן בעסאַראַביש־רומענישע מיטאַרבעטערס אויפן אָרט פון די פוילישע. זיי זענען ציניקערס, די פוילישע, זיי לאַכן פון אים, די פוילישע.
טאָ ווער זענען זיי דאָס, „די פוילישע"? —

געניצעוועטע סטאַלינס יידן פון פוילן. זייער קוואַליפיציטעט: איינער ווערט טיטולירט מיט „דאָקטאָר". נו, איז ער טאַקע דער ערלעכסטער פון אַלע דאָ, מחמת — געבליבן וואָס געוועז: האָט פיינט די ציוניסטן מיט זייער מדינה צוזאַמען. בראַוואָ! דאָס צו פילן פון אַלע זיינע באַוועגונגען. און דער צווייטער, דער שרייבנדיקער רעדאַקטאָר, דער, וואָס אים געטראָפן ביים „עקס" אינם צוויי־טעלעפאָנען פּאַרטיי־צימער — אַ „חבר" זינט דער בר־מצוה, איצט זיצט ער דאָ און זכות פון „דער פּאַרטיי", עס הייסט: די מפא"י האָט אים געשיקט אַהער, און אַז זי האָט געשיקט — מחמת ער האָט שוין באַוויזן צו ווערן מפא"ישער פונם מפא"ישן רעדאַקטאָר אַליין; על כן — קומט אים דער רעדאַקטאָר־טיטל. נו, טוט זיך צווישן די צוויי. דער נעכטיקער סטאַלין־„חבר" פירט־אונטער קעגן דעם מפא"י־רעדאַקטאָר. אויך מיך זוכט ער אַריינצושלעפּן אין דעם „אונטערפירעכץ". נישט מיין וואָגן, נישט מיין מיסט. אָבער אַז איך בין גע־צוווּנגען צו עסן פון דעם מיסט — וועט מען דאַרפן ווען איך לאָזן פון זיך אַזאַ הילכיקן שפּיי! — — — ערשט דער דריטער, דער קאָרעקטאָר. וועגן אים דערציילן זיינע נאָנטסטע: געוועז „דער סטאַלין" פון דער יוגנט אין פוילן; דער טאַטע פון די פוילישע קאָמסאָמאָלצעס... אַ וואַזשנע פירמע. און אַז ווייי צו די קינדער, וואָס האָבן אַזאַ טאַטן: אַ פּראָסטע זאַך, אַ לאַכנדיקער שוטה. און אפשר מאַכט ער זיך אַזוי קליינלעך, כדי עס זאָל נישט אַרויסקומען זיין „גרויסקייט"? און אַ פערטער, דער באַוואָנסעטער פּאָעט, דער בעל הטענות צו דער מדינה, דער וואָס פאָדערט פון דער מדינה פרייהייט פאַר אַ פּאָעט מיט דער הילף פון ניו־יאָרקער „פרייהייט", אָ, דער איז דאָ דער הויפּט־צו־שטעלער פונם רינשטאָק־הומאָר... חוץ אַלעם נעמט ער — נישט־דיר, נישט־מיר — און טוט זיך אַוועקוואַרפן אויף דר'ערד: קאָנוווּלסיע, שווערע קרענק (רחמנא לצלן!)? אָ, נייק. אַזאַ משוגעת־אָנפאַל־סטראַשונאָק. ער ליגט אויף דער פּאָדלאָגע און קאַטשעט זיך פון קאָנוווּלסיוו לאַכן, וואָס דאָס האָט צו זאָגן: וועט מען מיר נישט געבן וואָס איך וויל — וועט זיין פריילעך; וועל'ך ברעכן ששויבן — — —

אַזאַ איז זי, די משפּחה, פונם אילוסטרירט־וויציקן בלאַט, וואָס ווערט צונויפ־געשטעלט אין „דפוס מפא״י״.
איז דערפאַר בפירוש גוט וואָס איך בין נישט קיין „אינעווייניקסטער״, זיץ דאָ (ממש נאָנט צום דרויסן) בלויז פיר שעה אין טאָג: האָב דערפאַר די רעשט טאָג פאַר זיך — צו באַקענען זיך מיט דער מדינה...
יאָ. דער גלות־גייסט פון די יאַנקעלעך און פון די „זאַמבאַלעס״ האָט זיך אויך צעלייגט אין די יידיש־ווינקעלעך פון דער יידישער מדינה ———

## 4. טיפּן און סצענעס

הייסע טעג. דער זומער קריכט אַריין אין די ביינער: אָט איז טרוקן, אָט איז נאַס און אָט —ביידע צוזאַמען. מיין נאָנטסטער שכן אין האָטעל איז אַ האַלבער רב און אַ האַלבער שרייבער. ער איז צו ביידן נישט דערגאַנגען, אָבער מאַכט אַ לעבן פון ביידן. פון אַמעריקע איז ער געקומען קיין ישראל, כדי צו „טאַפּן דעם דופק״: וועט מען אים געבן וואָס אים קומט, וועט ער זיך באַזעצן דאָ. און עס קומט אים מ׳זאָל אים געבן — אַזוי טענהט ער, — אָבער דערווייל גיט מען אים נישט. סטייטש? אַזויפיל יאָרן אָוועקגעגעבן פאַרן „יונייטעד אַפּיל״ — געהאַלטן רעדעס, געוועקט דעם עולם... וואָס וויל ער דען מ׳זאָל אים געבן? ער וויל דאָס וואָס אַלע ווילן, נאָר — מיט אַ נופך משלו: בכבודיקע אַרבעט און אַ בכבודיקע דירה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ בכבודיקן מאַן. נו, ווערט ער וואָס אַ טאָג ווייטער — בייזער. צוריק אין אַמעריקע, וועט ער זיך אויסזוכן אַן אַנדער „דזשאָב״: וועט זיך מער נישט פאַרנעמען מיטן „אַפּיל״...
אויף דער צווייטער זייט וואָנט ווינט אויך אַן אַמעריקאַנער, אַ טוריסט. ער באַגריסט מיך מיט „גוד מאָרנינג״ און „גוד ביי״ און „טענקיו״. ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט צו זאָגן אום שבת — „טשאַפּאַט טשאַלאָם״. נו. איז מיט אים אַ צרה, אַן — אייער־צרה. ער האָט ליב אייער. ער עסט זיי שטענדיק, די אייער — פאַרטאָג און שפּעט ביינאַכט. און פון זיינע שפּאַצירן קומט ער שטענדיק צוריק נאָך חצות. און דעמלט הייבט זיך אָן זיין אייער־פאַרגעניגן. וויפל אייער פאַרניצט מען פאַר אַ „ייטשניצע״? ווייס אים דער רוח. ער קלאַפּט און קלאַפּט און קלאַפּט די אייער אין אַ שיסל אָדער טאָפּ אַ שעה אַ גאַנצע. ער רייסט מיך אויף פון שלאָף און די נאַכט איז אַ געפּטרטע.
בכלל, איז „בית ברודצקי״ אַ מין „באַוועגלעכער״ האָטעל. פאַראַן דאָ פיל טירן און קאָרידאָרן. גייען געסט און קומען געסט און טרעטן געסט — אַ קיילעכיקן מעת־לעת.
יאָ. בין אַריין אַהער מיטן נישט־ריכטיקן פוס — אַזוי אין דער אַרבעט, אַזוי אין דער דירה. מען דאַרף פון זיי ביידן וואָס גיכער פּטור ווערן.

הייס. די איינציקע מעלה: דאָ מעג מען לאָזן ס׳רעקל אין שטוב. העמד און הויזן און האַלב־נאַקעט. לופטיק און לאַכנדיק. אַזאַ איז דאָ די גאַס. בפרט — די יוגנט. די מדינה געהער צו זיי. זייער געלעכטער, זייער געפּייף און זייער חוצפּה — פון אַלע ווינקעלעך. אַזאַ יוגנט געזען אומעטום. אָבער דאָ איז זי מער חוצפּה־דיקער און מער רעשיקער פון אומעטום. אַזויפיל יאָרן געוואַרט אויף אַן אייגענער, אַ יידישער מדינה. —

10 טער יולי 1959. אַזויפיל פרייד און אַזויפיל צעשטערטע פרייד. ביידע פאַרן זיך נישט, אַפילו זיי שפּאַנען ביינאנד. פון איין זייט — פריידביים באַטרעטן די ישראל־ערד, פון דער צווייטער — פריידיקע יידן שטרייקן זיצנדיק און שטרייקן הונגערנדיק. זיי זענען אָפּגענאַרט; נייע עולים. די דירות טויגן נישט, דאָס עסן טויג נישט — די מדינה געפעלט זיי נישט. אָט — געקושט די ערד, אָט — געשפּיגן אויף דער ערד...

וואָס נעכטן האָט זיך אָפּגעטאָן — נישט פאַרצושטעלן אין דער פאַנטאַזיע: תושבים פון ואַדי סאַליב, אַ געגנט אין חיפה, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום כרמל, דעמאָלירן, פּאָגראָמירן, מיטן רוף: אומברענגען די „יחסנים פון כרמל״, פון הדר... די איינוווינער פון ואַדי סאַליב ווערן באַעוולט — שרייען זיי — מחמת זיי רעדן נישט קיין דייטש, קיין יידיש, פּויליש, רוסיש... דאָס זענען די יחסנים, די קעסטקינדער פון דער מדינה, בעת די מזרח־יידן, די אַפריקאַנער, תימנער, מאַראָקאַנער — זענען די האַלצהעקער און וואַסערטרעגער. נו, האָט זיך געטאָן, טוט זיך און עס גרייט זיך צו טאָן. דאָס געפילט היינט מיטאָג, ביים זיצן ערגעץ אין אַ רעסטאָראַן: ביי מיין טישל אַנטקעגן — אַ „זייעריקער״; נאָך יעדן אָפּעסן האָט ער אַ שליידער געטאָן דעם טעלער, דעם לעפל, דאָס מעסער — האָט פּראָוואָצירט מיט רוגזה: „ואַדי סאַליב — גם פּה״... זיינע אויגן באַגלייטן מיך. איך זע זיי אומעטום. זיי זענען אָנגעפילט מיט האַס. דאָס אייגענע אויך געזען אין די אויגן פון די נעגערס אין ריאָ. אַזוי קוקן זיי דאָרט אויף די ווייסע, די באַדריקער...

איז מעגלעך, אַז אין ישראל זאָל הערשן ראַסן־צעטיילונג? נאָר פּרימיטיווע טיפּן זענען בכוח צו מאַכן פון זייער דלות אַ ראַסן־פּראָבלעם... און דאָך — שוין באַוויזן צו דערלערנען, אַז חוץ אַ געפּוצטן „צפון״ מיט גלאַנציקע דירות, ווילעס און לוקסוס־אויטאָס, איז אויך פאַראַן אַ נעבעכדיקער „דרום״ מיט איינגעפאַלענע כאַלופּעס, מיט הונגעריקע קינדער און אַרבעטלאָזע טאַטעס. אָבער אַזאַ מין צעטיילונג געזען אומעטום, בפרט — אינם סאָציאַליסטישן און גלייכבאַרעכטיקטן מאָסקווע: דלותדיקע ראָגאָטקעס אַנטקעגן געפּוצטע בלאָק־הייזער... וואָס נאָך? אַז מ׳וועט לעבן ט׳מען נאָך, אם ירצה השם, באַרייכערן דעם באַוווסטזיין מיט כלערליי כל־טוב...

## 5. די „סוכנות״ גיט מיר אַ דירה

לעצטנס שטאַרק טרוד ביים באַקומען אַ דירה, ס׳הייסט: אַ דירה, וואָס כ׳זאָל תיכף באַצאָלן פאַר איר כך וכך און די רעשט — אויף אויסצאָלן במשך... נו, עד מאה ועשרים. זיי רופן עס דאָ: „משכנתא״. זיי גיבן אַ „משכנתא״. דאַרף איך זיך באַקענען אויך מיטן דאָזיקן פּאַרגעניגן. דערמיט איז זיך מטפל די „התאחדות עולי אמריקה הלטינית״, וואָס איר פּאָרזיצער איז דער זייער סימפּאַטישער ה. דאָס האָט ער „איינגעפעדעמט״. די רעשט — וועט פאַלן אויף מיר. „פאַלן״. ווי עס איז פאָרצוזען וועט עס זיין אַזאַ שווער פאַלעכץ — הלוואַי, עס זאָל נישט אימעצער אַרויס פון דעם עסק מיט צעפאַלענע אברים...

דער ענין: די „התאחדות״ האָט אירע מענטשן אין דער „סוכנות״; אַ באַזונדער חדרל דאָרט, אַ מין עקזאַמיניר־חדרל, ווו עס ווערן דורכגעפירט עקזאַמענס איבער די, וואָס דאַרפן באַקומען אַ דירה. בין איך אַנומלט געווען אינם דאָזיקן חדרל, ווו עס זיצט איינע אַ מיידל. עס מיינט: געווען אינם חדרל בין איך נישט; בין געשטאַנען אין „תור״ הינטער דער טיר — אַ שעה, צוויי, דריי. אָן אַ סוף. בין איך אַוועק. היינט איז אָנהייב אויגוסט. פאַריקע סוף וואָך ווידער געווען. צום ווייפלטן מאָל? יידן לאַכן פון מיר: מען דאַרף נישט ציילן „צום ווייפלטן מאָל״; מען דאַרף זיך דאָ באַזעצן, באַלייגן זיך דאָ אויף די בענק און פאָדלאָגעס. זיי דאָ האָבן צייט, די ליידיקגייערס.

אָבער איך האָב נישט קיין צייט. און קיין רעוואָלוציעס אויך נישט בדעה דורכצופירן הינטער דער טיר. אויב האָט די „התאחדות״ באַשלאָסן, איז דאָך אַ סימן, אַז עס קומט מיר, אַז עס איז דאָ פאַר מיר. מהאַי טעמאַ וויל איך נישט, מ׳זאָל מיך אַרומשיקן פון איינעם צום צווייטן: איך וועל אַזאַ טראַסק טאָן...

מיט אַזוינע טראַכטענישן אַוועק „צום לעצטן מאָל״ אין דער „סוכנות״, אויף רחוב איבן גבירול, זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דער טיר פון יענעם חדרל, ווו עס זיצט דאָס געוויסע מיידל. זי זיצט און טרינקט טיי. וועל איך צוואַרטן. זי וועט דאָך נישט טרינקען די טיי אַ גאַנצן פאַרמיטאָג. איך וויל פון איר גאָרנישט, בלויז אָן ענטפער, אַ קלאָרן ענטפער.

בין אַריין. זי האָט זיך אַביסל איבערגעשראָקן. יאָ. זי האָט געהערט פון מיר. זי זיצט און איך שטיי. און אָט אַזוי, שטייענדיק, גיט זי מיר צו פאַרשטיין, אַז גראָד איצט איז זי שטאַרק פאַרנומען. זי רעדט אַ סימפּאַטישן יידיש. איז דאָך איר טאַטע — ווי זי האָט שוין באַוויזן אויסצומאָלן איר יחוס — געווען אַ יידישער שרייבער אין אַרגענטינע. גיי ווייס. זי קוקט אויס צו זיין אין די צוואָנציקער. סך הכל. טאָ ווען און ווו האָט זי שוין אוספּייעט איינצוּשטודירן די „סוכנות״־סימפּאַטיע? זי מוז און וועט ענטפערן — איצט. איך שטיי אַריבערגעבויגן איבערן טיש. הלוואַי, כ׳זאָל נישט אָט באַלד עפּעס אַ שליידער טאָן. זי

פּוצט די נעגל. דערנאָך באַוויליקט זי צו שענקען מיר אַ בליק.

„כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט!"

„וואָס געזאָגט?"

תּיכּף האָט זי געהאַט אַ ישוב. אַרויסגענומען פון ערגעץ אַ טעקע מיט פּאַפּירן, געמישט, געדרייט, דערנאָך —

„ווי אַלט זענט איר?"

וואָס איז איר באַבעס דאגה? איך פרעג איר ווי אַלט זי איז? אַזוי יונג און אַזויפיל חוצפּה. דורכגעמאַכט אַ ספּעציעלן קורס.

„אַלט? דאָס איז מיין סוד!"

„גוט. איר וועט נישט באַקומען קיין דירה. אייערע יאָרן, איר פאַרשטייט... איר וועט קריגן אַ הלוואה אויף צו דינגען אַ דירה"...

זי גיט מיר שוין עצות אויך. נישט כדאַי זיך אויסצוטענהן מיט איר. בין אַרויס. לאָמיך נישט שטיין איבער איר ביז דאָס געדולד וועט פּלאַצן. כדי צו דינגען אַ דירה דאַרף איך נישט קיין טובות. און זאָלן זיי מיר נישט טאָן קיין טובות. האָב זיי פריער נישט געוואָלט קענען, איצט — אַוודאַי נישט. אָבער אַ בריוול צו דער „התאחדות" יאָ אָוועקשרייבן. איך וויל נישט, מ׳זאָל חוזקן פון מיר. געהער דאָך נישט ה. צו דערדאָזיקער חברה.

און עס האָט געווירקט, דאָס בריוועלע. איצט האָט עס גענומען גיין גלאַטיקער. דאָס מאָל איז ס׳מיידל אַרויס צו מיר אויפן קאָרידאָר, באַוויליקט מיט מיר צו רעדן, ווי „אַ גלייכע מיט אַ גלייכן" (איז זי דאָך אַ שרייבערס אַ טאָכטער). זי האָט פאַר מיר פאַרגעלייענט פאָלגנדיקן מאָנאָלאָג:

„ווען מיר האָבן געהערט, אַז איר קומט צו פאָרן, האָב איך געקריגן די אויפגאַבע אויסצוזוכן פאַר אייך אַ פּאָסטן. האָב איך געקלונגען צו דעם און צו יענעם און צו אַלע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט יידיש און מיט קולטור בכלל; און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געענטפערט: „ניין!"; מען דאַרף נישט. כ׳האָב אויך געפרעגט ביי — האָב פאַרגעסן זיין נאָמען; ער האָט אַ געשפּאָלטענעם שטערן; איר קענט דאָך אים — האָט ער געזאָגט: וואָס? ער קומט? ער איז זייער אַ שווערער מענטש (איך וועג סך־הכל אַ פּופּציק קילאָ...) און ס׳איז שווער מיט אים דורכצוקומען. ער מאַכט סקאַנדאַלן — — —

נו, קיין סקאַנדאַלן איצט נישט מאַכן. אָבער דאָס מיידל, נאָכן פאַרענדיקן דעם מאָנאָלאָג — האָט מיר איבערגעגעבן צו איינעם אַן אונטערהינקענדיקן בחור וואָס איז גראָד אַריין צו זיך אין חדרל און איך — נאָך אים. דערדאָזיקער בחור טוט מיר יאָ די טובה און הייסט מיך זעצן און דערנאָך — רעדט ער צו מיר אויף... דייטש. האָב איך תּיכּף באַשלאָסן: כ׳וועל דעמדאָזיקן הינקאַטש נישט

איבערדערציען; זאָל ער מיר געבן וואָס מיר קומט. די רעשט — זאָלן זיך מיט אים מטפּל־זיין די באַלעבאַטים זיינע.
און ס׳איז אַוועק אַ גאַנג. גראָד אַ גיכער גאַנג — לויטן אָפיציעלן טשערעפּאַכע־גאַנג.
איך באַקום אַ צימער־וווינונג אין רמת־גן. עס איז נישט ווייט צו ראש השנה. די באַלעבאַטים פון דער דירה, „עמידר״ (עס מיינט: באַזאָרגערס פון פאָלקס־וווינונגען), האָבן מיר מבטיח געווען, אַז צו סוכות וועל איך שוין זיצן אין מיין אייגענער סוכה; נאָר ביז דעמלט — אונטערחתמענען אויף פּאַפּירן און פּאַפּירן און ווידער פּאַפּירן, וואָס דאָס אַלץ דאַרף באַשטעטיקן, אַז איך, אָנוכי הקטן, ווער באַלעבאָס פון אַ רכוש, אַ פאַרמעגן, וואָס כ׳וועל עס דאַרפן אויסצאָלן במשך פון אַ פערטל יאָרהונדערט. דאָס מיינט פשוט: אם ירצה השם, ווען כ׳וועל שוין האָבן העט אַריבערגעשפּרייזט די גבורות, — באַקומען די פולע רעכט צו באַלעבאַטעווען מיט מיין רכוש, אויב געצאָלט פּינקטלעך זינט דעם 24טן סעפּטעמבער 1959.
איצט — ראשי ורובי אַריינגעטאָן אין לויפן. איך זע גאָרנישט, הער גאָרנישט, פיל גאָרנישט — איך לויף: פון „עמידר״ צום נאָטאַר; פונם נאָטאַר צו דער באַנק; פון דער באַנק צום נאָטאַר; פונם נאָטאַר צו „עמידר״; פון דאַנען אַהין און פון דאָרט אַהער און אומעטום — שרייבן, אונטערשרייבן: החותם מטה איז זיך מתחייב לפי סעיף קטן מספר גדול... לשלם כדלקמן: דמי בטוח, דמי חכירה, דמי גביה, דמי רבית, דמי ——— דמי — געלט: צאָלן, צאָלן, צאָלן... און איך צאָל און שרייב־אונטער, צאָל און שרייב־אונטער, צאָל...
זיי האָבן מיך גוט אַריינגעכאַפּט. און נישט בלויז מיך. איינער אַ ייד טראָגט מיר אונטער אַ שטיקל פּאַפּיר. ער וויל וויסן וואָס דאָרט שטייט געשריבן. ער קען גראָד יאָ לשון־קודש, אָבער דאָ פאַרשטייט ער נישט אַ וואָרט. אונטער־געשריבן האָט ער. עס גייט דאָך צו ווינטער און ער דאַרף אַ דאַך איבערן קאָפּ. מיין מעשה. אַלעמענס מעשה. די „סוכנות״ גיט, „עמידר״ נעמט און דער באַנק דאַרף מען צאָלן, צאָלן, צאָלן...
און אַ זכות דערביי: צאָלן צאָלט מען אומעטום. פאַר דעם חדר אין „בית ברודצקי״ צאָל איך — וועל איך איצט צאָלן פאַר אַן „אייגענער דירה״.
מיטן פאַרענדיקן דאָס עסק, אויך כמעט פאַרענדיקט מיט מיין אָפּגעשפּאָרט פאַר־מעגן. בעסער אַזוי. ווינציקער מזומנים — ווינציקער דאגות.

## 6. וווּנדער איבער וווּנדער

אייניקע טעג ליגט ביי מיר אַ קאַרטל פון משה לעסטני. ער האָט טענות, הלמאַי אים נאָכנישט באַזוכט אין זיין ווילע, ווי ער טיטולירט די דירה זיינע אין „בית

אָבות״ (ווו ער איז קולטור־לייטער). נו, שוין באַפרייט פון שרייבן און חתמענען, פון לויפן און שוויצן. שוין פאַראַן די דירה. נאָך געבליבן אַביסל לויפענישן, כדי צו קריגן דעם שליסל. סייווי: נאָנט דער סוף פונם „ויסעו״; אָט־אָט און ס׳וועט זיך אָנהייבן דער — „ויחנו״.

פיל איך בפירוש, אַז געקומען די צייט זיך „אָפּצורעדן״, זיך אָנצודערציילן וועגן דעם „שטיק איבערקערעניש״ וואָס האָב באַוויזן דורכצומאַכן במשך די אַכט חדשים זינט מיין געפינען זיך אין דער מדינה. און לעסטני איז דער פּאַסיקסטער אויסהערער. ער האָט נישט קיין הינטערגעגנגלעך; ער איז פּשוט און פאַרשטאַנדיק. יאָ, האָב שוין אויך באַוויזן צו „דערלערנען״ די יידיש־צייטונג־סביבה דאָ.

געפעלט מיר דערפאַר לעסטני, וואָס ער — אַ פּובליציסט מיט וואָרט און געדאַנק — האָט זיך אָפּגערוקט פונם היגן יידיש־צייטונג־קאָרב; געוואָרן קולטור־טוער צווישן אַלטע לייט. — כאָטש גוט, וואָס וועל האָבן מיט וועמען צו שמועסן. סייווי איז דאָך די לופט דאָ אַ היימישע, אַ יידישע. דאָס בלויזע שפּאַצירן אונטערן פרייען יידישן הימל...

זיץ איך אין אויטאָבוס, וואָס דאַרף מיך ברענגען צו דער סטאַציע „דורה״ אויפן וועג קיין נתניה. בענק הינטער מיין פּלייצע זענען באַזעצט מיט תלמידים אין מיטלשול־עלטער. זיי רעדן אַלע צוזאַמען, רעדן געדיכט, פּליסיק, באַגלייט מיט אָנשטעקנדיק געלעכטער. נו, בין איך נישט רוי אין די דריבנע אותיות, קען זיך צונויפרעדן מיט ערגעץ אַ באַאַמטן אויך; אָבער איצט שטרענג איך אָן אַלע מיינע געהערן אויפצוכאַפּן אַ גאַנצן זאַץ — אומזיסט. גאָר מעגלעך, ווען זיי לאַכן נישט אַזוי געדיכט אַלע צוזאַמען, וואָלט אויך איך געהאַט הנאָה פון זייער הנאָה. סייווי — זייער געלעכטער שטעקט־אָן אַלעמען אין אויטאָבוס; אַלע שמייכלען, לאַכן אַפילו אויפן קול צוזאַמען מיט די תלמידים. מהאַי טעמאָ — לאַך אויך איך מיט. אָט איז דער דור־ההמשך, וואָס לעבט־אויף אַ שפּראַך, וואָס מאַכט אויפלעבן די מדינה.

אַ זוניקע נאָכמיטאָג־שעה. גרינע פּלאַכטעס, ווייסע פּלאַכטעס און הויקערדיקע פּליכעס לויפן פאַרביי די אויטאָבוס־פענצטערס. סימנים פון ששת ימי בראשית. דאָ אַרבעט מען נישט בלויז אויפן פעלד. דאָ דאַרף מען אויך היטן דאָס פעלד, היטן די ערד: דאָ שפּאַנען באַזאַמען לאָפּעטע און ביקס.

דער אויטאָבוס האָט זיך געשטעלט אויף אַ סטאַציע. עס איז נאָכנישט „דורה״. מיין באַנק־שכן וועט מיר שוין אָנווייזן.

אַ נייער פּאַסאַזשיר אַרויפגעקומען, אַ בלינדער, באַוואָקסענער פּאַסאַזשיר, געפירט פון אַ יינגעלע. פון די „עדות המזרח״. מען טרעט אים אָפּ אַ פּלאַץ. ער טראָגט אַ לאַנגע באָרד, לאַנגן כאַלאַט, לאַנגע אַרבל. פון אונטער אַזאַ אַרבל שיינט אַרויס אַ האַנט־זייגער. ווי קומט עס צו אַזאַ סאָרט ייד אַ האַנט־זייגער? און וואָס

זעט ער, אַ בלינדער, אויפן האַנט־זייגער? איז די סענסאַציע ווינציק, נאָך איינע:
ער נעמט אַפּער פון הינטער דער קאַפּאָטע אַ טראַנזיסטאָר, מאַכט פון אים הערן
מוזיק. ער זעט טאַקע נישט, אָבער הערן — יאָ.

מיין באַנק־שכן, אַ „וותיק" אין לאַנד, נעמט עס אויף נאַטירלעך:
„אַזוי וועט עס זיך אויסמישן — דאָס נייע מיטן אַלטן, דאָס אייראָפּעאישע מיטן
לעוואַנטישן. וואָס דערפון וועט אַרויסקומען, דאַרף מען פרעגן זיי, אָט די
לאַכנדיקע תלמידים; זיי ווייסן דעם סוד"...

מיין שכן נעמט אויך אויף נאַטירלעך דאָס, וואָס אַ באַבערדלטער יונגערמאַן
גייט אַרום צווישן די בענק, איז מכבד מיט — לייגן תפילין. ער פאָרט יעדן
טאָג אויף דער ליניע. ער זעט דאָס יעדן טאָג. ער לייגט נישט קיין תפילין.
אָבער „די זאַך" געפעלט אים. ווו דען זאָלן יידן זוכן מצוות, אויב נישט אין דער
יידישער מדינה?

אַן אויטאָבוס — אַ יידיש שטעטל, אָנגעפילט מיט ווונדערייען.
און אַזוי בין איך אַריין צו לעסטניץ, אים אָפּגעשילדערט די נפלאות אין אויטאָבוס,
געמיינט: האָב אים געבערענגט דעם גרעסטן חידוש; ווידער — אַ טעות. אַזוי איז
דאָס לעבן דאָ. אַזוי איז עס אויף טריט און שריט. צי ער איז צופרידן דערפון?
עס אַרט אים נישט. דער עיקר — די קינדער; זיי זאָלן אויך אַלץ אויפנעמען ווי
זייערס, זאָלן מיט זיך צונויפהעפטן דאָס אַלטע מיטן נייעם.

זיין וווינונג שטייט אין מיטן אַ פעלד. עס שמעקט מיט אינטימקייט פון יעדן
ביימל און גרעזל. די זקנים רוען איצט. מיר זענען אַרויס אויפן באַלקאָן. לעסטני
האָט מיר גענומען אַביסל דערציילן פון זיינע ערשטע טעג דאָ. אים איז עס
נישט געגאַנגען אַזוי לייכט. ער האָט נישט געוווינט אין קיין האָטעל, נאָר —
געוווינט אין אַ מעברה, וואָס קיין גוטער ייד זאָל נישט וויסן דעם טעם. ער האָט
אָבער געוואָלט אַראָפּגיין פון די מלוכהשע קעסט. האָט ער זיך אָנגעכאַפּט
דערין, וואָס פון מפא"י האָט מען אים פאַרבעטן זיך צו באַטייליקן אין אַ יידישער
טאָגצייטונג, וואָס די פּאַרטיי גרייט זיך אַרויסצוגעבן.

ביים דערציילן האָט ער זיך ביטער צעשמייכלט און גלייכצייטיק — אָפּגעזיפצט
און זיך שטאַרק פאַרקרימט, ווי ער וואָלט געליטן פון צאָן־ווייטיק.

געווען איז דאָס מיט אַ יאָר צען צוריק בערך. די פּאַרטיי האָט צונויפגעשטעלט
אַ רעדאַקציע און ס'איז געוואָרן אַ צייטונג אין יידיש. נו, פילט ער זיך דאָך
נאָנט צו יידן — אי צו מפא"י, אי צו צייטונג־אַרבעט. הכלל, ווי דער שטייגער,
האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פּרעטענזיע־לייט (גראָד שוואַכע צייטונגס־לייט) מיט פּאַרטיי־
ביכלעך, מיט „סטאַזש" און מיט — חוצפה. נאָך איידער די צייטונג האָט
ריכטיק דערזען די ישראל־שיין, איז געוואָרן אַרום איר ענג. עס האָט גענומען

אויספּעלן לופּט. אַ שטופּעניש. אַ דרענגעניש, אַ שטויסעניש און אַן — אַרויס־שטויסעניש...

דעם ערשטן אַרויסשטויס האָט באַקומען ער, משה לעסטני. ער האָט שוואַכע עלנבויגנס אויף צוריקצושטויסן. אייגער אַ יונגערמאַן, וואָס האָט קיינמאָל נישט געחלומט צו מאַכן אַ לעבן פון צייטונג־אַרבעט, אַ יונגערמאַן, וואָס אין זיין שטעטל האָט ער געהאַט געזאַמלט חתונה־אַנאָנסן פאַר דעם ערב־שבתדיקן אַנאָנסן־בלעטל, האָט ער גענומען לעסטנין אַזוי דערקוטשען, אַזוי דערגיין די יאָרן, אַז זיין סוף איז געווען: אַ שווערער האַרץ־אַטאַק ———

דערמיט האָט ער פאַרענדיקט זיין היגע צייטונג־קאַריערע, גיך און כמעט — טראַגיש... בעסער פריער ווי שפּעטער: ער וואָלט סיווי לאַנג נישט אָנגעהאַלטן זיין צייטונג־בענקל. די טראַגישע פיגורן דאָרט וואָלטן עס איבערגעקערט אויף זיין קאָפּ ———

איצט איז ער צופרידן פון זיין אַרבעט צווישן די זקנים. אַ שטילע אַרבעט. אַן ערנסטע און ערלעכע. ער גייט נישט אין ערגעץ און קומט נישט צו קיינעם. האָט ער נישט ווער עס זאָל אים מקצר־ימים־זיין.

און אַזוי שמועסן מיר אַריין אינעם אָוונט. עס קוקט אויס, ווי מיר וואָלטן זיך געפונען ערגעץ אויף אַ דאַטשע. אַ לייכטער בלעטער־גערויש. אונזערע טריט זינקען צווישן טיפן גראָז־געוויקס. איך דערצייל אים מיין „עפּאָפּיי". בין איך מקנא מיט דער שטילקייט. אויך איך וואָלט זיך אַזוי אָפּגעזונדערט, זיך באַזעצט צווישן אומשעדלעכע זקנים... און דאָ האָט זיך גענומען פירן צווישן אונז פאָלגנדיקער שמועס:

„די גאַס — האָב איך גענומען אויסגיסן מיין צאָרן — איז צופיל טומלדיק, צופיל רעשיק, צופיל פריילעך; די יוגנט — צופיל חוצפּהדיק; עס איז דאָך גאָר נישט קיין יידישע יוגנט!"

„דאָס איז שוין רכילות; די יוגנט — איז די בעסטע יידישע יוגנט וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרמאָגט זינט דורות. פיזיש געזונט און גרייט אויף קרבנות".

„יאָ. און דאָך — ווי ווייט די יוגנט איז פון אונז. אַזוי ווייט... אַז מיר זענען דאָך גאָרנישט־מיט־נישט. גלות־יידן. אַז דאָס יידישע פאָלק הייבט זיך דאָך אַן מיטן אויפקום פון דער מדינה און מיטן געבוירן פונם ערשטן סאַברע אין 1948"...

מיר זענען אַריין אין שטוב עסן אָוונט־ברויט. דאָ צוגעענדיקט דעם שמועס בניחותא. באַלד גיין צום אויטאָבוס. און אפשר טאַקע איז ער גערעכט, לעסטני. אויך אַמאָל זענען אין ארץ־ישראל געווען רשעים און צדיקים, געווען גוטס און שלעכטס, געווען נביאי אמת און נביאי שקר...

## 7. שכנים

נאָוועמבער 1959. רעגנדיק, כאָטש עס רעגנט נישט. אַ פּייכטער הימל. אַ שטע־כיקער דרויסן.

איך וווין שוין אין מיין „אויסגעקעמפּטער" דירה. אַ שיינע, אַ געפּוצט־גאַרטנ־דיקע געגנט. דאָס הויז פון זעקס דירות שטייט אויף אַ באַרג. מיין דירה — אונטן. כמעט אַלץ פאַראַן אינעווייניק, „כמעט", ווייל אַן טירן און אַן קעסל פאַר וואַרעם וואַסער. חוץ מזה: עס פונקציאָנירט נישט. אַ שיינער גולם. פאַראַן עלעקטרישע כלים, אָבער עס ליכטיקט נישט. מען דאַרף פאַרבינדן דעם שטראָם. פאַראַן פּלאַץ אויף אַ קעסל פאַר וואַרעם וואַסער, אָבער קיין קעסל איז נישטאָ. אינעווייניק — צעעפנטע לעכער — אַן טירן... פינצטער אין די נעכט און קאַלט. איך פיל בפירוש, אַז דער שטן המקטרג האָט מיך באַגלייט אויף אַהער... נישט ווייט פון דאַנען ווינט אַ ייד אַ שרייבער, וואָס דערמאָנט אַן אַ קאָמישן כמעט־טראַגישן פאַל. מיט אַ צען יאָר צוריק בערך זענען מיר, אַ גרופּע שרייבערס, געפאָרן פון מינכען קיין באַד־רייכענהאַל, אין ביירן, אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט אין דאָרטיקן יידן־לאַגער. געפאָרן אין אַ קליינעם אויטאָ. איז מיין איצטיקער שכן אויך דעמלט, אין אויטאָ, געווען מיין שכן. האָט זיך אים פלוצים פאַרגלוסט אויסצוציען אַ האַנט, אַריינצושטעקן אַ פינגער אין דער טיר־עפענונג און איך — האָב פאַרקלאַפּט די טיר; אים אָפּגעקלאַפּט אַ שטיק פינגער.

איצט איז אים שוין דער פינגער איינגעוואַקסן, אַ קירצערער פינגער, אָבער דאָס שטערט אים נישט צום פאַך: צום זיין אַ שרייבער ביי יידן. ער גרייט אַרויסצוגעבן אַ בוך וועגן זיין געבוירן־שטאָט (נישט אויסגערעדט זאָל'ס זיין) — כעלם. נו, איז ביי אים אין שטוב וואַרעם. ער איז שוין דאָ אַן איינגעזעסענער, אַ „וותיק". גוט צו האָבן אַ היימישן שכן און אַ שרייבער דערצו. ביז אין מיין נייער שטוב וועט ווערן ליכטיק און וואַרעם, — קומען צו אים אין די אָוונטן, זיצן ביי אַ וואַרעם גלעזל טיי. ער איז אַ שרייבער מיט עקשנות און אַמביציעס. ער זאָגט דאָס קלאָר: „איך וויל זיין אַ גרויסער שרייבער!" און דערצו פּאַסט אים די אָנגעוואַקסענע דיקע וואָנסע, וואָס ער גלעט זי מיט גרויס ליבשאַפט. אויף זיין שרייבטיש — צוויי באַרימטע שרייבער־קעפּ. אויך נישקשה באַוואָנסעטע. רעכטס: י. ל. פּרץ, לינקס — מאַקסים גאָרקי און ער — דער שרייבער מיינער — אין מיטן. באמת: אַ פּאַסיקע טראַיקע! — — —

איך טרינק הייסע טיי מיט היימישן פאַרבייס. ער בעט פון מיר אַ טובה: היות זיין בוך ווערט געגרייט צום דרוק, זאָל איך איבערקוקן דעם שוין געדרוקטן (אין אַ פּאַרטייאיש וואָכנבלאַט) מאַנוסקריפּט. „אַ פינטעלע דאָ, אַ קאָמעלע דאָרט". אַזוי טוט ער אַ זופּ מיט דער וואָנסע. אָבער איך הער אים נישט. ביי מיר אַ שרייבעריש שטיקל אַרבעט מוז אַרויסקומען אַרומגעקיילעכיקט: אָדער אַלץ,

אָדער גאָרנישט. דערפאַר — נישט בלויז געשטעלט פּונקטן און קאָמאָס, נאָר — אַרויסגעוואָרפן און אַריינגעוואָרפן גאַנצע זאַצן; צוגעשטעלט און אַרויסגעשטעלט. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט. זיך כשר פאַרדינט דאָס גלעזל טיי.

לסוף — געמאַכט מיטן מחבר אַ מין דזשענטלמען-קאָנטראַקט: אויב קריגט ער אַ פּרעמיע פאַרן בוך — קריג איך אַ העלפט. דער אָפּמאַך — נישט קיין געחתמעטער, ממילא — נישט קיין חיובדיקער. סתם אַזוי. — אַזאַ־אַ־קלאַפּ־אין־דער־פּלייצע. און שוין. נו, אין מיין נייער שטוב איז שוין ליכטיק. איצט — זענען מיר געוואָרן שכנים מיט גלייכע רעכט און גלייכע פאַרגעניגנס.

די „שכונה" — אַ נייע. מיין דירה האָט אין פיר זייטן פענצטערס, וואָס גייען אַרויס אין אַ בשותפותן הויף צווישן צוויי בנינים. אין פרייע אָוונטן קוק איך אַרויס, באַקען זיך מיט די שכנים, מיט זייערע דאגות און שמחות. אויך זיי באַקענען זיך — צווישן זיך.

דער „שיכון" פאַרמאָגט אַן אידעלן נאָמען: „שיכון למומחים". זיינע איינוווינערס — שארית הפליטה פון דער גאָרער וועלט, ספּעציעל פון רוסלאַנד. זיי שמועסן פון באַלקאָן צו באַלקאָן. חוץ אויף רוסיש — אויך רומעניש, פּויליש, דייטש, אונגאַריש. אויך זאָגט מען זיך „שאַלאָם" און בכלל...

יאָ. בכלל, טוען די „מומחים" זיך אויספּיינען מיט אינטעליגענץ. למשל, דער שכן פון אַנטקעגן, אונטן רעכטס: ער האָט צוזאַמען מיטן מעבל, אויך אַריינגעפירט אין דער דירה אַ הונט. אַ כלב מיט אַ שוואַרצער מאָרדע און מיט אַ גרילצנדיק בילן. אין די אָוונטן גייט דאָס באַווינער־פּאָרל שפּאַצירן מיט גרויס חשיבות: ביידע זייטיק און דער הונט אין מיטן. זיי רעדן מיט אים אויף רוסיש. אַ וואַזשנער כלב. פון אַלע באַלקאָנען קוקט מען זיי נאָך. ס'טו געזען!

בשכנות מיט זיי — פּויליש־רעדנדיקע, בראָש מיט זייער אַ שמאָלער, אַ דינער, אַן — איגנאָרירנדיקער דאַמע. זי איגנאָרירט אַלץ און אַלעמען. זי שטייט אויפן באַלקאָן מיט אַ קרומען בליק: „אַ וואַזשנע לעבן; וואַזשנע שכנים. פּשעפּראַשאַם!" אָבער פון שכן רעכטס האָט זי דווקא נישט געוואָלט אָפּשטיין. זי (און איר משפחה) האַלט זיך אויף דער אייגענער שטופע פון אינטעליגענץ — יאַק באָגאַ קאָכאַם! און דערפאַר האָט זיך אויף איר באַלקאָן באַוויזן אַ הינטל — נישט קיין כלב און נישט קיין רוסישער, נאָר אַן אידעלע זאַך: אַ קליינס, אַ ציטעריקס — צוש דאָברעגאָ!

העכער, איבער דער דאַמע — רומעניש־רעדנדיקע „מומחים": אַ זי, אַן ער און אַ טאָכטער. ספּעציעל מאַכט זיך לאָזן פילן די טאָכטער. זי קליידט זיך לויטן וועטער. און מיט יעדער נייער קליידונג באַוויזט זי זיך ראשית אויפן באַלקאָן, ווו זי דרייט זיך, הנדלט זיך, שמייכלט, פאַרשווינדט און קומט צוריק מיט אַן אַנדער יאַקעלע, ווייל פון פריער ביזאיצט האָט דאָס וועטער זיך שוין באַוויזן צו

בייטן. ממש ווי אויף אַ מאָדע־אויסשטעלונג. און אין איינעם אַ פֿאַרנעם פֿאַרטאָג איז זי אַרויסגעקומען מיט אַ זייער נאַקעטער הלבשה און מיט אַ — הינטל צווישן די שוויצנדיקע בריסטן. אַ הינטל — אַ קינד ממש. אָט וועט זי עס אָנזייגן.

לינקס, אויפֿן צווייטן שטאָק פֿראָנט — אַ דאָקטאָר־פּאָרל. מען שמועסט: זי — אַן עכט־רוסישע — פֿאַרמאָגט אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם; ער — אַ רוסיפֿיצירטער ליטוואַק, איז בלויז איר מאַן. מער גאָרנישט. און גראָד ער לאָזט זיך הערן און פֿילן. ער האָט הנאה זיך דורכצושמועסן פֿון באַלקאָן צו באַלקאָן מיט זיין שכן פֿון אונטן רעכטס, דעם „מומחה" מיטן גרויסן כלב; און נאָך אַ לאַנגן שמועס, ווי ער דערציילט אים (און אַלע שכנים הערן) וועגן זיינע פֿאַרשידענע אויפֿטוען און אויך, אַז דער געקויפֿטער וואָגן וועט בקרוב פֿונקציאָנירן, פֿאַרענדיקט ער, אַז — שוין צייט, פּאַניעמייעש, צו מאַכן זיך אַ הייסן טוש. און אָט האָבן געטראָפֿן ביי אים צוויי טרעפֿעניש: אי ער איז פֿאַרפֿאָרן מיט אַ געפּוצטן אויטאָ, וואָס האָט געטראָגן אַ דאָקטאָר־צייכן, אי — צוזאַמען מיט דער דאָקטאָרשעס מאַן איז פֿון אויטאָ אַרויסגעשפּרונגען אַ הינטל, וואָס דאָס פּנימל האָט דערציילט וועגן ספק פֿויגל, ספק מאַלפּע — אַ געמיש פֿוןביידן.

ביי וויפֿל האַלט איך? דאַכט זיך: קרוב אַ האַלבן טוץ כלבים אין איין וואַנט. נו, זיי מער נישט ציילן (לשם עין הרע). וועל זיך אָפּשטעלןביים האַלבן טוץ. די רעשט שכנים — כמעט ענלעך צו די געשילדערטע „מומחים" אינם „שיכון למומחים". אַלע שכנים אינם „שיכון" — די שכינה רוט נישט אויף זיי; וואָלט זיך אָפּילו די שכינה באַוויזן, וואָלטן זיי זי פֿאַרטריבן. שכינה מיינט — עולם הבאָ; זיי דאָ אַלע זענען — לויטער עולם־הזהניקעס. פֿרעג זיי בחרם: וואָס אַזוינס האָט זיי געברענגט דווקא קיין ארץ־ישראל — וואָס און מחמת וואָס...

און נאָך צוויי שכנים בשכנות פֿונם „שיכון למומחים": אַרויפֿצו דער גאַס, אויפֿן וועג צום צענטער; אויף איינער אַ געסלקע אַזאַ — דער אַלט־באַקאַנטער „עקס" (פּרעזידענט פֿון די באַפֿרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע דייטשלאַנד). אַן אומגעריכטער שכן, אומגעריכט און אומגעראָטן; וואָרום, האָט ער דאָך מיך געקריינט ווי איינעם וואָס „מאַכט סקאַנדאַלן", ווי אַזוינעם, וואָס „מ׳קען נישט מיט אים דורכקומען" און אַז עס איז בכלל שווער צו וווינען מיט אים „אונטער איין דאַך"... האָט איצט געצוימען דער גורל און אונטערגעשפּילט אַ צולהכעיס: מיר ביידע וווינען „כמעט אונטער איין דאַך", אַ צען מינוט גאַנג פֿון איינעם צום צווייטן... גוט?

דערפֿאַר דער צווייטער שכן פֿאַרגיטיקט שוין פֿאַרן ערשטן; דער צווייטער שכן: דאָס סימפּאַטישע און היימיש־יידישלעכע שטעטעלע בני־ברק — אַ צוואַנציק מינוט גאַנג פֿון מיר. פֿאַריקן שבת — אַ מילד־זוניקן אין מיטן דעצעמבער —

זיך געלאָזט אויף שפּאַציר כדי צו „מאַכן קאָנטשאַפּט" מיט דער סביבה. אַזוי דערגאַנגען צו אַ שמאָלער אַלייקע מיט בענק און ביימער. אַריין אינעווייניק און דערזען אַן אויפשריפט: „שטח עירוני בני־ברק" מיטן עמבלעם — די עשרת הדברות. לכתחילה געבליבן אַביסל נשתומם: דאָ־אָ, אין דעם שבתדיקן יאַריד, טוט רוען דאָס מנוחהדיקע בני־ברק? און אפשר אַ טעות? ניין. בין אַריין אינעווייניק, טיפער, טיפער, דערגאַנגען צום צענטער, דערזען — באַשטריימלטע יידן און באַפּאותטע יינגעלעך גייען פון שבתדיקן דאַוונען. ערשט דאָ דערפילט: בני־ברק! און אויך די יידן האָבן מיך דערפילט, ספּעציעל — די יינגעלעך. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר, גענומען שרייען מיט אַזאַ באַחנטן און באַשיינטן יידיש, אַז עס האָט זיך מיר געוואָלט אַ הויכן שפּרונג טאָן פאַר פרייד, אָבער די יינגעלעך — זיי זענען גאָר געשפּרונגען צו מיר:

„העי, דו, גולם, ווו גייסטו?"

האַ? וואָס האָבן זיי געזאָגט: גולם? אַזאַ קבלת־פּנים? און זיי האָבן געהאַט כשר־רעכט: בין געשטאַנען אין מיטן פונם שבתדיקן בני־ברק מיט אַן — אָפּגעדעקטן קאָפּ... חוצפה! ווי דאָס נישט פאַרגעפילט? עס האָט זיך מיר געוואָלט — נעמען אין מיטן דער גאַס און זיך — אויספּאַטשן. אַזאַ שייגאָץ! ביי מיין צווייטן שפּאַציר אַהער, אם ירצה השם, זיך באַמיען נישט צו דערצערענען דידאָזיקע קליינע, כשרע יידעלעך. ניין! און עס ווילט זיך מיר דעם „ניין" אויסשרייען בקול רם; און עס ווילט זיך מיר אָפּבעטן ביי די קליינע יידעלעך מיין ביסל לעבן — — — האָב זיך געמוזט וואָס גיכער אָפּטראָגן, ממש — אַנטלויפן מיט מיין אָפּגעדעקטן קאָפּ, אויב נישט געוואָלט אַרויס פון דער „אַרומרינגלונג" מיט אַ געשפּאָלטענעם קאָפּ...

עס באַגלייט מיך:

„גולם, גיי אַוועק פון דאַנען, גוי־לעם!"

פונם „גולם" הערט זיך אַרויס דער „גוי" און עס הערט זיך אַרויס דער „לעם" — אַ מין פאָלקס־גוי, אַ שבת־גוי, רחמנא לצלן. איז עס נישט אַ צו־האַרבער טיטל?

געהאַט אַ גאַסט. שבת האָט מיך מהנה־געווען מיט זיין באַזוך דער „עקס", ער, זיין ווייב און זון. אַן אומגעריכטע באַגעגעניש. זיי האָבן מיר צעשטערט דעם צוגעגרייטן סדר־היום. וואָס פאַרלאַנגען זיי? איך זאָל זיי מכבד־זיין מיט מיין באַזוך ביי זיי — אויף אַ שבת־מיטאָג.

ער ווינט באַשיידן. ער זאָגט, אַז פון מינכען איז ער אַהערגעקומען בלויז מיט די „איינע פּאָר שיך". ביים עסן זיץ איך רעכטס, דאָס ווייב — לינקס. ער — אויבנאָן. דאָס ווייב איז שטאַרק מקנא, וואָס איך, אַ „נייער עולה", האָב באַקומען אַ „נייע דירה" און זיי, „אַלטע עולים", זיצן אין זייער אַלטער דירה. דערפאַר,

מסתמא, פאַרגיטיקט איר דער מאַן: נאָך יעדן מיטאָג־ביס — אַ קוש דעם ווייב אין האַנט. ער געדענקט גענוי: דרייט דעם קאָפּ לינקס, געפינט דאָרט דעם ווייבס האַנט — אַ ביס און אַ קוש; אַ ביס און אַ קוש. איך פּיל בפירוש: דער ביס געווענדט רעכטס — צו מיין געזיץ, דער קוש, לינקס — צום ווייב...

סילוועסטער 1959. איך קוק אַרויס דורכן פענצטער. אַ רואיקער, אַ מילדער אָוונט. עס ווילט זיך מאַכן אַ ברכה איבער אַזאַ רואיקייט — נישט פּראַסטיק, נישט ווינטיק; — אַווירא דארץ־ישראל. דורך מיין פענצטער זע איך וואָס עס טוט זיך ביי די איינוווינערס אויף יענער זייט ברוק. מיין שטוב שטייט אויף אַ באַרג. אַנטקעגן, באַלקאָן ערשטער שטאָק, פאַנאַנדערגעזעצט טאַטע־מאַמע און צוויי קינדער. די לאָמפּן אינעווייניק — אויסגעפּוצט, גלאַנציק. היינט אַנדערש ווי נעכטן. נעבן גאַס־איינגאַנג שטעלט זיך אָפּ אַן אויטאָ. מען טראָגט פון אים אַרויס קעסטלעך און פּעקלעך און פּודלעס.

מען גרייט זיך פּראַווען סילוועסטער.

די באַלעבאָסטע מאַכט די לעצטע הכנות: פּרעסט, פּוצט, ווישט. עס וועלן קומען געסט. צו פילן: עס וועט זיין פריילעך.

און ס'איז געוואָרן פריילעך. אַ פולע שטוב מיט געסט. פאַרפולט איז דער באַלקאָן אינעווייניק — מען טאַנצט. מען שרייט: „נאַ זדראָוויע!" אַ שכן האָט מיר געזאָגט: מאַן־ווייב זענען געוועזענע קאַצעטניקעס; די קינדער ווערן דערצויגן אויף פּויליש. איצט — פּראַווען מען סילוועסטער.

געקומען פון פּוילן; זיך געראַטעוועט, כדי דאָ אַהער אַריבערצופלאַנצן יענע מנהגים. האָבן זיך נישט געענדערט און ווילן זיך נישט ענדערן — אין דער יידישער מדינה. דאָס האָט נישט פאַר זיי קיין שום ווערט. זיי זענען דאָ בלויז צייטווייליק. די היטלער־פּורעניותן האָבן איינגעקריצט אין זייער לייב — האַס, האַס — — —

צוועלף בייַנאַכט. דאָס טאַנצן דאָרט איז אַזוי פאַרשייט, אַזוי חוצפּהדיק־חצופה־דיק, ווי ביי שיכורע גוים ערגעץ אין פּוילן. זיי זענען נישט די איינציקע פון דעם מין אין דער יידישער מדינה. שלעכט וועט זיין, אויב די לייט וועלן פאַרמירן איר פּרצוף לויט זייער געשמאַק. הלוואַי — „די גאַס" זאָל נישט איבערגעוועלטיקן די יידישע דורות־לאַנגע בענקעניש — — —

די וווינונג אַנטקעגן מיין טיר איז פאַרנומען פון אַ רומעניש ווייבל, אַ שנייַ־דערקע. אַ גאַנצן טאָג, זאָגט זי, איז זי אַ מנהלת, פירט זי אָן מיט אַרבעט פאַר יענעם; אין אָוונט אַרבעט זי פאַר זיך. טראָגט זיך טאַקע פון איר טיר אַ זינגען פון אַ „זינגערוווקע" ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן.

און פאַראַן נאָך אַזאַ וווינונג אַנטקעגן מיין הויף־פענצטער. דאָרט האָט זיך באַזעצט אַ מיידל פון ווילנע — אַן עלעקטראָ־מעכאַניק — דער ריכטיקער

„מומחה". געקומען איז זי נישט לאַנג צוריק פון פוילן. אין ווילנע איז געבליבן איר טאַטע. זי בענקט נישט שטאַרק צו אים. ער איז אַ קאָמוניסט. פון וואַנען איך ווייס דאָס? זי דערציילט עס מיר — כמעט נאַכט נאָך נאַכט. זי קאָן זיך איינהיימישן, בפרט מיט איר געשמאַקן ווילנער יידיש. אַ לאַכנדיקע, אַ פלינקע אַזאַ. מיט איר לויפן און לאַכן פאַרטרייבט זי דאָס פייפן פון די שכנים און דאָס בילן פון די הינט.

„אַ הינטעליגענטישע געזעלשאַפט" — זאָגט זי וועגן די שכנים און לאַכט דערביי. זי איז נישט אַליין. עס קומען צו איר באַקאַנטע. אַנומלט געזען אַרויסקוקן דורך איר פענצטער דעם יידיש־העברעאישן קריטיקער און לעקטאָר מ. עס טרעפט אויך, אַז זי האָט אַ ליידיקן אָוונט — שענקט זי אים מיר. סוף־סוף בין איך דאָך אַ שכן, דער נאָנטסטער פון אַלע... זי קוקט אויס צו זיין אין די ערשטע דרייסיקער. אויף איר קיילעכיק פּנים איז כלל נישט קענטיק דער נע־ונד, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט ווי אַ יונג קינד. דערוועגן שווייגט זי. אפשר איז זי גערעכט. געזינטער צו שווייגן.

אויף איר טיש געזען אַ קאָנווערט מיט אַ צוריקאַדרעס פון איטאַליע; דערנעבן — אַ בריוו געשריבן אין דייטש. זי האָט געלאַכט:

„בעת איך בין געווען אין רוים האָט דער־אָ מיך אַרומגעפירט איבער דער שטאָט... ער איז זייער אַ סימפּאַטישער. רעדט אַ פליסיקן דייטש... ער האָט געהאַט פאַרטרערטע אויגןביים געזעגענען זיך מיט מיר. ער איז באמת אַ פיינער מאַן"...

זי העלפט מיר פירן די באַלעבאַטישקייט; לאָזט זיך איינוויגן אין מיין אויסלייג־שטיל; לאַכט קוויטשיק און יידישלעך־באַחנט.

אַז איך וויל דווקא, געפין איך אין איר סימנים פון מיין פריילעכער פריידקע. אויך זי, פריידעלע, האָט געלאַכט און געטאַנצט און פאַרטריבן די דאגות...

ערשטע טעג פעברואַר 1960. מיאַוסער דרויסן. עס רעגנט. עס ווינטיקט. אין שטוב איז קאַלט. נאַקעטע ווענט צום דרויסן.

דאָס ווילנער מיידל איז צו מיר אַריינגעפאַלן צוזאַמען מיטן ווינט. זי האָט אָבער דעם ווינט צוריק אַרויסגעטריבן און אָנגעפילט דאָס חדר מיט אַ הילכיק לאַכן. זי האָט באַקומען אַ בריוו פון אירס אַ קוזין אין מעקסיקע. דער בריוו איז פון ניו־יאָרק. ער איז דאָרט אויף אַ רייזע. ער קומט אַהער. זי גרייט זיך אים אָפּצונעמען פון לופטפעלד, אים ברענגען צו זיך. אויב וויל איך, קאָן איך זי באַגלייטן קיין לוד. טאַקע היינט ביינאַכט. האָב צוגעזאָגט, אָבער די נאַכט אַ רעגנדיקע און אַן — איינשלעפערנדיקע. צומאָרגנס זי געזען אין באַגלייטונג פון אַ הער. אין אָוונט האָט זי אים אַריינגעפירט צו מיר.

„מיין קוזין".

ער איז שוין אַ יאָר דרייסיק אין מעקסיקע, קוקט אויס ספק־בלאָנד, ספק־גראָ. אַ צעקנייטשטער, אָבער מיט אַ ווילן אויפצוהאַלטן אין זיך חשק צום הנאָה־האָבן פון לעבן. אין מעקסיקע האָט ער אַ גרויסע וווינונג, אַ געשעפט, באַדינערינס, אַלץ, אָבער (איז צו דרינגען פון זיינע פנים־קנייטשן) עס פעלט אים אַ ווייב (ער רופט דאָס: הויז־באַלעבאָסטע).

ער האָט זיך תיכף איינגעהיימישט מיט זיין קוזינקע; האָט דורכגעפירט אַ „רייניקונג": פאַרטריבן אַלע אירע באַקאַנטע. געגוג בלויז ער זאָל הערן אַ טרעטן הינטערן פענצטער, ער זאָל אַ געשריי טאָן צו דער פאַרמאַכטער טיר:

„זי איז קראַנק; זי נעמט נישט אויף!"

אַ וואָך נאָך זיין קומען איז זי אַריינגעפאַלן צו מיר, ווי שטענדיק, מיט אַ הילכיק לאַכן. אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר זיך נישט געטראָפן (מחמת דעם קוזינס „רייניקונג"). איצט האָט זי אויסגעקוקט אַן „אָסאָבע": פולער, גלאַנציקער. זי האָט מיר געוויזן אַ רינגל אויף אַ פינגער. זי האָט זיך פאַרקנסט צום קוזין...

„קכי־כי־כאָ!" — אַ געלעכטער ביי איר די גאַנצע מעשה.

צומאָרגנס איז ער אַריינגעקומען. ער האַלט מיך פאַר דעם נאָנטסטן פון אַלע אירע געסט. דעריבער וויל ער וויסן, צי זי האָט געהאַט ערגעץ אַ מאַן און צי בלויז איינעם. ער זיצט און זיפצט: כמעט נישט באַנוצט קיין ווייב ביזאיצט; געווען זיכער, אַז ר'וועט „נישט קענען"... נו, האָט ער „יאָ געקענט"...

זי האָט אָפּגעגעבן די דירה פאַר אַ שיבוש, זיך מיט מיר געזעגנט אַ לאַכנדיקע: נישקשה, גראָד זי ווייס ווי „אויסצונוצן די לאַגע". זי איז אַוועק מיט איר מאַן־קוזין קיין מעקסיקע.

אַן עפּיזאָד — אַ פריילעכער פון אָנהייב, אַ נישט־פריילעכער ביים סוף...

און אפשר — איז אויך דער סוף געווען אַ פריילעכער ———

## 8. בליצן — מיט מחשבות

אומצופרידנקייט איז שעפעריש. דער אומצופרידענער לאָזט זיך נישט איינוויגן מיט פאַנטאַזיעס. איז בכן גוט, וואָס עס זענען פאַראַן אומצופרידענע. אפשר וועט זיך לאָזן שאַפן צוזאַמען אַ שטיקל סביבה.

האָב איך אין איינעם אַ סוף־פעברואַר־טאָג, זיצנדיק אין דער נאַקעט־אילוסטריר־טער „וואָך" באַשלאָסן מיט פולער ערנסט —

זיך שאַפן אַזאַ באַשיידן ווינקעלע. און אַז שותפים וועלן צושטיין — הרי טוב: אַרויסגעבן אַ זשורנאַלעכל מיט דער האָפענונג צו וואַקסן און געדייען. מאַכן פונם ווינקעלע אַ ווינקל, אַ שטוב ממש פאַר אונזערע, פאַר היימישע יידיש־יידן; וכל המתפלל בעד חבירו... די איינציקע רעטונג אַרויסצוגיין פון דער ענגשאַפט, זיך צו באַפרייען פון גראָבע וויצן און פאָטאָגראַפירטן שימל...

איז נאָך לאַנגע און שווערע ווייען דער ולד געקומען אויף דער וועלט; ויקרא שמו בישראל: „בליצן".

דער ערשטער נומער טראָגט די דאַטע: מערץ 1960 — אָדר תש"ך; 24 זייטעלעך. אַן אַרויסרוף ממש: קומט, יידן, העלפט — העלפט זיך שאַפן אַ ווינקעלע! קלאָר: דער ערשטער נומער דאַרף זיין כולו דעפיציט. לאָמיר האָפן... אויך סאַטיספאַקציע איז עפּעס ווערט. דאַכט זיך: געפונען אַן אויער ביי יידישע שרייבערס, וואָס זוכן עפּעס אַנדערש, זוכן זיך „אָפּצורעדן". אַדרבא, זאָל „בליצן" ווערן אַ בריק פאַר צונויפרעדן זיך צווישן רמת־גן און תל־אביב, אויך — ניו־יאָרק...

איצט פאַראַן מיט וואָס זיך מטפל־צו־זיין: שרייבן אַדרעסן, מאַכן עקספּעדיציע, שרייבן בריוו און וואַרטן אויף תשובה; בעסער: ענטפערן אויף בריוו, וואָס וואַרטן אויף תשובה. און עס האָט זיך געגומען טומלען. און איך האָב בפירוש געגומען פילן, אַז עס קומט אַן ענדערונג, וואָס נישט בלויז איך וואַרט דערויף. אויך אַבאַ גאָרדין; אויך אַברהם לעוו, אויך פישל בימקאָ...

שרייט־אויס מיט פרייד גאָרדין אין אַ קאַרטל מיט דריבנע און געציקט־קרומע שורות:

> מזל־טוב! איך ווינטש אייך הצלחה: זאָלן די בליצן בליצן און אויך דונערן. וואָס שטאַרקער הילכיקער אַלץ געזינטער פאַר דער אַטמאָספער...

שרייבט לעוו:

> אַ דאַנק פאַר די „בליצן" און דוכט מיר אַז נישט איינער פון זיי האָט מיר געטראָפן. עס געפעלט מיר. אָבער איך ווייס אַז די וואָס קיניגן אין דער מיטראָפּאָליע וועלן זיך פון דעם קיין צימעס נישט מאַכן און פון אייערע אַרויסגעזאָגטע אמתן גאָר נישט אָפּלערנען, אָבער אַ לויב קומט אייך פאַר אויפרירן דאָס געמויזעכטס...

זאָגט בימקאָ:

> הלוואַי איר זאָלט אים קענען אַרויסגעבן. מ'דאַרף נייטיק האָבן אַזאַ שטיקל זשורנאַל אויף אָפּצופרישן די לופט...

על־כן — פאַראַן פּאָדפּאָרע. און דאָס איז גוט. הלוואַי — מיט די רייד זאָלן אויך קומען מעשים. עס טאָר דאָך אַנדערש נישט זיין. אַשרי המאַמין. און אמונה באַגלייט מיך ביים פּלאַנעווען די ווייטערדיקע נומערן „בליצן".

אַ צופאַל: דער נומער איינס איז דערשינען פּונקט צום ערשטן יאָר פון מיין קומען אַהער, פון מיין באַזעצן זיך אין דער יידישער היים. און דערביי שווימען אַרויף אין מיין מוח אייניקע הארבע מחשבות: איז נישט קיין טעות דער אויסדרוק — „יידישע היים?"...

איך קוק אַרויס דורכן פענצטער. דער דרויסן — נאַס, טונקל, ווילגאַטנע. אַרום פיר נאָכמיטאָג. סוף מערץ. ווו איז די זון פאַרשווונדן? עס האָט נישט גערעגנט.

עס איז אָבער אַ „חמסין”. אַזוי רופט עס זיך. נאַס און שווייסיק. איך נעם שפּאַצירן איבער דער לענג פון חדר — פון טיר צום פענצטער. אויף און אָפּ. הין און צוריק.

ניין. דאָס יאָר האָט מיר באַוויזן, אַז — עס איז נישט קיין יידישע מדינה. האַ? סטייטש? חס ושלום! עס איז אַ מדינה פון יידן: מדינת יהודים; אַ מדינה מיט אַ יידן־מערהייט. יאָ. לאָמיך עס אָנרופן ביים נאָמען: מערהייט יידן, מינדער־הייט יידנקייט, אָדער: יידישקייט (ווי אומפּאָפּולער דאָס אומשולדיקע וואָרט איז דאָ!).

איז מעגלעך, למשל, ארץ ישראל אָן שבת? דער שבת האָט אומעטום געלייגט דעם חותם אויפן ייד, אויף זיין ווייבאָרט, אויף זיין אַנדערשקייט פון דעם נישט־יידישן אַרום. וואָלט דער שבת נישט געווען, וואָלט די יידישע אומה נישט געווען; וואָלט זי זיך אויסגעמישט און אויסגעגאַנגען אינם אַרום. על כל פּנים, מעג דאָך דער שבת אין דער יידישער מדינה האָבן אַזאַ פּנים ווי ער האָט דאָס געהאַט, אַ שטייגער, אויף דער יידישער נאַלעווקעס אינם גוישן וואַרשע. דאָרט האָבן יידן נישט מחלל־שבת געווען עפנטלעך. חוץ וואָס די קראָמען זענען געווען געשלאָסן, האָט גערוט די גאַס. מען האָט געפילט דעם שבת. און זע: אין דער מדינה וואָס דאַרף זיין אַ יידישע זענען פאַרשוווּנדן אַלע סימנים, וועלכע האָבן צונויפגעהאַלטן יידן אין גלות ווי אַן אָפּגעזונדערט פאָלק.

דאָס קוויטשען פון די אויטאָס פאַרדולט דעם קאָפּ. אפילו אָננעמען, אַז שבת אין דער יידישער מדינה איז נישט מער ווי אַ רוטאָג ווי דער זונטיק פאַר די גוים — איז דאָך אויך דאָס דער היפּוך: שבת איז די מהומה אין גאַס גרעסער ווי אין אַ וואָכן טאָג. דער שבת האָט דאָ נישט קיין יידיש פּרצוף און אויך נישט קיין גויִש ——— און נאָך אַן עיקר: די יידישע שטוב; וואָרום, עס איז דאָך האָ בהאָ תליאָ: די יידישע טראַדיציע האָט שטענדיק געהיט פון אַ שלעכט אויג די יידישע שטוב, ווו זי האָט צונויפגעטוליעט עלטערן מיט קינדער, האָט איינגע־פּעסטיקט די יידישע ירושה מיט דער הילף פון טיש.

אין דער יידישער מדינה עקזיסטירן זיי ביידע נישט — נישט די שטוב און נישט דער טיש. די יוגנט „טישט” אויף דער גאַס. ראַג נאָך ראָג — באַזעצט מיטן אונטערוואַקסנדיקן דור. און סאַראַ פּרייטיקצונאַכטן! גראַד אין דידאַזיקע אָוונטן האָט די פּאָליציי „פולע הענט” מיט אַרבעט. די יוגנט ברעכט שויבן, גנבעט אויטאָס, פייפט חוצפּהדיק און... די עלטערן דאַרפן באַקומען די שטראָף. זיי זענען דאָס דער העסלעכער מוסטער פון חוצפּהדיקער אויפפירונג, מחמת — ווי אומגעלומפּערט־פאַרשייט קוקן אויס די־יעניקע פּרויען, וואָס פאַרפלייצן די גאַסן מיט פּאַפּיראָסן צווישן די ציגל רויט־געפאַרבטע ליפּן; און ווי צעלאָזט־

חוצפּהדיק זענען דיזעלביקע פּרויען און זייערע מאַנען, בעת זיי זיצן אויף די באַלקאָנען און — שפּילן אין קאָרטן!
אַזאַ־אַ האַדעוולאַניע פונם גרענעצלאַזן קאַבצאַנסק, וואָס האָט אויפגעהערט צו עסן ברויט מיט פּוטער, נאָר — פּוטער מיט ברויט... עס איז אַ האַלעוועשקע־דור, וואָס שרייט איבער אַלע גאַסן: חטוף היום... אַ דור, וואָס וויל אָפּנעמען פֿאַר שווערע יאָרן; וויל איצט האָבן אַ לייכט לעבן; — איז מען געקומען אין דער יידישער מדינה, כדי אַרומצולעקן דעם האָניק פון די ווענט...
און די שולע? אַ שולע ווי אַלע שולעס, תלמידים ווי אַלע תלמידים און אַ יוגנט — ווי אויף דער גאַנצער וועלט. אַ חסרון? לכאורה — ניין. אַזאַ יוגנט וויל בן־גוריון. וואָס־מער חוצפּה — מער עזות פּנים; מער זיכער מיט די היטערס פון דער זיכערקייט. אָבער אַ יידישע מדינה מוז דאָך פאָרט זיין מיט עפּעס אַנדערש פון אַנדערע מדינות. ווען נישט — מה הועילו חכמים... וואָס האָט מען געשאַפן פאַרן ייד מיטן שאַפן די מדינה? „מאַכן אַ לעבן" — מאַכט מען דאָך אומעטום!
אַוודאַי פּיל איך, ווי אימעצער שלעפּט מיך ביי אַן אַרבל: און דו? ווו האַלטסטו מיט דיין פרומער כשרות? אָסור, צי כ׳האָב בדעה צו באַצווינגען וועמען מיט פרומקייט (וואָס איך אַליין היט זי נישט); איך וויל אָבער נישט, אַז יענער זאָל אויף מיר אַרויפצווינגען גראָבקייט... אָהאָ! נישט אַפּיקורסות פילט מען. כדי צו זיין אַן אַפּיקורס פאָדערט זיך גירסאָ דיונקתאָ ——— און אַז מ׳וועט מיך צווינגען אויסצוקלייבן צווישן די ישיבה־בחורים פון בני־ברק און די גאַסן־יונגען פון רמת־גן, וועל איך זיך שטעלן אויפן צד פון די ערשטע. און לאָמיך זיך טרייסטן: די מדינה־פירונג האַלט נאָך אין זוכן איר וועג. אפשר וועט זי אים געפונען.

## 9. מען לופטערט מיך...

עפּעס טוט זיך דאָ אַרום: מען לויפט פון טיש צו טיש; מען שושקעט זיך — דער באַוואָנסעטער פּאָעט מיטן כמו־רעדאַקטאָר און ביידע טוען זיי באַזאַמען שפּרינגען איבער די טרעפּ אַרויף און אַראָפּ. נו־נו? וואָס טוט זיך טאַקע אַרום דידאָזיקע לייט און אַרום דעם אילוסטרירטן שונד?
מאַחורי הפּרגוד: דאָס בלאַט האַלט זיך אין „צונויפגיסן" מיט „צאַנינס אילוסטרירטע וועלט". סיווּוי — בין איך דאָ אַ זייטיקער; נישט דאָס בלאַט אינטערעסירט מיך, נישט די מאַכערס אירע. ביי דער ערשטער געלעגנהייט — אַנטלויפן...
און דערווייל — אַרויסגעגעבן נאָך אַ נומער „בליצן". נומער 2. איצט — מיט אַ טאָפּל־חודש, אַפּריל־מאַי. זאָגן, אַז דאָס איז אַ גוטער סימן? נו, די ווייטערדיקע

וואָכן וועלן מסתמא באַשטימען...

און זיי האָבן באַשטימט:

די חברה „פרסומים", דער פאַרלאַג פון דער טאַנדעטנער קאָלעקציע אויף „לועזית", וואָס צוזאַמען טראָגט זי די פירמע „דפוס מפא"י", האָט מיר געשיקט אַ רעגיסטרירטן בריוו, אין וועלכן זי איז מודיע —

ת"א, 30.5.60

לכבוד...

א. נ.,

בהתאם להחלטת ההנהלה ——— וואָס אויף יידיש מיינט עס: לויט אַ באַשלוס פון דער אָנפירונג, באַדויערן מיר זייער דיר מיטצוטיילן, אַז מיר זעען זיך געצוווּנגען איבערצורייסן דיין אַרבעט אין וואָכנבלאַט „די וואָך", וואָס געהער צו אונזער געזעלשאַפט, אָנהייבנדיק פון 1טן יולי ה"י; מחמת, אין דער דאַטע הערט אויף דאָס וואָכנבלאַט צו דערשיינען.

מיט גרויס כבוד...

דאָס מיינט, אַז פונם 1טן יולי 1960 וועל איך זיין „פריילײדיק". אַ גוטע בשורה? זיך אויף איר געריכט; מחמת די אַטמאָספער אַרום די טישלעך איז געוואָרן לעצטנס אַזוי שטיקנדיק, אַז דער בריוו האָט מיך פשוט מחיה־געווען... און דערווייל — זיץ איך נאָך אויף מיין בענקל און ביי מיין טישל, הער דאָס לאַכן פונם באַוואָנסעטן פּאָעט, נעם־אויף דעם געפּילדער פון זיינע קאָלעגן און פונם בעסאַראַבישן שעף. ער האָט אַ ספּעציעלע הנאה דער שעף, פונם פרייטיק ערב ליכט־צינדן, ווען זיינע באַלאַגאַן־צונויפשטעלערס שטעלן זיך אַוועק נעבן אים, זאָגן אים מיט אַ ניגון (יעדער מיט זיין אייגן געזאַנג):

שאַא־באַט שאַא־לאָם!

אַאַא! אויך די „פּוילישע" פאַרמאָגן אין זיך איידלקייט... און ווי די איידלקייט איז ממש געשפּרונגען פון זייער רעוואָלוציאָנערער הויט, בעת דער בייער מפּא"י־סעקרעטאַר איז געקומען זיך באַקענען מיטן „דפוס מפא"י" און מיט זיין פאַרמעגן: אַלע האָבן זיי זיך באַמיט צו רעדן עברית און אַלע האָבן זיי זיך געדרייט, ווי — קעץ אַרום אַ שיסל סמעטענע —

אַ, די חניפהדיקע איידלקייט!

הייסע טעג. יוני 1960. די גאַסן זענען ליידיקלעך. ווער ס'איז אויף וואַקאַציע, ווער — ביים ים. דאָ טראָגט מען נישט קיין רעקלעך, קיין שניפּסן. פּשוט: לייכטע הויזן און אַ העמדל, צעקנעפּלט, צעשפּיליעט.

איך גרייט זיך דעם זומער צו זיצן אין שטוב. האָב אַריינגעגעבן אין דרוק דעם יוני־נומער „בליצן". פאַראַן מעגלעכקייטן, דער זשורנאַל זאָל זיך באַפעסטיקן. אָבער דער דרוקער וויל נישט וואַרטן ביז די נביאות וועלן מקוים־ווערן. אמת, כ'באַקום פון דאָ און דאָרט אַ „דרייערל", אַמאָל אויך אַ „פינפערל", אָבער מיין

חלק דאַרף איך סייווי צולייגן. וואָלט געדאַרפט אַזוי „אויסטראָגן" כאָטש אַ 3 נומערן נאָך, אָבער — נישטאָ קיין עצה. עס שטייט מיר איצט פאַר אַ נישט־לייכטע מערכה. און די צייט? זי לויפט. זי איילט זיך. מסתמא דאַרף זי עפּעס אָניאָגן. איינער אַ חסידישער רבי האָט פאַרמאָגט אַ דיקן קעשענע־זייגער מיט אַ ליכטיקן ציפערבלאַט אויף וועלכן עס האָט זיך געקיילעכיקט אַ גילדענער אויפשריפט: „הזמן הולך וחסר, המות כרך באדם והכל במשפט". גאָלדענע ווערטער. דער רבי האָט געפלעגט האַלטן דעם זייגער אויפן טיש. זאָל עולם זען, פילן און פאַרשטיין.

איצט פיל איך דאָס. אמת, די צייט פירט דעם מענטש נענטער צום קבר, אָבער ער דאַרף זיך מיען אַריבערצושפּרינגען די צייט, לויפן, אַנטלויפן.

ממש אַ שפּרונג: זינט דערהאַלטן דעם „מצטער"־בריוו פון „דפוס מפא"י" ביז־איצט, ביז מיין דערלאַנגען אַ טראַסק מיט דער שרייבמאַשין אַנטקעגן דעם שטיק רעדאַקטאָר, זענען פאַרביי אייניקע טעג בלויז — אַנטלאָפן פאַרן אָפּזאָג־טער־מין; און אָט זע איך אים, דעם מפא"ישן קעסטקינד־רעדאַקטאָר, ווי ער לויפט מיר נאָך מיט צעשפּרייטע ידים:

„הע־כע! דיסציפּלין! אין מיטן דער אַרבעט? אין ישראל איז פאַראַן אַרבעט־דיסציפּלין!"

טפו!

איצט זיץ איך אין שטוב. איבערגעלאָזט דעם שמאַלץ פאַר די פּעטניקעס. נישט בלויז פאַראייניקט זיך דער וואָכן־באַלאַגאַן — אויך דאָס טאָגבלאַט טראָגט זיך אַריבער אין „דפוס מפא"י"; אַזאַ געלויפערײַ!

אַלע, די נעכטיקע רעוואָלוציאָנערן, שטייען היינט פּחדנותדיק אַנטקעגן דעם „חשובן רעדאַקטאָר", בעטן ביי אים רחמים — צו דינען אים, צו שטאַרבן פאַר אים, צו פּוצן אים די שטיוול...

על כן: לאָמיך נישט געפונען זיך אין די ד' אַמות פון דידאָזיקע מאָראַליסטן. אָ, זיי זענען גרייט צו דינען אַלעמען: נעכטן דעם טייוול, היינט...

היינט, דעם 25טן יוני, זיך דערלויבט צו ליגן אין בעט נאָך צוויי שעה. דערנאָך — זיך דערפילט פריי, אַליין און באַפרייט...

שלעכט איז בלויז, וואָס אויף מיינע באַרקעס דריקט אַ התחייבות צו צאָלן חודש־ראַטעס („משכנתא", רופן זיי דאָס) פאַר דער דירה, שטייערן פאַר דער דירה, פאַר וואַסער, פאַר פייער, פאַר... אַן איינגעהאַנדלט פאַרמעגן („רכוש", רופן זיי דאָס). און אָט — באַקומען אַ בריוועלע פון דער באַנק („אפותיקאי", רופט זי זיך), די באַנק, וואָס האָט מיר, מיט דער הילף פון דער „סוכנות" געטאָן אַ טובה און געגעבן אַ הלוואה אויף אויסצוצאָלן במשך פינף און צוואַנציק יאָר. אוף! אַזאַ היץ היינט! יאָ. אינם בריוועלע איז מיר די באַנק מודיע, אַז אין מיינע

חודש־צאָלונגען איז אַריינגעפאַלן אַ טעות: איך דאַרף צאָלן מער... הכלל: די הוצאה פאַרגרעסערט; זיי האָבן מיך אויסגעליידיקט...
איצט איז מיר לייכט אַרויסצוגיין באַקוקן רמת־גן, די שטאָט, ווו מ׳האָט מיך באַזעצט אויף די נאָנטסטע פינפונצוואָנציק יאָר. אַנטקעגן מיר — אַ מין שוויי־צאַריש ווינקעלע: ווילעס מיט גראָז און מנוחה. „תל־גנים״ רופט מען עס. פאַר יעדער ווילע — אַ געפוצטער אויטאָ. איך שפּאַן אין דעם שווייסיקן דרויסן. שוין געזען אַזוינע זאַכענישן. ווילעס און אויטאָס געדייען אויף דער גאַנצענער וועלט.
יאָ. ביים סוף שאָסיי — אָנהייב פון אַ באַחנט דערפל אַזאַ, וואָס טראָגט דעם נאָמען „רמת חן״. עס רינט דאָ ממש מיט מתיקות. אַלץ טונקט אין ביימער, בלומען און גראָז־בייטן. פון וואָס מאַכן יידן דאָ אַ לעבן? מסתמאָ באַאַמטע, קרעמערס, פאַרמיטלערס, אָדער גאָר פענסיאָנערן. זיי בין איך גאָר מקנא...
צוריק. איך זינק ממש אין שווייס. אָט, מאַכן אַן עיגול. דאָרט אויבן נאָך באַקוקן די נייע בנינים; דאָרט אויבן, אויף די רושטאָוואַניעס — האַלב־נאַקעטע בוי־אַרבעטערס. אין אַזאַ היץ! זעס׳טאָך. איז דאָך אַ „בוי אַרבעטער״ דער שענסטער טיטל פאַר די היגע אידעאַליסטן, פאַר די מדינה־בויערס. נו? אפשר? אפשר זיך אָנביטן ערגעץ: קנעטן ליים, שמירן ווענט... האָב דאָך דאָס געטאָן אין אוזבעקיסטאַן מיט אַ צוואָנציק יאָר צוריק... יאָ, באמת. אָבער דעמלט געווען יונגער מיט צוואָנציק יאָר. און אין מאַי, טאַקע דעם איצטיקן מאַי 1960, געוואָרן אַ פופציקער — אַ גאַנצן יובל דורכגעשפּאַנט איבער דער וועלט.
פופציק יאָר! ווער דאַרף מיך און ועמען נוץ איך? אַן איבעריק באַשעפעניש. אָנגעטאָן צרות אומעטום. אויך טאַטע־מאַמע נישט געהאַט פון מיר קיין נחת: „נישט קיין לייט; אַראָפּ פון וועג״... דערנאָך — מיין אַרומקרייזן די וועלט. זאָגן, אַז די וועלט דידאָזיקע האָט געהאַט נחת פון מיר? אָסור. זי צוריקגעצאָלט מיט דער מטבע, וואָס זי האָט מיר באַצאָלט.
פופציק יאָר!
געפייערט מיין יובל־יומטוב מיטן באַקומען דעם „מכתב פיטורין״ פון „דפוס מפאַ״י״ — אויך אַ יומטוב: ברוך שפטרני ———
בין מטופל מיט גרייטן דעם פערטן נומער „בליצן״. צאָלן דעם דרוקער? נישט צאָלן. וועל מאַכן אַ פּרווו — מיט צונויפשטעלן אַ נומער אין שטוב — פּרימיטיוו... אויף דער שרייבמאַשין...
יאָ. זיץ איך און קלאַפּ און שוויץ. עס דאַרף אויסגעקלאַפּט ווערן אַ יולי־נומער. האַלט איך דאָך קאָנטאַקט „מיט אַ וועלט״; אויך באַקומען איינגעצאָלט פאַר אַ יאָר אַבאָנאַמענט, — פלוצים אָפּשטעלן?
זיץ איך אין שטוב — טעג און נעכט, קלאַפּ אויף דער איטאַליעניש שרייבמאַשין. עס וועט בליצן. נישקשה. עולם וועט זיך צוגעוויינען.

מיין שטוב האָט אַ מעלה: קאָן זיך פאַרשליסן צווישן אירע ווענט. אָבער דער דרויסן! אויך אַ דרויסן איז בכוח אַריינצודרינגען אינעווייניק, צעשטערן די אָפּגעזונדערטע ווענט. אין דרויסן, אַרום דער שטוב, ליגט פאַרשפּרייט אַן אַרומ־געפּוצטער גראָז־טעפּעך. אָט דער טעפּעך פאַרמעסט זיך מקצר־צו־זיין מיינע טעג און יאָרן. מחמת — אויף אים וואַלגערן זיך די קינדער פון דער גאַנצער „שכונה". מישקאַ און באַרקאַ און ראַמי און אַמי, נאַטאַשקאַ און צילקאַ... אויך יוסי און שאול, יאָהאַן און שלומי... אַ קיבוץ גלויות, אַן ערב רב. זיי צעשטערן מיין געגאַרטע התבודדות, זיי, די „קינדער פון דער שכונה", צעטרענצלען מיין ביסל מנוחה.

היינט פרי געפּרוווט עפענען די טיר — איז זי געווען פאַרשפּאַרט. אויך די שכנה אַנטקעגן — די שניידערקע — האָט געוואָלט אַרויס, האָט זי געשלעפּט ביי דער קלאַמקע... אַ דיקע שטריק האָט געהאַלטן פאַרבונדן ביידע קלאַמקעס. די שניידערקע האָט געשלעפּט און געשלעפּט, געשריגן ספּאַזמאַטיש, לסוף — אומגעפאַלן מיט דער קלאַמקע אין האַנט. דאָס האָט מיך איבערראַשט, בעת כ'האָב דערזען איר טיר אַ צעפראַלטע און זי — אויפן פאָל אַן כוחות.

אָט די צעיושעטע קינדער — ניין־צעניאָריקע — האָבן מיך פאַרוואַנדלט אין אַ דעטעקטיוו. וועל נישט גיין צו זייערע עלטערן, מחמת זיי זענען ערגער פון זייערע האָדעוולאַניעס. אָט דער מישקע ווערט געהאָדעוועט צוזאַמען מיטן הונט — די חשובסטע פערזענלעכקייט ביי די „מומחים" פון פאַרטער רעכטס. די וויס־שטרויענע צילקע האָט, צו פילן, דאָ דערשנאַפּט אַ נייע וועלט: פאַראַן אַלץ אַן „אָטשערעט". איז זי געוואָרן אַזוי פריילעך־צעווילדעוועט, אַז איר שמחה קומט צום אויסדרוק אין — טאַנצן אויף פרעמדע טירן און פענצטערס. בשעת־מעשה שטייט איר מאַמע אויפן באַלקאָן — שטייט און שמייכלט און האָט הנאה: אַ מדינה מיט אַלדעס גוטס; פאַזשאַלוסטוואַ!

ניין. וועל נישט גיין צו זייערע מאַמעס. וועל זיך נעמען צום „שניידן די פעל", שניידן מיט אַלץ וואָס עס וועט קומען אונטער דער האַנט. אָבער הילף דאַרף איך דערצו. און די איינציקע הילף קאָן איך באַקומען פון מיין שכן אויבן, אַ ייד פון תימן — דער סימפּאַטישסטער פון די אַלע אייראָפּעאיש־ציוויליזירטע דאָ... ער, אַ פריילעכער און ענערגישער — אַז ער נעמט לויפן איבער די טרעפּ אַראָפּ צעלויפן זיך די מישקעס און צילקעס אין די לעכער, ווי מייז ממש.

באמת: ווי טאָר מען דאָס פיינט האָבן קינדער? ווי קאָן מען דאָס זיין אַ גזלן איבער קינדער? חס ושלום! אָבער קינדער זענען ביכולת אָפּצוטאָן אַזוינע מעשים, וואָס אַ געריכט גיט פאַר זיי צען יאָר לפּחות.

איינער פון דידאָזיקע קינדער־מזיקים האָט אַנומלט אַריינגעוואָרפן אַ קאַץ דורכן באָד־פענצטערל פון מיין שכנה. עס איז געווען אַרום עלף ביינאַכט. זי איז

געזעסן אין וואַנע. אַ היציקע נאַכט. דאָס פענצטער איז געווען אָפּגעשפּאַרט, אָבער געדיכט פאַרהאַנגען. דער לאָבוז האָט זיין אַרבעט געטאָן מיט חשבון — צו שאַדענען פיזיש דעם אומבאַהאָלפענעם ווייבל. אויף אירע געשרייען איז אַראָפּ דער תימנער, איך נאָך אים. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט. וואַכן. אַזוי וועט אויסקוקן דער „חופש הגדול". ביז די צוויי חדשים וואַנדאַליזם וועלן זיך ענדיקן, — אַ לעבן אין פרייהייט, וואָס גרענעצט זיך מיט הפקרות, מיט חוצפּה, מיט טעראָר.

דער תימנער קומט אַריין צו מיר אין די אָוונטן. נעכטן פאַר אים געשילדערט אַ שמועס, וואָס מישקע און באַרקע האָבן געהאַט הינטער מיין פענצטער — אַ שמועס, מיט שייכות צו מיין שרייבן, וואָס האָט אַ ספּעציעלן טעם אין רוסישן אָריגינאַל:

מישקע: „טשעוואָ אָן פּישעט ?"

באַרקע: „כוי יעוואָ זנאַיעט"...

האָב שווער געאַרבעט ביים איבערזעצן אויף ריינעם עברית דעמדאָזיקן קורצן שמועס פאַר מיין תימנער שכן. לכתחילה האָט ער געלאַכט. דערנאָך — געלאָזט הערן זיין מיינונג וועגן אומווירדיקייטן, וואָס דידאָזיקע חברה האָט געברענגט מיט זיך פון דעם געבוירנלאַנד.

## 10. געסט און — בליי

געהאַט היינטיקע וואָך צוויי געסט. ערשטער — דער דיכטער אַברהם לעוו. ער איז געזעסן ביי מיר מסתמאָ אַ שעה. אַ הייסער אָוונט געווען. מיר האָבן גע־שמועסט וועגן יחיד און כלל, וועגן „אונזערס" אַ ייד און „זייערס" אַ ייד. דער דיכטער פון גבעת השלשה צייכנט אויף זיין פאַרהאַרטעוועט־זוניק פּנים אַ דור אידעאַליסטן, חלוצים, יידן־שיינגייסטער, וואָס האָבן פאַרבונדן זייער אַלץ מיט ארץ־ישראל, מיט אַווירא דאַרעאָ, מיט געזאַנג — בכל לשון שאַתה שומע — וועגן הימל און ערד, וועגן יידישן פויער און שומר, וועגן קיבוץ און מושבה. „איך שיק מיינע לידער אומעטום, ווו נאָר עס דערשיינט אַ יידיש געדרוקט וואָרט" — זאָגט דער קיבוצניק־דיכטער.

ער וואָלט צופרידן־געווען, עס זאָל זיך פאַרפעסטיקן אַן אומאָפּהענגיקער יידישער זשורנאַל; עס זאָל זיך דאָ לאָזן הערן אַ הויך, אַ מוטיק וואָרט.

איז ער אַוועק פון מיר צופרידן, אַוועק מיט עפּעס, למשל, מיט הבטחה, אַז — איך וועל געבן אַ „פליצע" פאַר אַזאַ זשורנאַל ? — ניין. ער האָט פון מיר אַזאַ צוזאָג נישט באַקומען. ער ווידער זאָל געבן זיין האָרעפּאַשנע „פליצע" — דאָס כלל נישט דערוואַרט. אלא וואָס. סתם אַזוי. אויב וועט ער האָבן צייט וועט ער ווידער קומען צו מיר ; איך וועל גיין צו אים. לאָמיר שמועסן. פאַראַן וועגן וואָס.

צווייטער גאַסט — גאָר אומגעריכט: אַ שווערער ייד, אַ צעפּלאָשעטער, אַ צעקנעפּלט העמד, אַ צעשפּילעטער ברוסטקאַסטן — ריכטיקער טיפּ פונם ריכטיקן ארץ־ישראל־ייד. אין דער פרי. ער איז אַריין מיט ברייטע טריט. ער איז געקומען אין רעדאַקציע פון „בליצן". און אין אַ רעדאַקציע פון אַ יידישן זשורנאַל דאַרף אַ ייד זיך פילן היימיש, טאַקע ווי ביי זיך אין דער היים. זיין נאָמען: קלמן קאַצענעלסאָן. דער ריכטיקער קעמפערישער יידישיסט. אַ העברעער, שרייבט און זעצט־איבער אויף העברעאיש, גיט אַרויס ביכער אין העברעאיש און וויל — „אַ באַוועגונג אַרום יידיש; יידיש דאַרף ווערן דאָס לשון פון ישראל; העברעאיש האָט נישט קיין צוקונפט; על כן: דאַרף מען שאַפן אַ זשורנאַל — פאַר יידיש אין ישראל"...

דער זייגער — אַרום צוועלף. נישט לאַנג צוריק אַרויסגעקראָכן פון בעט. נאָך דעם האַלז נישט דורכגעשווענקט. וואָס אים זאָגן און סאַראַ פּלענער אים פאַרלייגן?

קיין מעצענאַט האָט זיך ביזאיצט נישט געיאַוועט. און ביי מיר איז פּוחת והולך. פון וואָס אָפּשפּאָרן פאַר אַ זשורנאַל — אַ יידישן, אַ קעמפערישן, אַן אומ־אָפּהענגיקן? אָבער מיין ביטערן אמת נישט דערציילן, דעם אמת — פון דורכמאַכן אַ צווייטן אוזבעקיסטאַן אין דער יידישער מדינה...

מיין גאַסט איז אַוועק אַן אומצופרידענער. האָב אים פאַרגעלייגט, ער זאָל מיר שאַפן איבערזעצונגען פון העברעאיש אויף יידיש... הער אַ מעשה: „תכלית" גאָר? — — —

באַקומען אַ בריוו פון ס. דינגאָל, רעדאַקטאָר פון „טאָג מאָרגן־זשורנאַל" — תשובה אויף מיין בקשה וועגן באַנייען די מיטאַרבעט; וועגן באַקומען אייניקע טאָלער אַ־קאָנטאָ... אָ, ניין. דאָס נישט. ער באַדויערט זייער. נישטאָ קיין געלט. לײדער... כאָטש גוט, וואָס ער האָט געענטפערט. קיין פאַרמעגן נישט פאַר־לאַנגט. בלויז אייניקע מיזערנע פּעניס. שייך צו זאָגן, אַ רעדאַקטאָר, וואָס זיין מיטאַרבעטער געווען במשך יאָרן, זאָל נישט בכוח־זיין צו געבן הילף אין אַן עת־צרה? מעגלעך. איז דאָך דינגאָל נישט באַלעבאָס. דעם געלט־חשבון מאַכט דער אַרויסגעבער, מאָריס ווײַנבערג (און אַזוי שרייבט טאַקע דינגאָל אין זיין בריוועלע). דעם אמת ווייס דער אַרויסגעבער. דער אמת איז אַ ביטערער.

און יאָ. האָב אויך באַקומען אַ בריוו פון יאָהאַנעסבורג. דער איצטיקער דאָרטיקער רעדאַקטאָר פון דער „אידישע צייטונג" האָט מיר געגעבן אַ זיכערע געלעגנהייט אַריינצוכאַפּן אַביסל „האַנטגעלט" טאַקע אין תל־אביב. היות — שרייבט ער אין זיין בריוועלע — דער שותף געפינט זיך אין אַ האָטעל נעבן „ככר דיזנגוף". זאָל איך אַוועק צו אים... הער אַ מעשה: דער שותף; מיט אים בין איך דאָך געווען שמעלקע־בעשמעלקע במשך יאָרן — אים געשיקט מאַנוסקריפּטן און

ער — פונטן... ווי שייך — הע? איצט, אין אַן עת־צרה, הע? בין איך אַוועק, הענדעם־פּענדעם אַוועק אים אויפזוכן אין האָטעל... שייך צו ברייען: דער האָטעלטשיק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין — נישטאָ אים! איין מאָל געוועזן, צוויי מאָל: ניש־טאָ.

טאָ ווער האָט דאָ פון מיר געחוזקט: דער רעדאַקטאָר פון יאָהאַנעסבורג? זיין שותף פון האָטעל?ביידע צוזאַמען? זיכער: די צוויי דרום־אַפריקאַנישע ליטוואַקעס — אויב פאַרמאַגן זיי נאָך אַ שאַנס אויף אַ ברעקל עולם הבאָ — האָט זיך דער צלם־קאָפּ אַריינגעשטעלט אין מיטן: אויס! דאָס גיהנום איז פאַנאַנדערגעפּראַלט! אַררריין!

און דאָך: נישט אַלץ פאַרלוירן. באַקומען אַ בריוועלע פון תל־אביב, פונם דאָרטיקן אַרויסגעבער פון דער וועכנטלעכער „יידישע צייטונג". וואָס וויל ער? גראָד גוט אַריינגעשאָסן, — אַפילו די צייטונג פאַרמאָגט גאָרנישט, איז ליידיק ווי אַ ציינלאָז מויל. — ווידער אַ צייטונג? און ווידער — אין אַזאַ־אַ צייטונג? יאָ. ער וויל זיך טרעפן מיט מיר. לאָמיר זען. סייווי ווער איך אויס־געטרוקנט אין שטוב. לאָמיך זען סאַראַ פּנים די גאַס האָט...

אייניקע וואָכן, וואָס פון דער „יידישע צייטונג" איז געוואָרן אַ טאָגצייטונג. אַ וואָס? שייך, אַז איך זאָל נישט וויסן וועגן אַ יידישער טאָגצייטונג אין תל־אביב? נו, נישט בלויז דאָס וויים איך נישט. איך ווייס אויך נישט, אַז געוויסע יידיש־צייטונג־שרייבער פּראַווען „סאַלאָנען" מיט אויפנאַמעס אין דער אָרעמער מדינה. עס הייסט, אַז וויסן ווייס איך יאָ, אָבער — עס גלייבט זיך נישט. און אַז דאָס איז אמת, זענען דאָך אמת אויך אַנדערע זאַכענישן, צווישן זיי... יאָ. דער אַרויסגעבער פון דער טאָגצייטונג וויל מיך האָבן פאַר אַ מיטאַרבעטער. ער וויל, איך זאָל אים ראַטעווען זיין טאָגצייטונג, וואָס געפינט זיך אין מיין לאַגע: אָט, אָט...

די צייטונג — פיר אָרעמע זייטלעך; איר מעצענאַט און געשעפט־פירער קען מיך פון ערגעץ. דאָס האָט ער געשטויסן מ'זאָל מיך ברענגען. אפשר פאַרמאָג איך אַ כישופדיקע איינשפּריצונג אַזאַ. ער איז זיכער דעריין. און אַז דער געלט־געבער איז זיכער אין מיינע תרופות — אַריין אין אַ גאָר־פרישער בלאָטע און...

פאַרטאָג נאָך פאַרטאָג, בעת מיינע שכנים גרייטן זיך צום פירן די הינט אויף „אויסצורייניקן", טוט פאַרפאָרן אַ מאַשין־טראַנטע הינטער מיין פענצטער, פירט מיך אַוועק אין דרוקעריי: „שטעלן" די ערשטע זייט. זעקס פאַרטאָג אַוועק; זעקס פאַרנאַכט צוריק.

די צייטונג פאַרמאָגט מיטאַרבעטער, בראש מיט אַ שעף־רעדאַקטאָר — אַ שווער־באַוועגלעכער ייד. ער פּילט אויס די זייטלעך מיט „פלאַכטעס". אַבי אַוועק פון

דער האַנט. די באַלעבאַטים פאַרלאַנגען „לייען מאַטעריאַל”. פאַראַן אויך אַן איבערזעצער, וואָס האָט אַ דירה אין ירושלים, אָבער דאָ נעכטיקט ער אויף איינער פון די פּאָליצעס. און פאַראַן אויך אַ ייד אַ כל בו. ער שרייבט פעליעטאָנען, מאַכט פּאָליטיק, פאַרטייטשט די סדרה פון דער וואָך. איך פאַרמעסט זיך צו „מאַכן רעפאָרמעס”. האָט מען דאָך מיך געבערענגט אַהער דערצו... אָבער דאָ שטעלן זיך קעגן די „ותיקים”.זיי פילן זיך באַליידיקט מיט מיין אָנקומען אַהער. סטייטש: מענטשן מיט סטאַזש! ——— נו, ווּעלן זיי מאַכן, איך זאָל שלינגען בליי...

בערך צוויי וואָכן געשלינגען בליי. באַקומען מיין בידנעם שכר און — צוזאַמען מיט מיין אַוועקגיין איז אויך די צייטונג געוואָרן אַ הלך לעולמו...

אָבער דער נעכטיקער „שעפרעדאַקטאָר” פון דערדאָזיקער מיניאַטור טאָג־צייטונג לאָזט מיר דערמאָנען אַ דערמאָנעניש:

בעת מיין ערשטן באַזוך ביי ראובן רובינשטיין האָט ער מיר אָנגעזאָגט די בשורה: דער ליטעראַרישער קאָמענטאַטאָר פון דער יידיש־ראַדיאָ־אוידיציע זוכט מיך. ער וויל מיט מיר שמועסן וועגן אַרגענטינע מסתמא, וועגן דער דאָרטיקער יידישער שרייב־משפחה מסתמא, וועגן... הכלל: איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פאַרגעניגן. — עניוות? חלילה. — סתם פיינט כּאַלטורעס...
נו, האָט זיך איצט געהאַט באַשטעטיקט מיין דעמלטיק עקשנות לטובתי. וואָרום, צוזעענדיק ווי ער האָט אָרגאַניזירט דאָס שטערן מיר אין דער אַרבעט דאָ, ער, דער ראַדיאָ־קאָמענטאַטאָר צוזאַמען מיטן באַקאַפּלטן סדרה־קאָמענטירער — טאָ סאַראַ אָביעקטיוויטעט צו דערוואַרטן פון אַזאַ מין, וואָס מאַכט זיך וויכטיק (וויכטיקער ווי ער איז), וואָס בלאָזט זיך, אוי, — אַ בלאָזעניש! זיין זעלבסט־ווירדע — איבער אַלץ און אַלעמען... משטיינסגעזאָגט — ווער עס איז ווער ———

## 11. הויזן דערציילן; שאַ, דער רבי רעדט

בערך פיר חדשים זיץ איך אין שטוב, פיל זיך פריי — באַפרייט פון אַלץ... מיינע ד׳ אַמות. בפירוש גוט זיך אויסצולעבן אין אייגענע ד׳ אַמות, צווישן אייגענע, פאַרשפאַרטע ווענט — אַן דער גראַביונגישער דיסציפּלין פון דעם געוויסן באַלע־באָס. בכלל: ווינציקער אַרבעטן, ווינציקער פאַרדינען — מער זיין מיט זיך. יאָ, עס איז גוט... איצט האָב איך צייט צו קוקן אויף זיך, צו זען זיך אין שפּיגל פון מיין פאַרלאָפן לעבן. דער פליך פאַרטיפט זיך. די האָר ווערן שיטערער, די אויגן — אַרומגעבעט מיט קישעלעך. הונגער איז אַ פאַסקודנע זאַך. אַ גאַנצע וועלט איז אַריינגעטאָן אין אָנפילן דעם מאָגן. נו, ווען דער הונגער לאָזט זיינע צייכנס אינעווייניק — ודי לצרה בשעתה. לאָזט ער אָבער אויך

סימנים אויף די באַקן, אַרום די אויגן... דאָס איז שוין באמת — נישט שיין; נישט שיין צו באַווייזן זיך אין גאַס מיט אַ הונגעריק פּנים.
זיך איך פאַרשלאָסן אין מיינע „בליציקע" ד' אַמות. עס איז מיר נישט שלעכט. און גוט וואָלט מיר באמת געווען — אָן די בריוועלעך־דערמאָנונגען פון דער באַנק: צאָלן פּראָצענט פונם פּראָצענט פונם פּראָצענט — — — אָן אמתע רויבערייַ, וואָס ווערט דוכגעפירט כחוק.
טאָ וויפל איז דער שיער צו זיצן פאַרשלאָסן, אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט? היינט איז מאָנטיק. באַלד זיך ווידער אַרונטערכאַפּן אונטער אַ קאַלטן שפּריץ (עך, ווי גוט עס איז צו האָבן אין שטוב אָן אייגענע באָד!), אַרומרייניקן די באַקן און זיך גרייטן אויף אַ שפּאַציר. דער אמת איז, אַז שפּאַצירן אַליין איבער די גאַסן דאָ איז נישט אַזוי מחיהדיק. יידן און יידענעס האָבן אַ טבע נאָכצוקוקן, נאָכצופאָרשן: ווּהין שפּאַנט דאָס אַ ייד אַזוי בנעימותדיק? האָט ער נישט קיין שלעכטע כוונות? בפרט אַ ייד, וואָס שטעלט שוואַכינקע טריטעלעך, טוט זיך טיילמאָל אַ וואַקל און אַ שאָקל אויך. אַ־האַ! ער קוקט גאָר אויס צו זיין שיכור דער־אַ מיט די צעקנאָדערטע הויזן...
אַז הויזן צייכענען אין דער מדינה דאָס פּרצוף פונם מענטש — די מענטש־לעכקייט זיינע.
שטייט מיר פאַר די אויגן: מיט טעג צוריק, אין אַ סאַמע מיטן „חמסין"; זיך אַוועקגעלאָזט איבער תל־אביבס נאַסע גאַסן זוכן ערגעץ אַ באַנק, וואָס זאָל ווערלן אויסצאָלן ישראל־פונטן פאַר אייניקע נייזעלאַנדישע פאָסט־פונטן, אָן אַבאָנאַמענט־אָפּצאָל פון אַ דאָרטיקן ייד פאַר אַ יאָר „בליצן". נו, האָט זיך קיין שום באַנק נישט געוואָלט „פּאַטשקען" מיט דעם־אַ עסק. גיי און פאַרשטיי זייערע עסקים. נו, אַהיימגיין (יאָ: ממש אַהיימגיין, מחמת בין לעצטנס געוואָרן אַ מדינה־גייער, אָן עולה־רגל פון שטאָט צו שטאָט...), אַהיימגיין מיטן ליידיקן נישט געהאַט קיין חשק. האָב איך געמאַכט „דעם לעצטן פּרווו": דערזען אַ „באַרקלעי"־באַנק; אַריין אינעווייניק. און אָט ערשט הייבן־אָן מיינע הויזן צו „רעדן"; געוועז, ווי דערמאָנט, אַ שוויציק־שווייסיקער חמסין־טאָג און מיינע הויזן האָבן פון דער היץ זיך אַזוי אַרומגעקיילעכיקט, אַז זיי האָבן באַקומען דעם אויסזען פון צוויי פאַררייסטע קוימען־רערן. אָט אַזוי! הכלל: אַריין אין באַנק, האָט דער ערשטער געוואָרפן אַ טרויעריקן בליק אויף מיינע רערן־הויזן דער שטרענג־באַהיטלטער פאָרטיער. ער האָט געקוקט אויף די הויזן, געפרעגט ביי זיי — וואָס זיי ווילן; וואָס ווילן אַזוינע הויזן אין אַ באַנק? אַז זיי קוקן דאָך אויס ווי משונהדיקע רערן — וועלן זיי נישט אָט באַלד נעמען און אויסשיסן? היינטיקע צייטן פון באַנק־און רויב־איבערפאַלן!
דערזען אין מיין האַנט זיך טרייסלען פּאַפּירלעך, האָט דער באַהיטלטער אַ וויַיז

געטאָן די הויזן אויף אַ פענצטערל. די באַאַמטין האָט מיינע הויזן נישט געזען, דערפאַר האָט זי יאָ באַוויליקט צו קוקן אויף מיינע באַקן, געפּסקנט זייער איידל: „ניין!״...

יאָ. עס שטייט מיר פאַר די אויגן דער גלאַנציקער דאַשעק פון יענעם „באַרקלעי״־באַנק־שומר, אַ דאַשעק, וואָס קוקט אויף מיינע קיילעכיקע הויזן ———
היינט איז מאָנטיק. אַז עס וועט ווערן טונקל זיך אַריבערכאַפּן קיין בני־בְרק. בכלל, אַז כ׳וויל זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק הינטער אַ בוים, זיצן ווייט פון די בריונים אַרום מיינע פענצטערס, שפּאַציר איך אַוועק קיין בני־ברק. דאָרט איז פאַראַן אַ שמאָלע אַלעיקע, וואָס רופט זיך „שדרות חן״; עס הייסט: אַלעי חיים נחמן (ביאַליק), אָבער ווייטער אַרויף, ביים סאַמע סוף פון דער אַלעיקע — אייניקע הייזקעס מיטן נאָמען „אַביי ורבאָ״. — אַן אָרנטלעכע שותפות. פונקט אַנטקעגן, אויף אַ באַרג — דער היכל פון דער פּאָניעוועזשער ישיבה. דאָ זעץ איך זיך אַוועק. דאָ כאַפּ איך אויף דעם אַלט־באַקאַנטן ניגון, דעם ניגון פון אַביי ורבאָ, פון ר׳ פּפּאָ, פון הלל ושמאַי...

אויך איצט שפּאַן איך אַרויף — פון „חיים נחמן״ צו „אַביי ורבאָ״, זע ווי גרויסע יידן און קליינע יידעלעך — באָרד און פאות, קאַפּעלאַטש און שיך און זאָקן — איילן ערגעץ. מסתמא אַ וויכטיקע אַסיפה. יאָ. פּלאַקאַטן רופן צו אַ גרויסן פּראָטעסט, ווו עס וועלן האַלטן רעדעס די אַדמו״רים שליט״אָ פון גער און וויזשניץ. דעריבער, אַז יידן גייען — איך נאָך זיי. התלהבותדיקער ברען. אַ ניצוץ פון די גלותדיקע „גער״ און „וויזשניץ״ האָט זיך פאַרוואַלגערט קיין ארץ־ישראל, אַהער, אויף אַ רוישיקן פּלאַץ, ווו שוואַרץ־באַוואָנסעטע פּאָליציי־שומרים זיצן אויף אומרואיקע פערד; לאַנגע שטעקנס ביי די זייטן. —
„שאַ, דער רבי, דער רבי!״

אַ שטורם־ווינט טראָגט זיך פאַרביי, כאַטש דער אָוונט שמעקט מיט הייסן מרחץ. בין אַריינגעקוועטשט אין אַ שווייסיקער קאַפּאָטעס־קופּע. שאַ. דער רבי רעדט. ער רעדט קעגן חילול־השם, רחמנא־לצלן און קעגן שפיכת דמים, חס ושלום. עס הערשט אַ שאַרפע מחלוקת צווישן דער „אַגודה״ און אירע „פּועלים״ בראש מיט זייער פּאָסט־מיניסטער, בנימין מינץ, וואָס איז אַראָפּ פונם דרך־הישר... הכלל: נישט איך וועל דאָ אויסגלייכן דעם סיכסוך; אָבער אַוועקגעפּטרט אַ טשעקאַוועז אָוונט אין אַ היימיש־נאָענטער ענגשאַפט, וואָס האָט מיך אַוועקגעפירט צו די צייטן פון הייליקע מחלוקתן און פייערדיקע פּעטש... און אָט אַזוי — זענען פאַרביי מיר דורכגעפלויגן מיט ווינטיקן געאייל פיל צענדליקער מאָל צו צוויי פאות, צו צוויי אויגן, צו צוויי טרייסלדיקע ציצות, אָנגעפילט מיט אמונה און בטחון אין „אים שליט״אָ״ ——— הייליקע אמונה רוט איבער בני ברק, אמונה

און בטחון אין דער שכינה, וואָס טוט זיך נישט אָפּ פונם הייליקן ארץ־ישראל... שאַ, שטערט נישט!

## 12. קדחת, בויכווייטיק און שאר־ירקות

פאַרביי די ימים־נוראים און די ימים־טובים. אויך דער „חופש הגדול" איז שוין אַוועק. אָבער די נעכט זענען נאָך הייסע. אין די נעכט ליגן די מישקעס און צילקעס אויפן גראָז־טעפּעך הינטער מיין פענצטער. זיי נודיען זיך. בפרט אין די פּרייטיקצונאַכטן, ווען טאַטע־מאַמע זיצן מיט געסט אויפן באַלקאָן, שפּילן מיט התלהבות אין קאָרטן. דעמלט — ליגן די קינדער זייערע אונטן, קלאַפּן אין פרעמדע טירן, וואַרפן שטיינער אין די פענצטערס.

איך מייד־אויס דאָס אָנצינדן ליכט. קלאַפּן זיי דערפאַר ביי דער שכנטע אין טיר, אין פענצטער. אַ רחמנות אויפן ווייבל. זי וויינט היסטעריש. די גראָבהויטיקע טאַטע־מאַמע באַשטראָפן נישט די קליינע אויסוואורפן זייערע. דערצו וועל איך זיך מוזן נעמען, מוזן ווערן דער דערציער פון די קינדער דאָ, און מאַכן דאָס אויפן אַלטן שטייגער...

יאָ, האָב עס געמאַכט: אַנומלט ריזיקירט און אָנגעצינדן די עלעקטריע — איז געוואָרן אַ קלאַפּעריי אין טיר; נו, זיך דערויף געריכט. מישקע האָט פאַרבינדן די קלאַמקע. באַרקע און צילקע און יוסי און ראָמי און די רעשט מזיקים זענען געלעגן האַלב־נאַקעטע אויפן גראָז און אומגעדולדיק געוואַרט אויף די רעזולטאַטן. האָב איך זיי איבערראַשט: בין אַרויסגעשפּרינגען דורך אַ הינטערשטן פענצטער און מיט אַ צוגעגרייטער קרעציקער צווייג — געשניטן איבער נאַקעטע הענט און פיס, איבער פּליצעס... ערשט די קולות. מיינע געשרייען האָבן פאַרטויבט זייערע ———

וואָס וועט זיין דער סוף דערפון? טעג געזעסן פאַרשלאָסן אין שטוב. די מאַמעס האָבן מיך אַרומגעזוכט. גיי און האָב צו טאָן מיט ווייבער, מיט פּאַסקודנע ווייבער, מיט ווייבער, וואָס זידלען זיך אויף — רוסיש...

איך וויל אַוועק פון דאַנען. וויל פּטור־ווערן פון דער שטוב. וויל זי אומקערן דער „סוכנות" און זאָל זי מיר צוריקגעבן מיין אָפּגעשפּאָרט געלט... זאָלן די „סוכנות"־לייט זיך פרייען מיט זייער יחסנותדיקן שיכון־„למומחים" ————

בין אַן אַריינגייער ביי איינעם אַ ייד, אַ שרייבער אַזאַ. אין איינעם אַן אָוונט האָט ער פאַר מיר אַנטפּלעקט:

„מען שמועסט, אַז איר קענט דאָ זיצן ביז 120 און גאָרנישט טאָן.

„?"

„יאָ. מען שמועסט, אַז איר האָט געבּרענגט פון אַמעריקע אַ זאַק מיט געלט".

„??"

„אַט אַזאַ! אַ זאַק!"
האָב איך גענומען תיכף און געמאַכט אַ תיקון טעות. צו וואָס לאַנג ברייען מיט אַ „מען שמועסט" — לאָמען טאַקע וויסן דעם אמת:
„נישט אַ זאַק, נאָר אַ — זאַק; יאָ, אַ זאַק מיט געלט אַ — זאַאַאַק!" — — — —
און אויף דעם זאַק־זאַק מיט געלט האָבן זיך יידן אויסגעקוקט די אויגן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן: געקומען צו מיר אויף אינטערוויוען; געוואָלט מיך צונעמען פאַר אַ שותף צו דער שוין ליקווידירטער יידישער טאָג־צייטונג:
האַ, ווען וועט ער עפענען דעם זאַאַאַק? — — —

אייניקע מאָל געפּרוווט העלפן שאַפן אַ יידיש־גרופּע, וואָס זאָל אַרומנעמען יידיש־שרייבנדיקע און יידיש־רעדנדיקע פון רמת־גן, גבעתיים, פתח־תקוה און די געגנטן אַרום. פאַראַן דאָ יידן אַזוינע, וואָס לעבן נאָך מיטן אַמאָל: אַ יידיש בוך, אַ שמועס אויף יידיש; בנמצאַ „ותיקים" — דרייסיק יאָר אין לאַנד — וואָס קאָנען נישט פאַרטראָגן תל־אביב מיט אירע „שוויצערס", די „סאַלאָנאָווע טומלערס", די געוויסע צייטונג־שרייבערס אויף יידיש, אויך אויף העברעאיש. — „די דיזענגאָף־זשורנאַליע"... יידן ווילן אַ רואיק ווינקעלע. לאָמיר זיך צונויפ־קומען, שמועסן, סתם אַזוי; אפשר אויך איבערלייענען אַ דערציילונג, אַ ליד, רעדן וועגן אַ שרייבער. נו, בין איך געקומען דאָ און דאָרט, געזעסן מיט יידן און — עס חזרט זיך איבער די אַלטע מעשה: געוויסע יידן זענען אָנגעשטעקט פון „רעדנעריי" — אַ חולאת אַזאַ אומעטום, אויך אין ישראל. ווי נאָר מען זעצט זיך אַוועק אַרום טיש, יאַוועט זיך תיכף אַ יושב ראש און — ער נעמט רעדן; ער פאַרנעמט די גאַנצע צייט מיט זיין רעדן. ער רעדט וועגן אַלץ. אַזאַ טיפּ ווייס אַלץ. ער רעדט וועגן יידישקייט, שרייבערישקייט, מענטשלעכקייט, וועגן אַלץ, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ „קייט" (אויך וועגן דער „גאָלדענע קייט", נישט דער הסתדרותניצע) — וועגן דער „קייט" פון י. ל. פּרץ...
אויף איינעם אַזאַ צונויפקום געברענגט אַ ייד, וואָס זאָגט אַז ר׳איז אַמאָל געווען אַ יידישער אַקטיאָר. הנה מה טוב. וועט זיין שותפות: ליטעראַטור און קונסט. האָט דער ייד, ביים אַוועקזעצן זיין הויכע פיגור נעבן טיש, געהאַלטן פאַר זיין חוב זיך פאָרצושטעלן פאַרן מנין יידן, וואָס איז געווען זייער צופרידן מיטן חשובן גאַסט. האָט ער ראשית אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער צונג, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, פאַנאַנדערגעוואָרפן די הענט; לסוף — פאַנאַנדערגענומען די ליפּן, ממש אַקטיאָריש. וואָס האָט ער צו דערציילן? נאָר געדולד. דאָ רופט מען עס: סבלנות. און אַט — ווידער אַ קלאַפּ מיט דער צונג, אַ פּאַטש מיט די ליפּן, אַ פאַרוואָרף דעם קאָפּ (ממש ווי אויף דער סצענע). און אַזוי האָט ער גענומען געבן לשון:

„אַז שלמה מיכאָעלס האָט זיך געגרייט אַרויסצוטרעטן אויף די ברעטער, עס הייסט: ער איז שוין געווען גרייט — האָט ער מיך אַ רוף געטאָן: נו, יאַנקל, ווי געפעל איך דיר? אָן מיין מבינות איז ער נישט אַרויס אויף די ברעטער. און אַז איך האָב אים געזאָגט: שלמה, דו געפעלסט מיר, אַ דעמלט״...
דעמלט האָט דער מנין יידן אַרום טיש דערזען אַן אמתן אַקטיאָר, וואָס האָט נאָרוואָס אָפּגעשפּילט אַ „שטיק״ — צום לאַכן...
חוץ אַקטיאָר — איז דער ייד אויך געווען מבין. ער האָט דערפילט, ווי עולם לאַכט פון אים. איז ער מער נישט געקומען. ער איז בכלל געווען עפּעס — נישט דאָס... און עס האָט גענומען אויספעלן צום מנין. פון היימיש ווינקעלע איז געוואָרן — חוזק־ווינקעלע — — נישט באַשערט צו געפינען אין דער יידישער מדינה היימיש־יידישע ד׳ אַמות... אָן שוויצערישן חוזק — — —

דוד בן־גוריון האָט פאַרשידענע טעמפּעראַמענטפולע איינפאַלן. ער זאָגט אַרויס מיינונגען ווי אַ פּוסק־אַחרון. איז גוט, וואָס אין ישראל באַלעבאַטעוועט דעמאָ־קראַטיע און וואָס מ׳מעג אָפּפרעגן די מיינונגען פון פּרעמיער מיניסטער בכבודו. נאַ פּרימער: אין אַ ברייוו צו משה שמיר האָט בן־גוריון אַוועקגעפּטרט מיט איין שמיר די שיינע ליטעראַטור, וועלכע איז נישט ווערט קיין ציבעלע אַנטקעגן דער משנה און דעם תנ״ך. האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל: סטייטש? מילאָ, מענדעלע און עגנון שמעקן מיט גלות; און ביאַליק? האָט מ. ד. אין „דבר״ נישקשה אויסגעשייגעצט דעם פּוסק־אחרון: וואָס? ב. ג. איז פאַרליבט אינם יונגן דור, וואָס בויט און לערנט, — דאַרף נישט דער דור קיין גייסטיקע שפּייז? און דערנאָך האָט דער דיכטער ש. שלום דערלאַנגט אין „מאָזנים״ דעם ריכטיקן גאָב. אין זיין תשובה צו ב. ג. האָט ער דערמאָנט, אַז די מנהיגים באָדן זיך אין לוקסוס, בעת דער שרייבער מאַטערט זיך אין דחקות. איז דערויף געקומען נתן א. אין „דבר״ מיט אַ בייטש קעגן ש. שלום: נישט אַזוי שרייבט מען וועגן די מנהיגים, וואָס האָבן אויפגעבויט די מדינה מיט זייער שווייס, אַ מדינה, אין וועלכער שרייבערס שרייבן איצט דערציילונגען...

הכלל: אַז ווויל איז מיר, וואָס איך זיץ אין שטוב און האָב מיט וואָס צו פאַרטרייבן דעם אומעט. אָן די פּאָלעמיקעס וואָלט איך גאָר פון זינען אַראָפּ.

יאָ, ווידער כדאַי צו פאַרצייכענען: דער העברעאישער שרייבער־פאַריין האָט אָפּגעוואָרפן דאָס אָננעמען פאַר מיטגלידער שרייבערס אין יידיש און אַראַביש. טענהט ח. ב. אין „למרחב״: סיווי האָלט יידיש אין מיטן אויסגיין, וואָלט בכן כדאַי געווען צו לאָזן זי אויסגיין מיט אַ בכבודיקן טויט. ענטפערט דערויף אַברהם לעוו: מוחל. היט אונז גאָט פאַר אונזערע פריינט. און מ. א. פאַרטיידיקט

די אַראַבישע שרייבערס אין „דבר״: דאָס נישט אָנגעמען זיי אין העברעאישן שרייבער־פאַריין וועט פאַרשאַרפן די פיינטשאַפט צווישןביידע פעלקער.

נו, אויך יידיש־שרייבערס פאַרמאָגן אַ צייטונג, פאַרמאָגן אַ בייכיקן זשורנאַל און פאַרמאָגן נאָך אַזוינע יידיש־אויסגאַבעס. דאָרט איז קוצעניו־מוצעניו. מען דינגט זיך נישט. אַז זיי מיינען עס נישט ערנסט — — —

...און, איך האָב היינט באַזונדער־פיינלעכע בויכווייטיקן...

באַקומען אַ פריילעך קאַרטעלע פון אַבאַ גאָרדין:

ליבער פריינד...

הפּנים, איר זייט דער אמתער עקשן. ביי יעדן נומער וואָס איך באַקום מיין איך: נו, דער איז שוין דער לעצטער בליץ־שפּריץ־קריץ. אָבער עס קומט נאָך איינער. עס בליצט ווייטער. די דונערן הער איך נישט. מעגלעך, עס איז די שולד פון מיין טויבלעכקייט... ווינטש איך אייך אַ גוט ביי יאָר מיט אַלטער יידישער עקשנות (עם קשה עורף).

מיט פריינטשאַפט און בעסטע ווונטשן...

ער האָט פאַראיבל, הלמאַי כ׳באַזוך אים נישט. ער איז אַליין. ער ווינט היפּש ווייטלעך פון מיר: אין צווייטן ברעג רמת־גן. אויף אַ גאַס מיטן נאָמען „רש״י״ — סימבאָליש פאַר אַ בן־הרב. אין זיין שטוב הענגט אַ גרויס בילד פונם טאַטן דעם רב... (אגב: נאָך יעדן באַזוך טוט ער מיך „אָנלאָדן״ מיט זיינע ביכער; שווער־וואָגיקע, ש״סן גאַנצע: „נעמט, נעמט, כ׳האָב זיי נישט ווו צו האַלטן״... אויך דאָס איז אַ סיבה פאַר מיין נישט קומען צו אים...).

אַבאַ גאָרדין פראַוועט „טיש״. איין מאָל אין וואָך קומען זיך צו אים צונויף יידן, זיינע חסידים. ער רעדט פאַר זיי וועגן מענטש און עטיק. זיי רופן אים: ר׳ אַבאַ. ער קוקט בפירוש אויס ווי אַ „רעבי אַבאַ״. ער טינקט ראשו ורובו אין לומדות, אין אַ מין מאָדערנער חסידות — אין רבישער פּירעכטס.

ביי מיין לעצטן באַזוך האָט ער דווקאָ געוואָלט וויסן פון וואָס איך „מאַך אַ לעבן״. שייך צו זאָגן: נישט אַרבעטן איז טאַקע אַ מעלה, אָבער — נישט עסן? צום בליצן דאַרף מען האָבן כוח.

האָב איך זיך אַרויסגעדרייט פון אַן ענטפער. אָבער איבערן וועג אַהיים באַשלאָסן: ווייטער קאָן עס אַזוי נישט גיין. — אַן עק! איך האַלט שוין ביי די לעצטע פּרוטות — וועל דאַרפן צאָלן אַ צען מאָל פראָצענט פונם פראָצענט פאַר דער „משכנתא״... און וואָס שייך דעם מאָגן, וועלן די בויכווייטיקן אָנהאַלטן מסתמא אַזוי לאַנג, ביז כ׳וועל האָבן אָפּגעצאָלט אַלע חובות.

עס רוקט זיך אָן סוף יאָר 1960. שוין אַ קימא לן זעקס חדשים, וואָס כ׳זיץ אין שטוב. איך מוז געפינען אַ ברעקעלע אָנהאַלט.

און אָן אַזאַ ברעקעלע באַוויזן זיך אָנצוכאַפּן בעת מיינס אַ באַזוך אין איינער אַ

שטוב. געווען איז דאָס מיט צוויי אָוונטן צוריק. איך קום אַרויף צו אַ ייד, אַ פריילעכער חי וקים, וואָס האָט הנאָה פון אַ גלעזל עכטן פוילישן ספּירט. 96ער טאָקע. און אַזאַ פלאַש הויזט שטענדיק אין זיין שענקל. איז, ווען כ׳קום צו אים אַרויף — ער ווינט גראָד נישט ווייט פון מיר — נעמט ער אַרויס די פלאַש אויף „לחיים״. עס העלפן נישט מיינע בקשות, אַז איך קען נישט; כ׳טאָר נישט; עס ברענט... פילט ער זיך באַליידיקט: סטייטש! אים אָפּזאָגן אַ „לחיים״?! פוילט ער זיך נישט. ער טראָגט מיר צו ס׳גלעזל אונטער דער נאָז: אַריינגעגאָסן! און אַז כ׳גיס נישט — גיסט ער בגוואַלט — — —

אַ מין אַקטיאַרישער פּרא־אָדם!

אָבער חוץ ווילדקייט, יענעם אָוונט אין דער שטוב אויך געפונען אַ נאָרמאַלע זאַך: אַ ייד, וואָס „דרייט זיך״ געזעלשאַפטלעך. ער גיט אַן עצה, טוט אַ טובה. בקיצור: ער האָט מיר געעצהט, אָנצושרייבן אַ בריוו צום שטאַט־פּרעזידענט; נישט בעטן פון אים קיין שטיצע, נאָר פּשוט — אַרבעט. ער איז אַ ווילער ייד, דער פּרעזידענט; ער וועט זיכער ענטפערן.

נו, צוריק אַהיים. איבערן וועג באַטראַכט דעם ענין. די זאַך איז דאָך בפירוש אַ גלאַטע: דער שטאַט־טאַטע איז דאָך אויך מיין טאַטע; הלמאַי זאָל ער מיר נישט באַזאָרגן מיט פּרנסה. עניי עירך...

25טער דעצעמבער 1960. ווינטן און רעגנס און דונערן מיט בליצן (די ריכטיקע הימלשע בליצן), אַז קיין הונט נישט אַרויסצולאָזן; אַ רחמנות אויפן ישראל־הימל, וואָס פאַרלירט דאָס העלע פּרצוף (צוגלייך ווי איך פאַרליר שוין בכלל דאָס פּרצוף מיינס).

געהאַט אַ שלאָפלאָזע נאַכט; אי פון כסדרדיקע בויכווייטיקן, אי פון טראַכטענישן וועגן אינהאַלט פון בריוו. וואָס און וועגן וואָס שרייבן? קאָן איך זיך אויסביטן אַ פאַסיקע אַרבעט? און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט נישט ענטפערן און כ׳וועל בלייבן ביי — פאַרשטונקענע פיש געגעסן און פון שטאַט אַרויסגעטריבן?..

סיוּוּי — ס׳לעצטע שטרויעלע. אין ברירה — — —

אָנגעשריבן דריי בריוו. וועט איינער אַוועקפאַלן, וועט זיך דער צווייטער אויפהייבן. נאָר געדולד. סבלנות. —

איין בריוו צום ראש העיר, אַבֿרהם קריניצי; דעם צווייטן בריוו צום סעקרעטאַר פון אַרבעטער־ראַט, דעם חבר אוריאל און בריוו נומער דריי — צום פאָרזיצער פון „יד ושם״ ד״ר אַריה קובובי. — אַלע בריוועלעך אין יידיש, אין איין נוסח: אַביסל ביאָגראַפיש, אַביסל נע־ונדיש; מיט איין אויספיר: פּרנסה, רבותי! און איצט — צוריקגעשמועסט: איז אימעצער מיך מחויב צו באַזאָרגן מיט פּרנסה? האָב איך רעכט צו קומען דאָ מיט טענות, הלמאַי כ׳האָב נישט קיין פּרנסה? חלילה. איך בין אָבער אַ „ספּעציעלער פאַל״ (אַזוי האָט געזאָגט דער ייד דער

בעל־טובה), וואָס כ׳וועל ממש אַוועקפּאַלן (השם ישמרנו) אָן אַ „קדיש״... אין מיינע בריוו האָב איך נישט קיין טענות. וויל אָבער באַקומען אַ תשובה. דאָס מעג איך יאָ פאַרלאַנגען. עד כאַן.

עס גרייט זיך ווידער אַ נאַכט מיט בויכווייטיקן. זיי דערגייען מיר שוין ביז אַרויף, ביז צום האַרץ. ערשט דער דרויסן: סוף־יאָר־ווינטן רייסן די לאַדנס. אָבער דאָס שטערט נישט דעם „שפּאַנאַ״ מישקע זיין קלאַפּן אין די טירן. ער ווערט נישט מיד. זומער און ווינטער. איצט האָט ער אויסגעפונען אַ פרישע טיר, ווו עס ווינט אַן אַלטע יידענע. זי וויינט און ער קלאַפּט. און טאַטע־מאַמע שפּאַצירן מיטן הונט (אויך אין די רעגנס) און מישקען לאָזן זיי הינטער די רייסנדיקע לאַדנס: „ניטשעוואָ, בודיעט כאַראַשאָ״...

או־ד, וועל איך זיך אַ וואָרף טאָן אויף אים און שינדן די פעל! ———

מיין שכן אויף דער צווייטער זייט גאַס גרייט זיך צום געזעגענען דאָס אַלטע יאָר. עס איז דאָרט ליכטיק און אַלע לייכטן זיי — טאַטע מאַמע און קינדער. אַ געשעעניש אין מיטן דער גאַס. וואָסי? האָבן זיי געמוזט אַהערקומען פון פוילן — כדי דאָ צו פּראַוועון סילוועסטער? אָ־האָ! איך בין זיך טועה. דער סילוועסטער דרינגט שוין אַריין אין דער מדינהס ביינער, צוגלייך ווי דאָס בילן פון די הינט ביי מיר אין היפּל.

איך זע — שוואַרץ. אפשר נעמט זיך דאָס פון מיינע צרות, פון מיינע אָנגעשפּיצטע נערוון? ———

ווידער פאַרביי אַ טאָג. היינט געקאָכט אַ מיטאָג פון רייז. עס גייט שוין קאַפּויער. עס וועט מוזן פאַרקומען אַן ענדערונג...

און עס נעמט זיך טאַקע פילן אַזאַ ענדערונג. נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן אויף איר. זי איז מיר ממש געקומען אין שטוב אַריין —

## 13. פון אברהם קריניצי ביז — אַרבעטער־ביוראָקראַטיע

באַקומען אַ תשובה פונם שטאָט־פּרעזידענט, מיט זיין אונטערשריפט — בכבודו ובעצמו; דערצו בייגעלייגט אַ קאָפּיע פון אַ בריוועלע צו דער שטייערן־אָפּטיילונג, מען זאָל פון מיר נישט נעמען קיין שטייערן ביז כ׳וועל באַקומען אַרבעט.

אין זיין בריוועלע פאַרבעט מיך דער ראש־העיר אויף „באַקענונג״ — מאָנטיק, דעם 2טן יאַנואַר (און אַזוי לייענט זיך דאָס בריוועלע, איבערגעזעצט אויף יידיש):

27.12.60

שטאָט־פאַרוואַלטונג, רמת־גן
לכבוד...
איך באַשטעטיק דאָס דערהאַלטן אייער בריוו פון 26.12.60 און כ׳האָב דעם

כבוד אייך צו פאַרבעטן אויף אַ צוזאַמענטרעף פון דערקענונג, וואָס דאַרף פאַרקומען אין ביוראָ פונם אונטערגעשריבענעם, מאָנטיק, י״ד טבת תשכ״א (2.1.61), 12 אַזייגער.
בשייכות דערמיט דערלויב איך זיך אייך בייצולייגן אַ טשעק אויף 25 ל״י, הלואה פון דער עיריה, וואָס איר וועט אומקערן נאָכן באַקומען אַ פאַסיקע באַשעפטיקונג.

מיט גרויס אַכטונג
א. קריניצי
שטאָט־פּרעזידענט

באמת: אַ פאַרלייכטערונג, אַ וואַרעמקייט; אַזוי דאַרף זיך אויפפירן אַ שטאָט־טאַטע — אַ ייד, אַ ייד ממש. אַגב שמועסט מען, אַז אברהם קריניצי איז דער גרינדער און אויפבויער פון רמת־גן; ער איז דער ריכטיקער פאַרשטייער פון חלוציזם, מחמת — אַ „פּראָסטער סטאָלער" פון גראָדנע, וואָס האָט פון דער באַחנט־יידישער שטאָט געברענגט קיין ארץ־ישראל זיינע צען פינגער: גרייט־שאַפט צום בויען, צום אויפבויען די יידישע מדינה. און אָנגעהויבן זיין חלוצישע אַרבעט האָט ער דערווייל מיט „קליין": אויפבויען אַ שטאָט בישראל... און ער האָט זי אויפגעבויט. און אַזוי בויט מען אַ שטאָט. און אַזוי באַציט מען זיך צו די איינוווינערס פון שטאָט — — —
יאָ. עס שטראָמט פון אַלע זייטן. אויך באַקומען אַ תשובה פון „מועצת פועלי רמת־גן וגבעתיים", דאָס מיינט: דער אַרבעטער־ראַט, צו וועמענס סעקרעטאַר געשיקט אַ קאָפּיע פון מיין בקשה. לייענט זיך זייער בריוועלע:

רמת־גן, 1.1.61
לכבוד החבר...
(אין יידישער איבערזעצונג) דער חבר אורי... סעקרעטאַר פון אַרבעטער ראַט, האָט דערהאַלטן דיין בריוו און ער האָט מיר געבעטן דיר מיטצו־טיילן, אַז ער נעמט אויף חברים יעדן מיטוואָך אין די שעהן צווישן 16.30—18.30. באַמי זיך צו קומען אין די א״ד שעהן.
מיט חברים־גרוס...

יאָ. אויך צו די „חברים" וועל איך גיין. און סאַראַ חילוק פון אַ בריוועלע צו אַ בריוועלע! וואָלטן זיי זיך מיט מיר נישט „געחברט", נאָר בלויז געשריבן אַ מענטשלעך־יידיש בריוועלע, אָן די ביוראָקראַטישע שטיק... אָבער גיין וועל איך. אָנגעכאַפּט דעם זנב, אים נישט אָפּלאָזן. מאָנטיק צום ראש־העיר, מיטוואָך — צום חבר־סעקרעטאַר.
שוין אַריבערגעשפּאַנט דאָס נייע יאָר. מאָנטיק. דער 2טער יאַנואַר. דער דרויסן — רעגנדיק. איינגעהילט אין מיין צעראַטע־בגד, טראָג איך זיך איבער דער ביאַליק־גאַס צו דער מוניציפּאַליטעט. צוועלף אַזייגער דאַרף איך אויפגענומען ווערן פונם ראש־העיר. איך זע נישט דעם אָרום, פיל נישט די שטעכיקע קעלט.

די שעה איז אַ גורלדיקע. דאָס איז דער איינציקער שאַנס מיינער: פּילן די ארץ ישראל־לופט, אָדער חלילה — דערשטיקט ווערן אונטער איר לאַסט.
ווי זינגט דער האָפּערדיקער פּאָעט: די הימלען וועלן אויפהערן וויינען און די זון וועט אויפשיינען... דאָס געפילט ביים „דערקענונג״־שמועס מיטן ראש העיר — תושב אין לאַנד אַ יאָר זעכציק; ראש פון רמת־גן — אַ יאָר 35. זיין פּנים — באַלעבאַטישע תקיפות: האַרטע שטריכן און פאַרשערישער בליק. זיין אויסזען דערציילט וועגן יאָרן אַרבעט,ליידן און אַהבת ארץ־ישראל.
אָפּגעשמועסט אַ היפּשע צייט, האָט ער מיך באַגלייט מיט אַ טרייסטנדיקן שמייכל: „נישט געדאַגהט״. זאָל קומען ווידעראַמאָל אין צווי טעג אַרום. ער וועט איבעררעדן. לאָמיר האָפן...
מיטוואָך. 4 נאָכמיטאָג. איך הייב זיך איבער די טרעפּ, וואָס פירן צום רחבותדיקן בנין: „מועצת פועלי רמת־גן וגבעתיים״. לאָמיך נישט פאַרשפּעטיקן. דער חבר אורי נעמט־אויף בלויז איין מאָל אין וואָך, מיטוואָך און פּינקטלעך — צווישן 16.30 און 18.30. לאָמיך זיין דער ערשטער הינטער דער טיר. מסתמאָ וואַרט שוין דאָרט אַ גרויסער עולם. ווער ווייס... דער בכבודיקער ביוראָקראַט באַוויליקט צו שמועסן מיט זיינע אונטערטעניקע בלויז צווי שעה אין דער וואָך, ער — דער סעקרעטאַר פונם קרעמל (אַזוי רופט מען אים דאָ)...
שטאָקן און חדרימלעך. נומערן און נעמען. נאָך מיין שמועס מיטן היימיש־יידישלעכן שטאָט־פּרעזידענט, וואָלט אפשר כדאַי געווען — נישט צו שליסן קיין קאָנטשאַפּט מיט דערדאָזיקער אַרבעטער־ביוראָקראַטיע... און דאָך — כדאַי דאָס אויך צו פאַרזוכן.
יאָ. דאָ זיצט דער חבר איקס, דאָרט — דער חבר פּיקס. אַ געקלאַפּ פון שרייב־מאַשינקעס. אַ געלויף. אַ געטומל. חברים לויפן, איילן. מסתמא טוען זיי דאָך עפּעס לטובת די חברים אַרבעטערס.
געפונען די טיר, אויף וועלכער עס גלאַנצט די אויפשריפט: מזכיר... דאָ זיצט ער. די טיר דאַרף איך היטן. און איך היט זי ווי אַ טייערע כלי — קיינער זאָל זי נישט אַוועקכאַפּן. שוין אַ שעה היט איך זי. ווען עפנט זיך די טיר פונם קדשי קדשים? חוץ מיר — וואַרט נישט קיינער צו ווערן „אויפגענומען״. אוף! שוין האַלב זעקס. האָבן זיי מיך אָפּגענאַרט? אָבער אַוועקגיין פון דאַנען וועל איך נישט. זעקס אַזייגער. איך קוק אַריין דורכן שליסל־לאָך: אַ מגושמדיקער ייד פּאַרקעט זיך אין פּאַפּירן. ער זיצט פּונקט אַנטקעגן דעם — לאָך. ווייזט־אויס, אַז פאַראַן אַ הינטערטיר. איך מוז זי געפינען. מוז אַריין צו אים. יאָ. בלויז איין קעטריט פון דאַנען. אַן אָפענע הינטערטיר... נו, כדאַי אויסצופירן די שפּיל ביזקל סוף: זיך אַ לאָז געטאָן דורכן פאַרשטעלטן אַריינגאַנג — שטייך־געבליבן נעבן סאַמע אויבנאָן. דאָס איז ער. ער באַוויליקט מיט מיר צו רעדן...

דייטש. אפשר ווייזן אים די פּלייצע? אַזאַ־אַ־טרוקענער ביוראָקראַט, טרוקן און געפּרווירן, ווי אין אַ מינכענער פּראָסט. מסתּמאָ שטאַמט ער פון יענע מקומות. וואָס איך וויל פון אים? יאָ. ער איז מיר גרייט צו העלפן מיט אַ הלוואה: 25 פונט פאַר 2 זשיראַנטן... אַרבעט? ער פאַרנעמט זיך נישט דערמיט. אַן עצה? נישט זיין דאגה. ער האָט אַפילו נישט באַוויליקט צו הייסן מיך זעצן. טפו! לאָמיך זיך שוין געפינען אויף יענער זייט טיר. שנאָרערישע ביוראָקראַטיע — — —

4טער יאַנואַר 1961. מיין צעראַטע־מאַנטל איז האַרט און גלאַנציק ווי בלעך און אונטער דער צונג אַזאַ טרוקעניש, אַז כ׳האָב אַפילו נישט מיט וואָס צו שפּייען און שפּייען ווילט זיך גראָד...

דער שומר הינטער דער טיר וויל וויסן:

„אתה הסופר?"

ער צעעפנט די טיר און לאָזט מיך אַריין צום שטאַט־פּרעזידענט. קיין סך צייט האָט ער נישט פאַר מיר. הינטער דער טיר וואַרטן נאָך קליענטן. ער טראָגט מיר קעגן אַ שמייכל, ווייזט אויף אַ שטול. איך פיל פאַרלייכטערונג, וואָס הייבט זיך פון די מידע קני ביזן קאָפּ. גענוג בלויז אַ מענטשלעכער „גוט מאָרגן"... אָבער אברהם קריניצי האָט זיך נישט באַגניגנט בלויז דערמיט. ער דערלאַנגט מיר אַ צעטעלע — אָן שום הכנות.

„נעמט און גייט אין ספריה. דאָרט וועט איר אַרבעטן"...

אַ גוט קוויטל צום נייעם יאָר. אַן אוצר פון הימל — — —

שוין אַ צוויי טעג ליגט אויף מיין טיש דאָס בריוועלע פון „יד ושם". גוט, וואָס ד"ר קובובי האָט באַוויליקט צו ענטפערן. איך האָב זיך דערויף נישט גערעכנט. דאָס בריוועלע לייענט זיך (אין יידישער איבערזעצונג):

ירושלים, 2 בינואר 1961

יד ושם, רשות־הזכרון
לשואה ולגבורה

לכבוד...

איך האָב מיט צער געלייענט דיין בריוו פון 25טן דעצעמבער. איך פאַרש די לאַגע און באַטראַכט די מעגלעכקייט דיך צו באַשעפטיקן אין דער ראַט פון יד־ושם. צו מיין גרויסן ווייטיק, איז אונזער בודזשעט שטאַרק איינגעשרומפּן און אונזערע מעגלעכקייטן באַגרענעצט. אָבער איך וועל מאַכן אַן ערנסטן אָנשטרענג און כ׳וועל זיך באַמיען דיר בקרוב מיטצוטיילן אויב און מיט וואָס כ׳וועל דיר קענען פאַרלייכטערן.

בברכה נאמנה...

גם זו לטובה. צופיל באַוואָרענישן און דיפּלאָמאַטישע אַרויסדרייעניש. נו, ער האָט געדאַרפט ענטפערן. אין בוענאָס איירעס האָט ער געהאַט מיט מיר קאָנטאַקט,

פאַרלאַנגט רעקלאַמע פאַר זיין אַמבאַסאַדאָרישער טאָגע. ער האָט ליב רעקלאַמע, ליב צו רופן פרעסע־קאָנפערענצן — ער האָט הנאה געהאַט צו זען געדרוקט זיינע רעדעס. איז דען איצט שייך, ער זאָל נישט האַלטן וואָרט, נישט ענטפערן ווי ער איז מבטיח אין זיין בריוועלע?

סיוּוּי — איצט איז מיר שוין לייכט צו וואַרטן. איך אַרבעט אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק. דאָ פיל איך אָ טאָפל פאַרגעניגן: אי זיך באַפרייט פון דער פראָסטיטוּאירנדיקער זשורנאַליע, אי כ׳געפין זיך צווישן ביכער, טויזנטער ביכער — — —

## 14. טשעפּוכעס

דער עול פּרנסה האָט אויפגעהערט דריקן. אַן עול געוועזן — כּמו שכּתוב. וואָכן געדויערט, ביז האָב גענומען פילן די פּלייצע — אַן אויסגעגלייכטע. נו, איז געקומען די ריכטיקע צייט אויך פאַר דעם — וישמן ישורון ויבעט... עס האָט זיך מיר גענומען פאַרגלוסטן. חלילה. נישט פון דער גראָבער זייט. און טייטשן קאָן מען דאָך פאַרשידן דעם, למשל: „לא על הלחם לבד יחיה האדם״ — ווער עס וויל פּוטער צום ברויט, ווער — פלייש און ווער (ווי עס מיינט די ריכטיקע כוונה פונם פּסוק) — עס וויל אויסער גשמיות הנאה האָבן פון דער געבענטשטער רוחניות אויך. און אַז פריער דערמאָנט אַ פּסוק מיט אַ מאַמר (און אפשר פאַרקערט), טאָ פאַרוואָס אויך נישט דערמאָנען דעם — „הנהו טפשי דבבלי דאָכלו נהמאָ בנהמאָ״? —

עסן ברויט מיט ברויט — איז מען אַ טיפּוש; טאָ ווי באַצייכנט מען אַזאַ איינעם, וואָס זיין גאַנצע עקזיסטענץ דערציילט וועגן אַ צופרידן אָפּעסן, פאַרביסן מיט פולע שיסלען קליינשטעטלשע גרויסהאַלטעריי? —

יאָ. איצט גענומען דערזען דאָס וועלטל: יידיש־שרייבערס, יידיש־באַשיינערס, יידיש־סביבה — רעדאַקטאָרן, זשורנאַליסטן, מאַראַליסטן. אַ היפּשער טייל — אַריבערגעקוליעט פון לינקיזם צו ציוניזם: יאָרן לאַנגע געשפּיגן מיט דער פּען — געלידלט און געזשורנאַליעט קעגן די פאַשיסטישע ציוניסטן... איצט, פלוצים, איז דער ציוניזם געוואָרן ביי זיי אַ טייל פון דער זון (ווי פריער סטאַלין אין זיין גאַנצער לענג און ברייט) — הויקערס, הויקערס...

ליידער. עס פעלט דאָ די יידיש־שרייבערישע פערזענלעכקייט; דער יידיש־לייענערישער דעת־הקהל. נישט בנמצאָ דער קולטורעלער לייענער. עס פעלט דער — איפּכאָ מסתבראָניק...

געהאַט אַ קאָמישן „אינצידענט״ מיטן שרייבער וואָס שטאַמט פון כעלם. אין די פריערדיקע נאָטיצן פאַרצייכנט וועגן מיין אַריינקומען צו אים, אויסבעסערן

זיינס אַ בוך־מאַנוסקריפּט; לסוף זיך אַרויסגערעדט, אַז אויב וועט ער באַקומען פאַרן דאָזיקן בוך אַ פּרעמיע (אַ וואָזשנע מעשה — אַ פּרעמיע!) — קומט מיר אַ העלפט. און דערביי געטראַכט: אַפילו אַ כעלמער מעג זיך אויך אַנשטויסן אויף אַ — שמייכל... אָבער ביי וועמען עס שמייכלט זיך און ביי וועמען עס מאַכט זיך.

האָט דער באַשעפער אַזוי געמאַכט, אַז — דער כעלמער האָט טאַקע באַקומען אַ פּרעמיע — פון אַ קאַזאַק, אַבי צושטייער פאַר דער רעקלאַמע פון אַ לעבצנדיקן שרייבער.

אָבער דער כעלמער, וואָס האָט פאַר דער צייט זיך געלאָזט וואַקסן אַן אַרומגעקייַ־לעכיקטע האָר־פּאָלקע און געדיכטער געמאַכט די וואָנסע — ער (גאָרנישט ווי זיין שטייגער) טוט שווייגן וועגן דער שיינער פּרעמיע. איך קום אַריין צו אים, הער זיינע פאַרשידענע כעלמערישקייטן און באַרימערישקייטן און וועגן דער פּרעמיע — קיין פּיפּס. אַ כעלמער אַזאַ. מיינט ער באמת, אַז אויך איך וועל שווייגן, פאַרשווייגן די פּרעמיע, אים לאָזן זיך אויסבאַהאַלטן מיט דער מציאה, וואָס איך בין דאָך אַ געזעצלעכער שותף צו איר!? ——— עס טויג נישט וואָס כ׳האָב אים פאַר אַ שכן. אַז אויסהיטן זאָל מיך גאָט פון שרייבערישע שכנים און פון כעלמער דערצו...

נו, עס ווערט אים ענג. ער וואָלט געוועזן זייער צופרידן, ווען איך ווער מיט אים ברוגז... סטייטש: וואָס האָב איך זיך אויף אים אָנגעזעצט? ער וויל דאָך צונויפרופן די גרויסע משפחה זיינע (אַן עין הרע), טרינקען אַ גלעזעלע משקה און זיך ווינטשן: „כן ירבו!" — אַ פּרעמיע כאָטש יעדע וואָך!..

טאַ, ווי קאָן מען באַהאַלטן אַ קאַץ אין זאַק? אַז אָט שפּרינגט זי אַרויס און דערלאַנגט אַ דראַפּע מיט אַ ווייך לאַפּקעלע. אַזאַ דראַפּע האָב איך דערלאַנגט:

„האַ, שלום אמתזאָגער, מזל־טוב, זאָל זיין מיט מזל, האַ־האַ — אַ פּרעמיעטשקע!" וואָס? וואָס וויל ער? אַ העלפט וויל ער? דאַ האָט דאָס וויב זיינס (אויך פון כעלם) זיך איינגעשטעלט פאַרן שרייבערישן מאַן:

„נישט אמת, אַז מיר האָבן אייך צוגעזאָגט אַ האַלבע פּרעמיע"...

אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען. איצט האָב איך די געלעגנהייט זיך צו באַפרייען פון אַ טשעפּוכע און אַ כעלמער דערצו ———

אַ צעטעלע פון דער פּאָסט האָט מיר מודיע געווען, אַז כ׳דאַרף קומען אָפּנעמען אַ רעגיסטרירטן בריוו. מסתמאַ אַ וויכטיקער בריוו. פון וועמען? די בריוו, וואָס כ׳באַקום, זענען אַלע געשיקט מיט געוויינלעכער פּאָסט. זעלטן פון אויסלאַנד — אַ בריוו מיט אַ „דריירל" אינעווייניק — רעגיסטרירט; אַזאַ איז דער גע־וויינלעכער קאָנטאַקט מיט שרייבערס און לייענערס, וואָס טוליען זיך אַרום די

„בליצן" (אַגב: גרייט איך די טעג דעם נומער 11־12), אָבער אַ בריוו פון בת־ים און רעגיסטרירט?

היינט, דעם 5טן פעברואַר, אַוועק אויף דער פּאָסט. זיך היפּש אָנגעמאַטערט ביז מיין „תור" האָט געגרייכט צום פענצטערל; ביז ענדלעך באַקומען דעם וויכטיקן, דעם רעגיסטרירטן בריוו. אַוועק אין אַ ווינקל, אים געעפנט און אַרויסגעצויגן פון אים — פּאָסט־טשעקלעך אויף פופציק פונט. אין אַ בייגעלייגט בריוועלע פאַרלאַנגט דער סעקרעטאַר פונם „יידישן שרייבער פאַריין" — אַ באַשטעטיקונג אויף דער באַקומענער מתנה. וואָסי געשען? וואָס פלוצים האָבן זיי מיר געשיקט אַ געלט־מתנה? נישט איך קום צו זיי און נישט זיי וויסן וועגן מיר... שטיי איך איצט אויף דער גאַס. אַרום — אַ גערויש. און אין מיין מוח רוישט עס: פון וואַנען וויסן די „סופרי יידיש", אַז איך זוך (האָב געזוכט) אַ כלבאַ שבוע? ממש — נסים געשעען אין דער מדינה.

געטראַכט און געטראַכט און אַ נאַכט געטראַכט. מה גדלו מעשיך! ממש אַ כישוף־מעשהלע וואָס הייבט זיך אָן ביים — ד"ר קובובי... וואָס? אָט ווי איך שטעל זיך פאָר די מעשה: קובובי האָט מיר מבטיח געווען אַ תשובה און זי נישט געשיקט; האָט ער, דער ווילקענעוודיקער דיפּלאָמאַט, גענומען מיין בריוו און אים אַוועקגעשיקט צו די „סופרי יידיש". זאָלן זיי זיך, הייסט עס, מטפּל זיין מיט מיר. פאַרוואָס מוז ער מיך טראָגן „אויף זיין געוויסן"? אָט אַזוי — זאָגט מיר פאָר מיין ביסל שכל הישר — האָט ער מניה וביה אַראָפּגעפּטרט פון זיך אַ הויקער — נישט נעמענדיק קיין רשות ביים פאַקטישן באַלעבאָס — דעם הויקער: עקסמיטירט! — — —

סאַראַ קליגעטשקע חוצפּה!

און דאָך — חשדהו וכבדהו. וואָלט געפרעגט ביים סעקרעטאַר, דעם געלט־שיקער, צי די שרייבערישע נדבה קומט טאַקע אויף דער איניציאַטיוו פונם ירושלימער דיפּלאָמאַט — וועט ער זיכער נישט ענטפערן. והראיה: דאָס בריוועלע איז געשריבן זייער תמעוואַטע... אין סך־הכל: אַ מיאוס שטיקל אַרבעט, זייער מיאוס. לא מדובשך ולא מעוקצך... צומאָרגנס אַוועק אויף דער פּאָסט, אָנגעשריבן אויפן באַקומענעם בריוועלע פון בת־ים פאָלגנדיקע שורהלעך:

איך דערמאָן זיך נישט, אַז איר זאָלט מיר שולדיק־זיין געלט. מעגלעך,
אַז איר האָט געמאַכט אַ טעות מיט אייער שיקן צו מיר די א"ד סומע.
אַלנפאַלס, איך בריוו איז גאָרנישט דערמאָנט דערוועגן. מהאַי טעמא שיק
איך אייך צוריק די בייגעלייגטע 50 פונט.

געפּטרט נאָך־אַ־טשעפּוכע. צוגעלייגט צום פוילן עסק — רעגיסטריר־מאַרקעס.

## 15. עס איז גוט און דאַך...

מיין אַרבעט אין ביבליאָטעק? דערווייל אונטער דער „השגחה" פון איינעם אַ ייד מיטן נאָמען יוסף. אַזוי רופט מען אים דאָ: יוסף. ער איז דער „ספרן בכיר". ער טראָגט „אַלע ביכער אויפן קאָפּ" (אַרום די ניינציק טויזנט בערך) און ער איז זיך מטפל מיט קאַטאַלאָגירן און קלאַסיפיצירן די ביכער. ער, אַלץ ער, יוסף. איצט לערנט ער מיר דאָס עסק: קלאַפּן אויף דער שרייבמאַשין די קאַטאַלאָג־קאַרטלעך. אַ נישקשהדיקע, אַ גלאַטיקע מלאָכה. אָפּגעקלאַפּט און אַוועקגעגאַנגען. אָן שום איבערמענטשלעכע און אַלוועלטלעכע התחייבותן.

יאָ, דער יוסף איז זייער אַ שמייכלדיקער און אַ יידישלעכער ייד. ער „לאָזט צו זיך רעדן". זעט אויס, אַז כ'וועל אַפּער פון אונטער זיינע הענט — אַ לייט ממש. ווייזט זיך אַרויס, אַז יוסף געדענקט מיך פון מיין „מינכענער קאַפּיטל". ער איז דעמלט אויך געווען אין דייטשלאַנד, געווען אַ מין מחנך צווישן די לאַגער־יוגנט.

ער רעדט אַ פּליסיקן העברעאיש. אָבער מיט יידיש שעמט ער זיך נישט. חלילה. יאָ, „באין ברירה" מוז איך רעדן יידיש ביי מיין ביבלאָטעק־אַרבעט. האָב נישט דורכגעמאַכט קיין עברית־קורס ערגעץ אין אַן „אולפּן" (ווי דער רוב אַנגעשטעלטע דאָ) און מיין סידור־לשון־קודש איז אַ שוואַך מיטל אויף צונויפרעדן־זיך מיט די ווייבלעך דאָ. נו, רעד איך פּראָסט און פּשוט: יידיש. און אַלע קענען זיי יידיש. נישט קיין ליטעראַרישן, אָבער אַ יידישן יידיש. נישקשה. מען פאַרשטייט זיך. און טיילמאָל צעלאַכט מען זיך פון אַ יידישן וויץ, וואָס איינער, אַ „ספרן", אַ ייד פון אַמאָליקן רוסלאַנד, האָט ליב צו דערציילן און דערביי דער ערשטער צו לאַכן. ווייס איך נישט, צי אויך פאַר מיין קומען אַהער האָט ער דערציילט וויצן אויף יידיש. איך ווייס אָבער יאָ, אַז מיין אַריינקומען און ביבלאָטעק האָט דאָ געשאַפן אַ גלאַטיקע יידיש־אַטמאָספער. אַפילו דאָס צי יענץ ווייבל טוט זיך קרומען, אַז זי „האָט דאָך קיינמאָל נישט גערעדט קיין יידיש" אין טשערנאָוויץ, אין ווין, אין קישיניעוו... נו, און העברעאיש האָבן זיי יאָ גערעדט? און לויט מיין „עקזאַמינירן" זיי — קומט פון זיי אַרויס דער יידיש גלאַטיקער ווי דער העברעאיש... מילא. אַבי עס און היימלעך. היימלעך? וועט די „אידיליע" לאַנג אָנהאַלטן?

יאָ, די געזעלשאַפט. וואָס־שייך די אַרבעט — איז זי לייכט און אָן עול: אָפּגעקלאַפּט די פיר שעה (דאָס איז מיין חלק אַרבעט־טאָג) און אַוועק, פאַרגעסן ווו כ'בין געווען. אַוודאי איז נישט צו פאַרגלייכן די אַרבעט דאָ מיט מיין פריער־דיקער אַזויגערופענער „רעדאַקציע"־אַרבעט; דאָך —— מיין געזעלשאַפט דער־ווייל נישט געפונען, מיין יידישע געזעלשאַפט אין דער יידישער מדינה. אַ, ניין. דערווייל ווייט, זייער ווייט דערפון ———

ובני ירושלים עיר הקודש —
האָט די ביבליאָטעק אָרגאַניזירט אַ נסיעה קיין ירושלים — אַ באַזוך אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק ביי דער העברעאישער אוניווערזיטעט. אַ שטודיר־רייזע, אין גרויסע אויטאָבוסן. ביבליאָטעק־אָנגעשטעלטע פון תל־אביב און סביבה. דער וועג קיין ירושלים — הוילע חידושים. אָט פאָרן מיר אַריין צווישן בערג: ירושלים הרים סביב לה. אָט — ביים אַריינגאַנג אין קיבוץ רמת־רחל: אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען: פּאַלאַצן פון די מלכי ישראל. מיר שטייען אויף אַ בערגל. אַנטקעגן — בית לחם; דאָרט — קבר רחל; אויפן האָריזאָנט — חברון; מערת המכפלה; לינקס — אַלט ירושלים. אָטאָ דאָרט — בלויז אַנצו־שטרעגנען דעם בליק —— דער הר הבית, כותל המערבי... טויזנטער יאָרן בענקעניש, לעגענדע און וואָר, יידישע גלוסטעניש און תפילות: ותחזינו עינינו בשובך לציון...

איך האַלט איינגעשטאָכן מיינע ביידע אויגן אין דער קילער ירושלימער לופט. דאָס חומש אין געפאַנגענשאַפט... די ישמעאלים האַלטן די הייליקע מקומות אין תפיסה... חורבן... איכה ישבה בדד העיר...

ירושלים! נישט געגנוג אָנגעזעטיקט דעם בליק. אָפּגעזעסן אַ טאָג אין ביבליאָטעק, אויסגעהערט רעדעס. נו, כ׳וועל נאָך קומען אַהער, קומען...

מיין סדר היום כמעט־נאָרמאַל: פון אַכט ביז צוועלף אין ביבליאָטעק; נאָך מיטאָג — אַביסל שלאָפן; אָוונט — ביים שרייבטיש. יאָ, ביזן שרייבטיש כמעט נאָרמאַל. די מישקעס, באָרקעס און צילקעס געפונען זיך אין שולע. קומען זיי צוריק — ווערן זיי משוגע. ווי נאָר זיי דערהערן מיין קלאַפּן אויף די מאַשין־קלאַווישן — נעמען זיי קלאַפּן אין דער טיר; ווי נאָר זיי דערהערן דאָס קלאַפּן אויף דער „זינגערוווקע" פון מיין שכנטע — נעמען זיי קלאַפּן אין אירע ווענט. קינדער — אויסוואורפן. דערוואָקסענע אויף זייער אָרט און מיט זייערע מעשים וואָלטן איזאָלירט געוואָרן צווישן תפיסה־ווענט. פאַר דעם מין גאַסן־קינדער וואָלטן זייערע טאַטע־מאַמעס געדאַרפט צאָלן דעם בירגערלעכן חוב — פאַר האָדעווען ווילדע סאַדיסטן.

ביטער איז אויך מיט די נעכט. דער שכן אויבן האָט הנאה פון שפּאַצירן איבער דער פּאָדלאָגע — אין הילצערנע טרעטערס. אַזאַ אָנשיקעניש. ער טרעט מיר אויפן מוח ביז ווייט נאָך חצות. און גאָר שלעכט איז מיט די פּרייטיקצונאַכטן. אַן אָנגעלויף פון פוסטע קעפּ, פאַרשטאָפּטע מוחות. אַ מעת־לעת פון „בידור". מען ווילט זיך. אַזאַ מין שבתדיק פאַרגעניגן — קאָרטן־שפּיל... קומען זיי זיך צונויף און ס׳ווערט אַ טרעטעניש — אַ פעליקע נאַכט —

שלעכט מיט די קליינע אויסוורפן אונטן און ביטער מיט די גרויסע גראַביאַנעס אויבן. וווהין אַנטלויפן? — — —

אין טייל אָוונטן גיי איך קיין בני־ברק. די דאָרטיקע לופט — אַן אויסגעפּילטע מיט גמרא־ניגון. עס ציט מיך אַהער מיין גירסאַ דיונקתאַ; עס טרייבן מיך אַהער מיינע שכנים, זייערע קינדער... יאָ, די קינדער פון בני־ברק — זיי געשטאַלטיקן מיין ארץ־ישראל. איך וואָלט זיך באַזעצט אין בני־ברק... אין די פרייטיקצו־נאַכטן גיי איך אַוועק צום וויזשניצער „הויף". דאָ, אַרום דעם שבתדיקן טיש, קנוילט זיך סאַמעט און זייד — אַ געדיכטער קנויל פון יאָרהונדערטער: פּוילישע חסידות, גאַליציש און רומעניש און אונגאַרישע חסידות — הייליקע שאָטנס פון אַ פאַרגאַנגענער וועלט; הייליקע ניגונים פון אַ יענער וועלט...

און דערנאָך קייטלט זיך אַ ריקוד ביז העט שפּעט אין דער נאַכט אַריין. האַנט אויף אַקסל, דביקות און התפעלות. און דער רבי זיצט אין מיטן בית־המדרש; דער רבי — אַ געראַטעוועטער פון דער נאַצישער טומאה.

און אַזוי קייטלט זיך אַריין דער פרייטיקצונאַכט אינם שבת, פילט־אָן דעם אינדערוואָכן מיט בענקשאַפט צום אָנקומענדיקן קבלת־שבת...

אָבער אויך דאָ איז נישט אַלץ גלאַט. און לאָמיר פאַרצייכענען:

אַנומלט. אַ יומטובדיקער „טיש". אָנגעפּאַרענע חסידים מאַרבע פינות העולם. דער גבאַי רופט זיי אויף:

„יאַנקל פון נעוויאַרעק שטעלט צען פלאַשן ווייַן",

„בערל פון מאָנטרעעל גיט זעקס פלאַשן ווייַן",

„איצקע פון פּאַריזש"...

„כאַצקל פון מינשען"...

פון מינכען?

יאָ. און אַ „גאָלע־בראָדניק" דערצו. אַ חסיד? נו, איך בין נישט דער מליץ־יושר פאַר וויזשניצער חסידות; אויך נישט קטיגור אויף יענע יידן, וואָס זיצן אין מינכען (דער דייטשער מאַרק!); בלויז — אַזאַ איינער וואָס קומט פון מ י נ כ ע ן צום רבין קיין בני־ברק, אַזאַ איינער איז עפּעס אַן אָנשיקעניש אַזאַ, וואָס פאַרדינט — מ'זאָל אים פּיינט־האָבן — — —

אַזאַ־אַ צבועק, וואָס קומט זיך רייניקן ביים רבינס טיש פון זיין זיצן — אין מינכען...

אָט אַזוי אַריינגעטראַכט. און אַזוי זיך אַריינגעקייטלט — ווידער אַ שבת־יומטובדיקער —

און יאַם־בים־באַי־איי־אַאאַ!

און אַז כ'קום אַהיים אַרום דריי ביינאַכט טוען די גראַביאַנעס איבער מיין קאָפּ

טרעטן זייערע לעצטע קאָרטן־טריט. זיי זענען שוין מיד. זיי דאַרפן זיך אויס־גרעפּצן נאָך דער פּאַרווײַלנדיקער פּרעסעריי, נאָכן „בידור"...

גאָר ביטער איז אויך מיט די זומערדיקע שבת־פּאַרטאָגן. די גראָבע יונגען פירן אַרויס אויף דער גאַס זייערע גראָבע ווייבער — האַלב נאַקעטע. זיי פאָרן זיך באָדן צום ים. טפו! בין איך מחוייב אויסצוהערן זייערע כאַכאַטשערייען? האָב איך נישט קיין רעכט צו געניסן פון דער שבתדיקער מנוחה?

ערשט דאָס גרילצן פון די משונהדיקע שבתדיקע וואָגנס. אָפיציעל פאָרן נישט שבת די אויטאָס. אָבער אומאָפיציעל — סאַראַ בהלה! קראַנקען־וועגענער און פייערלעשמאַשינען, און פאַרשידענע טראַנטעס — אַלץ ווערט פאַרוואַנדלט אין רייזע־מכשירים פאַר שבתדיקע דאַמען און הערן, וואָס פאָרן צו געסט, פאָרן צום ים, פאָרן שפּאַצירן מיט זייערע הינט — — —

אַבאַ גאָרדין איז נישט צופרידן מיט דער היגער מערכה זיינער. אין אַמעריקע איז ער געווען תושב מכמה יאָרן, געהאַט זיינע יידן — עטישע און אומעטישע; דאָ מוז ער אָנהייבן פונסניי. דאָ לעבט ער אין התבודדות. אמת, ער האָט זיך צונויפגעשטעלט אַ גרופּקע; האָט געהאָלפן אויפשטעלן אַ מין קלוב, אויך געשאַפן אַ זשורנאַל, אָבער דאָס אַלץ לאָזט זיין ווינונג — פּוסטעווען...

„עס פּוסטעוועט!" — קלאָגט ער זיך יעדער מאָל ווען איך קום צו אים.

און איך קום צו אים זעלטן. אויך מיין בידנע ווינקעלע איז נישקשה פאַרפּאַס־קודיעט. ווער וועמען האָט כוח אַרומצופּוצן?

איך סאָרטיר גאָרדינס קאַרטלעך, געשריבן מיט קרומע, שיפּע שורהלעך. צוויי ליגן זיי אויפן טיש:

ליבער פריינד און קאָלעגע... שלום!
וואָס מאַכט איר? וואָס ווייזט איר זיך נישט? בליצט עס, דונערט עס אָדער עס שניי־שטורעמט? אָדער עס פיינוועטערט? זייט איר בינתיים שוין עלטער געוואָרן און אַזאַ מהלך צופוס איז שוין נישט לויט די כוחות — און נישטאָ די מיידלשע יאָרן...
גוטער פריינד...

אַז איר דאַרפט שוויצן אויף „בליצן" — איז עס נישט קיין עסק, הגם אַ לייכטער גראַם. זעט איר, מיט די פונטן איז צרות, שווער צו קריגן פאַר זיי אַ גראַם... איך האָב נישט אַרויסגעגעבן קיינמאָל קיין זשורנאַל סיידן מע האָט עס פינאַנסירט. אַליין אי שרייבן, אי אַרויסגעבן, אי מאַכן די עקספּעדיציע און אי פינאַנסירן — איז צופיל אָנשטרענג און עס לוינט נישט...

די „בליצן" זענען גראָד פאַר מיר די איינציקע בכבודיקע הכנסה, וואָס כ'צי אַרויס מיט מיינע אייגענע בידנע כוחות, אַ לוינבאַרע הכנסה, וואָס שאַפט סביבה, אויסלעבונג (און איינלעבונג) און צוזאַמענשמועס — מיט אַנדערע און מיט זיך... פאַר מיר — לוינבאַר.

אָבער גאָרדין געפינט זיין אויסלעבונג אין אַרבעט, זיין אַרבעט: ליגט אויף דער סאָפע און שטעלט־צונויף מאָנאָגראַפיעס פון גדולי הדורות. אָט פאַרענדיקט ער אַ בוך פון הונדערטער זייטן וועגן משהן, יאָ: משה רבינו. אַ מין מאָנאָגראַפיע־ביאָגראַפיע־ראָמאַן וועגן דעם אינטימען לעבן פון אונזער רבי משה. דערצו איז ער אַ וועגעטאַריער, אַבאַ גאָרדין, דער בן־הרב.

...מיין חלק בייגעשטייערט: די „חבלי קליטה" דורכגעמאַכט, ווי מען זאָגט דאָ — על מאָה אחוז. איצט שוין איינגעסדרט לויט מיין דעוויז: ווינציקער אַרבעטן — ווינציקער פאַרגעניגעוועזן... מסתפק במיעוט — אַ שיינע מידה. מיין דירה, טאַקע אַן אומרואיקע, אַרומגערינגלט מיט אַן ערב־רב פון הינטעליגענץ, דאָך — פאַרשפּאַרטע פיר ווענט. אמת, בעת דער שכנים, קינדער און־הינט־מהומה פּיל איך זיך ווי אין אַ קאַסטן, וואָס מ׳קלאַפּט אויף זיינע ווענט טשוועקעס, אָבער — פאַרט אייגענע פיר ווענט; און ווו אַן „אָבער" זאָגט דער פּסוק... יאָ. די פיר ווענט וועלן ווערן אייגן נאָכן סילוקן די „משכנתאָ", דאָס מיינט — נאָך אַ 22 יאָר בערך. נישקשה פון אַ וואַרטן. און דערווייל דאַרף מען הנאָה־האָבן פונם ביסל לעבן. הנאָה האָבן פון דער מדינה: צפת. איך גרייט זיך צו פאָרן אויף אַ באַזוך אין דער מקובלים־שטאָט.
אין די ערשטע וואָכן נאָך מיין ווערן תושב האָט אַ ייד מ׳יר געשיקט אַ פאַרבעטונג קיין צפת, אָבער נישט געמאַכט די נסיעה; געהאַלטן דעמלט אין סאַמע אָנהייב פון ווייען און קליטה. איצט שוין ווידער אַ „שטיקל מענטש"; איצט שרייבן יענעם ייד, אַז כ׳בין גרייט. ווער איז יענער ייד? איך דערמאָן זיך נישט. ווי ער שרייבט אין זיין פאַרבעטונגס־קאַרטל, האָט ער אַ „ביתן" אין צפת, אַ מין קונסט־גאַלעריע. און איך וויל זען צפת. געהער דאָך די שטאָט צו די ערטער אין ארץ־ישראל, וואָס לייגן דעם חותם אויף דער יידישער מדינה. ווי ס׳דערמאָנט זיך דער נאָנטער אַמאָל: שליחים פון צפת. נישט פון ארץ ישראל, נאָר — פון צפת. יידן אין וואַרשע, אין אַ בית־הכנסת דאָרט, האָבן געשלינגען דעם ייד־משולח, זיינע ווערטער און אַלץ אויף אים. אַ הייליקע זאַך. און ווי ער רעדט יידיש. מחיה צו הערן! צפת. אַ מלוכה פאַר זיך. אַ מקובלים־מלוכה.

## 16. מקובלים אין צפת

צפת שוועבט צווישן הימל און ערד. באַרג און טאָל. אָנהייב פרילינג 1961.
פון אויטאָבוס אַוועק אויפזוכן דעם „ביתן" פון מיין מכניס אורח. געגאַנגען לויט זיין אָנגעצייכנטער מאַפּע; רעכטס פון וועג, יאָ, דאָ איז עס. דאָ איז אַ מעטשעט. ווייזט זיך אַרויס: בשעת דער גרויסער פּליטים־עליה, ווען יידן־פּליטים זענען געקומען אין דער יידישער מדינה און אַראַבער האָבן געמאַכט פּליטה פון די יידן

— דעמלט האָט מען געכאַפּט אַלץ. איז מיין ייד געקומען קיין צפת און געכאַפּט אַ מעטשעט. זאָל זיין אַ מעטשעט, אַבי צו מאַכן אַ לעבן. האָט ער דאָ אַהער צונויפגעקייקלט גראַווירטע שטיינער, אייזנס און בלעכן, אַלץ אויף וואָס אַ טוריסט קאָן האַלטן אויסגעגלאָצט די אויגן: פּלאַסטישע קונסט פון אברהם אָבינוס צייטן, שטיינער פון בית-המקדש, שווערדן און שפּיזן פון די מכבייער. הכלל: אַ „ביתן". מיין ייד, וואָס צו אַלע זיינע גליקן איז ער אַ מוראַדיקער קבצן, אַ שוואַרץ-אַרבעטער, האָט זיך געטאָן צו מיר דערקענען: געווען ערגעץ אַ שרייבער אין די דייטשע לאַגערס; איצט האָט ער געלאָזט אָפּדרוקן בלעטלעך, וואָס ער אַליין צעקלעפּט איבער שטאָטס מויערן. אין די בלעטלעך רופט ער טוריסטן צו באַזוכן זיין גאַלעריע. בלויז 30 פּיאַסטער אַריינגאַנג.

פּרייטיק אָוונט. אַ ספּעציעלער פירער לאָזט זיך מיט אַ גרופּע געסט איבער הענגענדיקע געסלעך, וואָס האַלטן זיך אויף נסים צווישן באַרג און טאָל. די שול פון אַר"י הקדוש. די שול פון דעם און יענעם מקובל. ר' יוסף קאַרו. ר' משה קורדובירו. לויטער קדושה. פון ערגעץ אַ ווינ-לאַך אַנטקעגן אַזאַ שול קריכט אַרויס אַ שמש, אַלט און צעקנייטשט ווי די געסלעך, ווי די שול. ער ווינקט זיך דורך מיטן פירער, שטעלט זיך אַוועק נעבן אָרון קודש און נעמט אויפקלערן פאַר די טוריסטן מכוח דער אַלטקייט, דער הייליקייט און שיינקייט פונם בית-הכנסת. אויף אַ פינגער בלאַנקט ביי אים אַ שווערער רינג, מסתמא אַ קמיע אַזאַ. ער רעדט גיך און מיט אַ כריפּענדיקער חית. אַ ייד פון תימן אָדער מאַראָקאָ. דערנאָך מאַכט ער אַלעמען אַ „מי שברך"... — אַזאַ-אָ וועג צו פּרנסה...

פון הענגענדיקע שטיבלעך — דורך טיר און פענצטער — בליצן אַרויס שבת-ליכט.

שלום עליכם מלאכי השרת...

ברעקלעך צעטונקלטע הימל באַדעקן מיט פּחד די איינגעהויקערטע הייזקעס, באַהויכן דעם הייליקן פּחד מיט קדושת השבת.

יה אכסוף נועם ששבת...

און אָט אונטן שוואַרצט זיך דער אַלטער בית עולם. די לופט — אויסגעפּילט מיט שוועבנדיקער קדושה, מיט קבלה, באַגלייט מיט שפּרינגענדיקע טריט פון די בעלי-הקבלה.

אויפן אַלטן בית עולם. דאָרט אַהין האָט מיך געפירט אַ קינסטלער פון „קרית הציירים". די מצבות — פריש אָפּגעפּאַרבט אויף בלאָ. אימעצער זאָרגט פאַר אויפהאַלטן דעם אָנדענק פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער. נישטאָ דאָ קיין לוקסוס-מצבות. אַלץ אַריינגעפּאַסט אינם מזרח-שטייגער: פּשטות, התלהבות, דביקות — עד כלות הנפש — — —

מיין באַגלייטער פאַרשטייט נישט דעם מיין פון די „קוויטלעך", וואָס קוקן אַרויס

פון מצבה שפּאַרונעס. זיווג טוב לבתי ופרנסה טובה לבני־ביתי. ער לאַכט. זאַ־
באַנעס. ווער לייענט דידאַזיקע שטיקלעך פּאַפּיר, האַ? איך שלאָג אים איבער די
הענט: טשעפּע נישט; צערייס נישט דעם קשר צווישן נסים און בעל־הנסים...
אשרי המאַמין. שאַ!
און פּאַרט: ווי איז מען דאָס אַזוי פּאַרכלינעט אין שטיינער? אַ, ניין. נישט קיין
שטיינער און נישט קיין בית הקברות. פון די קרומע הייזקעס אויבן טראָגט זיך
אַ געברום אַזאַ צו אַלע הויכקייטן, הייבט זיך און דרייט זיך און ווערט צעשוווי־
מען אין דער בית־עולם־לופט. מען דאַרף דאָס בלויז קענען פילן. מיין קינסטלער
פילט עס נישט. אַ „דורכגעגאַנגענער" אין קאַצעטן און געטאָס — פילט ער מער
נישט; גלייבט ער נישט אין קיין נסים... אמת, ער פּאַראייביקט דעם פיין אויף
לייוונטן — „טרוקענע קונסט". מער נישט. ער באַמיט זיך צו פאַרגעסן דורך —
חיי שעה. אַז דער מאָרגן איז דאָך כלל נישט קיין זיכערער! — — —
נו, גייען מיר צוריק. אַנטקעגן — אַ באַרג. אינם באַרג — לעכער. אין די לעכער
— איבערבלייב פון וווינונגען. וווינונג־לאָך איבער וווינונג־לאָך. שטאָקנווייז.
אָפּגעריסענע שטיקער. דאָ איז מיט פיל צענדליקער יאָרן צוריק געווען אַן ערד־
ציטערניש. דער באַרג האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. מעגלעך, ווייל ער האָט נישט
געקאָנט אויסטראָגן אין זיך אַזויפיל ברויזנדיקע יידן; אַזויפיל התלהבות, האָט
ער דערפאַר רעוואָלטירט — — —
צפת איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ קינסטלערס האַמער און
דליטע. איז דערפאַר „צפת" אַ טעמע פאַרן יידישן קינסטלער. און דערפאַר האָבן
דאָ יידישע קינסטלערס אויפגעשטעלט אַן אייגן ווינקעלע, אַ „קרית הציירים"
אויפן סאַמע ברעג פונם באַרג־אַראָפּהענג צווישן קרומע געסלקעס, אויף טרעפּ
און אין לעכער, וואָס זיי האָבן אויסגעפּוצט, אַריינגעבלאָזן חיות — פאַנאַנדער־
געהאָנגען איבער די ווענט זייערע קונסט־שאַפונגען.
איך זיץ ביים קינסטלער א., קוק אויף די ווענט און בלעטער דעם בילדער־
אַלבום. פון דרויסן טראָגט זיך אַ קלאַפּן איבער די ווענט.
„דאָס קלאַפּן שוין ווידער די ממזירימלעך" — זאָגט א. אַ טרויעריקער.
און אָט באַווייזן זיי זיך אין טיר־אַריינגאַנג. דריבנינקע, ברודיקע. דער קינסט־
לער שמייכלט צו זיי. ער מוז צו זיי שמייכלען. ווען נישט — וועלן זיי אים באַ־
וואַרפן מיט שטיינער... אין דער יידישער מדינה — נאָך אַלץ אין גלות, נאָך
אַלץ אין שרעק... די מישקעס מיסטיקן און נעסטיקן אויך אין צפת...
אַ טוריסט האָט זיך באַוויזן, אַ באַזוכער פון תל־אביב אָדער חיפה. ער באַקוקט
די בילדער. לסוף קויפט ער אַן אַלבום פאַר אַ פינפּערל. דעם קינסטלער פעלן
אויס ווערטער צום דאַנקען פאַרן אומגעריכטן פּדיון...
פּרייטיק אָוונט. צוגאַסט אין גרויסן זאַל פונם קינסטלער־קלוב. דאָרט זיך צונויפ־

געשמועסט מיט אַ ייד, וואָס ביידע קענען מיר זיך פון די נעמען אָבער טרעפן זיך איצט צום ערשטן מאָל אין „קרית הציירים". אברהם בער צעראַטאַ. דאָ איז ער „מנהל מוזיאון הדפוס". ער האָט זיך מיט מיר גאָר אָרומגעכאַפּט. קומט ער דאָך פון פּאַריז. איז דאָך דאָרט דער זאַמלפּונקט פון די געראַטעוועטע יידישע שרייבערס. דער און יענער — ער גיט מיר אָפּ גרוסן. יידן דאַרפן פּרנסה. אויך שרייבערס. איינער פון זיי האָט זיך גאָר געמאַכט אַ פאַרלאַג פון אַ מין קעשענע־ליטעראַטור. און נישקשה. ביידע, דער שרייבער און זיין ווייב (אויך אַ שריי־בערקע), מאַכן דערפון נישקשה... צעראַטאַ רעדט מיט ביטערניש וועגן דעם יידיש־„שרייבערישן פּאַריז". אַסך אמתן זענען מיר פון פריער באַקאַנט. האָב איך דאָך זיי געהאַט אין בוענאָס איירעס...

און ער אַליין האָט דורכגעמאַכט אַ שטורעם: פון וואַרשע קיין ווין. פון דאָרט קיין פּאַריז אין פרעמדן לעגיאָן, צוריק אין פּאַריז. „געזען אַ וויסטע וועלט" אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה. און אַז ער נעמט פאַרדינען גיט ער זיך אָפּ מיט קויפן בילדער ביי יידישע קינסטלערס, שטיצט זיי מיט זיינע לעצטע פראַנקן. און טאַקע איצט, האָיאָר, מיט קנאַפּע חדשים צוריק, איז ער געקומען אַהער להשתקע; מיטגעברענגט קונסט־עקספּאָנאַטן פאַר דעם מוזיי, ווו ער איז איצט דער אָנפירער.

אַ וואַרעמער ייד, אַ נאַמען, וואָס דערמאָנט אַ דור יידישע דרוקערס און פאַרלע־גערס אינם אַמאָליקן יידישן וואַרשע. איצט האָט אַ שריד פון זיי, אַן איינציק־געבליבענער, באַקומען זיין תיקון אין צפת.

## 17. „1948ער"...

אַנומלט באַזוכט צוויי פון מיינע באַקאַנטע. זיי וווינען אין אַ דאָרפישער סביבה. און מיך לאָקט די דאָרפישע שטילקייט. עס ווילט זיך אָפּרוען. איך בענק צו אַביסל מנוחה. משה לעסטני וווינט אויף אַ פעלד הינטער נתניה. אַ נחתדיקע שטילקייט. ק. וווינט אויף אַ מין דאַטשע, אָפּגערוקט פונם שטעטל בית דגון און פונם טומלדיקן הויפּט־שאָסיי. ק. איז אַ פּאַרטייאישער ציוניסט. געקומען איז ער קיין ישראל נאָכן ווערן אויסגעריסן אין וואַרשעווער געטאָ און אין אַנדערע מיתה־משונהס. פיל זענען זיי (אָן עין הרע) אין דער מדינה, די ציוניסטן פון זיין מין. איך האָב זיי אָנגעהאָנגען אַ באַזונדער שילדל: „1948ער ציוניסטן". מחמת, גראָד זיי האָבן טענות צו די „פּאַרשפּעטיקטע" און צו די־יעניקע, וואָס „קומען מיט טענות". נו, וויל איך נישט מאַריך זיין אין דעם ענין. עס וועלן מיר נישט סטייען קיין מעת־לעתן פאַר נאָטירן דעם פּאַטריאָטיזם פון די „1948ער", וואָס דער פּוב־ליציסט ק. איז, דאַכט זיך, דער ירגזונדיקסטער פון זיי.

ער האָט זיך איינגעסדרט אַ „קאָטעזש", אַ מין ווילע מיט אַ דירה אונטן און אַ דירה אויבן. ער איז זייער אַרבעטזאַם. כאָטש ער האָט פאַרמשפּט יידיש מיט „אויס־

שפּייען אין ים אַריין״, שרייבט ער יידיש אויך. נישקשה פון אַ פּראַקטישן ייד. איינציקע מאָל אים באַזוכט און שטענדיק איז ער געווען שמייכלדיק, ווי זיין שטייגער. אַפילו געלאַכט אויפן קול. מיר האָבן געשמועסט וועגן „ריינע ענינים״. ליטעראַטור און אַרום דעם. סתם אַזוי געזעסן אַ שעה צוויי — אָפּגערוט, אָפּגערעדט און צוריק צום אויטאָבוס. דאָס לעצטע מאָל איז מיין שמועס „אַראָפּ פון די רעלסן״. געשמועסט נישט לויט אַן אַנגעצייכנטער ליניע; געזוכט אַ פּירוש אויף זאַכן, וואָס פּאַסן זיך בכלל נישט אַריין אין דער מדינה־ליניע: טעגלעכע דערשיינונגען, וואָס פאַרפינצטערן די זון אויף די ישראל־הימלען. אדרבא — זאָל ער מיך צוריק אַרויספירן אויפן גלייכן וועג. לשון־הרע? אַז „קינדער אין די וויגן״ רעדן דאָך דערפון! טשעקאָווע: וואָס האָט דער פאַרטייאיש־ציוניסטישער פובליציסט דערצו צו זאָגן? סוף־סוף, לעבן מיר דאָך אין אַ דעמאָקראַטיע — פאַרוואָס נישט טאָרן זיך דורכשמועסן?

ק. איז ביי דער מיינונג, — אַז מען טאָר נישט. זיין מראה האָט זיך געביטן, ווי נאָר ר׳האָט דערהערט מיינע ערשטע ווערטער: „עס טויג נישט״. סטייטש?! שייך צו זאָגן, אַז עס טויג נישט? צוויי טויזנט יאָר געוואַרט אויף אַן אייגענער מדינה; איצט — טויג זי אים נישט! סטו׳געהערט אַ מעשה! דער שטענדיק־שמייכלדיקער, כמעט־לאַכנדיקער ק. האָט זיך איצט גאָר פאַרלוירן. די אויגן זיינע האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט גרינקייט, ווי ביי אַ פאַרציקנדיקער קאַץ און די ליפּן — געגלאַנצט מיט שוים. ער איז גרייט פאַר מיר אויסצופּועלן — אַן אומזיסטן בילעט קיין בראַזיל, קיין אַרגענטינע, קיין פּוילן אַפילו . . . ער וויל מיך אַרויסשיקן פון לאַנד, ער, דער פּאַטריאָט, דער 1948ער ציוניסט . . . אָט וועט ער, דער גוטער פריינד מיינער, זיך וואַרפן אויף מיר מיט די פויסטן. און איך האָב שוין געשוויגן. אַז סך־הכל נישט געזאָגט אַזוינס, וואָס זאָל מיך באַרעכטיקן צו באַצייכענען, ווי, חלילה, אַ שונא פון לאַנד און פאָלק. אָסור. כ׳האָב אַפילו נישט געטראַכט דערוועגן . . . ניין. ק. האָט זיך אויף מיר נישט געוואָרפן מיט געבײַלטע פויסטן. ער האָט זיך מסתמא, אין אַ ישובדיקער רגע, דערמאַנט, אַז בית דגון איז נישט בירא ביזדשאַן — —

אָבער זיין אויסזען האָט ממש געשראָקן. האָט ער נישט באַקומען אַ נערוון־אָנפאַל, אַ משוגעת־אַטאַק? איך בין זיין גאַסט. מוז זיך וואָס־גיכער אָפּטראָגן. פאַראַן אין דער מדינה נאָרמאַלע מענטשן און אויך פאַראַן משוגעים — משוגע־געוואָרענע פון צופיל צופרידנקייט . . .

בין אַוועק. דאָ זיך נישט לאָזן פון קיינעם דיקטירן — וואָס איך מעג און וואָס איך טאָר נישט. בפרט נישט פונם סאָרט פּאַטריאָטן — פון ק׳.ס זשאַנער . . .

אויס! פאַרלוירן נאָך אַן אַדרעס. אַ יאָר פופצן צוריק, בעת כ׳האָב אים דערקענט איז ער געווען גאָר מענטשלעך, אַפילו פריינטלעך. דאָ האָט ער זיך

ממש איבערגעקערט. מסתמא נעמט עס זיך דערפון, וואס ער האט זיך פארפעס־טיקט אין א צייטונג, וועלכע פארלאנגט — צופרידנקייט — — —

משה לעסטני געהער אויך צו די „1948ער״ ציוניסטן, אבער ער האט געומען אין ישראל טראכטן מיושבדיקער. ער האט פארווארפן דעם הורא־פאטריאטיזם צוזאמען מיטן געדאנק וועגן ענדערן דעם נאמען אויף „לסת״...

„פון ווייטן גלאנצט עס, אבער די ווירקלעכקייט האט פיינט פאנטאזיע; ביים טרעפן זיך פנים אל פנים מיטן לעבעדיקן פנים נעמען זיך באווייזן די קרעצלעך״ —

אזוי פילאזאפירט לעסטני, נישט ווארטנדיק אויף מיין „ארויספאר״. בכלל, איז מיין קומען צו אים נישט פארבונדן מיט קיין טענות און קריטיק; אבער פונם שטייגער איז נישט לייכט אפצווייכן: א מטבע באטראכט מען פוןביידע זייטן. לעסטני האלט, אז אזוי דארף עס זיין, מחמת דאס זענען די סימני בוגרות. מען דארף זיך נישט שעמען מיט די קרעצעלעך...

איך האב הנאה צו זיצן אין זיין שטוב, ארומגערינגלט מיט בוים און גראז. ער שילדערט פאר מיר זיינע „פאציענטן״ אינם מושב זקנים: דאקטוירים, פראָ־פעסארן, גענעראלן, שרייבערס, קינסטלערס — וועלט־נעמען, געקומען פון אלע עקן וועלט. זייער רוב — אריבער די אכציק. אין זייערע חדרים זענען צעהאנגען דיפלאמען, מעדאלן, רעצענזיעס.

„צוזאמען מיט זייער אוועקגיין אין דער אייביקייט — קרעכצט מיין גאסטגעבער — פארשווינדט אויך א שטיק ציוויליזאציע. אמת, זיי לאזן נאך זיך תלמידים, אבער ס׳איז עפעס נישט דאס״...

און ער נעמט זיך פאר א מוסטער: ער איז קראנק געווארן, האט אים געהיילט א דאקטאר פון די זקנים ממש מיט א שמייכל, מיט זיין געזונטן אפטימיזם און חשק צום לעבן. ער האט אים כמעט נישט געגעבן קיין רפואות. ביים צווייטן מאל איז געקומען צו אים איינער פונם אלטן דאקטארס תלמידים. האט יענער גענומען אזוי ערנסט די חולאת, אז ער האט אים אויף אן אמת קראנק געמאכט...

און דער שמועס האט זיך ווידער געדרייט ארום די חידושים אין אונזער מדינה. און אזוי זענען מיר געקומען אויף די רייד וועגן דער יוגנט: ביי אונזער יוגנט פעלט דער שמייכל. עס פעלט דער יידישער אפטימיזם, די יידישע אמונה. מיר זענען נישט חלילה פארבליבן קיין געשווירענע פעסימיסטן. דאך — קרעצלעך זענען טאקע א מוז־זאך פאר א יונג פנים, אבער סימפאטיש זענען זיי פארט נישט...

# .18 „בליצן" און „אייגנס" און ווערעמלעד און בלימעלעד און...

נאָוועמבער 1961. דערשינען דער נומער 19־20 „בליצן". באַשערט: אַ שוואַרץ רעמל. אינעווייניק — משה גראָסמאַן. אַנומלט זיך געטראָפן אויף אַ גאַס אין רמת־גן. ער האָט אויסגעקוקט אַ העלפט, ווי אים געזען ביי אונזער לעצטן צוזאַמענטרעף אין אוהבעקישן סאַמאַרקאַנד. דאָרט האָט ער פאַרמאָגט אויף זיך מער פלייש ווי דאָ... יאָ. און אויך דאָרט געווען מער מענטש ווי דאָ. ער האָט געהאַט אַספּיראַציעס; געפאַנטאַזירט... דאָ — אַן אויסגעלאָשענע זאַך. ער האָט באַשולדיקט געוויסע שרייבערס, אַז דאָס זענען זיי אים מקצר די יאָרן. איצט — אויס! איצט וועט שוין זיין רואיק. אַ שוואַרץ רעמל... נישט זיין אין וועמען אַריינצולאָזן שפּילקעס און פון וועמען צו באַקומען שטעכלקעס — —

און ווידער — אַ רעמל: בערך אין דער זעלביקער צייט האָט אין בוענאָס איירעס פאַרענדיקט מיט זיך — בערל גרינבערג. די ידיעה באַקומען מיט פאַרשפּעטיקונג. זי איז אַריין אינם נומער 21 „בליצן", דעצעמבער 1961. איך פיל אַ שווינדלונג אין קאָפּ, אַ מידקייט אין די ביינער. איך דערמאָן זיך אונזערע שמועסן; זיין באַקלאָגן דעם גורל פון אַ יידישן שרייבער צווישן גראָבע יונגען... על כן — האָט ער געמוזט זיין דער קרבן? יאָ, ער האָט דאָס פאַרגעזאָגט. זיין טרויער האָט געגרייכט צום העכסטן שטאַפּל. כדי נישט דערשטיקט צו ווערן, האָט ער זיך פאַרלייכטערט: אויסגעקליבן אַ לייכטערן טויט... עקד, בערל, בערל! — — —
בין מיד. פיל ווי דער אַרום איז פאַרמסחרט — בלויז מסחר, געמישט מיט היפּשע דאָזעס פאַלשקייט. ווי עס האָט זיך דאָס געטומלט אַרום דעם מגבית־לייטער אין פאַריז! ער האָט די צונויפגעשנאָרעטע געלטער נישט געשיקט אין דער מדינה; ער האָט זיי אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין טאַש... יאָ. עס פעלט דער יידישער חשבון־הנפש. אַז דאָס לעבן ווערט גענומען ווי אַ — ספּאָרט. 3 מאָל אין טאָג — ספּאָרט. זונטיק און מאָנטיק און דינסטיק — ספּאָרט; און שבת — אַוודאי ספּאָרט. אַזאַ לייכט לעבן; אַזאַ לייכט־באַקוועמע דערציאונג. 20 טויזנט זענען בייגעוועזן אויפן מעטש. און „קול ישראל" לעבט אין זכות פון דידאַזיקע מעטשיסטן. אַ היפּשן שבת־טייל פון זיינע אוידיציעס — זיי געווידמעט. איין מאָל און נאָך אַ מאָל, איבערגעחזרט און ווידערגעחזרט, אַז דער מוח פון יעדן יוגנטלעכן מוז ווערן פאַרחזירט מיט די פוטבאָל־וואונדיירים. ערשט אַ פרייטיק־אָוונט — די מכת המדינה: שפּילן קאָרטן אויף ליכטיקע באַלקאָנען. גאַנצע גאַסן, שטעט, די גאַנצע מדינה — שפּילט אין קאָרטן. אַ נאַציאָנאַלע שפּיל אַזאַ. ערשט די בהלה ביים פאָרן שבת זיך באָדן צום ים! זיי פאַרשוועכן נישט בלויז דעם שבת; זיי נעמען אַוועק פון יעדן אַנשטענדיקן ייד דאָס ביסל פאַרבליבענע אמונה — אין אַ יידישער מדינה...

מיט וואָס שיידט זיך אונטער אַ ייד אין זיין מדינה פון אַ ייד אין גלות? דאַכט זיך: אַ ספּעציעלער הכשר הענגט איבער אַלע ראַגעס — „בבקשה, קומט אַהער יידן פון פרעמדן גלות; דאָ האָט איר אַן אייגענעם גלות"... יאָ, און — אַ מי־אוסערן גלות. אין פרעמדן גלות שעמען זיך יידן פאַר די גוים. אינם אייגענעם גלות — טוט מען אַלץ אָן בושה; דאָ איז פון דעמאָקראַטיע געוואָרן —הפקר־קראַטיע...

טאָ ווי שאַפט מען זיך פאַרט אַ היימיש־יידיש־ווינקעלע!? אַ מין ארץ־ישראל אינם דאָזיקן גלות...? אויך שוין דאָס געפּרוווט. עס הויערט די קללה פון חברהמאַנישקייט אויפן ביסל יידיש אין דער מדינה...

און אפשר? כדאי ווידער אַ פּרווו־צו־טאָן. יאָ: האָב באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַביסל שקלים. זיך ווידער צוריקקערן צו מיינע מסחרים: מנחם־מענדלס פאַנטאַזיעס — באַנייען דאָס אַרויסגעבן אין דרוק אַ זשורנאַל. שוין פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס "קלאַפּן" די „בליצן" אויף דער שרייבמאַשין. לאָמיך ווידער ווערן „מיט לייטן גלייך", כאָטש בין זיכער, אַז כ'גרייט זיך ווידער צו גיין אויף אַ ברודער־קבר — אַוועקצופירן מיין קומענדיקן זשורנאַל דאָרט אַהין, וווּ עס האָבן זיך געהאַט אַוועקגעלייגט זיינע עלטערע קאָלעגן...

ערב פּרילינג. עס ליכטיקט שוין אין די גאַסן און אויף די וועגן.

אַפּריל 1962.

מזל טוב. דערשינען נומער 1 „אייגנס". געענדערט דעם נאָמען — פון „בליצן" אויף „אייגנס". משנה שם — משנה מזל. צו די „בליצן" געהאַט ווינציק מזל. דער גאַנצער עול איז געלעגן אויף מיינע פּלייצעס. איצט — בין איך אַ נגיד: אָפּגעשפּאָרט אַ פאָנד פאַר די ערשטע פינף נומערן לפּחות. בין איך פול מיט קוראַזש און האָפענונג. און דערצו שטויסט מיך מיין גרויסער כוח צו פאַנטאַזירן: יידן וועלן קומען, וועלן העלפן... הלמאַי נישט? ווילן זיי זיך דאָך אויך „אָפּ־רעדן"; ווילן זיי דאָך אויך סביבה...

נו, וועל איך וואַרטן אויף די רעזולטאַטן. דער ערשטער נומער „אייגנס" האָט שוין דערזען די ליכטיקע שיין — נאָך נישקשהדיקע מאַטערנישן און אַמפּערנישן. דאָס וויל איך גראָד פאַרגעסן. אַבי — עס איז געשען כרצוני.

ביים קומען אַהער, מיט אַ דריי יאָר צוריק, זיך געטראָפן מיט מיין חבר און קאָלעגע — מיט מנחם פלינסקער. ער האָט געהאַט זיין דירה אינם אַריסטאָ־קראַטישן „צפון"־תל־אביב; אַ דירה — אַ חלום. יאָ, אין זיין היימישן פלינסק וואָלט אים אַפילו נישט געקומען צו חלום אַזאַ־אַ דירה. נו, דערפאַר האָבן מיר דאָך אַן אייגענע מדינה, כדי יידן זאָלן זיך פילן — אייגן מיט אַלץ. טאָ, האָב

איך תיכף דערפילט, אַז דער מנחם מײַנער — שוויצט. עס טראָגט זיך פון אים אַ פײַכטקייט אַזאַ — אַזאַ דירה און אַזעלכענע פליגל! אַ שוויצעניש! האָב איך אים איבערגעלאָזט אין זײַן סאַלאָנאָווער וווינונג און אַוועק מײַן וועג.

איצט — געלייענט ערגעץ אין אַ פּאַריזער בלאַט, אַז מנחם מײַנער (גאָט מײַנער!) האָט אין פּאַריז פּאַרלייגט זײַנע געצעלטן. אויס מיטן פּאַטריאָטיזם. מנחם, וואָס איז געווען אַן עולה אין תל אביב: שרײַבעריש און שוויצעריש — איז געוואָרן אַ יורד קיין פּאַריז, כּדי דאָרט ווידער עולה־צו־זײַן — צו באַקומען דאָרט דעם נאָבעל־פּרײַז... אַזוי שרײַבט טאַקע אַ פּאַריזער בלאַט. „די זשורי לייענט זײַנע ווערק". נישקשה פון אַ חשק. אַבי — זײַן חלום איז מקוים געוואָרן: ער זעט די גרויסע וועלט — ער מנחם־מענדלעוועט איבער דער וועלט; אומעטום לאָזט ער הערן: „איך קום פונם לאַנד פון די אָבות...

טאָ לאָמיר זיך אומקערן — צו זיך:

מײַן אייגן דירה־ווינקעלע ווערט פּאַראומרייניקט פון די שכנים מײַנע. נישט איבערצוטראָגן. ווי נאָר עס קומט דער ערשטער זומער־צייכן, אַזוי פּאַרנעמען זיי דעם גראָז־טעפּעך אַרום מײַנע פענצטערס. און נישט בלויז פון אונטן. מײַן שכן איבערן קאָפּ דאַרף באַקומען אַ ספּעציעלע אויסצייכענונג פאַר זײַן — פּאַרווײַלן־זיך... מײַן מזל: אויבן האָבן די באַלעבאַטים, אַ יונג פּאָרל, זיך אָפּגעטאַנצט צו דער זעט נאָך דער חתונה, אַזוי געטאַנצט, אַז די ווענט (צוזאַמען מיט אַלע שכנים און מיט מיר בראש) האָבן מיטגעטאַנצט... אָבער די חתונה איז נישט געווען אין קיין מזלדיקער שעה. דאָס פּאָרל האָט זיך געגט. גענוג געטאַנצט. נו, איז די דירה אַריבער צו אַנדערע שכנים. אַזוי יעדע עטלעכע חדשים — פרישע שכנים, אַ פריש טרעטן איבער מײַן קאָפּ, אַ טרעטן און אַ טאַנצן.

מײַן איצטיקער שכן: אַ טיפּישער קליינשטעטלשער ייִד, וואָס האָט עולה לגדולה געווען — פון אַ באַלעגאָלע מיט פערד־און וואָגן אין שטעטל, איז ער אין ישראל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאָפער פון אַ „תנובה"־אויטאָ. נישט קיין קלייניקייט פון אַן אויפשטייג. פאַראַן צו־זעט אַ פלעשל מילך, אַ פעקל פוטער און קעז — וויפל ס'האַרץ גלוסט. כּדי דאָס אַלץ צו האָבן מוז ער אויפשטיין כּעלות השחר... טענה איך צו אים מיט טרערן: „רעב ייִד, טוט מיר אַ טובה און טוט־אָן אויף אײַערע פיס גומענע שטעקשיך; פאַרוואָס טרעט איר מיר אַזוי האַרט איבערן קאָפּ פיר פאַרטאָג!?" נו, לאַכט ער און — טרעט ס'זייניקע.

און גאָר שלעכט איז מיטן דאָזיקן ייִד אין די פרייטיקצונאַכטן: עס פאָרן זיך צונויף אין זײַן געדונגענער וווינונג אייניקע מנינים געוועזענע באַלעגאָלעס און איצטיקע „תנובה"־שאָפערס, פאָרן־אָן מיט זייערע לאַסטאויטאָס צוזאַמען מיט ווײַבער און קינדער און — עס הייבט זיך אָן די טראַדיציאָנעלע קאָרטן־געשפּיל צוזאַמען מיט טרעטעניש און וויגעניש, וואָס ציט זיך אַ פעליקע נאַכט. און

איך אונטן — שפּאַן איבער דער לענג און ברייט פון מיינע ד׳ אַמות — אַ שעה, צוויי, דריי. אַנומלט אויסגעפונען, אַז דאָס גיין פון רמת־גן קיין תל־אביב צופוס הין און צוריק וועט איינשליינגען אַ שעה פיר. האָב איך אַזוי געטאָן, אָבער דער שר־הזקנה האָט אַרויפגעלייגט אַ וועטאָ אויף מיין דאַזיקער התנהגות. נו, שפּאַן איך אַרום אין מיין צימער, וואַרט ביז די אויפגעקומענע באַלעגאַלעס וועלן פאַרענדיקן די קאָרטן־שפּיל; וועלן מיר דערלויבן זיך צו לייגן אין בעט אַריין...

וועט לאַנג אַזוי אָנהאַלטן די ווילדע און צופרידענע שפּיל? — — —

„אייגנס" וועדט מיר באמת צוגעאייגנט. פאַראַן מיט וואָס אויסצופילן אָונטן און פרייע שעהן. בפרט: מען שטייט הינטער מיר מיט הילף, מיט וואַרטן אומ־געדולדיק ביז אַ נייער נומער דערשיינט.

דערויף זאָגן עדות די בריוו און אָפּרופן, וואָס כ׳סאָרטיר איצט פאַרן צווייטן נומער. פאַראַן בריוו פון לייענערס, פון שרייבערס — מיט ווונטשן און הבטחות. יאָ. כדי אַרויסצולאָזן אַ נומער אויף דער ליכטיקער שיין דאַרף איך פריער צוגרייטן בערך — אַרבע מאות שקלים: פאַר דרוק, זאַץ, פּאַפּיר. מיין אַרבעט איז אויסערן חשבון. אדרבא, חוץ רעדאַקציע און שרייב־אַרבעט דאַרף איך נאָך „צוגלעטן" פאַרשידענע לעכער — אויפזיין אַ נאַכט, לויפן אַ גאַנג — — —

אָבער די סאַטיספאַקציע קאָן פון מיר קיינער נישט אַוועקנעמען. בפרט, עס האָבן אָנגעהויבן קומען תשובות: „דרייערלעך" און „פינפערלעך"... נישקשה. אַ גוטע התחלה. און דאָס גיט מיר צו מוט אַריינצובליקן אין דער היימישער קולטור־סביבה, צו גיין און צו הערן — וואָס עס טוט זיך.

אַזוי בין איך צוריקגעקומען פון דער קאָנפערענץ פונם העברעאישן שרייבער־פאַרבאַנד. בפירוש כדאַי געוועזן דער שווייסיקער מאַי־אָוונט, כדי זיך נענטער צו באַקענען מיט אַזוינס וואָס רופט זיך: שרייבער ביי יידן און אין אַן אייגענער מדינה.

חיים הזז און יהודה בורלאַ האָבן אויסגעטאָן דאָס קינד נאַקעט. דער שרייבער האָט נישט קיין לייענער; קיין פאָלק. עס האָט זיך געהערט דאָס אַמאָליקע גע־שריי פון יל״ג:

„למי אני עמל?"

אין אַן אייגענער מדינה מיט העברעאישע שולעס, מיט אַ יוגנט, וואָס איז גע־וואַרן איינגעוויגט אויף העברעאיש?

נו, געוועזן מסתמאַ נישקשהדיקע פאַרביטערונג אויך. אָבער איך וואָלט אַזוינע גאַנצע און האַלבע אמתן אויך געוואָלט הערן פונם יידישן שרייבער דאָ. אין קול ואין עונה. אינם יידיש־שרייבערישן ווינקל, וואָס געפינט זיך ווי באַקאַנט אין אַ קעלער, הערש פּעלטע באַלעגאַלע: ער דאַרף גאָרנישט, וויל גאָרנישט —

אים דאַרף מען בלויז גלעטן, שרייען אַ פעליקן מעת־לעת: „אתה קדוש ושמך קדוש"... דער העברעאישער שרייבער איז מוטיק מיט זיין הויך קול, מוטיק מיט די בייטשן, וואָס ער דערלאַנגט איבער דער פּלייצע פון דער יונגער, פערצנ־יאָריקער מדינה: נאָר נישט הוליען צופיל... משיח איז דערווייל נאָך נישט געקומען — — —

אַבאַ גאָרדין האָט מיך איבערראַשט און ווי זיין שטייגער — מיט אַ קליגעטשקע שמייכעלע: „אָט אַ שטיקל אַרבעט פון אַן אָפּגעריסענעם נאַר"...
ווער איז דאָס דער „אָפּגעריסענער נאַר"? איינער, אַ נייער שטערן אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע": ב. ריינוס רופט ער זיך. דאָס האָט מיר גאָרדין דערלאַנגט אַן אויסשניט פונם דאָזיקן בלאַט, ווו דער ריינוס רייניקט מיך אָן קאַטאָוועס און אָן רחמנות. ער האָט צו מיר טענות, הלמאַי איך „קאָפּיר" גראָסמאַנס „היימיש". מילא. אַז אַ נאַר וואַרפט אַ שטיין... ענטפערן וועל איך מסתמא דאַרפן, כאָטש דער סאָרט פּאָלעמיק מיט די ריינוסעס איז מיר שוין דערווידער.
און אָט האָט זיך געיאָוועט אַ מעשה רע נומער צוויי. זעט אויס, אַז אַ גוטער מלאך אויבן טוט זיך פאַר מיר מיען — עס זאָל מיר נישט פעלן קיין אַרבעט אונטן. אויב פאַרשווייגן די ריינוס־אינטריגע, — איצט באין־אופן נישט! — ערגעצווו געזען דעם פערטן באַנד „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטע־ראַטור" וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון די קליימס געלטער. צו דער גרויסער פאַרווונדערונג — מיין נאָמען צווישן די לעקסיקאָנירטע. היתכן? נישט האָב געענטפערט אויפן פרעגבויגן; נישט געהאַט ווען ס'איז עסקים מיט די דייטשע געלטער און מיט די אויסגאַבעס, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן מיט דער דאָזיקער הילף, — פאַרוואָס האָבן זיי אַריינגעשטעלט מיין ביאָגראַפיע (און זי נישקשהדיק צעקאַלעטשעט) אָן מיין הסכמה? בכלל: ווי שרייבט מען דאָס אַ ביאָגראַפיע אָן צו פרעגן ביים נאָך־לעבנדיקן בעל־דין? ווייזט זיך אַרויס, אַז איינער אַ מומחה אויף אַזוינע ענינים, איינער אַ ב. ע. האָט אָוועקגעשטעלט זיין חתימה אויף מיין נאָמען, אויף מיינע טעג און יאָרן. דאָס האָט ער, אמת, מיר געהאַט געשריבן אַ בריוועלע וועגן שיקן אים אייניקע פּרטים פון מיין רייך (אָדער אָרעם) לעבן; און אַז כ'האָב אים נישט געשיקט, איז ער באַשטאַנען אויף זיין גוטן חוש: אויב אַ מיטאַרבעטער פונם לעקסיקאָן — דאַרף ער קענען אויך „מאַכן ביאָגראַפיעס". און ער האָט געמאַכט — לויט זיין פאַנטאַזיע און געשמאַק... עס איז דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן אַ כפליימדיקע עבירה: אי מיך פאַר־פּאַטשקעט מיט געלטער, וואָס בין געווען פון די ערשטע אויסצורופן די חרפה פון דידאָזיקע געלטער, בפרט פאַר יידישער קולטור; אי די ביאָגראַפיע האָט

אין זיך מער פאַנטאַזיע ווי אמת אין אַ סך פּרטים. הכלל, עס איז הפקר: טו מיר עפּעס! ———

אין אַ בריוו צו דער פאַ״ש אַנגעוויזן, אַז ב. ריינוס האָט זיך געלאָזט אַריינציען אין אַן אינטריגע פון אַ געוויסן קאָלעגע (אָדער קאָלעגן) זיינעם. איז דערויף געקומען זיינס אַ תשובה — אינטריגאַנטיש אין פאָרם און אינהאַלט. ער וואַרפט מיר אונטער אַ ממזר (אינם סעפּטעמבער־נומער), אַז איך זאָל אינם בריוו האָבן אָפּגעלייקנט מיין שייכות מיט „אייגנס״. אַזאַ ווילדער איינפאַל. ער שעמט זיך נישט אויסצורופן לפני עם ועדה:

> קומט איצט מלך טשעמני מיט אַ בריוו אין היינטיקן נומער פאַ״ש, אין וועלכן ער לייקנט אָפּ, אַז ער איז דער „אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון „אייגנס״ און ער האָט טענות הלמאַי מיר האָבן דאָס געשריבן״ — — —

אַזוי פאַרנעמט זיך דערדאַזיקער ייד מיט בייזוויליק שקר און אינטריגע אויף פולע הונדערט שורות פון זיינע „שטריכן״. נו שוין, גע־ענ־דיקט!

די רעדע פון חיים הזז אויף דער פאַרגעקומענער שרייבער־קאָנפערענץ האָט דורכגעבראָכן ווענט. זי איז דערגאַנגען צו דוד בן־גוריון. די שטראָף־רייד האָבן אַ טאַרקע געטאָן דעם פּרעמיער. סטייטש! אַזויפיל שלעכטס אויף זיין געליבט באַשעפעניש, די מדינה!?

נו, איז צווישןביידן פאַרגעקומען אַ שמועס. אים געלייענט אין פאַריקן „הפּועל הצעיר״. ב. ג. האָט טענות צו הזזן, הלמאַי ער האָט אַזוי שטאַרק געלויבט דאָס געוועזענע יידישע שטעטל. אָט קומט ער דאָך פונם שטעטל — אַנטלאָפן דערפון. אַלע בעסערע יידן זענען אַנטלאָפן דערפון. וויל איצט הזז אַ באַנייט יידיש שטעטל? יאָ. הזז שרעקט זיך נישט פאַר זיין „שטעטל־ליבע״. ער בענקט טאַקע אַהין, לאַו־דווקא צום שטעטלשן מאַרק — צו דער דאָרטיקער געוועזענער יידישער יוגנט, וואָס האָט געלייענט און געלערנט... די יידישע יוגנט אין דער מדינה? נישט קיין פאַרגלייך! דאָ לייענט זי נישט און לערנט זי נישט; דאָ בלאָנקעט זי אַרום איבער די גאַסן...

אַזוי האָט געזאָגט דער שרייבער צום פּרעמיער — אמתן, געוואַגטע אמתן. נו, ב. ג. איז מסכים מיט זיי. ער וויל בלויז, אַז הזז זאָל אויך זען דאָס ליכט אין דער מדינה. און דער שרייבער? — ער זעט. דער בלויזער קיום פון דער מדינה איז — ליכט. עס איז אָבער עלול, חלילה, זיך אַנצורוקן אַזאַ פינצטערניש, וואָס זאָל פאַרלעשן דאָס ליכט. אויך דאָס דאַרף מען באַצייטנס זען. ———

אָקטאָבער 1962. דער אָקטאָבער־נאָוועמבער־נומער „אייגנס״ איז מלא וגדיש מיט קריטיק און פּאָלעמיק, ממש כמו שכתוב, ווי עס שטייט בפירוש געשריבן אינם

אונטערקעפל. ספּעציעל צייכנט זיך אויס די קריטישע פּאָלעמיק (אָדער פּאָ־לעמישע קריטיק) פון י. ראַפּאָפּאָרט קעגן יעקב גלאַטשטיין. אינם בייגעלייגטן בריוו וויזיט־אָן י. ר., אַז עס איז ממש אַ מצוה אָפּצודרוקן זיין „דיכטער דזשעקיל און קריטיקער הייד...״ (אַזאַ טיטל טראָגט זיין פּאָלעמיק און טאַקע מיט דריי פּינטעלעך) אמת, כ׳האָב לאַנג געטראַכט, צי ס׳איז כדאַי צו פאַרדינען אַ מצוה מיט פאַרנעמען קרוב צו זעקס קאָלומס פון מיין אָרעמען „אייגנס״ מיט אַן „איבערשמועס״ פון מעלבורן קיין ניו־יאָרק און סאַראַ „שמועס״! דאָך — ראַפּאָפּאָרט פאַרמאָגט ברייטע פּלייצעס... עס בעט זיך אָבער אַן אייגענער קאָמענטאַר, אַפילו „נישט צום פאַרעפנטלעכן״:

דעם שרייבערס פּען — האָט אַמאָל אַ קלוגער מאַן געזאָגט — שטעקט אינם קאָפּ פון פאָלק, דעם שרייבערס פונדאַמענט. אונזערע שרייבערס פילן, אָדער דאַרפן פילן, אַמשטאַרקסטן די ביטערע ענדערונג ביי אונזער פאָלק במשך די פאַרגאַנגענע פופצן יאָר. אויך די שרייבערס זענען עלטער געוואָרן, סטאַטישער, במילאָ — רואיקער.

וואָלט בכן אפשר כדאַי געווען, אַז שרייבערס־יחידים, וואָס מאַכן רייסן זייער „איך״ איבער אַלע דעכער, זאָלן עס נישט מאַכן אַזוי רעשיק און אַזוי — אַנגריי־פעריש... צו וועמען שרייען זיי? דאָס פאָלק, די שארית הפליטה, צעוואָרפן דאָ און דאָרט, פרייט זיך מיטן שרייבערישן איבערבלייב; אָבער דידאָזיקע יידן דערוואַרטן פונם שרייבער עפּעס אַנדערש, אויסער — די זעלבסטפּאַרטייִדיקנדיקע שטעכלקעס... קעגן וועמען און קעגן וואָס זיך פּאַרטיידיקן? נו, וואָלט אפשר כדאַי געווען, אַז דער „שרייבערישער איך״ זאָל אָפּטרעטן פון זיין חשיבות, פון זיינע פאַרלאַנגען — זאָל זיך באַרואיקן... כאָטש, יאָ, כאָטש נישט שטענדיק איז רו די ריכטיקע רפואה ———

## 19. אַ גרויסע אַטאַקע און קליינע אַטאַקעלעך

האָב געמאַכט אַ היפּשן איבעררייס, אַן אומפאַרגעזעענעם, אַ געצוווּנגענעם, אין מיין שרייבן די נאָטיצן. עפּעס איז געשען. נאָך איצט, אַ וואָכן זעקס נאָך דער געשעעניש — סוף יאַנואַר 1963 — קאָן איך זיך נישט „צונויפנעמען״, קאָן איך נישט „קומען צו זיך״.

הכלל:

אַ זוניקער טאָג אין 2טן דעצעמבער 1962, אַ טאָג אין ישראל, וואָס איז אָנגעפילט מיט וואַרעמען נחת אויך אין סאַמע מיט ווינטער. זיך געגרייט צו גיין אין ביבליאָטעק אויף דער צווייטער העלפט טאָג. זיך אָוועקגעשטעלט נעבן דער אויטאָבוס־סטאַציע אַנטקעגן מיין שטוב און דאָרט, ביי דער סטאַציע פּלוצים דערפילט אַ שניט אין דער ברייט פונם ברוסטקאַסטן... נו, אַזוינע זאַכן טרעפן

מיט יעדן, טרעפן און פאַרגיין. ביי מיר אָבער האָט דער שניט זיך באַזעצט — אָן צו פאַרגיין. מיין קאָפּ נעמט זיך איינבייגן און עפּעס פיל איך, ווי אַ מעסער־שאַרף וואָלט זיך געשניטן אויפן וועג צום האַרץ...

צוריק אַריין אין שטוב, „אָפּגעגעבן" דאָס עסן און דערפילט אַ זייער פּאַסקודנעם איבל. מסתמא נעמט זיך די צרה פון אַ קאַלעדיק מאכל. איז כדאַי זיך אָפּצורוען, זיך אויסגעצויגן אויפן בעט, איבערוואַרטן, די ווייטיקן זאָלן פאַרביי. אָבער — ניין. דאָס שניידן פאַרטיפט זיך. און נישטאָ קיין צייט צו וואַרטן. איך מוז אַוועק צו דער אַרבעט... און דאָ — די שטראָף אַ טאָפּלטע: איך האָב געפילט די ווייטיקן. וואָלט איך זיי כאָטש נישט געפילט... מאַלע וואָס עס טרעפט, אַז אַ מענטש פאַלט ערגעץ אַוועק!

אַרויף אויפן אויטאָבוס. קוים וואָס איך האַלט זיך. אַזוינע ווייטיקן נישט געהאַט אין די ערגסטע צייטן. שלעכט. וואָס אַזוינס האָב איך דאָס געגעסן? ———

——— ממש אַ געטלעכע האַנט האָט מיך געפירט איבער די טרעפּ פון דער צענטראַלער אַמבולאַטאָריע אין רמת־גן. וואָס אַ טרעפּל העכער — מיין קאָפּ פאַלט נידעריקער, דאָרט אַהין, ווו אַ זעג טוט שניידן איבער דער ברייט פונם ברוסטקאַסטן... זיך דערשלעפּט צו אַ טיר אויפן ערשטן שטאָק, זי אויפגעפּראַלט מיטן געשריי:

„אַ דאָקטאָר!"

אָבער אַ ווייבל פון אינעווייניק נעמט מיר געבן צו פאַרשטיין, אַז נישט דאָ, עס הייסט, אַז דאָ נעמט מען נישט אויף קיין קראַנקע; אַז דאָ איז... און איך — אָט ווער איך צעפּליקט אויף צענדליקער פּיצלעך און ברעקלעך. און אַ געשריי האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן, אַ צעווייטיקט געשריי:

„פּה יכולים למות!" ———

און די געטלעכע האַנט, וואָס האָט מיך געפירט איבער די טרעפּ ביז אַהער, האָט מיך איצט אַרויסגעפירט פון דאַנען: אַ דאָקטאָר — אַן אַלטיטשקער, מיט אַ קראַוואַטל איבער דער ברייט פונם איינגעשרומפּענעם האַלז; ער האָט מיך אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און געהאָלפן זיך הייבן איבער די טרעפּ אַרויף...

אַאַאו! — מיין קאָפּ האָט זיך אויסגעגלייכט. אַוועק די ווייטיקן. איך ליג אויף אַ בעטל. צוקאָפּנס — דער דאָקטאָר. איך הייב־אויף צו אים מיינע אויגן, וויל אים כאָטש אַ גלעט טאָן מיטן בליק.

ד״ר שליט. אַזוי רופט ער זיך, דער גוטער דאָקטאָר. פון וואַנען קומט אַזאַ גוטער דאָקטאָר? פון דער ליטע. אַ ייד מיט אַ ליטווישן יידיש. ער שמועסט מיט מיר. נאָך דער לאַנגער נאָדל אין מיין לינקן אַקסל — מעג מען שוין מיט מיר שמועסן. נישקשה. די געפאַר איז שוין פאַרביי. איצט איז די איינציקע רפואה — באַרואיקן מיט ווערטער, וואַרעמע, גלעטנדיקע, היימישע ווערטער.

און דערנאָך איז געקומען אַ „שוועסטער" מיט אַ וועגעלע אַזאַ, מיט פאַרשידענע מכשירים און דראָטן און עלעקטרישע קנעפּלעך, וואָס דאָס אַלץ צוזאַמען טראָגט דעם נאָמען: „עלעקטראָקאַרדיאָגראַם". אַ שווערער נאָמען, אָבער לייכט אויסצו־טראָגן די מאַשין אויף זיך. הכלל: די מאַשין האָט באַוויזן...
דער דאָקטאָר וויל וויסן מיין אַדרעס, וויל וויסן צי כ׳פאַרמאָג ערגעץ משפחה, היימישע. ער דאַרף זיי עפּעס מודיע־זיין. וואָס אַזוינס? נו, נישטאָ קיין צייט צו וואַרטן. האַ?
מיין אַדרעס — הספריה העירונית רמת־גן...
איין קלונג און נאָך איין קלונגביים טעלעפאָן. דער שמועס אינטערעסירט מיך. דאָס וועט מען דאָך רעדן וועגן מיר ———
...התקף־לב...
וואָס? אַ האַרצאַטאַק? ווי קומט עס גאָר צו מיר? פון וואַנען נעמט עס זיך גאָר צו מיר? אוי, דאָק־טאָאאר!
מען טראָגט מיך. מען פירט מיך. מען טרייסלט מיך. אַן אַמבולאַנס. די היסטעריע האָט מיך אַרומגעכאַפּט. אַ נעפּל אַרום מיינע אויגן. אַלץ, אַלץ — פאַר־שווונ־דן ———

——— נאָך די מאַטערנישן, וואָס האָבן אויף מיר געדריקט (ביז צום דערדריקט ווערן) במשך דער לעצטער שעה, בין איך איצט, אויפן שפּיטאָל־בעט, אַריינגעפאַלן אין אַ באַוווסטלאָזן שלאָף, וואָס האָט מסתמא אָנגעהאַלטן אַ היפּשע צייט. נאָכן עפענען די אויגן האָבן מיינע שכנים אין דער פּאַלאַטע מיר געזאָגט, אַז דאָ האָט געוואַרט און זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן דער מנהל פון דער ביבליאָטעק. ער איז געווען זייער פאַרזאָרגט און געהייסן איבערגעבן אַ גרוס און ווונטש.
דער מנהל — אַ ייד פון פּינסק. בעת דער אַרבעט איז ער בכוח „צו דערגיין די יאָרן", אָבער אויסער איר — נישקשה פון אַ ייד, וואָס איז גרייט צו טאָן אַ טובה, איז אויך גרייט מוותר־צו־זיין אויף זיין קעמפערישן העברעאיש, כדי זיך דורכצושמועסן מיט אַ היימישן ייד אויף פּראָסט יידיש. נו, האָב איך אויפ־גענומען מיט צופרידנקייט זיין גרוס.

און טאַקע איצט, ווי נאָך אַ וויסט־פאַרטשאַדעטן חלום, נעמט זיך אַרויסשיילן דער פאַרדאַגהטער אויסזען זיינער, בעת ער האָט מיך באַגלייט אינם אַמבולאַנס צום שפּיטאָל. ער איז פּלוצים אַריין אינם אַמבולאַטאָריע־צימער, ירחמיאל סלוצקי; מיין באַוווסטזיין האָט שוין געהאַט געאַרבעט געגנוג „באַוווסטזיניק". שוין קלאָר געווען: עס וואַרט אויף מיר אַ שפּיטאָל־בעט... און אַזוי האָט מיך דער מנהל מיינער באַגלייט אַהער. ער האָט בפירוש מיטגעפילט מיינע ווייטיקן, וואָס האָבן זיך, היסטעריש, אָנגעשלאָגן אויף די ווענט פונם איילנדיקן אַמבולאַנס. נו, האָט

ער פאַרדינט מצדי אַ „תודה רבה" און דאָס — אויסער זיין פאַרדינסט פון דער מצוה „ביקור חולים" — — —

מיינע בעט־שכנים — אַכט. זייער רוב — אויף „בדיקות". נאָכן באַקענען זיך נעענטער מיט זיי, זיך דערמאָנט אָן אַ צוגעפּאַסטן נאָמען: „אַרטיסטן"...
מיין בעט — ביי דער וואַנט. דער צווייטער אין ריי — אַ ייד פון פּתח־תקוה, אַ בוכהאַלטער. צו אים קומט דאָס ווייב יעדע האַלבע שעה. און אַז זי געפינט אים נישט אין בעט — פאַרברעכט זי די הענט, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אַהינטער מיט אַ כריפּ:
„און ווי איז צו דער אַלמנה!"
אַז דער מאַן איז גאַר געגאַנגען זיך „אויסליידיקן" נאָכן זעטיקן מיטאָג, וואָס ער האָט מיט אַ ווילע צוריק „אַריינגעוואָרפן". אָט גייט ער, אָט... איצט פאַר־שטאַרקט דאָס ווייב איר געוויין. ער לייגט זיך אַריין אין בעט — דער „אַרטיסט"...
כדי צו שפּילן אַן אַרטיסטן־ראָל אויפן ביילינסאָן־בעט דאַרף מען זיך בלויז קענען „צונויפרעדן" מיטן משפחה־דאָקטאָר, אים איינרעדן, אַז עס דריקט דאָ, עס דריקט דאָרט; אַז דאָס האַרץ איז עפּעס... נו, נו — ווערט אויסגעשריבן אַ צעטל אין „ביילינסאָן" אַריין — אויף „בדיקות". מילא, אויך גוט אויף צו באַפרייען זיך פון אַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט און צו פּיעשטשען זיך פאַרן ווייב, בפרט, אַז מ'האָט אַ שלעכט, אַ פּאַסקודנע ווייב.
אַזעלכענע זענען זיי דאָ אַן אַרטיסטן פיר. אויפן בעט נעבן פענצטער ליגט אַ קראַנקער ממש. עס הייסט: אַ געוועזענער קראַנקער. מ'האָט אים שוין אויס־געשריבן, אָבער איילט זיך נישט צו פאַרלאָזן דאָס בעט. אַז בסך־הכל — טענהט ער — וואָס ווייסן דען די דאָקטוירים; אַז ער דאַרף צוריקגיין צו אַזאַ שווערער אַרבעט: קנעטן ליים, טראָגן ציגל. עפּעס גוט? ניין. נישט גוט. אָבער די דאָקטוירים פאַרזיכערן אים, אַז זיין האַרץ איז שוין ווידער גוט; אַז ער באַקומט אַ חודש „חופש", אַז... ער מוז לאָזן דאָס בעט פאַר אַ צווייטן קראַנקן — נאָך ליגן דערויף איינאונצוואָנציק טעג.
איינאונצוואָנציק טעג! — אַזויפיל טעג וועל איך מוזן קוועטשן דאָס שפּיטאָל־בעט! און דערווייל — מוז איך זיך אויף אַן אמת „נעמען צום האַרץ": ליגן, נישט רירן זיך, רופן: „סיר!", „בקבוק!", כלים אַזוינע, וואָס ווערן באַנוצט פון אַ ליגנדיקן חולה אויפן בעט און אין בעט —
„מאַכן אונטער זיך"...
דער ערשטער באַזוך: אַ יונגער דאָקטאָר. ער וויל וויסן פון מיין געבוירן ביז מיין דערצויגן: אים אויסרעכענען אַלע מיינע דורכגעמאַכטע קרענק. ער הערט און

פאַרצייכנט. איצט הייבט עס זיך אָן: בלוט־נאָדלען, צאַפּן און מעסטן און וועגן. דרוק־אַרויף, דרוק־אַראָפּ. מיינע ביידע הענט פאַרוויקלט מיט קישקעלעך אַזוינע — יעדע ווײַלע גרייט צו מעסטן דעם בלוט־דרוק. טאָמער חלילה נידעריקער פון דער מאָס — אַ זיפּץ פון דער „אַחות". אָבער נישקשה. זי וועט באַלד קומען נאָך אַמאָל. דערווייל נישט נייטיק צו רופן דעם דאָקטאָר.

ביינאַכט — צוויי „שוועסטער" פאָרן אַרויס מיט מיין רעדלדיק בעט אויפן קאָרידאָר. דאָ וועלן זיי בעסער קענען קוקן אויף מיר. זעט אויס: אַ שווערער „פאַל" מיט מיר. מען טאָר מיך נישט אַראָפּלאָזן פון אויג. מיין קאָפּ לעבן געפינט זיך אויף אַן אמת אין סכנה...

אין דער דריטער נאַכט, נאָכן אַריינפאָרן מיט מיין בעט אינעם לאַבאָראַטאָריע־צימער; נאָכן נישט לאָזן מיך איינשלאָפן שוין דעם דריטן מעת לעת, האָב איך פּלוצים באַקומען „לשון" — פאַרווערט צו מאַכן איבער מיר „עקספּערימענטן" — „אני לא רוצה — איך וויל נישט — שתלמדי על גופי את תורת הרפואה"...

איין קלייניקייט! די „אַחות" איז צוגעקומען, פאַרקוועטשט מיין האַנט, געמאָסטן דעם בלוט־דרוק און געשמייכלט:

„שכב אַדוני", עס הייסט: לייג זיך, מיין שלימזל, שלאָף, קיינער וועט דיך מער נישט עקספּערימענטירן...

וכך הווה. פונם פערטן טאָג אָן — געבליבן אַ סטאַבילער ליגער אין דער פּאַלאַטע. די סכנה איז פאַרביי. דער קריזיס...

דער „אַרטיסט" אויפן צווייטן בעט קאָן נישט פאַרטראָגן „דאָס געשטאַנק", וואָס עס טראָגט זיך פון מיין „סיר". ער פאַרקלאָגט זיך דערויף פאַר זיין ווייב. און זי — אַ געטריי ווייב — טוט אַ כאַפּ דעם טאָפּ און אַנטלויפט מיט אים. שוין. ערשט וועט דער מאַן קאָנען באַקוועמער רוען אויף זיין בעט. סיווּי — נאָך היינט מסתמאָ. ער האָט זיך אָפּגעבעטן. מ'האָט אים אויסגעשריבן מיט צוויי טעג צוריק. טאָ זאָל זיין אַפילו אויף איין שעה — מוז איך זיין דער קרבן פאַר זיין טובה־וועגן? עס העלפט נישט מיין וועלן זיך האַלטן „אינטעליגענט"; אוי, מיינע בויך־קראַמפּן! אַ קוועטש ביים עלעקטרישן קנאָפּ:

„אַחות, סיר בבקשה!"

די „שוועסטער" פאַרשטייט נישט:

„יש לך סיר צמוד למיטתך!", וואָס מיינט: איך האָב אַ „סטאַבילן טאָפּ" אונטערן בעט... ווו איז ער הינגעקומען?

מער האָט דעם אַרטיסטס ווייב נישט אַוועקגענומען דעם „סיר". זי האָט זיך פאַרנומען מיטן מאַן און אַוועק מיט אים אַהיים. דאָרט איז נישט פאַראַן קיין „סיר צמוד"...

די בעטן בייטן זיך. אַ קראַנקער אַראָפּ, אַ קראַנקער אַרויף. דאָס מאָל איז מיין

שכן אַ ייִד מיט „צנורות", רערן אַזוינע, וואָס טרייבן דעם „חמצין" אין זיינע נאַזלעכער אַריין און פון דאָרט — ווייטער. אַ שווער קראַנקער. עס פעלט אים אָטעם. ער קאָן אָבער נישט פאַרטראָגן די רערלעך. זיי שטערן אים אין — רעדן. ער דאַרף רעדן און אַ סאַך רעדן. און ער וויל אויך, מ'זאָל אים אויסהערן. און אַז ער צערעדט זיך הערט זיך אַרויס פון זיין האַלז אַ סאָרט רעווען: גוואַלט און געשריגן! ער איז געלעגן אין שפּיטעלער אין ווין, אין בערלין, אין לאָנדאָן...
דאָ איז אויך אַ שפּיטאָל? אַ וואַזשנער שפּיטאָל!
איך צי אַריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ. און ער וויל דווקא, איך זאָל אים אויסהערן. זיין קרענק — רעדן. זיין רעדן — אַ באַרימען זיך פון „אַ באַרימטן קראַנקן"... און ער האָט טענות צו מיר, הלמאַי כ'וויל אים נישט אויסהערן.
ער זידלט. ער זידלט אַלעמען: אויך־מיר־קראַנקע!

די „שוועסטער" פּרוווט אים באַרואיקן. ביינאַכט איז אַריין דער דיזשורנע־דאָקטאָר. ער האָט אים געזאָגט, אַז מאָרגן וועט ער גיין אַהיים. אויסגעשריבן. דאָ אַהער האָט מען אים געבערענגט פון אַ צווייטער פּאַלאַטע. אומעטום טוט ער אָן צרות.

„מחר הביתה!"

וואָס? מאָרגן? נאָך היינט! זאָל מען אים געבן דאָס אָנטועכץ. ער גייט תיכף אַהיים. און ער איז געגאַנגען. אָוונט איז געקומען צו אים דאָס ווייב אויף באַזוך.
ער איז שוין געשטאַנען אָן אָנגעטוענער, אַן אָנגעצונדענער:

„אויך מיר אַ שפּיטאָל... אויך מיר קראַנקע"...

אַן אומהיימלעכער חולה. פאַרשידענע חולאים פאַראַן. אַנטקעגן נעבן דער טיר ליגט אַ חולה פון די „מזרח עדות". האָט זיך געמאַכט, אַז ער און נאָך איינער אַ קראַנקער (אַן אַשכנזי) האָבן פּלוצים דערפילט די נייטיקייט פון אַ „סיר". האָבן זיך ביידע צעשריגן:

„אַחות, ססס־סיר!"

איז די „אַחות" אָנגעלאָפן מיט צוויי טעפּ, געלאָפן פריער צום פענצטער, ווו ס'איז געלעגן דער אַשכנזי און צוריק — צום ספרדי.

„זו אפלייה!" — האָט דער מזרח־ברודער זיך צעשריגן.

און רעכט מיט אים: אַז ער ליגט נעבן דער טיר; נעמט די „שוועסטער" און לויפט אַפריער צום פענצטער מיטן סיר...

„גזענות!" — ראַ־סי־זם!

און איך קוק זיך איין אינם צעשראָקענעם פּנימל פון דער „שוועסטער"־ראַסיסט־קע; יאָ: חדוה, די שאָקאָלאַדנע תימנרין. זי צעשמייכלט אירע מילכיקע ציין אַנטקעגן דעם דיסקרימינירטן ספרדי.

דער דריטער פון אים איז אַ שאָפער. סתם אַ שאָפער, וואָס פירט אין זיין טעקסי

פּאַסאַזשירן איבער דער יידישער מדינה. האָט זיך געמאַכט, אַז פּלוצים און אומגעריכט — דאָס קעטשל האָט אים געבערענגט אַהער. אַז ער — אויסערלעך אַ רויט־פּיסקעדיקער יונג נאָך איצט, אויפן שפּיטאָל־בעט — אַז ער איז געווינט צו פּירן יענעס אין זיין טעקסי — האָט מען גאָר איצט אים געפירט... קומט דאָס ווייב אויף באַזוך:

„אַז ער איז דאָך קיינמאָל נישט קראַנק געווען; האָט ער זיך גענומען צום טרינקען; עטך פאַרשטייט: אַ גאַנצע פלאַש גיסט ער אַריין און פאַרבייסט מיט אַ ווורשט־קישקע... אַז ווי צו מיר״...

אַזאַ איז דאָס לעבן און טו עס עפּעס.

נו — און ווו האַלט איך דאָ, אין דער שפּיטאָל־וועלט?

שוין פינעף, זעקס, שוין זיבן, אַכט — האָ, וויפל טעג ליג איך שוין אַזוי אויפן שפּיטאָל־בעט? זייער שלעכט מיטן דאַזיקן בעט. דאָס איז אַ מין קבר, רחמנא לצלן — אַן אייל אויף צוויי — וואָס האַלט אין זיך אַריינגעפּרעסט דעם מענטשס גוף: נישט רירן זיך, נישט באַוועגן זיך!

מען קומט צו מיר אויף באַזוכן. די מצוה ביקור חולים איז דאָך אַזוי גרויס. און איך — לא עלינו. איך וואַרט, אַז די קומערס זאָלן ווערן גייערס; אַז די באַזוך־צייט זאָל זיך גיך פאַרענדיקן — כ׳זאָל נישט דאַרפן אויסהערן נודיעריייען: „איר קוקט דאָך אויס נישקשה!״, קרעכצערייען: „איר זענט דאָך געווען אַזאַ געזונטער מענטש!״

גאָרנישט. איך האָב נישט קיין כוח צו מיטשמייכלען און מיטקרעכצן.

בלויז אויף איינעם אַ באַזוכער קוק איך זיך אויס די אויגן. ער, יונה בן דב טשעכאַנאָווסקי, ברענגט מיר די פּאָסט, האַלט מיך פאַרבינדן מיט דער וועלט. ער איז אַ געבוירענער אין לאָדזש. געקומען אַהער מיט אַ דריי צענדליק יאָר צוריק, געקומען מיט חלוצישע אידעאַלן, מיטגעברענגט אויך שרייבערישן סטאַזש; געשריבן און געדרוקט יידישע לידער, געווען צווישן די מקורבים פון י. מ. ווייסענבערג. דאָ, אין דער יידישער מדינה, האָט ער אויך גענומען שרייבן לידער אויף העברעאיש, אַרויסגעגעבן אַ פּאָעמע אין בוכפאָרם. זיין אויסזען: אַ הויכער, מיט באַקנבערד, מיט אַ געדיכטער טשופּרינע אַ צעפלאָשעטער — דיכטערישע פיזיאָגנאָמיע פון לאָדזשער גוטע יאָרן — און פון טרעטן נעבן־די־זוילן.

איצט טענהט ער: אַלץ איז ער זיי מוחל, די מדינה־פירערס, נאָר דאָס וואָס זיי האָבן פון אים אַוועקגענומען דעם אידעאַליזם, אָ, דאָס וועט ער זיי נישט מוחל־זיין. ער איז בעל־דקדוק און בעל־מגיה אין אַ גרויסן פאַרלאַג; איז אַ פּועל ממש, איז און געבליבן דאָס, וואָס אַ פּועל אין ישראל דאַרף זיין. ער וווינט אויך אין דערזעלביקער דירה, וואָס מיט פּאָר דרייצענדליק יאָר צוריק. די דירה ענלעך צו איר באַלעבאָס: זיך געעלטערט, איינגעבויגן, מיט קענטיקע שפּאַלטן

אויפֿן פּנים און גוף. האָב איך אים איבערגעגעבן די שליסלען פֿון מיין „רכוש״ (טאָמער „מאַכט זיך עפּעס״) און ער דערהאַלט מיר דאָס חיות מיטן ברענגען די בריוו. דאָס זענען לרוב בריוו פֿון מיינע „אייגנס״-מיטאַרבעטערס און אַבאָנענטן. װער עס לייגט-ביי אַ „דריירל״, ווער אַ „פֿינפֿערל״ און ווער — סתם אַ פּעקל לידער.

יאָ. ברוך השם. אַבי פֿאַרלייכטערן די צרות. סיווי — פֿאַר די איינאונצוואַנציק טעג וועל איך דאָס בעט נישט פֿאַרלאָזן. און יעדן טאָג, דריי מאָל אין טאָג — דער דאָקטאָר טאַפּט, באַטאַפּט דעם דופק. מעסט מיטן סטעטאָסקאָפּ דעם כוח פֿון דעם האַרץ. נישקשה. עס בעסערט זיך. הלוואַי נישט ערגער.

נו און וואָס וועט זיין שפּעטער? אָט וואָס מיר עגבערט אין מוח: וווהין וועל איך גיין אָפּרוען נאָכן שפּיטאָל-בעט? האָט ווער אַ טראַכט געטאָן דערוועגן? יאָ. דער מנהל מיינער איז אונטערגעקומען מיט דער געהעריקער בשורה: מ׳וועט מיך אַוועקפֿירן אין „בית החלמה״, אַ סאַנאַטאָריע, וואָס געפֿינט זיך אויף אַ באַרג אין בני-ברק. אָבער איך שרעק זיך פֿאַר דעם לעצטן טאָג, ווען כ׳וועל זיך דאַרפֿן שיידן מיטן בעט... דאָס בעט איז מיר געוואָרן מיין צווייטע (אָדער ערשטע) היים. איך טו אויף דעם אַלץ: שרייב און עס און ראַזיר זיך און — „מאַך אונטער זיך״... אַ היים. וויאַזוי וועל איך זיך קענען שיידן מיט דער-דאָזיקער היים? — — —

נוה-הלל. אַזוי רופֿט זיך די סאַנאַטאָריע, וואָס שטייט אויף איינעם פֿון די העכסטע בערג אין בני-ברק. דער חודש — אַ רעגנדיקער, אַ שטעכיקער. סוף דעצעמבער. אַהער אָנגעקומען מיטן אָנזאָג: צו ליגן וואָס לענגער אין בעט, צו רוען, צו „קומען צו זיך״. נאָר גיי ליג און רו און קום, אַז אין דעם חדר, וווּ מ׳האָט מיך אַריינגעפֿירט, הערשט די קרירה; אַז די ווענט רעדן מיט ווייבעריש געקוויטש, געזאַנג און געקרעכץ! האָב איך זיך אויסגעטאָן און אייליק אַריין אין בעט, אייליק, ווייל די קעלט האָט נישט דערלויבט צופֿיל צו טראַכטן. אָפּגעלעגן אַביסל צייט, געמיינט, אַז אימעצער וועט אַריינקומען, אַ דאָקטאָר, אַ שוועסטער, אַ ברודער, — גאָרנישט. וואָלט מען כאָטש אַריינגעברענגט אַן אייוועלע. ווידער — נישט. און אַ קעלט אין בעט — קדחת!

זיך אייליק (ווידער: אייליק) אָנגעטאָן און אַרויס אין דרויסן, וווּ עס האָט מיך באַגריסט אַ שפּריציק-שטעכיקער רעגן. קיין לעבעדיק נפֿש. זיך דערשלאָגן צו דער קיך. דאָרט געזען אַרומלויפֿן אַ צעשויבערט ווייבל. זי געפֿרעגט, ווער ס׳איז דאָ באַלעבאָס. אַלע — האָט זי אויסגעשריגן — אַלע זענען דאָ באַלעבאַטים. דערנאָך האָט דאָס ווייבל מיך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר נאָך אַ ווייבל און יענץ ווייבל, נאָכן אויסהערן מיינע פֿאַרלאַנגען, האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַזאַ קוקעלע, אַז

כ׳האָב געפילט ווי דאָס ביסל געראַטעוועטע מאַנסבילישקייט טוט פון מיר אַנטרינען.

„טענות? — האָט דאָס ווייבל אַריינגעטענהט אין מיר — וואָס זענען מיר דען אייך שולדיק? און אויב עס געפעלט אייך נישט קענט איר מאָרגן און אויך היינט גיין פון וואַנען איר זענט געקומען. קיינער האָט נאָך אייך נישט געשיקט"...

אַזאַ־אַ מענה־לשון פון דער ריכטיקער יידענע.

נו. באין־ברירה. זיך צומאָרגנס באַקענט מיטן דאָקטאָר — אַ דאָקטאָרשע, געקומען פון פוילן. נאָכן אויסטאַפּן מיינע גלידער, האָב איך ביי איר געבעטן אַ „געפעליקייט": היות אויף דער אַנדערער זייט וואַנט פון מיין חדרל געפינט זיך אַ זינגענדיק ווייבל, אַ פּאַציענטקע אַזאַ, וואָס האָט אַ קוויטשעלע אַזאַ... גוט. מ׳וועט עפּעס צוטראַכטן. דערנאָך — אויפן דריטן טאָג — איז געוואָרן שטיל. ווייזט זיך אַרויס, אַז בעת דעם ווייבלס אַריינקומען צו דער דאָקטאָרשע אויף באַזוך, האָט יענע זי איבערגעשראָקן „אויף טויט", בעת זי האָט איר געוואָרנט, אַז, ווי עס דאַכט זיך, האָט זי וואַסער אין בויך...

דאָס זינגענדיקע ווייבל האָט שנעל פאַרפּאַקט אירע חפצים און אַנטלאָפן אַהיים.

והעיר היתה שקטה.

מיין ערשטער זיג...

אָבער דער דירעקטאָר פון דעם „אַנשטאַלט" — אַ ייד אַ גבר מיט הויכע פּלייצעס און ברייטע אַקסלען — האָט נישט געקאָנט מוחל זיין מיין חוצפּהדיקע התנהגות. האָט ער ראשית געבראַכן זיין צוזאָג. ער האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט אַ באַזונדער צימערל. האָט ער מיר אַריינגעשיקט אין פּאַסאַזשיר נאָכן צווייטן.

יאָ. דער צווייטער: אַ לאַנגער, אַ בלייכער, אַ צעקנאָדערטער ייד, באַגלייט פון אַ פּיצינקע ווייבעלע, וואָס האָט אים געהאַלטן ביי אַ האַנט, אים צוגעפירט צום בעט מיט אַ קרעכץ:

„חרוב קראַנק. זאָל נאָר גאָט רחמנות האָבן אויף אים".

און צו מיר:

„איך בעט אייך. גיט אַכטונג אויף אים; זעט ער זאָל עסן. ער עסט דאָך גאָרנישט".

דערנאָך איז דאָס ווייבעלע אַוועק. און דער מאַן האָט פאַרוואָרפן די לאַנגע פיס איבערן אייזערנעם בעטל, געלעגן אָן אַ פינטל מיטן אויג. דער אָוונט האָט געוומען צופאַלן. איך האָב שוין געהאַט בדעה צו גיין ערגעץ אויפזוכן אַ „שוועסטער": זאָל זי מאַכן, ער זאָל צוריק נעמען פינטלען מיט די אויגן...

אָבער צווישנצייט האָט דער מאַנספּערשוין זיך דערמאַנט, אַז שוין צייט צו גיין עסן. האָט ער געעפנט די אויגן (ברוך השם), אַראָפּגעוואָרפן די פיס, אַרויס. ביים עסן זיך פאַרקוקט אויף אים. נישקשה. זיינע אויגן פינטלען פון טעלער צו

טעלער... זאָל אים ווויל באַקומען...

אָפּגעגעסן, צוריק אַריין אין חדרל, אַריין אינם געפּרווירענעם בעט. בין איך דאָך געקומען אַהער דערצו: עסן און רוען. אָבער ווו איז פאַרשוווּנדן מיין חרובער שכן? אַ שעה, צוויי. שוין אייניקע מאָל אויסגעריבן מיינע זייטן פון רעכטס אויף לינקס און צוריק. נישטאָ! און וויי־וויי: מיט וואָס וועל איך זיך פאַרענטפערן פאַר זיין ווייבעלע?

קרוב צו חצות. זיך אַריינגעוואָרפן אין די תחתונים און אַרויס אין דרויסן. אַ האַסטיקער ווינט האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָלנער, שיער מיך אַראָפּגעשליי־דערט פונם באַרג. וואָלטן דער דירעקטאָר און זיינע אונטערטעניקע — די קעסטקינדער דאָ — אַזוי אַכטונג געגעבן אויף מיר, ווי איך בין באַזאָרגט וועגן מיין שכן, אַהאָ! — אַן אידיליע וואָלט דאָך דאָ געווען ———

דערזען אַ ליכטיק חדר. אַ געדיכטע פאַרע אויסגעמישט מיט פאַפּיראָסן־רויך. דער „בית התרבות". יידן זיצן אַריבערגעבויגן איבער טישלעך. מען אַמפּערט זיך. שייך צו זאָגן: אַ „קולטורהויז". נו... מען שפּילט אין פּאָקער. אַ שיינע מעשה. און נאָך שענער איז די מעשה: צווישן די אַמפּערנדיקע — מיין לאַנגער שכן. זיינע בעקעלעך צעפלאַמט. די אויגן צעפּראַלט... ברוך־השם. זאָל זיין פּאָקער — אַבי צום געזונט...

ביים מיטאָג־טיש. דריי ווייבער און איין מאַן. אַ „מזרח־ווייבל", ברוין־הויטיק און שוואַרץ־אויגיק, פירט אויף אַ וועגעלע די מיטאָג־פּאָרציעס. שטעלט זיי פאַנאַנדער איבער די טישלעך. זאָגט אויף יידיש: „צו געזונט", רעדט צו די געסט:

„אַ פאָדערשט חלק אָדער אַן אונטערשט חלק?"

„זאַלץ, שמאַלץ, נאָ דיר אַלץ".

„וואָס, דעם ביליק? אַ וואַזשנער חלק".

„נו, שוין, כאַפּ נישט. נאָ דיר די גאַנצע שיסל"...

אָט אַזוי פּאָרט זי, פּלאַמט זי און זינגט זי. אויך אויף אונזער טישל שטעלט זי אַוועק די שיסלען. זינגט־אָפּ און פאַרשווינדט.

די זיצערקע בראש טיילט־פאַנאַנדער די פּאָרציעס — פאַר די דריי ווייבער און דעם איינעם מאַן. מילאָ. וואָס עס פעלט אויס אויף מיין חלק — נישקשה. זאָל זיין די קלענסטע פּאָרציע. בין איך דאָך אַ מאַן — דאַרף איך ליידן פון די ווייבער... אָבער אַנטקעגן מיר זיצט איינע פון די דריי ווייבער, אַ ווייבל אַ כשרע נשמה און אַ וואַרשעווערין דערצו. שייך צו זאָגן: אַ לאַנדסמאַנקע. און ווי זי שטעלט זיך פאָר:

„יאָך בין די שוועסטאָ פון ר' יצחק גערשטענקאָרן זכרונו לברכה".

אַזוי? יאָ, זי רעדט נאָך דעם וואַרשעווער יידיש און איזן איז זי די שוועסטער

פונם באַרימטן גרינדער פון בני־ברק. פאַרצי איך די נאָז זייער מאַנסביליש און זאָג איר אַ געהעריקן שבח און זאָל עס דערביי בלייבן. אָבער ניין. עס בלייבט נישט דערביי. דאָס יחסנותדיקע ווייבל מיטן פרומען בני־ברקער הייבל אויפן קאָפּ איז נישט צופרידן מיט דער פלייש־פאַרטיילונג ביים טיש. איר יושר דערלויבט נישט, אַז יעדן טאָג זאָל אויספאַלן אויף מיין חלק די קלענסטע פלייש־פאַרציע... האָט זי ביים איצטיקן מיטאָג אַ כאַפּ געטאָן די שיסל פלייש. היינט וועט זי טיילן. און זי האָט געטיילט. און זי האָט אַריינגעוואָרפן אין מיין טעלער די סאַמע גרעסטע פאַרציע...

נו, נו. ביז מיין אַריינשטעכן דעם גאָפּל אינם פלייש פון דער ווייכינקער פולקע — האָט אַפריער געהאַלטן איינגעשטאָכן דערין אירע אויגן מיין שכנטע פון רעכטס.

„דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסן עסן ווייך פלייש — האָט זי אַריינגעטענהט אין דער פולקע — פאַרוואָס קומט עס מיר״...

שוין. איך האָב אָוועקגעלייגט דעם גאָפּל. און ביז מיין וואָרשעווער ווייבל האָט באַוויזן צו רעאַגירן — איבערגעדרייט מיין טעלער אינם טעלער פון דער שכנטע אויף רעכטס... עס. אַז דער דאָקטאָר האָט געהייסן...

מיין „החלמה״ האָט זיך געענדיקט. הלוואַי, רבונו של עולם, כ׳זאָל מער נישט דאַרפן אָנקומען צו „געזונט מאַכנדיקע״ הייזער פון דעם מין...

ברוך השם יום יום. אַ לויב דעם וועלט־באַשעפער פאַר יעדן טאָג לעבן וואָס ער טוט דעם מענטש־באַשעפעניש געבן — — —

כמעט נישט געפילט די צוויי יאָר וואָס זענען פאַריבער זינט מיין אַרבעטן אין ביבליאָטעק; בעסער: נישט געמאַכט זיי פילן; נישט געמאַכט קיין „וועזן״ פון מיינע נייע זעעענישן און טרעפעמישן ביי דער ביבליאָטעק־אַרבעט. לאָמיך נישט זינדיקן מיט די רייד; אַמאָליקע צייטן אים געזען אַנדערש, אים, דעם יודע ספר, דעם בעל־ספר און דעם, וואָס האַלט אַ ספר אין האַנט... בלויז דאָס „דרייען״ זיך צווישן ספרים דאַרף דאָך דעם „בעל הדרייער״ אַריינדרייען אין דער וועלט פון עם הנבחר... דאָ — דאַכט זיך — אַ צופעליקער צוזאַמענשטעל פון אָנגע־שטעלטע (פקידים, בלע״ז), וואָס זייער געשטעל פאַסט זיך נישט שטענדיק אַריין צווישן די ספרים־שענק.

מהאַי טעמאַ, אַז אַ „גרינער״ טוט זיך באַווייזן, אַן „עולה חדש״, הייבט זיך אָן אַ סדרה:

„בא הנה!״

דאָס איז געוואָרן מיין נאָמען:

„קום אַהער!״

דאָס איז דאָ די „ספּעציאַליסט״ פונם רוסישן ייִד מיט דער הויכער פּלייצע און שפּיציקן בויך, דער, וואָס דערציילט פּעטינקע וויצן אויף ייִדיש און וואָס — שרייען איז זיין פאַך:

„בא הנה!״

וואָס דאַרף ער מיך? ער דאַרף מיך נישט צוגלייך ווי ער דאַרף זיך נישט. אָבער דאָס איז זיין אַרבעט אין ביבליאָטעק: וויצן און שרייען.

אמת, איך זיץ ביי מיין שרייבמאַשין, ביי מיינע קאַטאַלאָגיר־קאַרטלעך; טו מיין אַרבעט; אָבער דער ייִד מוז אויסנוצן מיין „גרינקייט״, כדי צו לאָזן הערן, אַז אויך ער טוט און ער מוז דאָך עפּעס טאָן... הכלל, כאַפּט ער אַ בוך צווישן די הענט, נעמט דערמיט שפּאַנען פאָרויס (ווי להבדיל דער גלח מיטן צלם), איך — הינטער אים אויך מיט אַ בוך אין דער האַנט. שויך. אָפּגעשפּאַנט. אָפּגעשריגן. די אַרבעט — פאַרענדיקט.

יאָ, טיילמאָל ווילט זיך מיר — שוין ווידער! — אַ שפּיי טאָן און אַנטלויפן. אָבער דער „ואם תאמר מה נאכל?״ פאָדערט אַ תשובה... על כן —

איז עס געבליבן ביים אַלטן. יאָ, ביי דעם אַלטן און וויציקן „ספרן״, וואָס איך האָב נישט קיין נאָמען ביים אים; וואָס ער רופט מיך:

„בא הנה!״

גאָר מעגלעך: ער וועט זיך צו עפּעס דערוואַרטן; און אַז ר׳וועט זיך דערוואַרטן — וועל איך אים „צודעקן״ מיט אַ שווערער ענציקלאָפּעדיע — — —

## 20. צרות פון אַ נאָמען און פון — מנהלים

אָנגעהויבן האָט עס זיך אין אַרגענטינע. דאָרט, אַז מ׳וויל זיך איינבירגערן, מוז מען דערלאַנגען אַ נאָמען וואָס זאָל קלינגען „פּאַסטראַליש״ און וואָס זאָל זיך לרוב ענדיקן מיט אַן אָ: בערנאַרדאָ, אַדאָלפאָ, רעינאַלדאָ, עמיליאָ, כאַקאָבאָ וכדומה למשל. אַז עס איז געקומען מיין ריי, האָט דער „מאַכער״ באַשטימט: היות די מאַמע האָט מיך גערופן „מלך״ און היות פון אַ מלך ווערט אויף שפּאַניש אַ „רעי״; על כן וועט זיין אַמפּאַסיקסטן מיר אַ נאָמען צו געבן „רעינאַלדאָ״. אי עס קלינגט שיין, אי...

אָ, ניין. איך וויל נישט ווערן קיין בירגער און וויל נישט שימערירן מיט קיין „רעינאַלדאָ״. בקיצור: דער „מאַכער״ האָט נישט געוואָלט פאַרלירן קיין קליענט (און קיין בירגער פאַר אַרגענטינע) האָט ער אויסגעקליגט, אַז עס וועט זיך פּאַסיק קלעפּן פאַר מיר אַ „מיגעל״, וואָס מ׳קען פון אים אויך מאַכן אַ — מיגעליטאָ... און דערביי איז עס געבליבן.

אין ישראל געגומען דערפילן ווי עס מיגעלט מיך שוין פונם „מיגעל״ (וואָס דאָ

האָבן זיי געמאַכט פון אים אַ „מיגואל"). בין איך אַוועק ווו מ׳דאַרף, אַוועקגע־לייגט שני שקלים פאַר צוויי מאָל אויסבעסערן מיין נאָמען. פשוט: מ׳זאָל נישט שרייבן „מיגואל צ׳מני", נאָר — מלך טשמני (מוחל זיי די עין נאָך דער שין). באַקומען דאָס ביכל — איז דער „טשמני" אַרויסגעקומען נישקשה, אָבער דעם „מיגואל" האָבן זיי פאַרגעסן צו פאַרטאַכלעווען. מילא, זאָל׳ס בלייבן די לעצטע צרה מיינע, אָבער דער נאָמען מיינער בכלל — יאָ אויסגעבעסערט, נישט־אויסגע־בעסערט — האָט מיר פאַרשאַפט און פאַרשאַפט מיר אַ היפש ביסל קאָמיטשנע צרות. הכלל:

קום איך ערגעץ צו אַ באַאַמטן וועגן אַן ענין, נעמט יענער אַרויסלייענען — טיישאַמאַני? יאָ, דאָס בין איך. ערשט ווייס איך: וועט מען ערגעץ רופן: טיי־שאַ־מאַ־ני — דאַרף איך זיך אָפּרופן.

איז דאָס ווינציק, האָט גענומען ערגעץ אַ פּקיד און געמאַכט פון דער „טש" אַ "צ", געמאַכט (ווידער) קורץ און גוט: צ׳מני. איז מיט דער צייט דער אַפּאָס־טראָף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דריבנע יודעלע. איצט, אַז מען רופט „צימאַני" — מיינט מען מיך. האָט די עלעקטריע־געזעלשאַפט, די חברת חשמל, געמאַכט פון דער „צי" אַ „די", הייס איך ביי זיי אויף די חשבונות: „דימני". אין שפּיטאָל האָבן זיי פון דער „ד" געמאַכט אַ „ז", איז געוואָרן: „זימני". דער דאָקטאָר האָט מיך טיטולירט: „אדון זמני", עס הייסט: אַ צייטווייליק באַשעפעניש...

איצט פיל איך, אַז גערעכט איז יענער ייד מיט דער הויכער פּלייצע, הויכן בויך און פעטע וויצן, וואָס טוט מיך רופן: „בא הנה" —

ווי דען זאָל ער מיך רופן?

מען רופט מיך אויך: צמחי, ציוני. פאַראַן אַנדערע, וואָס טיטולירן מיך: „טיש־מאַ־ני. און אין ביבליאָטעק געפינט זיך אַ „ספרנית", וואָס האָט זיך געהאַט אַזוי־פיל אָנגעלייענט וועגן דעם אומגליקלעכן טשאָמבע פון קאָנגאָ, אַז... זי האָט געלייענט און געלייענט און אַרויסגעלייענט מיין נאָמען מיט אַ הויכן קוויטש: „אָדון טשאָמבע, צריכים לסגור את החלונות".

און אָט, האָט גענומען דער ראש־הועד פון מיין „שיכון" און העברעאיזירט דעם נאָמען אויף „אָדון תישמע־ני", עס הייסט: הער־זיך־צו, געערטער הער... און — איינע אַ דערמאָנונג:

בעת איך האָב געטאָן בליצן מיט מיין זשורנאַלעכל האָט דער בריוטרעגער גע־האַט געקלאַפּט אויף מיין טיר מיט אַ גרויסן קאָנווערט. ער האָט געוואָלט וויסן, צי דאָ וווינט דער אָדון —

„בעל ייצין"

„יאָ!" — האָב איך אַרויסגעפּלאַצט נאָכן וואַרפן אַ בליק אויפן קאָנווערט, ווו דער אַדרעס האָט זיך געשריבן:

לכבוד בליצן, רמת־גן — — —

טאַ לאָמיר זיך אומקערן צו מיין פּרנסה־געבערין, דער ביבליאָטעק: דעם ריכ־טיקן נאָמען באַקומען דאָרט; אָבער נישט בלויז דאָרט ווערט דער „נידעריקע־רער" טיטולירט פונם „העכערערן" מיט אַ „בא הנה". אַזוי איז דער מנהג המדינה. אַזוי הערט מען איבער גאַסן און שטעט:

„בא... הנה...!"

מכוח דעמדאָזיקן טו איך שמועסן מיט דעם און יענעם, טו נישט פאַרשטיין, הלמאַי דאָס ביסל אידעאַליזם, מיט וועלכן דער ייד ווערט געשפּייזט בנוגע דער „אוירא דארעא", ווערט פאַרטושט ביים קומען אין באַרירונג מיט דעדדאָזיקער „פרישער לופט"; ממש: פריש — די פרישע „עליות", וואָס האָבן אָנגעברענגט אַהער אַזאַ ביוראָקראַטישע פּאַצעטעריע, וועלכע הילט זיך אינם מאַנטל פונם „אַרבעטער־קלאַס" — סטייטש און סטייטש: אין גלות שרייט די פּראָפּאַגאַנדע, אַז פּראָפעסאָרן און גרויסע מלומדים זענען אין ישראל גליקלעך צו פלאַסטערן שאָסייען און אַז גאַסן־קערערס געהערן גראַד צו דער „הויכער אינטעליגענץ"; ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז יעדער וואָס קען קוים זיין נאָמען אונטערשרייבן אויף אַ „מוסמך" איז אַ — מנהל. מנהלים אויף טריט און שריט. אַ חולאת אין דער מדינה: „מנהלסטוואָ". טוט מען אַ פרעג ערגעץ אַ ווייבל מכוח איר „מקצוע" — אַ מנהלת איבער וועש־נייערינס; אַ מנהלת איבער פאַדלאָגע־וואַשערינס; און יענער דאָרט — מנהל איבער די גאַסן־קערערס.

און דאָס אויך צו פילן ביי די אָנגעשטעלטע אין ביבליאָטעק. חוץ דעם מנהל איבער אַלץ און אַלעם, שטרעבן אַנדערע צו זיין — מנהלים איבערן מנהל און איבער אַלץ אַרום זיך. אַ מין חד גדיא. און אַז אין דעדדאָזיקער שפּיל פאַלט אַריין אַ שעפּסלדיק סטאַטיסטל, אַ שעפּעלע, וואָס וויל אויך כאַפּן אַ שטרויעלע — ווערט אַ ציין־קריצעניש פון די כל־מיני מנהלים און מנהלות: אויך דו? —

„בא... הנה!"

נו, נישט בלויז איך האָב צרות פון דער דאָזיקער דעמאָקראַטיע. פאַראַן שותפים. און דאָס: געוויסע פובליציסטישע וואָרטזאָגערס. איינער פון זיי, ג. יהודה, דער־מאָנט אין זיין היינטיקן „דבר"־מאמר וועגן דער צעלאָזנקייט פון דער יוגנט, וועגן דעמאָקראַטיע, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין הפקרות, וועגן קולות און קאָרטן־שפּיל און טאַטעס טומלערס און ראַשיקע קינדער, וואָס נעמען אַוועק דאָס ביסל מנוחה ביים מנוחה־ליבנדיקן ישראל־בירגער... נישט בלויז הינטער מיינע פענצטערס ליגן זיי, די מישקעס און צילקעס... אַ, ווי שלעכט עס איז ווען דאָס ביסל פרייהייט ווערט צעטראָטן אין נאָמען פון דעמאָקראַטיע! — — —

## 21. טאָ וואָס טוט גאָט?

יאָ, שוין פאַרביי אַ היפּש ביסל וואָכן נאָך מיין „האָרץ״־פאַל; שוין ברוך השם ווידער אַריין אין די קלאָמרעס פון נאָרמאַלן גאַנג: פּרנסה פון ביבליאָטעק, הוצאָה אין „אייגנס״ — אַ מין יששכר־זבולון־קאָלעקטיוו. און די סאַמע סאַטיספאַקציע: פאַרבינדונג מיט דער גאַרער יידישער וועלט, מיט שרייבער־יידן, וואָס זענען פאַרייניקט מיט מיר „אונטער איין דאַך״.

אָט דערהאַלטן אַ בריוועלע פון פּאַריז, אַ בריוועלע — אַ שפּיגל „פון דער צייט״. טוט אַ דאָרטיקער שרייבער שרייבן:

ליבער פריינד... פּאַריז, דעם 4טן מערץ 1963

כ׳האָב געלייענט אייער „אַ מענטש איז געפאַלן״ און אויך אַז איר פילט זיך שוין בעסער. שליס איך מיך אָן אין די וואָס ווינטשן אייך אַ סך געזונט, ווארעם מען דאַרף האָבן אַ סך כוח אויב מען פּרובירט ווערן אַ רעדאַק־טאָר אין אונזער ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך וועלטל וואָס איז ממש אָן לופט היינט צו טאָג און אַפילו דאָס ווינטשן אַ יידישן פּען־מענטש „איר זאָלט ווערן געזונט״ איז פיל מאָל אויך אַ גרויס געפאַר פאַר דעם בריוול־שרייבער... פונדעסטוועגן... שטעל איך איין מיין לעבן... איך ווינטש אייך אַ סך געזונט און כוח צו קענען אָנגיין מיט אייער זיך געשטעלטער אויפגאַבע צו קענען עפּעס טאָן פאַר אַביסעלע אַ געזינטערער אַטמאָספערע אין אונזערע ליטעראַרישע קרייזן.

אייער...

אַזוי שרייבט און פאַרלאַנגט אַ שרייבער. זיך אפשר טרייסטן מיט אַזאַ־מין־אַ צרות רבים? נישט קיין וואָזשנע טרייסט; ניין, נישט קיין טרייסט פאַר מיין צאָנ־ווייטיק, אַפילו אויך יענעם טוט ווי אַ צאָן — — —

דערמאָנט די ציין. אייניקע יאָר אין קאָנטאַקט מיט אַ ציינדאָקטאָר פון ניו־יאָרק, טאַקע אַ דאָקטאָר ממש, נישט בלויז פאַר היילן ציין, נאָר — זוכן און געפינען אַ רפואה פאַר כל ישראל. אַ דאָקטאָר און שרייבער. ער שרייבט לרוב וועגן — גאָט. ער זוכט אַ נייעם גאָט, אַ יונגן, אַ געזונטן, אַ פרישן גאָט. דער אַלטער גאָט האָט אים שוין דערעסן. איצט זוכט ער אַן אייגנאַרטיקע גאָט־זאַך. הכלל: אַ ציינ־דאָקטאָר און גאָטזוכער. ער האַלט, אַז די אַלגעמיינע ציינוויייטיק וועט פאַרשווינדן צוזאַמען מיטן געפונען די גאָט־רפואה.

נו, ווייס איך נישט, וואָס ער טראַכט וועגן דער געטלעכקייט אין ישראל, וועגן דער הייליקייט פון יידן, וואָס זיצן אין דער יידישער מדינה.

כדאי אָבער צו וויסן: יידן־אַפּיקורסים, וואָס שלאָגן פרומע יידן אין דער יידישער מדינה — מעג מען זיי אויך טיטולירן ווי יידן? לאָמיר דעם ענין באַצייכענען: פאַראַן אַ ירושלים עיר הקדושה; „פאַראַן״, מחמת דאָס אַלגעמיינע ירושלים שטייט נישט פיל אָפּ פון תל־אביב און חיפה. איז אָבער פאַראַן אַ ווינקל אין

ירושלים, ווו יידן, ווינקל־יידן, לעבן דאָרט מכמה דורות: פּראַווען רביסטוואָ, פאַרמאָגן חדרים און ישיבות און שטיבלעך; שטריימל,־באָרד און פאות־יידן, פונקט ווי „אין דער אַלטער היים״. ווּעמען שטערט דאָס? און נאָך: זיי פאַראַדירן נישט מיט אויסערלעכקייט. אַדרבא. קבצנות איז ביי זיי גאָר אַ גרויסע מידה. על־כן, היטן די יידן אויך שבת כהילכתו: אי מעביר די סדרה, אי שבתדיקע מנוחה, אי זינגען זמירות... טענהט אָבער אַ געזעץ אין דער מדינה: אַלע וועגן דאַרפן זיין אָפן פאַר די יעניקע אויטאָס, וואָס ווילן פאָרן אויך אום שבת; בפרט דער וועג דורך דער שכונה מאה שערים, וואָס פירט צום גרענעץ־פּונקט ביים מאַנדלבוים־טויער, ווו דיפּלאָמאַטן און טוריסטן פאָרן הין און צוריק — קיין און פון אַלט און ניי־ירושלים. טענהן דערויף די פרומע יידן: פאַרוואָס שטערן אונזער שבתדיקע מנוחה? פאַרוואָס זאָל דאָס אויטאָ־טרובעריי אונז אָפּרייסן פון קדושת־שבת — און דווקא אין דער יידישער מדינה? נו, יאָ, פאַראַן תירוצים, אָבער נישט פאַר די שבת־יידן. און קיין דיסקוסיעס דערוועגן לאָזט מען נישט פירן. פאַראַן אימעצער, וואָס פילט זיך העכער פונם געזעץ. צו וואָס פירן מיט „אַזוינע לייט״ דיסקוסיעס? דער „אימעצער״: אַ קעמפעריש־שלאַגערישע גרופּע אַזאַ, שטאַרקע אַזוינע. האָבן די „שטאַרקע״ אַפּיקורסים, אָרגאַניזירט אַ שבתדיקע אויטאָ־פּראָצעסיע קיין ירושלים, אויסגעפילטע אויטאָס מיט שטעקן־העלדן; און באַוואָפנט מיט שטעקנס זיך אַריינגעלאָזט אינם פרומען קוואַרטאַל — — אויף אַ פּאָגראָם: פּאָגראָמירן די שטריימל־און קאַפּאָטע־יידן... עס נעמט אָרום אַ ציטער ביים דערמאָנען די אַמאָליקע פּוילישע שטעקן־העלדן — — —

איך בין דערביי נישט געווען, אָבער אַ פּאָטאָ ליגט פאַר מיר, אַ פּאָטאָ, אויף וועלכער עס זעען זיך אַרויס די לאַנגע שטעקנס, וואָס פאָכען איבער די קעפּ פון מאה־שערים־יידן; און אונטער דעם פּאָגראָם־בילד: אַ ייד מיט באָרד און־פאות וואַלגערט זיך אויף דר׳ערד און נעבן אים — אַ פּאָליציאַנט. אַ ישראל־שוטר, וואָס האַלט דעם ייד ביי אַ קלאַפּע פון דער שבתדיקער קאַפּאָטע, האַלט אים פעסט, ער זאָל נישט אַנטרינען ערגעץ...

כאַפּ איך אַ בליק צוריק, צום אָנהייב, עס הייסט, צום דאָקטאָר־גאָט־זוכער: איז אַזאַ מאָדערנער גאָט־זוכער מסכים מיט פּאָגראָמירן דעם אַלטן גאָט צוזאַמען מיט זיינע יידן אין דער יידישער מדינה? האַ? ככל הגוים בית ישראל? — — —

## 22. חשבון הנפש

אַפּריל 1963. צוואַנציק יאָר נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד, נאָך דער דייטשער ליקווידאַ־ציע פונם לעצטן רעשטל געטאָ־יידן אין וואַרשע. בשייכות דערמיט ווערן געשריבן מאמרים, ווערן געמאַכט אַקאַדעמיעס.

אינם נאָרוואָס־דערשינענעם „אייגנס״ פאַרעפנטלעכט מיינס אַ דערציילונג, „חברים

אין געטאָ", אַ דערציילונג, וואָס דערציילט דעם געראַנגל צווישן צוויי חברים: איינער, וואָס וויל דווקאָ נישט גיין צום טויט און אַ צווייטער, וואָס וויל דווקאָ פירן דעם חבר זיינעם צום טויט כדי צו ראַטעווען זיין אייגן ביסל בידנע לעבן. — יוסף און יצחק.

געבויט דעם סוזשעט אויף איינער אַ דערציילונג, וואָס עס האָט מיר דערציילט מיין ברודערס געוועזענער שוואָגער, אַרטיסט פון געוועזענעם „יונג-טעאַטער", אַבעלמאַן, בעת ער איז פאַרבייגעפאָרן מינכען אויפן וועג קיין ניו־יאָרק. דעמלט האָט ער מיר דערציילט, אַז יוסף, מיין ברודער און זיין שוועסטערס מאַן, איז געשיקט געוואָרן צום טויט פונם חבר זיינעם, אַ מין רעסאָרט-לייטער אין אַ דייטשער פאַבריק, ווו ביידע האָבן געאַרבעט.

איך האָב דעם חבר געקענט. אַ קאָמוניסט געווען. גוטע חברים געווען.

וואַרף איך, תוך כדי דיבור, אַ בליק אַרום זיך — טאַקע אינם גאָר נאָענטן עבר: קאַפּאָס, פּאָליציי, יודנראַטלער. אין נאָרמאַלע צייטן זענען די אַלע מסתמא געווען נאָרמאַלע מענטשן. איז אָבער געקומען די צייט צו מאַכן אַן אומבייט: מענטש אויף חיה, — בכדי צו ראַטעווען די חיה אינם מענטש — איז מען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געהילפן פונם משחית, אין חיות בצורת מענטש. האָבן מיר רעכט צו משפטן דידאָזיקע אוממענטשן? און אפשר דאַרף מען זיי גאָר דן זיין לכף זכות, מחמת — זענען זיי דאָך אויך געלייטערט געוואָרן אין כל מיני פּיינען...?

זיץ איך איצט און טראַכט: לויט דער זיכערקייט, ווי די געשעעניש איז געשילדערט געוואָרן, האָט מיין ברודערס חבר אויסגעטראָגן די פולע שולד פאַר מיין ברודערס טויט, פאַרן טויט פון זיין פרוי און צוויי קינדער. מהאי טעמאָ, וואָלט איך געוווסט, אַז דער קאַפּאָ, מיין ברודערס חבר, האָט זיך געראַטעוועט, דרייט זיך ערגעץ אַרום אַ לעבעדיקער, וואָלט איך נישט געהאַט קיין מנוחה, סיידן כ'זאָל מקיים זיין דעם „השכם והרגו"...

אומשטענדן?

די כוונה תחילה זייערע — פון אַלע יודנראַטלערס און זייערע מיטהעלפערס — איז געווען: ראַטעווען די אייגענע פעל; ראשית זיך און דערנאָך יענעם. דער „ראשית" האָט דעצידירט. צי האָבן זיי דאָס יאָ אָדער נישט געדאַרפט טאָן און צי וואָלט אַ צווייטער אויף זייער אָרט אַנדערש געטאָן; — מיר משפטן נישט לויט סברות. די פאַקטן באַשטעטיקן: געטאָ־פּאָליציי האָט באַרויבט די פאַרפייניקטע, זיי געטריבן צום טויט; יודנראַטלער האָבן געהוליעט אויפן חשבון פון די פאַרפייניקטע. גענוג אויסצוהערן עדות; גענוג אַ קוק צו טאָן אויף די פאַרשיידענע פאָטאָס, וואָס אויסגעפרעסענע יונגען האָבן געלאָזט נאָך זיך, נאָך זייערע הוליאַנקעס, כדי צו זען: פונם אינטעליגענט ביזן אונטערוועלט — אַלע האָבן זיי שלום געמאַכט מיטן גורל — פאַרלייכטערן די אַרבעט פונם דייטש, כדי דער־

מיט צו פאַרלייכטערן זיך ס׳לעבן — — כל זמן עס וועט זיך לאָזן מאַכן אַ לעבן פונם הינטישן לעבן — — — ניין. קיינער האָט נישט קיין רעכט, בפרט די, וואָס זענען דאָרט נישט געווען, אָנצוטאָן אַ כתונת פסים די פאַרשידענע „זאָנדעראָוו-צעס״, די עליטע פון די געטאָס, — זאָלן שרייבערס זיך נישט פאַרנעמען מיט אָפּפאַל, מיט קייען און איבערקייען... און יאָ. וואָלט איך געפונען ערגעץ דעם פאַרפייניקער פון מיין ברודער, דעם חבר זיינעם, וואָלט איך מיט מיינע לעצטע כוחות אים אויסגעריסן, אַרויסגעריסן ווי אַ פאַרפוילטן צאָן פון אַ צעווייטיקט מויל. און אויב איז ער, דער פייניקער, אויך אומגעקומען, איז ער דערמיט נישט אַרויסגעקומען קיין גערייניקטער. טאָר מען אים בלויז דערפאַר נישט נאָכזאָגן דעם „צדק לפניו יהלך״.

עפּעס פעלט אין אונזער חורבן־דערמאָנונג. עס פעלט דער הילכיקער אויסגע-שריי: „לאָמיר זיך רייניקן!״

נישט די פּאַרטייאישע, די מיטינגאָווע רעדעס, ווו די רעדנערס באַמיען זיך אַרויס-צובריינגען זייערע קעמפּערס, וועלן אויפהאַלטן דעם „זכור!״ — מען מוז כסדר געדענקען: אין דער מיטהילף פון די היימישע נוגשים מכל המינים וואָלט דער חורבן נישט געווען אַזוי אַרומנעמענדיק, אַזוי גרויזאַם, אַזוי פיינלעך — — —

... מיטן היינטיקן נומער מאַך איך דעם חשבון פון אַ יאָר „אייגנס״. געווען איז דאָס אַפּריל, מיט אַ יאָר צוריק. דעמלט האָבן זיך מיינע פליגל צעפאָכעט: טרי-בונע, סביבה, מויל און אויערן און — שרייבערס, וואָס זענען עפּעס אויסן מיט זייער שרייבן. נו, נישט דער ערשטער טעות מיינער. מי שמך? האַ? מיט וועלכע רעכט געבומען און געמאַכט אַ זשורנאַל? און מיך נישט געפרעגט? כדאי אַראָפּצו-קריכן פונם אָלימפּישן קוימען?

און די רעשט? יאָ, פאַראַן אויך אַ רעשטל אַזאַ, צונויפגעשטעלט פון דער באַקאַנטער חברה טראַסק, וואָס טראָגט דעם אַלגעמיינעם נאָמען: זשורנאַליסט-פּעליעטאָניסט-הומאָריסט-רעפּאָרטערזשיסט... גאָרנישט. אַ כאָפּטע שטויסערס אינעווייניק און אין דרויסן. נישט איינער פון זיי שטויסט זיך אין „אָטשערעט״ הינטער דער טיר פונם בלאַט הידוע מיט חניפה און געבעטל — צו זען זיך אַ „געדרוקטן״. אָ, דידאָזיקע חברהלייט — טיטולירטע פּע״נ-זעלביקעס! אַזאַ־אָ איז דער סך־הכל. חוץ יחידים — לעבט דער רוב אין פּחד: איז דאָך גאָר מעגלעך, אַז דער נאָמען זאָל אַראָפּבלינצן פון אַ פּסח-נומער אינם גרויסן בלאַט. וואָס? איז נישט כדאי אויסצוקלייבן? אָט גאָר: איינער אַן אַקטיאָר, וואָס האָט הנאה צו זיין „געדרוקט״ בזכות פון זיינס אַן איבערזעצונג; האָט ער פאַרגעלייגט זיין מיטאַרבעט אין „אייגנס״ און צומאַרגנס — חרטה געהאַט. וואָסי? ער וועט דאַרפן אָנקומען צום יידישן רעקלאַמע-בלאַט און יענער דאָרט, דער רעדאַקטאָר-הידוע... איר פאַרשטייט...

אַוודאַי. און דאָך. „אייגנס” האָט זיך „אויסגעטראָגן” ס׳ערשטע יאָר — אָן דער הילף פון די „געוויסע” — אויף מיינע אייגענע פּלייצעס, מחמת קודם איז עס געווען מיין אייגן באַשעפעניש, מיין סביבה. אויך אַנדערע האָבן זיך געטוליעט אַרום דעם. שרייבערס פון פּאַריז, פון ניו־יאָרק. סביבה מוז נישט שטענדיק זיין אין די אייגענע ד׳ אמות. זי קאָן אויך קומען מעבר־לים. יאָ. סביבה. צוזאַמען דערמיט... דעפיציט. דער דרוקער פאַרלאַנגט נישט קיין שיינע דיבורים. בין איך זיך מודה: היפש אונטערגעזינדיקט אינם פאַרגאַנגענעם יאָר, מחמת, נישט געקאָנט פאַרלאָזן דעם אָנגעצייכנטן דרך פון די געוויסע אויסגאַבעס — פאַר־נומען שפּאָר פּלאַץ מיט שרייבערישע (לרוב ווייבערישע) גאָרנישטן. נישט געווען קיין ברירה. אויך להבא, אויב וועל איך וועלן אויפהאַלטן אַן אייגן ווינקעלע אין „אייגנס” — מוזן אָפּטרעטן פּלאַץ פאַר גאָרנישטדיקע שרייבערייען, ווי עס מוזן דאָס אַלע, אויך די יוסט־פאַרטייאישע; פאַראַן שרייבעריש־פּאַרטייאישע גראַ־פאָמאַנען, וואָס זענען בכוח צו פאַרבייטן אַ גילדענע קייט אויף פאַרזשאַווערט אייזן... אָבער מיין ביסל גאָלד וועל איך זיך באַמיען אויפצוהאַלטן — בריש גלוי. דערין דער חילוק. ווען נישט — — פראַוועון התבודדות... סיוּוּי: די בעלי־„דרייערלעך” און „פינפערלעך” זענען שוין אַלטע לייט, היפש אַריבער די שבעים. נישטאָ אויף וועמען צו בויען. ניין. עס גייט נישט פאַרביי דער חודש אָן בריוועלעך פון ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס: „פּליס, שיקט נישט מער דעם פעיפּער”.... קלאָר: דעם שטיצער מיינעם העלפן שוין נישט קיין צוויי פּאָר ברילן... איצט שלאָפט ער שוין זיין רואיקן שלאָף... ווו נעמט מען יונגע כוחות? — — —

## 23. אווירא דירושלים

יוני 1963. געביטן די לופט, די ישראל־לופט. איבערגעלאָזט אויף אַ טאָג דעם „גוש דן” און אַוועק קיין ירושלים. אַ טאָג אין ירושלים מיינט: אַ טאָג אין ארץ־ישראל.

ירושלים הרים סביב לה. די בערג־פּאַנאָראַמע, אין וועלכער דער צוג האָט זיך אַריינגעשלייכט, איז פאַרלוירן געוואָרן צווישן ריזן־פעלזן; אָ, די שיינקייט פונם ערשטן אַריינפאָר! אַ פעלזן־פעסטקייט אַזאַ, וואָס איז געבויט אויף יידישער עקשנות במשך יאָר־טויזנטער. דאַכט זיך: אָט וועלן די צוויי בערג, צווישן וועלכע אונזער באַנעלע שלייכט זיך און האָט דעם אויסזען פון אַ קינדער־שפּילעכל אַזאַ, זיך צונויפדריקן, זיך דערלאַנגען „שלום עליכם” און אונז, יידן־פּאַסאַזשירן, אַריינ־נעמען אין זיך, געבן שוץ. און שוץ דאַרפן מיר. נישט זעלטן קומען דאָ פּאָר איבערשיסונגען מיט אַראַבישע מחבלים פון יענע זייטן גרענעצן. און גרענעצן זענען דאָ פאַראַן אויף יעדן טראָט. אַראַבישע דערפער לינקס און רעכטס פון

וועג. און אָט אַנטקעגן, דורכן וואַגאָן־פענצטער צו זען — בית לחם, ווו די מאַמע רחל לאָזט כסדר הערן איר געוויין: רחל מבכה על בניה... אין מיטן וועג: גוש עציון, ווו אַראַבישע רוצחים האָבן אויסגעהרגעט צענדליקער ישיבה־בחורים; און העכער — חברון, די מערת המכפלה, ווו עס ליגן אין אַראַבישן קלעם די אָבות און אמהות — — —

פלעקן איילן פאַרביי דורכן וואַגאָן־פענצטער. פרייד אויסגעמישט מיט טרויער און שרעק. ארץ־ישראל אַריינגעהעפּט אין טויזנטער יאָרן יידישער געשיכטע; אָבער ארץ ישראל געפינט זיך אין תפיסה, איז פאַרשקלאַפט צום פרימיטיוון אַראַבער, אויסגעשטעלט אויף סכנות יעדע שעה און מינוט... אָט איז עס דאָך אַנומלט געשען: פאַנאַנדערגעשרויפטע רעלסן אויף דער באַנליניע תל־אביב־ירושלים; אַראַבישע קאַניבאַלן באַוואַרפן מיט טויט־שרעק דעם ייד, וואָס וויל בלויז אַ קוק טאָן צום געפאַנגענעם כותל־המערבי... דאָס חומש ווערט ברוטאַל צעטראָטן, אויסגעלישטשעט בלאַט נאָך בלאַט.

איצט שפּאַן איך גאַס־איין, גאַס־אויס. ווו אַ קער — דאָרט גיי נישט, דאָ קוק נישט. גרענעצן, ירדנישע לעגיאָנערן אין יעדן ווינקעלע, לויערן פון יעדן שפּאַרונקעלע. אויך דאָס נייע, דאָס יידישע ירושלים איינגעשטעלט פון זייערע שראַפּנעלן. נעבן דעם מאַנדלבוים־טויער. אַ באַוועגונג. אַ טומל. פון דער זייט אַראַבער, פון יענער זייט — אַראַבער. אינעווייניק — דער אויסזען פון אַ וואַקזאַל. טירן, פענצטער. פּאָליציי־שומרים איילן הין און צוריק — צו דער ירדן־זייט, צו דער ישראל־זייט. עס קומט היינט פאָר אַ משפחה־צונויפטרעף צווישן אַראַבער פון ביידע זייטן. אַ געל־האָריקער שוטר שטייט נעבן שלאַבאַן אויף „אונזער זייט״. עס בעט זיך אויסצוטוישן מיט אים אַ פּאָר יידישע ווערטער. אַוודאי. אויך ער איז זיך מחיה. ער איז זיכער, אַז איך בין אַ טוריסט. און מיט טוריסטן דאַרף מען רעדן יידיש. און דעם פּאָליציאַנטס באַוועגונגען און זיין גאַנצער אויסזען זאָגן עדות, אַז ער לייגט זיך און שטייט אויף — ווי אַ פרומער ייד מיט „קריאת שמע״ און „מודה אני״ — מיט יידיש. פאַר אים אַ רגילות. ער האַלט דאָ וואָך. בישקשה. די אַראַבער פּאַסן זיך אַריין אינעם ישראל־געזעץ. זאָלן זיי אָקערשט פּרווון נישט אַריינפּאַסן!

איך שטעל זיך אַרויף אויף אַ בערגל, קוק אַריבער, אַהין — קוק אַריין אין ירושלים עיר הקודש... אויטאָבוסן פאָרן. אויך אין אַלט־ירושלים פאָרן אויטאָבוסן. און ווו געפינט זיך דער כותל־המערבי, דער הר־הבית, דער הר־הזיתים — — —?

אַ בענקשאַפט כאַפּט אַרום צו דערדאָזיקער הייליקער אַלטקייט, צום פאַרגעלבטן שימל, ווי אַמאָל — צו די פאַרגעלבטע, אָפּגענוצטע חומש־בלעטער: אַראָפּגעפאַלן, אויפגעהויבן, אַרומגעוווישט דעם שטויב און צוגעטראָגן צו די ליפּן — אָטאָ דאָרט, אונטער דער סאַמער גליענדיקער זון... אַ־האַ! — דאָרט איז גע־

שטאַנען דער בית-המקדש — — מיט דער האַנט צו גרייכן... נאַ! שטיי איך אויף אַ בערגל, פאַרקוועטש מיין בליק טיפער און טיפער. אַנטקעגן — אַ צע־חורבנטע שיפוע. אַט נעמען און אַריבערשפרונגען דעם „גבול לפניך", זיך אַראָפּ־לאָזן אונטן, דאָרט אַהין... אַ וויבל גייט אַרויס פון אַ הייזקע. אירע פענצטער קוקן צו „יענער זייט". זי וואַרנט קעגן נאַרישקייטן. אַז גאָט זאָל אָפּהיטן. חלילה. אַז קיינער וויים דאָך נישט ווער עס לויערט דאָ, אונטן, פאַרביי דעם בליק...

## 24. יידיש־אומעט און יוגנט־אומעט

דער שרייבער א. מ. פוקס האָט זיך געגרן פאַרבונדן מיט „אייגנס". ער וווינט אין הדר יוסף. עס איז אים דאָרט זייער אומעטיק. אַ שרייבער, וואָס האָט אויף זיין „שרייבעריש געוויסן" די שטורמישע אויפבלי־צייט פון דער יידישער ליטע־ראַטור, איז גראָד אין ישראל, ווו געוויסע יידיש־שרייערס טוען שרייבן מכוח „עוולות" און „נגישות", פאַרוואַרפן ערגעץ אין אַ ווינקל — אַן סביבה, אָן צו האָבן מיט וועמען צו שמועסן אויף יידיש — — —

יאָ. פוקס פאַרלאַנגט פון מיר — סביבה, שרייבערישע וואַרעמקייט. מהיכי תיתי. און — המתפלל בעד חבירו נענה תחילה. אפשר וועט אויך מיר ווערן אַ קאָפּ וואַרעמער נעבן אים. עס איז אַביסל שווערלעך מיט זיין כתב יד. אַ מאַטערניש דורכצולייענען זיינס אַ מאַנוסקריפּט. פאַרן איצטיקן נומער האָט ער צוגעשיקט נאָטיצן וועגן י. ראַפּאַפּאָרט און י. אַפּאַטאָשו. אין אַ גוטער שעה. כדאי אַריינצו־אַרבעטן, אַבי אַזאַ בכבודיקער שרייבער זאָל געפינען אַ ווינקעלע און דערביי זאָל מיין הנאָה זיין: די מצווה פון הכנסת אורחים. הלוואי כ'זאָל בכוח־זיין אַליץ אַליין איבערצוטראָגן: אַליין צונויפּשטעלן דעם זשורנאַל, פירן די אַדמיניסטראַ־ציע און דעקן די הוצאות. פאָלג מיר אַ גאַנג!

יאָ. מיט יידיש דאָ איז אומהיימלעך, מיט יידיש און מיטן שאַפער אויף יידיש. פאַרטיליקט דעם יידיש־קאָנסומענט. קיין פרישער קומט נישט צו. פאַראַן פּלי־כעוואַטע קעפּ, וואָס יידיש איז אַ רפואה פאַר זייער זיקנה — יידן און יידענעס, לרוב געקומענע פון רומעניע; צוזאַמען מיט זיי אַ היפּש ביסל אַקטיאָרן. נו, ווערט פאַרשוונדעוועט די גאַס און די מויערן מיט פּלאַקאַטן וועגן „שווער צו זיין אַן אלמן", „אַ מאַן אויף בייטאָג", „אַ ווילדע מויד" און ענלעכע שטיק, וואָס פאַרשידענע קאָיאָפן האָבן אָנגעבערענגט אַהער. זיי האָבן דערשנאַפּט די לופט. און אַזוי האָט געטאָן קלאָגן איציק מאַנגער בעת אַ קבלת פנים פאַר אים אין אַ שמועס פאַר אַ נאָכמיטאָג־צייטונג. אַ טרויעריקער שמועס, אַ קאָלעמוטנער. לויט מאַנגערן: יידיש גייט אונטער, איז געבליבן אָן צוקונפט; ער שרייבט אין די לעצטע יאָרן ווינציק, ווייל דאָס פאָלק, פאַר וועמען ער האָט געשריבן יידיש, איז אומגעקומען. איז אים איצט בלויז געבליבן: צו באַוויינען דאָס לשון, צו

זאָגן קינות. יידיש גייט אונטער ; נישט בלויז די שפּראַך — אַ גאַנצע קולטור. די קליינע צאָל יידיש־שרייבערס גייט אַרום ווי פאַרלוירן. נישטאָ קיין אָנהאַלט. אונזער תקופה איז די תקופה פון בין השמשות פאַר יידיש — — — כה אָמר איציק מאַנגער. עס האָט פון אים אַרויסגערעדט דער אומעט, די פאַרלאָזנקייט, עלנט און אַליינקייט פונם יידישן שרייבער.

אומהיימלעך.

באַקומען פון פּאַריז אַן אויסשניט פון „אונזער שטימע״. אונטערן חנודיקן קעפּל „פּאָעזיע מיט טשעק ביכלעך״ צעשרייבט זיך דער הומאָריסט „אידעם״ וועגן „אייגנס״ מיט ביטער־גאַליקן הומאָר. אַוודאַי איז גוט אויפצונעמען אַ לעקציע וועגן מאָראַל ; דערביי מוז אָבער דער קריטיקער אַליין זיין אויסער קריטיק ; פּשוט : מען דאַרף אים נישט כאַפּן אין מיטן זינדיקן . . . „אונזער שטימע״, אַ בונדישע צייטונג, וואָס אויסער איר פּאַרטייאישן אַמאָל איז איר איצט קנאַפּ־וואָס געבליבן פון צייטונג־מין. פיר זייער אָרעמע, צונויפגעקאָרטשעטע זייט־לעך, נישט רעדאַקטירט און נישט קאָרעגירט. גרייזן „אויפן טוץ״. מילא, איז זי נישט קיין בת־יחידה אויף דעם געביט. נאָר וואָדען. די צייטונג שרייט כסדר געוואַלט : ראַטעוועט פון אונטערגאַנג ! ס׳איז אַן עסק מיט פּרעסע־פאָנדן און מיט נדבות —

קשוט עצמך !

איז געקומען דער הומאָריסט מיט זיין מאָראַליזירטן פּזמון : „אייגנס״ פאַרלאַנגט פון די מיטאַרבעטערס, זיי זאָלן אונטערשטעלן אַ פּליינע, זאָלן ווערן שותּפים צו די הוצאות. אַזאַ־אַ פאַרברעכן לויטן הומאָריסט. דערביי איז אים באַקוועם צו פאַרזעצן, אַז ער, דער פּרעדיקער, האָט פּלאַץ פאַר זיין מאָראַל־פּרעדיקעריי נאָר אַ דאַנק דער הילף פון די פּרעסע־פאָנדן, פון זאַמלען נדבות, פון שרייען געוואַלט פון פּאַריז ביז ניו־יאָרק . . .

יאָ, אויך דאָס געהער צו די איצטיקע יידיש־שרייבערישע אומעטיקע אומהיימ־לעכקייטן, ווייל — ביי זיך אין אויג זעט מען אַ שטרוי און ביי יענעם — אַ בעלעק — — —

האָב נאָך רעכט זיך נישט אומגעקוקט אויף דער מדינה דערדאָזיקער. בין שוין דאָ כמעט אַ „וותיק״, אָבער מיין „זוכן תכלית״ (בייטאָג אין ביבליאָטעק, נאָכ־מיטאָג אין דרוקעריי אָדער ביים שרייבטיש) פאַרשטעלט כמעט פון מיר „די גאַס״. דאָך, ווי פאַרפאָרעט איך בין — שוין באַוויזן זיך צו באַקענען מיטן „סאַברע״, מיט זיינע גלוסטעגישן און ווייענישן — — אַזוי אויך געזען די יוגנט אומעטום : געשריי און געפּילדער און ווילדע אַמעראַצעס. ווי דאָס בילד גלייכט זיך :

אייניקע טעג פאַר מיין איבערלאָזן ריאָ, האָבן יונגע מאָטאָציקליסטן דורכגעפירט אַ נאַכט־געיעג איבער דער הויפטגאַס פון קאָפּאַקאַבאַנאַ ביים ים. האָט דאָס געשטערט דעם שלאָף ביי די איינוווינער. נו, האָט אימעצער אין מיטן נאַכט אַרויסגעשליידערט אַ פלאַש פון אַ פענצטער, צעשפּאָלטן דעם קאָפּ ביי איינעם אַ מאָטאָציקליסט. האָט דערויף די גאַנצע חברה אָפּגעענטפערט מיט אַ שטיינער־טראַסקעריי און שויבן־בראַזגעריי אַ פעליקע נאַכט... אויך דאָ איז לעצטן פריי־טיק אָוונט פאַרגעקומען אַזאַ מין הפקרייקע פון יונגע „האַלב־שטאַרקע": זיי האָבן בחברותא צעהאַקט די שיינע שויבן־גלעזער אין די שיינע אויטאָס, וואָס באַצירן די גאַסן פון תל־אביב און רמת־גן. מסתמא פילן זיי זיך באַעוולט... ווו זיי טראַסקען מיט מאָטאָציקל־געטראַסק, ווו — מיט אויטאָ־גלאָז־געבראַזג...

יאָ. פאַראַן אַן אינטעליגענטע און איידעלע יוגנט אין ישראל, אָבער מען פילט זי נישט. געהער דאָך דער דאָזיקער נאָכוווּקס צום טיפּ „יושב אוהל". גאַסן־יוגנט געפינט זיך אויף דער גאַס און זי לאָזט זיך גראָד אַמשטאַרקסטן פילן. דאַכט זיך, אַז אַ היפּשן חלק אין דער גאַסניונגישקייט האָט די גאַסנדערציאונג, וואָס געוויסע פאַרוויילונג־אַנשטאַלטן שטעלן צו בריוות. מילא, די קינאָ־פּלאַקאַטן מיט זייער פאַרביקער נאַקעטקייט; די גאַסן־מיידלעך מיט זייערע כזית־קליידעלעך און פּאַ־פּיראָסן; די רחוב דיזנגוף מיט איר וווּלגאַרקייט; נו, גרויסשטאָטישע פּריוואַט־איניציאַטיוו; אָבער אַז „קול ישראל", דאָס וואָרט פון ישראל און פון עם ישראל רעקלאַמירט מיט פרייד די הפקרות — אָ! דאָ איז שוין אַלץ איינגעשטעלט.

אַפּראָפּאָ: דער דיכטער ש. שלום האָט אין „מאָזנים" אַראָפּגעצויגן די הלבשה פון דער צניעותדיקער „קול ישראל", בשייכות מיט דער ראַדיאָ־שעה „לאישה". האָט דער דיכטער זייער מוטיק פאַרגעשטעלט דאָס „פּרויען פּראָגראַם" אין דער ווייבערישער ראַדיאָ־שעה, ווו דער ספּיקער האָט דערלאַנגט אַ לעקציע וועגן „פּיפּי", השתנה און חלקים פונם הינטערשטן חלק פונם מענטשלעכן גוף, בזה הלשון:

> דידאָזיקע פאַרמיסטיקונג פון אונזער נשמה־לופט איז נישט קיין אויס־נאַמפאַל. דער אמת איז, אַז עס איז שווער צו עטעמען אין דער גאַנצער לופט פון „פאַרוויילונג", וואָס באַהערשט אונזער שפעריישע וועלט. אַן צו רעקלאַמירן „בלוטצייכנס צווישן די פיס" וועט אַ מיידל אַן אָנפאַנגעריין זיך נישט דערוועגן אַריינצושטעלן אַ פוס אינם היכל פון פּאָעזיע... אַן אַ קלאָזעט און אַ באַרדעל אויף דער בינע, אַן „טאַפּעריי" און ניבול פּה, וועט קיין טעאַטער ביי אונדז נישט מאַכן קיין „סוקצעס" — — —

האָ? דאַרף מען נאָך זוכן? און אפשר איז דאָס בלויז אַ קאָניונקטור אַזאַ? אַ פאַר־געגלעכע חולאת...?

## 25. פוחת והולך

דור הולך. עס ווערט ווינציקער. דער אַלטער דור גייט אַוועק און קיין יונגער קומט נישט אויף זיין אָרט. נו, איז דער דור הולך לעגיטים און פאַרשטענדלעך. אָפּגעלעבט ביז אַ געוויסן עלטער, צוגעשטייערט דער וועלט דעם געהעריקן חלק. עד כאן. ווער עס מאַטערט זיך דורך אויף אַ שפּיטאָל־בעט, וועמען דער מלאך־המוות שטאַט־אָפּ אַ פּריוואַטן באַזוך אַנדערשווו... — אָבער נעמען מיט די אייגענע הענט זיך „אַוועקנעמען" דאָס ביסל פאַרבליבענע לעבן! אַ מאַביד עצמו לדעת. פאַרלוירן ביידע וועלטן! —

א. אַלמי.

פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן? מיט אַנדערהאַלב יאָר צוריק, מאַי 1962, האָט ער אין אַ בריוו מיר געשיקט „אַ האַרציקן יישר־כוח פאַר דער וואַרעמער נאָטיץ צו מיין ווערן אַ בן־שבעים". האָט ער, הייסט עס, יאָ מסכים געווען מיטן ביסל געשענקטן לעבן, וואָס עס קומט אַ בן־שבעים; ווייטער — האָט ער נישט געקאָנט וואַרטן, זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויפן לעצטן אַנקומענדיקן טאָג; ער איז אים אַליין אַנטקעגנגעגאַנגען: נאַ, שויך, אויס! געווען און — נישטאָ! זעקסן־פופציק פון איינאונזיבעציק יאָר לעבן אָפּגעגעבן דער יידישער ליטעראַטור; לסוף — אַוועק פון איר מיט אַ טראַסק אין טיר. וואָס? אַ טעות. ער האָט נישט פאַרלאָזט די ליטעראַטור. ער איז בלויז אַוועק פון דער איינזאַמקייט. אַוועק צום אויסלייזער, צום מלאך הגואל —

ווידער אַ שוואַרצער שפּיגל פון דער יידיש־שרייבערישערווירקלעכקייט.

די לוויה איז פאָרגעקומען נעכטן, דעם 30טן סעפּטעמבער. האָט מען געהאַלטן הספדים ביי זיין קבר? נו, מסתמא. וויבאַלד זיי זענען געקומען, די געוועזענע קאָלעגן זיינע, געקומען אים באַגלייטן אויפן לעצטן וועג, האָט מען געקלאָגט. איז אָבער די מעשה אַזאַ: וואָלט מען קיין לויב־הספדים נאָכן טויט נישט געהאַלטן, נאָר געהאָלפן דעם שרייבער זיך דערהאַלטןביים לעבן, וואָלט מסתמא אַלמי נאָך איצט הנאה־געהאַט פונם לעבן — — —

און ווי עס יידישט זיך, אַזוי — העברעאישט עס זיך... היינטיקע וואָך האָט זיך געטומלט אויף אַ זיצונג פון אגודת הסופרים העברים. האָט דאָס געצווונגען דעם שרייבער אַברהם קריב צו דערקלערן, אַז ער פאַרלאָזט די פאַרוואַלטונג און דעם שרייבער־פאַרבאַנד בכלל. דער ענין: געווען דאָרט אַ גאַסט, דער בילדונג־מיניסטער. האָט ער פאַרלאַנגט פון די שרייבערס, זיי זאָלן רעאַגירן קעגן דעם רעליגיע־צוואַנג אויף דער מדינה. האָט דערויף אברהם קריב געזאָגט, אַז כאָטש ער איז קעגן געוויסע מעשים פון די ירושלימער מאה שערים־יידן, איז ער אָבער אויך קעגן, אַז די מדינה־פירונג זאָל שיקן אַהין פּאָליציי. ער האָט אויך געזאָגט, אַז די מדינה דאַרף באַשיצן דעם שבת, וואָס איז דער פונדאַמענט פון יהדות..

נו, נו, האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. דער רוב נאַציאָנאַלע שרייבערס, קעסט־קינדער פון דער מדינה־קאַסע, האָבן אים אַטאַקירט. דערויף האָט קריב געענט־פערט מיט פאַרקלאַפּן די טיר.

אַזוי קוקט אויס דאָס שרייבערשע לעבן; נישט פונם טשעקן־שרייבער, נאָר — פונם שרייבער ממש. און אַ שרייבער אין איצטיקע נאָך־חורבן־יאָרן איז דווקא דער, וואָס וויל און איז בכוח אויסצופירן אַ יידיש־תוכיקע פונקציע מיט זיין שרייבן. נישט אַנדערש!

## 26. מדינה־פּאַרשעמערס און יידיש־פּאַרשעמערס

פעברואַר 1964. ווידער באַקומען אַ בריוועלע פון דער באַנק וועגן דער „משכנתא". אַלע בריוועלעך מיטן זעלביקן פּרצוף: פּראָצענט פונם פּראָצענט. עס הייסט: ווילסטו זיצן אין אַן אייגענער דירה — צאָל! צאָל און צאָל און ווידער — צאָל פאַר אַן „אייגענעם דאַך". אַפילו נישט געהאַט געלייענט די פיל אומפאַרשטענדלעכע פּאַפּירן, וואָס מ'האָט איילעק אונטערגערוקט צום חתמענען. איצט — שוין דורכגעבלעטערט דעם „חוזה" און די פּאַפּירן אַרום אים אַ מאָל צוואָנציק. און פאַרשטיי נישט וואָס דאָרט טוט זיך. אַ מין תרגום מיט מפרשים. אָפענע הפקרות. שוין דאָס פינפטע יאָר צאָל איך די ראַטעס און ווי עס ווייזט אויס: וואָס מער איך צאָל — מער בלייב איך זיי שולדיק — — —

אַנומלט געווען אויף אַן אַסיפה אַזאַ, ווו הונדערטער יידן האָבן צוזאַמען גע־קרעכצט אויף דער גרויסער עוולה וואָס מען באַגייט קעגן זיי. אַז מ'קאָן זיך דאַך פון זיי קיינמאָל נישט אויסצאָלן. אַ מעשה מיט „צמד", מיט „באַהעפטן צום דאָלער". גיי און פאַרשטיי זייערע דרכים. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די „חברה"־לייט נעמען קודם דעם פּראָצענט; די הלוואָה — במקומה עומדת — אויך די קינדער און אייניקלעך וועלן מערטשעם צאָלן...

וועל מוזן „פאַרזעצן דעם קאָפּ" (אויב ער האָט פאַר אימעצן אַ ווערט) און „אויס־לייזן די משכנתא", כדי נישט צו דאַרפן כסדר טראַכטן וועגן רויב און שקר, וואָס באַהאַלטן זיך אונטערן מאַנטל פון בעלי־טובות — — —

געווען אויף אַ בר־מצוה־פייערונג. נישט פאַרגעשטעלט זיך, אַז אין תל־אביב זאָלן געפּראַוועט ווערן אַזוינע מיני ספּעקטאַקלען. ביים אַריינגיין אין זאַל האָט מיך באַגריסט מיט אַ קניקסל דער חתן־דנן. נו, אַ שמחה ביי יידן. עס וואָלט אָבער נישט געשאַט אַביסעלע באַשיידנקייט. טראָמפּייטערס און בלאָזערס און סתם קונצנמאַכערס האָבן פאַרהילכט דעם קאָפּ. און אַז מ'האָט זיך אויסגעזעצט אַרום די טישן האָבן בעלי־שמחה מיטן בר־מצוה בתוכם אַראָפּגעוואָרפן די יאַרמלקעס (אַ שטערונג צו דער אַכילה) און זיך אַ „נעם געטאָן" צו גאָפּל לעפל

מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ ברען, גלייך די שמחה וואָלט געגרייט געוואָרן טאַקע בלויז לכבוד די פיש-קעפּ און געבראָטנס. ערשט די טענץ. אַ קאַלטער דרויסן. חודש מערץ. אָבער אינעווייניק — אַ היץ פון שווייסיקע, האַלב-נאַקעטע לייבער. מיט איין וואָרט: אַ בוענאָס איירעסער „פיעסטאַ".

עס האָט זיך מיר זייער געוואָלט אַ שמועס טאָן מיטן בעל-שמחה דערוועגן. ער איז אַ חבר אין אַ פריידענקערישער פּאַרטיי און דערצו אַ קבצן. אָבער כ'האָב נישט געפרעגט. זיך אָפּגעטראָגן כלאַחר היד. גלייכער נישט צו קריכן מיט אַ גע-זונטן קאָפּ... טשעקאַווע דערביי: אַזאַ-אַ-מין-פּרצוף-פּנים גרייט זיך צו באַהערשן די אויסגעווייטע, באַלאַגערטע מדינה. יאָ. וועלן אַזוינע פּוסטע הוליאַנקעס ווערן באמת רגילות — וועט די מדינה בכלל פאַרלירן איר פּרצוף.

צוויי בריוועלעך פון זיגמונט טורקאָוו. ער האָלט קאָנטאַקט מיט „אייגנס". די בריוועלעך כאַראַקטעריזירן דאָס געשטאַלט פון יידישן קינסטלער.

25.3.64

זייער חשובער...

... קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, וואָס קאָן זיך אָנועקזעצן און שרייבן, בין איך נישט. דילעטאַנטן קומט עס אָן שווערער. און איך געהער דאָך צו דער קאַטעגאָריע „שרייבער". מוז איך וואַרטן אויף אַ פּאַסיקער געלעגנ-הייט. שרייבן וועגן אויסלאַנד? איך האָב נאָך נישט גוט פאַרדייעט דאָס געזעענע דאָרט. אויב שרייבן האַלט איך פאַר פּאַסיק צו דערמאָנען דעם אָנדענק פון מאַרעווסקין. איז ווידער די זעלבע מעשה: צייט. אין דריי טעג אַרום הייבן זיך אָן די פּרעמיערע-פאָרשטעלונגען: שפּאַנונג, אומרו-איקייט, נערוון. אויב איר ווילט קאָן איך אַרויסנעמען אַ קאַפּיטל פון מיין דריטן בוך זכרונות: „די איבערגעריסענע תקופה". אויב איר האָט דאָס בוך און דער געדאַנק געפעלט אייך, איז אוודאי גוט. אויב נישט, ד״ה, אויב איר האָט נישט דאָס בוך, שרייבט ביז ווען איך דאַרף אייך צושיקן אַ קאָפּיע פון דעם אַרטיקל. וואָס שפּעטער איז געזינטער.

אַ פריילעכן יום טוב, אייער...

30.4.64

זייער חשובער...

איך כאַפּ אַרייך אַ פרייע מינוט און נאַט אייך אַן אויסצוג פון אַ קאַפּיטל פון מיין בוך וועגן „פרעמדע" אַקטיאָרן אויף דער יידישער בינע. איך האָב דאָרט געמאַכט אַ פּאַראַלעל צווישן מאַרעווסקין און גראַנאַכן, האָב איך אין דעם פאַל אויסגעטיילט מאַרעווסקין. צי ס'איז מיר געלונגען — ווייס איך נישט. איר קענט עס רעדאַקטירן. וועגן יידישן „לעבן" אין אויסלאַנד, האָב איך, לײדער, זייער ווייניק צו שרייבן. איבעריקנס, איז דאָך אין לעצטן נומער פון אייער זשורנאַל געווען אַ קאָרעספּאָנדענץ פון פּאַריז. טראַוריק אָבער וואָר. די בעסטע גרוסן...

אומהיימלעכע דערפאַרונגען מיט יידיש אין ישראל. אויך אַנדערשוואו איז נישט

הימלעך, אָבער דאָ... נו, יאָ, דאָ איז דאָך אַלץ יידיש. אַפילו דער העבֿרעאיש, וואָס ווערט אַזוי געדיכט געפּלוידערט פון דער רעשיקער שוליוגנט, איז ער דאָך אויך — יידיש, אַ מין דאַוונען, וואָס יידן האָבן געפּלעגט „אויסרעדן" אויף יידיש: „ותחזינה עינינו", טאַטע האַרציקער... און אויך איך טו דאָ „פּראָוואָצירן" מיט מיין יידיש די קרעמערס און פּאָסט־באַאַמטע, אַפילו זיי שטאַמען נישט פון וואַרשע און לאָדזש; ספרדישע יידן גאָר (גיי ווייס!) — יידיש רעדן זיי, זיי רעדן! אַלע רעדן זיי דאָ יידיש. אַפילו מיניסטאָרן רעדן יידיש. אַ מדינה — כולה יידיש.

על כן — וואָזשע זענען די אומהיימלעכע דערפאַרונגען? — יאָ, דווקא מיט יידן, וואָס שרייען, אַז זיי ווילן יידיש; ווילן אין דער מדינה יידיש... אַ, זיי ווייסן, בנאמנות, וואָס זיי ווילן; זיי ווילן דאָ מאַכן קאַריערע, ווערן קרבנות פונם „אַנטי־יידיש" אין דער מדינה — — —

און אַקטיאָרן קומען אַהער מיטן אויסגעשריי (פּונקט פּאַרקערט): יידיש שטאַרבט אומעטום; זאָל לעבן יידיש אין דער מדינה! בלויז דאָ איז פאַראַן פּלאַץ פאַר עכט טעאַטער אויף יידיש! און דאָס עכטע טעאַטער אויף יידיש האָט דווקא אַהערגעבערענגט יוסף בולאָוו. אַזוי איז ער אַהערגעקומען אָנהייב היינטיקן טעאַטער־סעזאָן און איצט — עס בלאָזט שוין באַלד מיט פרילינג — איז נישט צו פילן זיין עכט יידיש טעאַטער. ער האָט דאָ געפּרווט פּאַנאַנדערשפּרייטן די פליגל מיט אַ „מאַן פון פּאַקיסטאַן", אַ מין בראָדוויי־קיטש; פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל, אָבער אָנגעהויבן מיט יידיש־קולות: לאָזט מיך ראַטעווען יידיש! ווער לאָזט זיי נישט? ווער האַלט זיי געבונדן די הענט? פאַרוואָס דערלאַנגען זיי נישט דעם עולם — יידיש ממש! מחמת בלויז לשון מיינט דאָך נישט — קולטור, דערציאונג. דאָס לשון דאַרף דאָך אויך אַרויסגעבערענגט ווערן קולטורעל, דאַרף קומען פון אַ פילנדיק יידיש געמיט און נישט דווקא פון קאַריעריסטן און רעקלאַמע־מאַכערס.

אַפּראָפּאָ: אַ קאָמוניסטישער דעפּוטאַט האָט אַריינגעטראָגן אין כנסת אַן אינטערפּעלאַציע מכוח דער אונטערדריקונג פון יידיש אויף דער ישראל־ראַדיאָ. תיכף דערנאָך האָט דאָס פּעלטע־בלאַט זיך צעלייגט אויף דער ערשטער זייט מיט דערדאָזיקער סימפּאַטישער גדולה: נאַט, זעט, אַפילו ער, משה סנה, שרייט געוואַלד: יידיש! נו, איז נישט כדאַי צו פּטרן צייט אויף דער קאַריערע (משטיינסגעזאָגט) פונם דאָזיקן קאָמוניסט. ווי איז אָבער דער אמת מיט דער יידיש־אוידיציע אין „קול ישראל"? לדידי — וואָלט מען זי בכלל פאַרקלאַפּט און פּטור אַן עסק. מחמת אויך אין 25 מינוט קאָן מען אַריינטאָן לעבן אינעם יידיש־לשון. אָבער דאָ איז עס דער היפּוך. די יידיש־אוידיציע איז נישט יידיש און איז בכלל — אָן לעבן. אַ שלעכטע איבערזעצונג פון אַלט־געבאַקענע העברעאישע ידיעות; אַ קוואַטשיק פּלוידעריי פון טוריסטן מיט אַ צעקאַלעטשעטן יידיש וועגן זייערע

גרויסע אויפטועז אין נעוויאָרק, בונאָסיירעס און אויך אַנדערע קאָנטינענטן; ועל כולם — טריאַטער־געזענגע פון פאַרשידענע קאַליקע־סטאַרן, וואָס פאַרשעמען דאָס יידיש־לשון מיט זייערע „קונסט־ספעקטאַקלען" — — —

דער אמת כלפּי די יידיש־שרייבערס: ווי נאָר זיי דערזעען זיך דערנענטערן אַ העב־רעער, פאַרמאַכן זיי תיכף זייערע יידיש־מיילער, ווערן זיי קופצים בראש — אין העברעאיש...

## 27. טראַגישע כמעט־קאָמישע הינט־געשעענישן

מאַי 1964. דער זומער איז שוין אַריין אין זיין פולן טראַנס, אי עס חמסינט, אי עס שמעקט מיט — ים. יאָ, זינט געמאַכט מיינע וווּנדערלעכע שיף־נסיעות איבער ימען און זינט זיך געבאָדן אינם שטורמישן אַטלאַנטיק פון ריאָ — זינט דעם אַלעם געוואָרן אַ פאַרליבטער אינם ים. הכלל: ים אין תל־אביב! פאַראַן אַ בעסערע, אַ גלאַטיקערע זאַך פאַר אַ ייד, וואָס זוכט התבודדות אין דער יידי־שער מדינה?

פרייטיק אַרבעט איך נישט אין דער ביבליאָטעק. פאַר איך צום ים. אי ערב־שבת איז אַ מצווה זיך אויסצובאָדן, אי די הנאָה פון אַזאַ מאַיאָוון פרייטיק צו ליגן אַן אויסגעטעאָענער אויפן זאַמד, אויפן יידישן זאַמד, אויסגעטאָן פונם גאַנצן אין־דער־וואָכן, ליגן אונטערן יידישן הימל, הערן דאָס שאָרווען פון די כוואַליעס — אויך אויף יידיש — — —

נו, טו איך כמעט יעדן פרייטיק אָוועקפאָרן צום ים מיטן אויטאָבוס, אין אָוונט — צוריק צופוס. עס איז גאָר אַ געשמאַקער טעם: הנאָה צו ליגן אַ נאַקעטער אויף דער נאַקעטער שויס; ערשט דער שפּאַציר צוריק — פון תל־אביב קיין רמת־גן. אַ גלאַטיקער וועג. אויך דאָס טראַכטן איז גלאַטיק. האָב איך אויך היינטיקן פריי־טיק צוגעגרייט דעם פּראָגראַם. אויפן זאַמד יאַוועט זיך שטענדיק אַ בייזיצער (אָדער ביילִיגער) — אַ ייד פון פתח־תקוה, אַ ייד מיט אַ לאַנגער, גלייכער באָרד און מיט אַ — פלעשל נאַפט. מילאַ, די באָרד — איז ער דאָך דערויף אַ ייד אין אָרץ־ישראל, אָבער צוּוואָס ברענגט ער פון פתח־תקוה אַ פלעשל נאַפט צום ים? אַ פריילעכער שמועסער. פון זיינע רייד אַרויסצוהערן, אַז ער „שמעקט מיט חב"ד". דערפאַר האָט ער אויך הנאָה פון מיר צו הערן וועגן מיין אַמאָ־ליקער חסידות, וועגן מיין שטויסן זיך אַרום די טישן פון קאָזשעניצער און קאָצקער איניקלעך. בקיצור, דאָס גשמיות ביים ים ווערט פאַרשוועכט פון לויטער רוחניות. און דאָס פלעשל נאַפט? דאָס נוצט דער ייד נאָכן אַרויסגיין פון וואַסער. היות, דער תל־אביבער ים־ברעג איז פאַרפּאַטשקעט מיט סמאָלע און נאַפט, איז אַ רפואה דערצו — אַ פלעשל נאַפט... אָט באַוויזט ער מיר די פיס, נאָכן אַרויסגיין פון וואַסער: הוילע סמאָלע.

דעם היינטיקן פריטיק איז דער ייד נישט געווען. האָב איך אַראָפּגעוואָרפן די לייכטע בגדים, געמאַכט אַ פּעקעלע און דאָס ווייסע העמד אַרויפגעלייגט דע־רויף. אַריין אין וואַסער לויט אַן אָנגעצייכנטן וועג: האַרטער באָדן, אַ שטיין, זאַמד און — זיך אַראָפּגעזעצט. קיין שווימער בין איך נישט. נו, איז גענוג דאָסדאָזיקע פאַרגעניגן: זיצן אויפן זאַמד, זיך לאָזן שווענקען פון כוואַליעס און דערנאָך — זיך אומקערן מיטן זעלביקן וועג, כדי נישט צו דאַרפן אַריינ־פאַלן אין אַ פאַרסמאָלעטן נאַפט־גרוב. ערשט דאָס פאַרגעניגן — זיך אויס־ציען אויפן זאַמד.

נו, איז דער ייד פון פּתח־תקוה נישט געקומען. דערפאַר האָט זיך געיאַוועט אַ צווייטער אויף זיין אָרט, אַ ספק־ייד; אפשר אַ טוריסט. האָט אים גראָד פאַרשמעקט מיין אָפּגעזונדערט ווינקעלע, אים און אַ — געל הינטל, אַ קוויטשענדיקס, אַ שפּרינגענדיקס, אַ כלב, וואָס דער באַלעבאָס האָט עס זייער ליב; ער קושט עס יעדע ווילע אינם ברודיקן פּיסקל אַריין. הכלל: זיץ איך אַזוי און טונק זיך ביים ים־ברעג, האָב הנאָה פון וואַסער, הימל און זון. נעמט פּלוצים דאָס געלע הינטל שפּאַצירן איבערן זאַמד, נעמט עפּעס זוכן אַרום זיך. דער באַלע־באָס, ספק־ייד, ספק־טוריסט, ליגט מיטן בויך צום הימל. נישקשה. פאַר זיינע טאָלערס מעג ער זיך פאַרשאַפן הנאָה. און דער כלב: ער שפּאַנט איבערן זאַמד, שטעלט זיך אָפּ נעבן מיין מלבושים־פּעקעלע, נעבן ווייסן העמד; שטייט און טראַכט און — הייבט־אונטער איינס פון זיינע פיר פיסלעך... ער גרייט זיך צו באַנעצן מיין ווייס העמד... אוך! נישט צו געפינען קיין שטיין אונטערן וואַ־סער! איך זוך אַ שטיין און שריי: „אַ פּודזשאָס!" — אָבער שריי צום הימל. דער הונט גרייט זיך צו טאָן ס׳זייניקע... בלייבט איין וועג: אַרויסלויפן פון וואַסער און זיך אַ לאָז טאָן נאָכן כלב. נאָר נישט צופיל טראַכטן. גלייך דער רוח וואָלט מיך גענומען — געהויבן די נאַקעטע פיס איבערן וואַסער; דערביי פאַרגעסן מיין אָנגעצייכנטן זאַמדיקן וועג — — אַריין מיט ביידע פיס אין אַ גרוב, זיך פאַר־טונקען אין סמאָלע און נאַפט ביזן האַלז — — —

וואָלט כאָטש דערביי געווען דער ייד מיטן פלעשל נאַפט!

סיזווי — דעם הונט נישט געכאַפּט. ער האָט שוין געהאַט ס׳זייניקע אָפּגעטאָן און אויף מיר געגריזשעט מיט די ציין: אַזאַ העזה! מיין ווייס העמד איז געבליבן געל־באַפלעקט; און איך — זיך קוים אַרויסגעשלעפּט פונם גרוב, אַוועקגעפאַלן אויפן זאַמד — נישט צו קענען זיך רירן פונם אָרט. די קני פון מיין לינקן פוס, וואָס האָט באַקומען קלעפּ אין פאַרשידענע לענדער און שטעט — די קני האָט זיך גאָר פאַנאַנדערגעשרויפט, אַרויס פון די זאַוויאַזעס. אויס! און אָט רוקט זיך אָן דער שבת. און אויסגעשמירט בין איך, ווי כ׳וואָלט באמת אַרויס פון ערגעץ אַ סמאָלע־פאַס...

באַין ברירה: אַרויפגעוואָרפן ס׳העמד, זיך אַרײַנגעוואָרפן אין די תחתונים און געגומען הינקען צום ברעג. סאַראַ ווייטיקן!

דער סוף? געווען אַ גוטער סוף. אַ סימן, אַט זיץ איך איצט, אַ וואָך בערך נאָך דער הינטישער געשיכטע, מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן פוס און פאַרצייכן אין מײַן טאָגבוך די כמעט-קאָמישע געשעעניש.

יוני 1964. פאַרצייכנט אַ געשיכטע מיט אַ הונט — ווידער אַ הינטישע געשיכטע: איך הינקע אַרום אין מײַן ד״אַמות-חדרל, פון בעט צום פענצטער און צוריק. מײַן געשוואָלענע קני האָט מיך באַפרײַט פון דער אַרבעט. האָב איך צײַט אַרויס־צוקוקן אויף דער גאַס. פלוצים: אַן אַנגעלויף. מײַן אַנטקעגנדיקער שכן לויפט אַ צעשראָקענער. עפּעס טרויעריקס איז געשען. מײַן שכנס הונט, פּריצי, האָט באַקומען אַ שטויס פון אַן אויטאָבוס, דערזעלביקער פּריצי, וואָס האָט דער־לאַנגט אַ פּיסל צו „שלום״ און אויך דערזעלביקער, וואָס האָט מיט זײַן תרועה־דיקן בילן צוגענומען פון מיר דאָס ביסל מנוחה. אים דערפאַר נישט איין מאָל געשאָלטן מיט „טויטע קללות״. איז עס איצט געשען. איצט לויפט דער באַלע־באָס זײַנער, דער רומענער, וואָס רעדט אי פּויליש אי דײַטש, צום ברוק, שלעפּט פּריצין צום רינשטאָק, פאַרדעקט אים מיט אַ צײַטונג. נישטאָ פּריצי! אַלע די שכנים מײַנע זענען טויטלעך איבערגעשראָקן און זייער פאַרטרויערט: אַזאַ אומ־גליק! בלויז איך בין צופרידן: אַ הינטישע כפּרה פאַר אַביסל מנוחה — — —

הייסע טעג. אויגוסט 1964. עס ווילט זיך מיר אַנטלויפן — פון זיך. עפּעס טראָג איך זיך אַרום מיט אַ היפּשער דאָזע מאַזאָכיזם; אָנגעפּילט מיט טענות: דאָס יאָ געדאַרפט טאָן, דאָס נישט. אַ שאָד, וואָס מײַן שלימזלדיקער פוס האָט געמאַכט אַרויפצוווינגען אויף מיר אַ נדר — מער נישט צו גיין צום ים. ס׳טו געהערט אַזוינס! וועל זײַן געצוווּנגען זיך מתיר־נדר־צו־זײַן. סוף־סוף — אַ מענטשלעכע זאַך, דער ים און בפירוש — אַ גוטע זאַך. ביז וואָס ווען — טו איך זיך לאָזן יאַדען אין די פאַרמיטאָגס פון די „ספרנים״ אין דער ביבליאָטעק; אין די נאָכמיטאָגס — מיט אייגענע, באַלעבאַטישע ענינים. טאָ לאָמיר פאַרצייכענען צוויי אינטערעסאַנטע טרעפעניש פון די איצטיקע, די הייסע טעג:

1. האָב אויסגעקויפט די „משכנתא״. אין סך־הכל איז אַרויסגעקומען, אַז פאַר דער הלוואה — באַצאָלט פּונקט כפלים. אָבי פּטור פון אַ ברודיק עסק! יאָ, ביים בעטן אַ חשבון כדי צו סילוקן דעם חוב, האָט איינער אַ ייִד, פון די מנהלים דאָרט אין דער באַנק, פאַנאַנדערגעוואָרפן די באַקן אויף „ניין״. וואָס — ניין? צו פילן, אַז די באַנק-לײַט האָבן נישט קיין חשק צו געבן חשבון; זיי זענען צו־פרידענער פון די פּראָצענטער ווי פונעם דעקן דעם חוב. און אַז האָב זיך אָנגעג־נומען מיט קוראַזש, אַ פרעג געטאָן ביים דאָזיקן מנהל: „מאַכט די באַנק פאַר־לייכטערונג ביים באַצאָלן דעם גאַנצן חוב?״ — האָט ער ווידער פאַנאַנדערגע־

וואָרפן די בעק:

„וואָס? האָ? מיר זענען נישט קיין סאָציאַלע אינסטיטוציע!"

טפו! — זיך אויסגעלייזט. אזוי האָבן מיך די „טובות" פאַרמאַטערט גאַנצע פינף יאָר. יאָ, דאָס העמד פון לייב אַוועקצוגעבן און קיין הלוואות מער נישט צו נעמען — — —

2. אויף מיין טיש וואַלגערט זיך שוין אַ היפּש ביסל וואָכן אַ בריוו פון סידנעי, וואָס געפינט זיך אין אויסטראַליע. געקומען איז דער בריוו פון איינעם אַ בוג-דיסט דאָרט — אַ פּאַרוויקלטע מעשה, וועלכע שמעקט מיטן „חבר מאָטיע": שמו הולך לפניו פון מינכען ביז בוענאָס איירעס און ניו־יאָרק. יאָ, וועגן ניו־יאָרק געהאַט געגעבן פאַלגנדיקע נאָטיץ אין „אייגנס" (אָקט׳־נאָוו׳ 1963):

> אַ לויב דער לעקסיקאָן־מאַראַל. — דער 5טער באַנד פון קליימס־„לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור" מעג זיך באַרימען מיט דער געהעכערטער מאַראַל, וואָס האָט געטאָן אַריינדרינגען אין אים — מיטן אַריינטרעטן פון מרדכי (וואָוו) בערנשטיין צווישן די מיטאַרבעטער. אָ, דערדאָזיקער נייער „גענאָסע"... ער ווייס ווי אָפּצולעקן די פעטע פינגער נאָך אַ שפּעקאָוון קאָטלעט — — —

נו, איז דערויף געקומען אַן אָפּרוף אַזש פון סידנעי — אַ קליינשטעטלדיקער קוויטש פון איינעם מיטן הערעישן נאָמען: אַלעקסאַנדער — פּערזאָנען-קולט כלפּי דעם „חבר מרדכי וואָלף". מוז איך גרייט זיין אויך אַזאַ גרימעניש אויפצונעמען און — אָפּצושליידערן צוריק, אַזש קיין סידנעי — — —

## 28. אַזאַ-אַ דראַמע: דריי דורות אין דער מדינה

און אפשר בכלל: אפשר טאַקע זע איך אַלץ שוואַרץ, מחמת — עפּעס גריזשעט אין מיר, לאָמיך עס פורש־בשמו־זיין: אַ פייניקונג־מאַניע, וואָס איז גורם כ׳זאָל שלעפּן נאָך זיך אַלץ און אַלעמען..? אוודאי איז די עצם־מדינה דאָס שענסטע, וואָס יידן האָבן פאַרמאָגט און פאַרמאָגן איצט; טאַקע דאָס, די מדינה גופא. נו, טו איך דען יאַדען די מדינה? חלילה. איך „טשעפּע" זיך בלויז צו די־ייעניקע, וואָס מאַכן קאַליע די מדינה. און פאַראַן געגוג קאַליע־מאַכערס. איבערגענוג. אָט די טעג געלייענט אַ דראַמע פון אַ ישראל־שרייבער. איר נאָמען: „שלושה דורות"... אָבער לאָמיך פריער פאַרצייכענען: די מדינה די יידישע איז פאַר אַ ייד די בעסטע מדינה. בין איך דאָך אַרומגעפאָרן „אַ האַלבע וועלט". מדינה דאָ, מדינה דאָרט — און פון אומעטום געלאָפן, ביז — בין אַנגעלאָפן אין דער יידישער מדינה. אַוודאי בין איך אויך דאָ אומצופרידן; אָבער דאָ זענען די טענות משפּחה־דיקע; די אומצופרידנקייטן — מחמת צופיל צופרידענישן וואַלגערן זיך איבער דער מדינהס גאַסן און שטעט, צעוואַלגערן דעם לעצטן אָנהאַלט פון אַ ייד אין דער יידישער מדינה — — —

הכלל, יאָ: געלייענט „שלושה דורות״, אַרויסגעגעבן אין בכבודיקן פאַרלאַג „דביר״, 106 זייטן, 1964. דער מחבר: מ. בערנשטיין, פאַרזיצער פון העברעאישן פאַרלעגער־פאַרבאַנד. וועל איך דאָ בקיצור פאַרצייכענען דעם אינהאַלט און פּרווון געפונען דערין אַ טרייסט. צרות רבים . . . —

דריי דורות — טאַטע, זון און אייניקל, אין דריי צייטן — 1936, 1948, 1963. גדליה, לערער פון היסטאָריע אין אַ מיטלשול. פערציק יאָר אַלט. 1936. אומ־רועןָ אין לאַנד. זיינע צוויי זין, יורם און שאול, 17 און 13, זענען מיט ברען אַריינ־געטאָן אין באַשיצן דאָס לאַנד קעגן אַראַבישע איבערפאַלערס. גדליהס ווייב איז אָנגעפילט מיט שרעק אויפן לעבן פון די קינדער. שושנה בעט זיך ביים מאַן, וואָס איז אויך קאָמענדאַנט פון אַן אָפּטייל, ער זאָל שאַנעווען די קינדער, זיי נישט שיקן אויף געפערלעכע פונקטן. ענטפערט דערויף גדליה:

„דאָס זענען די חבלי גאולה. אַ מדינה קומט נישט פון זיך אַליין. זי דאַרף געבוירן ווערן דורך שווערע און לאַנגע ווייען. פאַר איר באַצאָלט מען מיט בלוט און נערוון.״

דער קאַמף דויערט. דער עלטערער, יורם, ווערט פאַרוווּנדעט. ער נעמט אַלץ אָן פאַר גוט. מען קעמפט און מען זינגט און מען טאַנצט — —

און אָט איז געוואָרן די מדינה. שפּעטער:

די זעלביקע מענטשן, אָבער שוין עלטער — עלטער מיט צוועלף יאָר.

1948. באַפרייאונגס־מלחמה. דער יונגערער זון, שאול, איז איצט קאָמענדאַנט פון אַן אָפּטייל. דער קאַמף — אַן אומרעגולערער קעגן רעגולערע אַרמייען. די גרופּע איז אַרומגערינגלט פון שונא. פּלוצים קומט די הילף. אייניקע גרופּעס חיילים באַווייזן זיך אויפן האָריזאָנט. מיט זיי פירט אָן גדליה. טאַטע און זון כאַפּן זיך אַרום.

וויקלט זיך אַזוי די סיטואַציע. קאַמף און בלוט און יוגנט־אידעאַליזם. גדליה איז גליקלעך. ער באַרויקט זיין ווייב:

„— מיר וועלן זיגן. מיט אַזאַ יוגנט וועלן מיר בייקומען אַלע שוועריקייטן . . . אומעטום טרעף איך מיינע תלמידים . . . אַ וווּנדערלעכע חברה . . . כמעט מיט ליידיקע הענט באַזיגן זיי רעגולערע אַרמייען. די שכנים זענען געווען זיכער אַז זיי וועלן דאָ האָבן אַ לייכטן אויספלוג. . .״

איצט ברייטערט זיך אויס דאָס קאַפּיטל. די צייט שטייט נישט. די מדינה איז געוואָרן אַ „נאָרמאַלע״ מדינה. מען האַלט שוין — פופצן יאָר שפּעטער.

1963. גדליה איז שוין איצט קרוב די זיבעציקער. צייט אונטערצוציען אַ סך־הכל. אָבער ער איז מיד, מיד . . . אַפּאַטיע דריקט אויף אים. און דאָס באַאומ־רואיקט אויך שושנהן. וואָס איז געשען? „ווו איז פאַרשוווּנדן דייך לעבנספרייד?״ יאָ, גדליה האָט זיך פיל געענדערט. עפּעס נישט דער, ווי מיר האָבן אים געקענט

פריער. ער איז איינזאַם. ער פילט באַשיינפּערלעך, אַז ער איז געבליבן אַליין, איינער אַליין — דער איינציקער אידעאַליסטישער מחנך... די יונגע לערערס, די קאָלעגן זיינע, חוזקן פון אים. זיי קוקן אויף אים ווי אויף עפּעס אַ דאָן קישאָט. און די תלמידים? פאַר זיי הייסט עס, אַז דער אַלטער לערער לערנט מיט זיי „ציונות".

און אַז „ציונות" — סאַראַ פּסיל האָבן זיי דערין געפונען? אַז ציוניזם וואָלטן זיי דאָך קיין מדינה נישט געהאַט...

און זיין לעבנסבאַגלייטערין באַמיט זיך אים צו טרייסטן דערמיט, וואָס שטענדיק זענען פאָרגעקומען קאַמפן צווישן טאַטעס און קינדער. אויך ווען מיר „זענען יונג געווען..."

אָבער גדליה לאָזט איר נישט פאַרענדיקן:

„וואָס רעדסטו, שושנה? דעמלט זענען די טאַטעס געווען קנאיתדיקע קעמפערס פאַר טראַדיציע און די קינדער האָבן זיך געריסן צו פרייהייט, צו אידייען; איצט זענען די עלטערן די אידעאַליסטן, די פאַרגעשריטענע און די קינדער — עגאָ־איסטן, וואָס טראַכטן בלויז פאַר זיך, פאַר זייער אייגענער פּעל. די מלחמה ווערט איצט געפירט צווישן יונגע עלטערן און אַלטע קינדער..."

ניין, דער אַלטער טאַטע, דער אידעאַליסט, וועט נישט נאָכגעבן. ער וועט נישט לאָזן צעפּטרן זיין אויסגעקעמפט גייסטיק פאַרמעגן פאַר... יאָ, יורם, דער זון, זיינער... ער איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט. ער יאָגט זיך נאָך לוקסוס...

„... דערדאָזיקער לוקסוס מיט די דירות מיט די שיינע אויטאָס און די נאַכט־הוליאַנקעס... בעת טויזנטער פילקינדער־משפחות וווינען אין איינצלנע צימערן און נישט שטענדיק עסן זיי צו־זעט. אַזאַ התנהגות מוז ברענגען צו אַן אויפרייס, וואָס קאָן אויפרייסן דעם גאַנצן בנין אונזערן... דער לוקסוס איז אונזער גרעס־טער שונא... געוועזן אַ צייט, ווען מיר האָבן געבעטן צו זיין ככל הגויים: אויך מיר זאָלן האָבן גנבים און שיכורים און קאָרטן־שפּילערס; — אָבער — נישט געוועזן. געהאַלטן צעפּענט די טירן גאַנצע נעכט. נישט געווען זיי: קיין גנבים, קיין שיכורים און קאָרטן האָט מען געהאַלטן פאַרשטעקט פון חנוכה ביז חנוכה. און איצט בעטן מיר צו זיין אַן אור לגויים און דוקאַ איצט פאַרמאָגן מיר גנבים אין די פיל טויזנטער, פעלשערס און כאַבאַרניקעס און רוצחים. און אין דער מדינה איז אויסגעבראָכן די מגיפה פון קאָרטן־שפּילן און איבער אַלעם — די אָנשטעקנדיקע קרענק, וואָס רופט זיך — לוקסוס"...

דער אַלטער גדליה לאָזט זיך נישט באַרואיקן. וואָס? אַזוי איז אויף דער גאַנצער וועלט? אַ גזירה שווה. אַ פאַרגלייכעניש. מיר זענען דאָך בעצם קבצנים, וואָס שפּייזן זיך פון פרעמדע טישן... אויף וועמענס חשבון פראַווען מיר אַזאַ אויס־געלאַסענעם לוקסוס? — — ווי דערלאָזט מען, אַז אַ כאַפּטע שווינדלערס זאָל

די יונגע מדינה, וואָס איז אויפגעשטאַנען אויפן בלוט פון טויזנטער יאָרן בענ־קעניש, געבוירן אויף די קערפּערס פון מיליאָנען קדושים, באַרויבן און פאַר־אומרייניקן? — — יאָ, די צרה דערביי איז, וואָס אין דער מדינה געפינט זיך נישט אַזאַ מנהיג, וואָס זאָל פאַרמאָגן דעם גייסטיקן און פיזישן כוח צוריקצו־נעמען די גזלה ביי די גזלנים און זיי אויסצורייסן און פאַרטרייבן פון אונזער לאַנד און לעבן... ווי קאָן מען דאָס פאַרשווייגן? די מדינה געפינט זיך אין סכנה!...

און גדליה פילט זיך פרעמד, אַ פרעמדער אין דער מדינה...

אין איינעם אַן אָוונט — גדליה האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ שפּאַציר. ער ווייס, אַז זיין אייניקל, יגאל, דער זון פון יורם, מאַכט היינט אָוונט אַ פאַרווייליונג ביים טאַטן אין שטוב. ער וועט גיין אַ קוק טאָן.

און אָט, אין אַ גרויסן רייך־אויסגעפּוצטן זאַל זיצן בחורים און מיידלעך זייער אינטים צונויפגעפּרעסט. מען ווילט זיך. יגאל טיילט משקה. ער טרינקט מיט אַלעמען. אַלע זענען בגילופין. מען לאַכט, מען שרייט. גדליה כאַפּט־אויף קולות. יגאל שרייט:

„העי, בחור, גיב מיר די חתיכה דיינע. איך וויל זי בלויז אַ קוש טאָן!"

און אַ מויד ערגעץ, וואָס רופט זיך מרים:

„נאָר ער וויל מיך אויסטאָן, וויל ער!..."

און חברה צעזינגט זיך: „מיר פייפן, אויף אַלץ פייפן מיר, אויפן געמאַטערטן לעבן און אויף די טויטע, וואָס זענען צוליב אונז געשטאָרבן, מיר זענען די יורשים, אַלץ וועלן מיר ירשענען..."

גדליה שפּאַרט־אונטער אַן אויער: וואָס הערט ער? —

„מיר פרעסן און זויפן
און טרינקען און שפּילן
אין קאָרטן און שפּילן אין ליבע
און פייפן, אויף אַלעם מיר פייפן..."

און אָט צערעוועט זיך אַ מיידל פון ערגעץ אַ ווינקל אַרויס:

"אַלץ ברענט אין מיר און איך לעק אויס דאָס איבערבלייבעכטס פון שמעונס כוס, לעק בלויז... (נעמט זיך אויסטאָן) אוף, דאָ איז אַזוי הייס. (זי וואַרפט זיך אויף יגאלס האַלז) דו און מיין בחור...ביידע געהערט איר צו מיר... ביידע קאָנט איר טרינקען... כ'וויל דיך מזנה־זיין! אַמאָל דיך און אַמאָל אים (אַ שיכור געלעכטער) און אַמאָלביידן אויפאַמאָל. אָט אַזוי אין ברייטן בעט, אין ברייטן... ווי קוקט עס אויס מיט צוויי אויפאַמאָל? איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געפּרוווט... קום, יגאל שלאָפן"...

...דערויף האָט ער געדאַרפט קעמפן, דערויף, כדי איצט, פופצן יאָר נאָך דער

מדינה־שאַפונג, צו הערן אַזוינע דיבורים; אַזאַ אויפפירעכץ ביי אים אין הויז, אין זיין משפחה, ביי זיין אייניקל? גדליה האָט זיך אַ ריס געטאָן פון פלאַץ און מיט אַלע כוחות זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער שיכורער חברה:
...„מערדערס, איר דערמאָרדעט די מדינה, די מדינה. וואָס איז געבויט מיט בלוט פון קדושים... מען דאַרף אייך פאַרשיקן ערגעץ... איר זאָלט אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג, ביז דער סם וועט אַרויס פון אייך... מיינע תלמידים זענט איר געווען; דעם זאַפט פון מיין נשמה האָב איך אייך אָוועקגעגעבן... איר פאַר־שטונקענע שיכורים... און אויך דו, יגאל! מיין אייניקל! דער טאַטע רופט דיך „יגאל". דו וועסט אויסלייזן. דו און אַזוינע ווי דו! (ער פאַרמאַכט די אויגן) רבונו של עולם, דאָס אַלץ אין איין דור! — — —"
הכלל: ווי שרייבן באַוווּסטזיניקע פובליציסטן אין אַזאַ פאַל, כ׳מיין, אין אַזאַ סוף־פסוק — „קאָמענטאַרן זענען איבעריק".
יאָ. אַזאַ איז זי, די מדינה אונזערע: פאַראַן אַלץ, אָבער דעם געקעכץ פעלט פאָרט אַ קאָפּ זאַלץ...

## 29. ר׳ אבא — זכרונו לברכה

דער ווינטער נעמט זיך פילן. דעצעמבער 1964. צוזאַמען מיט די מדבר־ווינטן איז פאַרפלויגן אַ בייזע בשורה —
אַבאַ גאָרדין — זכרונו לברכה.
נפטר געוואָרן דער בן־הרב. ער איז געווען אַליין אין שטוב. איז אימעצער אַרויפ־געקומען און אים געפונען אין אַ קלאָגנדיקן מצב. וואָלט די הילף געקומען פריער... ער האָט אויסגעהויכט די נשמה אויף אַ שפּיטאָל־בעט. ער האָט אויך מסתמאַ דערביי געשמייכלט, ער, רב אַבאַ. דער טיטל האָט זיך געפּאַסט צו אים. זיין שמייכל — אַ גלייכגילטיקער: מען דאַרף וויסן, וואָס מ׳וויל! און אַבאַ גאָרדין האָט געוווּסט. געהאַט אַן אייגענעם דרך פון וועלט־אויסלייזונג.
ער האָט געקוקט אויפן אַרום מיט אַ גלייכגילטיקן שמייכל: עט, אויך מיר אויפטוערס... בכלל, האָט זיך דער שמייכל נישט אָפּגעטאָן פון זיין פנים, וואָס דערויף איז געלעגן די יידישע גוטסקייט אַליין —
ר׳ אַבאַ.
ער האָט „געטרייסלט מיט שטולן"; געווען אייגן מיט מאַראַליזם, מיט אַטעאיזם און וועלט־איבערקערעניש מקדמונים, אָבער אין זיין שטוב אויף רחוב רש״י אין רמת־גן — פון דער וואַנט אין זיין אויפנעם־צימער האָט אַראָפּגעקוקט אַ הויך־באַ־שטריימלטער, באַבאָרדעטער און הדרת־פּנימדיקער ייד: ר׳ יהודה לייב גאָרדין, אַ רב אַ גאון — דער טאַטע פון אבאַ גאָרדין. און אָט אַזוי, אונטערן צודעק פון טאַטנס בליק, האָט ער, דער זון, געפּלעגט הנאהדיק גלעטן זיין גלאַטיקע גאָמ־

בעט, זי גלעטן, ווי ר׳וואָלט געזוכט די באָרד אויף איר, זי גלעטן און שמייכלען און — שטורמען קעגן די „רבנישע פּרומאַצקע שטיק״. און דערביי נישט פאַר־געסן צו ציטירן אַ זאָג, אַ גלייכוווערטל, פון טאַטן דעם רב; אויך געפּלעגט איינשטעכן אין טאַטנס ווייכן בליק זיינע שמייכלדיקע אויגן, אַרויפגעקוקט צו אים, צום באַשטריימלטן ייד, גלייך ער, דער עטישער אַטעאיסט און רעוואָלוציאָ־נער, וואָלט געבעטן הסכמה פאַר זיין אַפּיקורסות:

העט, ווי שטייט דאָרט געשריבן...

אבאַ גאָרדין איז געווען אַ גייענדיקע ספרים־שאַנק. — אַן אויסטייטשער און איינ־טייטשער און גריבלער און זיין גאַנצער אויסזען האָט זיך געבעטן — ר׳ אַבאַ.

און אַזוי האָבן אים יידן טיטולירט. און מיט די דאָזיקע יידן, וואָס האָבן היימיש־לעך און יידישלעך צוגעפּעסטיקט דעם „רעב״ צום בן־הרב, אַפּיקורס און רעוואָ־לוציאָנער, מיט זיי האָט אַבאַ גאָרדין זיך געפילט היימיש; — יידן מיט בערד און אויך מיט פאות און סתם „עמך״ האָבן אַ טאָג אין וואָך אויסגעפילט אַ ווינקל אין זיין ווױנונג אויף רש׳י־גאַס און געהערט זיין תורה וועגן עטיק, וועגן מענטש און מענטשישקייט, באַווירצט מיטן גאָרדינישן שמייכל, מיט תורה און חכמה און מיט: „דער טאַטע האָט געזאָגט״ — ממש ווי ביי אַ „גוטן ייד״ —

העט, ווי שטייט דאָרט געשריבן...

און בסך־הכל: אַבאַ גאָרדין, דער וועלט־איבערקערער, וואָס די וועלט איבערגע־קערט האָבן אַנדערע פאַר אים — אַבאַ גאָרדין האָט זיך געפילט איינזאַם. אויב התבודדות איז דער סינאָנים פון צדקות, האָט אַבאַ גאָרדין געלעבט ווי אַ צדיק אין דער יידישער מדינה — ער האָט דאָ געלעבט אַ ל י י ן, איינזאַם און אָפּגע־זונדערט. ער איז געווען צופיל יידיש־אינטעליגענט פאַר דער גייסטיק־אָרעמלע־כער סביבה. און פראַווען „רבי״ זיבן טעג אין וואָך — נישט די „תלמידים״ זענען גרייט געווען דערצו און אויך אים וואָלט עס מסתמאַ דערעסן, כאָטש ער האָט שטאַרק הנאה־געהאַט פון שמועסן, פון שפּאַצירן און שמועסן אָן אַ סוף. ער איז געווען אימפּולסיוו און גלייכצייטיק אַנגעלאָדן. ער האָט דאָ נישט געהאַט זיינע מענטשן; ער האָט זיי ערגעצוווּ געלאָזט, אָדער זיי זענען אַוועק פריער פאַר אים אינם אייביקן ערגעץ.

יאָ, געקלאָגט האָט ער זיך, אַבאַ גאָרדין, צו וואָס און צו וועמען ער איז דאָ אַהער געקומען, אַז דאָרט, אין קאַליפאָרניע און פלאָרידע און ניו־יאָרק „האָב איך שוין געהאַט מיינע יידן״... אָבער אין ישראל האָט אים געראַטעוועט פון זיין איינזאַמקייט — זיין שמייכל; אינם דאָזיקן שמייכל איז געלעגן דער הבל־הבלימדיקער בליק: עט, נישט כדאי זיך איבערצונעמען... זיינע טעג און נעכט האָט ער אויסגעפילט מיט ספרים: מיט קבלה, מיט מפרשים, מיט אַ בלאַט גמרא

און קאַפּיטל תנ״ך. ער איז ממש געווען אַרומגעוויקלט מיט ספרים און סתם ביכער. שטענדיק איז ער געלעגן אויף דער סאָפע און מעיין־געווען און נאָטירט און געשריבן מאָנאָגראַפיעס און זיין האַנטשריפט איז געגאַנגען אַ ביסל קרימלעך פון אויבן אַראָפּ, אָבער פּערלדיק און אָנגעפילט מיט חכמה און גלייכווערטל און אויך — — מיט דערווידער.

איינעם אַזאַ דערווידערדיקן בריוו געהאַט באַקומען פון אים נאָכדעם, ווי אין „אייגנס״ איז געווען זיינס אַ הספד־אָפּשאַצונג נאָכן טויט פון חיים ליבערמאַן. אבאַ גאָרדין האָט גראָד ביי דעם הספד זיך אַ „וואָש״־געטאָן צו ליבערמאַנס פרומקייט; גראָד דאָ און גראָד אין „אייגנס״ האָט ר׳ אַבאַ זיך אַ ריס געטאָן צום טאַטן זיינעם, אים דווקא געוואָלט אַ כאַפּ־טאָן ביי דער רבנישער באָרד. . האָב איך געפּרוווט אַביסעלע פאַרווייכן. געפּרוווט אַרויסוואַרפן אַ צו־האַרטן זאַץ . . .

נו, נו! אַפילו האָב אוספייעט דעם „אַנטי־פּרומאַצקען״ זאַץ צוריק אַריינצושטעלן האָט אָבער אַבאַ גאָרדין נישט מוחל־געווען די „חוצפּה״ מיינע — — — און אפשר האָט ער יאָ מוחל־געווען. איך האָב זיך מער נישט געטראָפן מיט אים . . . אָבער מיט אַבאַ גאָרדין האָט מען נישט געקאָנט שפּילן קיין ברוגז. ער האָט סיווי האַרטנעקיק פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט, זיין בליק אויפן לעבן און גלייכצייטיק געווען שפּילעוודיק ווי אַ קינד בעת שפּאַצירן. און הנאה געהאַט האָט ער צו שפּאַצירן ביים ירקון, וואָס האָט זיך געפונען נאָנט פון זיין שטוב; און אויך הנאה געהאַט האָט דער באַגלייטער זיינער, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו ר׳ אַבאַס שמועסן: תורה און חכמה און גלייכווערטל.

מיטן אַוועקגיין פון אַבאַ גאָרדין איז אַוועק דאָס לעגענדאַרע געשטאַלט פונעם אַמאָליקן למדן, משכיל און קעמפער. זיינע צענדליקער ביכער, אַביסל צעפּלאָסן אָבער אויסגעפילט מיט רייכן תוכן, בלייבן אַ דענקמאָל פאַר דעם לעצטנס־אייג־זאַמען און גלייכצייטיק בונטאַרישן בן־הרב.

זיינע יידן האָבן געזאָגט „קדיש״ ביים קבר פון זייער ר׳ אבאַ; אויף קלעפּסידרעס אין רמת־גן האָבן די תלמידים זיינע ביטער געטרויערט וועגן דער פטירה פון „ר׳ אַבאַ גאָרדין זכרונו לברכה, בן הרב הגאון . . .״

נו (צווישן אונז): אַבאַ גאָרדין האָט דעם ידישלעכן טרויער מסתמאַ אויפגענומען מיט זיין געוויינלעכן שמייכל: פּרומאַצקע שטיק . . . דברים בטלים . . .

## 30. נחתדיקע צעפּויקעניש

שוין אַריין אין 1965. געלויבט דער וועלט־באַשעפער. גוט וואָס די צייט רוקט זיך; און אַז זי רוקט זיך, רוקן זיך צוזאַמען מיט איר אַוועק אויך פאַרשידענע אַנשיקענישן, וואָס „הזמן גורם״: זיי קומען מיט דער צייט און פאַרשווינדן

צוזאמען מיט איר. אָבער צו מיינע הויף־צרות זעט זיך נישט קיין סוף. וואס־עלטער זיי ווערן, די צילקעס און מישקעס — מער פאַרווילדעוועט ווערן זיי. האָב איך אין די אונטן אויפגעהערט אַנצינדן ליכט אין שטוב. זאָלן זיי נישט פילן מיין אַנוועזנהייט. סיוויי — אַז ס׳איז פינצטער איז זייער קלאַפּן אין דער טיר פילעוודיקער, אַ מין פויקעניש, וואס הילכט איבער אַלע שטאָקן, אָבער קיינער פון די שכנים וויל נישט וויסן: מה רעש. גאָרנישט. מילא — קינדער. זאָלן זיי הוליען כל זמן זיי זענען — קינדער. אַזוי האַלטן־אָן די קינדערישע קונדסע־רייען ביז העט אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אַריין. דורך אַ לאַדן־שפּאַרונע זע איך די שכנטע מיינע, די שניידערקע פון אַנטקעגן; זי שפּאַנט אַרום אויף יענער זייט טראָטואַר, וואַרט ביז די צעבאַלעוועטע קונדסים וועלן פאַרשווינדן פון הויז־איינגאַנג. דער אונט — אַ קאַלטער, אַ ווינטיק־רעגנדיקער — „הינט צו טרייבן״. אָבער די ווילדע חבריא שרעקט זיך נישט פאַר קעלט. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט. ספּעציעל הוליען זיי אַרום אין די פרייטיקצונאַכטן. דעמלט באַוואַרפן זיי די פאַר־ביילויפנדיקע אויטאָס מיט שטיינער. טרעפט: אַ שאָפער נעמט זיך יאָגן נאָך זיי און איבערן וועג — טראַך! אַ שטיין נאָך אַ שטיין. און די שטיינער טרעפן אין מיינע לאָדנס אַריין...

וועל מוזן אונטערנעמען עפּעס, אַזוינס, וואס זאָל צעשטערן די מנוחה ביי די קאָרטנשפּילנדיקע טאַטע־מאַמעס, ביי די שכנים אַרום. אָט האָבן זיי, די שכנים, זיך אָנגעטשעפּעט אָן אַ מיידל פון ערשטן שטאָק, אַ מיידל, וואס האָט נישט בושאַ־חן געווען אין דער הויף־געזעלשאַפט: אַביסל איבערגעעלטערט, אַ קאָפּ קאַמישעוואַטע... נו, נו: אַ משוגענע! און דערביי איז עס געבליבן. שוין חדשים וואס דאָס מיידל האָט נישט קיין זיכערן דורכגאַנג איבערן געסל. עלטערן און קינדער — אַלע גלאָצן זיי אויף איר די אויגן מיט „אַ משוגענע״ אויף די ליפּן. בררררר! דאָס אייגענע קאָן דאָך אויך מיך טרעפן! — — —

נו, זיך דערטראַכט: אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו די צוויי נאַכמיטאָג־בלעטער און אַ קאָפּיע צו דער פּאָליציי. ווי זאָגט מען עס דאָ: אין ברירה! נישט געקאָנט מער איבערטראָגן דעם סאַדיזם. איצט וואַרטן ביז דער בריוו וועט ווערן פאַר־עפנטלעכט. אפשר וועט קומען די ישועה דערפון. אַז אויף קיין צווייטער הילף איז כלל נישט צו וואַרטן! אַז סיוויי געפין איך זיך שוין אויפן ראַנד פון משוגעת, רחמנא לצלן. וועל איך זיך נישט אַרויסראַטעווען פון דער דירה, פון דער געגנט, פון די שכנים — וועל איך בקרוב נעמען ברעכן שויבן — — —

און אַזוי הערשט דאָ דער קאָפּויער אין אַלע ווינקלעך. אַזאַ־אַ נחת געמישט מיט צרות. נישקשה. אַ מדינה ווי אַלע מדינות. נו, איז פאַראַן אימעצער, וואס פאַר־גינט נישט דעמדאָזיקן נחת. אַ פּובליציסט פון „מעריב״. האָב איך געלייענט

און — פֿאַרצייכנט. אַט — די פֿרייע איבערזעצונג (בשייכות מיט דער פֿאַרגע־קומענער סילוועסטער־פֿייערונג אין דער יידישער מדינה):

זאָגט מיר, גוטע יידן, וואָס האָבן זיך צוגעגרייט מיט איינטריט־קאַרטן און מיט טישן און מיט טענץ, זאָגט מיר, צי געפֿינען מיר זיך באמת אין באַלאַגערונג? דאָס איינציקע פֿאָלק, וואָס איבערן קאָפּ הויערט די שטענדיקע סכנה פֿון פֿאַרטי־ליקונג? צי טאַנצן מיר נעבן אַפּגרונט? לויטן געזעץ „עס און טרינק, ווייל מאָרגן וועסטו שטאַרבן"?
די מדינה האָט נאָך נישט דערגרייכט אירע 17 יאָר — און שוין לאַנג האָט זי באַוויזן צו פֿאַרלירן דאָס פּרצוף, די פֿאַרב... זי פֿאַרמאָגט שוין גאָרנישט קיין אייגנס. זי מאַכט אַלץ נאָך פֿרעמדע... אַ פֿאַקט איז, אַז ביי אונז האָט מען גאָר־נישט געשאַפֿן: נישט קיין לעבנסשטייגער, נישט קיין לעבנס־מוסטער... גלייך מיר וואָלטן נישט במשך דורות געוואַרט אויף דער גרויסער שעה, אין וועלכער מיר זאָלן קאָנען לעבן בלויז ווי מיר קאָנען און דאַרפֿן לעבן; גלייך ווי די יידישע ספּעציפֿישקייט האָבן מיר געהאַט נאָר אין גלות, אָבער אין אונזער היימלאַנד האָבן מיר גאָרנישט וואָס צו זאָגן, נישט פֿאַר אונז און נישט פֿאַר אונזערע קינדער.
און אַז מיר האָבן גאָרנישט געבויט, האָבן מיר אָבער פֿיל צעשטערט — אַלץ, וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט אייגנס; אַלץ, וואָס מיר האָבן געברענגט אינם דאָזיקן לאַנד אַריין. און שטייען זענען מיר געבליבן דאָ מיט ליידיקע הענט, נאַקעט און אויסגעטאָן פֿון אַלץ און אַלעמען. אונזער טראַדיציע איז פֿאַר אונז געוואָרן אָפּגענוצט און שאָוויניסטיש.
אָן גאָרנישט. אָן אַלטער ירושה און אָן נייער שאַפֿונג. און מחמת די נאַטור האָט פֿיינט אויסגעליידיקטקייט, האָט מען זי געמוזט אויספֿילן — מיט אַלץ וואָס קומט אונטער דער האַנט. מיר האָבן זיך געשעמט מיט אונזער פֿאַרגאַנגענהייט... מהאי טעמא, אַז מיר האָבן געפּסלט דאָס אַלטע, האָבן מיר אָנגעהויבן כשרן דאָס נייע — וואָס קומט פֿון פֿרעמד. אַ יידישער יום־טוב איז גלות, אָבער אַ גלות־דיקער — איז געוואָרן פֿאַרהייליקט. בפֿרט, אַז אונזער גאַנצער באַגער איז, זיך פֿאַרצושטעלן פֿאַר די פֿעלקער: אַלץ וואָס זיי שאַפֿן, אַלץ און אַלץ, קאָנען מיר איבערזעצן אויף עברית און אַריינפֿירן אין אונזער לעבן.
כל זמן מיר זענען געזעסן צווישן גוים האָבן מיר מצליח־געווען צו לעבן יידיש־אייגנאַרטיק אויף אַלע געביטן. מיר האָבן זיך נישט געקאָנט אַסימילירן. איצט, אין אונזער אייגענער מדינה, האָבן מיר באַוויזן במשך איינציקע יאָר צו אַסימי־לירן צווישן זיך אַלץ, וואָס ווערט געשאַפֿן מחוץ אונזערע גרענעצן.
אויך מיר קאָנען פֿראַווען סילוועסטער, זיך ווילן בנוסח איראָפּע, זינגען נוסח

פּאַריז, טאַנצן נוסח לאָנדאָן און שרייבן נוסח אַמעריקע. אויך מיר קאָנען זיך נאָכשלעפּן פרעמדע קולטורן — — —

... און דערביי זיך שפּילן אין אייגענעם פּרצוף אַריין...
הא, מה נאמר ומה נדבר?...

10טער פעברואַר 1965. אַ שכן האָט מיר געוויזן דעם היינטיקן „מעריב", ווו עס איז פאַרעפנטלעכט מיין צוגעשיקטער בריוו. דער שכן איז נישט שטאַרק צופרידן פונם בריוו. איך בין מכלומרשט מסכים מיט אים, מחמת — „אַט איצט העד איך טאַקע פון אַזאַ בריוו". אָבער סיווי האָט די רעדאַקציע מיך פאַרמסרט: זי האָט אַוועקגעשטעלט די ראשי תיבות פון מיין נאָמען, להיפוך ווי געבעטן. נו, נישקשה. אַפילו אַזוי — זאָלן שכנים וויסן, אַז אויך איך פאַרמאָג אַ שטעקן... און אַזאַ פּנים האָט ער, דער שטעקן, לויטן אָפּגעדרוקטן בריוו (פון העברעאיש):

> גערטנער און — לאָבוזעס. די באַרימטע גערטנער־שטאָט, רמת־גן — נישט בלויז וואָס עס געפינען זיך אין איר אַסך גערטנער, נאָר אויך — לאָבוזעס, וואָס זייער צאָל וואָלט געגוג געווען פאַר אַ גאַנצער מדינה... נישט איין מאָל האָב איך געלייענט אין אייער צייטונג וועגן לאָבוזעס, גאַסניונגען, וואָס צעשטערן די מנוחה ביי די שכנים און דערביי געטראַכט, אַז אויך די באַוווינערס פון אונזער געגנט וועלן עפענען די מיילער און עפּעס דערציילן וועגן דער גאַס... — דאָ געפינט זיך דער צענטער פון דער אונטערוועלט, וואָס גיט נישט קיין רו צו אַלע שכנים. יעדע נאַכט — בפרט אין די פרייטיקצונאַכטן — געפינען זיי זיך דאָ צוזאַמען מיט זייער דרייצניעריקן אָנפירער, און זיי באַוואַרפן מיט שטיינער די פאַרביי־פאָרנדיקע מאַשינען... אויך וואַרפן זיי שטיינער אין די פענצטערס און טירן. איניקע מאָל איז דאָ געווען די פּאָליציי, אַוועקגענומען דעם „ראש החבורה", אָבער אים צוריק אָפּגעלאָזט... און איך פרעג: ווי לאַנג דאַרפן מיר לעבן אין שאָטן פון טעראָר? איז טאַקע נישטאָ קיין וועג, וויאַזוי צו באַרואיקן די „בני טובים"? — — —

ערשט נעמען וואַרטן — אפשר זיך פאַרט אויף עפּעס דערוואַרטן...

## 31. „עולים" און „יורדים"

פאַראַן „עליות" און פאַראַן „ירידות"... יאָ, געווען נישט לאַנג צוריק אַ „גאָ־מולקאַ"־עליה פון פּוילן. זענען פון דאָרט געקומען יידן־„עולים", וואָס איבער־נאַכט האָבן זיי געטאָן פאַרגעסן דעם „נעכטן" און זיך אַריינגעוואָרפן אינעם „היינט" — היינט איז גוט צו זיין אַ ציוניסט; זענען זיי געוואָרן פון קאָמוניסטן — ציוניסטן. אַז מען פאַרדינט דאָך גאָר דערביי — — — איצט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון אַרגענטינע „טאַקואַראַ"־עולים. צו פאַרגלייכן מיט דער „פּוילישער עליה": זענען די גאָמולקאַ־לייט ענדעקישע קאָמוניסטן; בעת די „טאַקואַראַ"־

אַנשיקענישן געהערן צום מין שלעגער אַן דער קאָמוניסטישער פּאַרב. מה נפקאָ מינה? די ווי יענע —ביידע שלאָגן זיי יידן און פון ביידן מוז מען זיך ראַטע־ווען. נו — אויב האָבן די נעבכטיקע קאָמוניסטן זיך גיך איינגעאָרדנט אין דער ציוניסטישער מדינה, גייט עס צו אַביסל שווערלעך מיט די אַרגענטינישע ציו־ניסטן... זיי, צו פילן, האָבן נאָך ביזאיצט נישט אויסגעזונגען אויף דער הויכער אָקטאַווע דעם „אָהבתי את אַדוני", ווי יענע, וואָס דאַרט האָבן זיי גע"שיר המעלות"עט צו סטאַלינען, איצט... צום „ובא לציון גואל"; דערפּאַר, יאָ, דע־ריבער האָבן היימישע יידן פון בוענאָס איירעס געגומען זוכן „אַנהאַלט" (דאָ רופט מען עס: וויטאַמען „פּ"). טייל פון זיי — כ'בין זיך מודה מיט חרפּה — האָבן געהאַלטן, אַז איך בין דאָ אַ גרויסער אויפטוער, ממילא קאָן איך העלפן ביים באַקומען „אַרבעט און אַ דירה".

שפּאַן איך מיר אַנומלט ביים ים. טוט אַ שפּרונג אַרויס פון אַ טעקסי יוסף מ., אַן אַקטיאָר פון אַרגענטינע. ער לויפט מיר אַנטקעגן. זיין אויסזען: אַ פּאַרגרי־מירטער סוכאָטניק אויף דער סצענע. ער פּאַרט איצט מיט אַ גרופּע אַקטיאָרן ערגעץ געבן אַ פּאָרשטעלונג. פון מיר וויל ער, כ'זאָל אים טאָן אַ טובה, אַרויס־העלפן אין אַן עת-צרה. איך? בין איך דאָך אַליין אַ נישקשהדיקער באַלעבאָס פון מיין אייגן היפּש בינטל צרות. ווי איז ער גאָר געפאַלן אויף אַזאַ מין גע־דאַנק? בכלל: ווי קומט עס גאָר צו מיר? — — —

אָבער נישט קיין קאַטאַוועס. אין אייניקע טעג אַרום — איינער אַ צעוואָקסענער, ברייטפּלייציקער ייד גלייכט זיך האַסטיק אויס נעבן מיר אויף אַ גאַס אין תל־אביב. הע? וואָס? יאָ, געטראָפן: אַן אַקטיאָר פון בוענאָס איירעס. גראָד געדענק איך אים נישט. סיווי — ער וויל פון מיר אַ טובה: זאָל אים די „סוכנות" צו־ריקשיקן פון וואַנען זי האָט אים געברענגט — — איך זאָל רחמנות האָבן אויף אים. איך? ווי איז עס אים גראָד געקומען אויפן רעיון? בכלל... יאָ. ווידער אַן אַקטיאָר. אימעצער רופט מיין נאָמען אין אַ צונויפגעפּראַפּטן גאַסן־דורכגאַנג. פּאַרנאַכט. איך קוק זיך אום: עס לויפט צו מיר אַ באַקאַנטער אַקטיאָר און ווידער פון אַרגענטינע. האַ? פּאַרוואָס זעט מען זיך נישט? ער האָט שוין יאָ אַ דירה, אָבער אַ צווייטער, אויך אַן אַקטיאָר... אַקטיאָרישע צרות. דעריבער זאָל איך קומען צוגיין. ער וווינט אין אַ דערבייאיק שטעטל. אפשר וועט זיך לאָזן עפּעס מאַכן. איך? וואָס פּלוצים? (דער סאַבּרע זאָגט: „מה פתאום?")...

און ווידער. דאָס מאָל שוין נישט קיין אַקטיאָר. אַ פּשוטער ייד פון אַרגענטינע. ער האָט מיך דערקענט. געוווען איז דאָס צווישן רמת-גן און רמת-חן. יאָ. אַ ייד, וואָס עס פעלט אים דאָ גאָרנישט. אַ דירה און פּרנסה. נאָר וואָדען? די קינדער. זיי גייען אַראָפּ פון גלייכן וועג... האַ? וואָס מיינט ער? יאָ. דער ענין איז נישט פּשוט. אין דער היים, עס הייסט, אין בוענאָס איירעס, האָבן די ייִנגלעך זייגע

געוווּסט, אַז זיי זענען ייִדישע קינדער: שבת איז שבת און כיבוד אב איז כיבוד אב. דאָ? דאָ ווערן זיי ווילד. „די גאַס" איז דאָ אַ שרעקלעכע, דאָ... על כן וויל ער וויסן פון מיר, ווי אַזוי ער וואָלט געקענט אַמלייכטסטן פאַרלאָזן. יאָ, ער וויל פאַרלאָזן די מדינה. ער וויל ראַטעווען די קינדער. אפשר וואָלט איך אים געקאָנט מיט עפּעס העלפן? — — איך? מה פּתאום? —

בין איך דערגאַנגען דעם סוד: היות אין אַרגענטינע וויסן ייִדן, אַז איך בין דאָ אַ רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער־פאַרשפּרייטער פון אַ זשורנאַל, פון אַן „אייגנס" — ווי שייך, עס זאָל זיך ביי מיר נישט געפונען דער וויטאַמין „פּ" — — —

נו, בקיצור: געקומען, געווען, געגאַנגען. געזען און — צוריק אַוועק צו מיינע, צו מיינע אייגענע און היימישע... צאַראַט.

## 32. בייזע שורות

געמאַכט אַ שטיקל חשבון־הנפש ביים פאַרענדיקן 3 יאָר „אייגנס" מיטן נומער 29־30, מערץ־אַפּריל 1965. ווי גיך עס זענען פאַרביי די 3 יאָר און צוזאַמען מיט זיי — חלומות, פאַנטאַזיעס, איינרעדענישן... געמיינט: „אייגנס" וועט ווערן דאָס אייגנטום פון די געקריוודעטע, על כל פּנים פון די־יעניקע פון־האַלטערס, וואָס ווילן דווקא נישט מיטמאַכן די פּלעטע־שפּיל; נו, וואָלט בכן געווען אַ יושר, זיי זאָלן אויפן צעטל פון זייערע בידנע הוצאות אויך אַרויפנעמען אַ פּינטעלע „אייגנס". לא היה דברים מעולם. פאַרוואָרפן מיט מאַנוסקריפּטן, מיט טענות, מיט קולות קעגן גראַפאָמאַניע — פון אַלע וועלט־ווינקעלעך; ברכות — פולע קויבערס — — אָבער וואָס פאַרט דערציילן דעם דרוקער?

ניין. ווייטער — אוממעגלעך... וועל נישט בעטן קיין הילף ביי די געוויסע „אָפּיציאָזן". הלוואי — „אייגנס" זאָל דערציען ביז סוף יאָר! אַגב: אין הייני־טיקן נומער (אויך געווידמעט דעם געטאָ־קאַמף־יאָרטאָג) איז פאַרעפנטלעכט אַ געוואַלד־געשריי פון י. ראַפּאָפּאָרט: „די חורבן־צביעות". טו איך דערביי טראַכטן, אַז בפירוש כדאַי די אָנשטרענגונג; כדאַי די מאַטערניש, אַז „אייגנס" זאָל אָנהאַלטן בלויז צוליב אַזוינע אָפענע און קלאָרע שורות. אַנדערשווו, אין די יוסטע זשורנאַלן, וועט אַזאַ געשריי זיכער נישט קומען צום וואָרט... די חורבן־צביעות, מיט וועלכער עס גאַלאָפּירן די שענסטע לייט פון דער שיינער געזעל־שאַפט, גייט שוין ווייט אַריבער די ברעגעס פון ייִדישער אָנשטענדיקייט. דער חורבן איז ביי זיי מגולגל געוואָרן אין פּאַרטייאיש־מיטינגאַווע גרילצערייען... „דאָס הייליקסטע ווערט פאַרוואַנדלט אין טראַפאַרעטע פראַזעס" — — —

יאָ. חוץ אַלעם — רייסענישן מיט געוויסע זשורנאַליסטן, וואָס יאַדען זיך (און מיך) אויף דער עקזיסטענץ פון „אייגנס". צו די פריער פאַרצייכנטע שיינע לייט פונם טיפּ „ריינוס" און „אידעם" איז איצט צוגעקומען איינער פון „אויפן

שוועל" מיט גאָר שטאַרקע טענות, הלמאַי כ׳האָב דערוועגט אויסצודריקן ספקות אין דער יידיש־ליבשאַפט פון משה סנה; און הלמאַי כ׳האָב קריטיקירט דעם רעדאַקטאָר הידוע, דעם אויסעראָרדנטלעכן אַמבאַסאַדאָר פון יידיש אין ישראל. סטייטש, טוט יענער פרעגן, הלמאַי אַזאַ „שלעכטער טאָן" און הלמאַי דאָס און יענץ. ווידער די אייגענע מעשה: הינטערן אויוון איז מען דעמאָקראַטן; קריכט מען אַרויס אויף דער ליכטיקער שייך, אַ־האַ! ווערט מען מיט לייטן גלייך — — —

נישט פאַרענדיקט מיין דיאַלאָג מיט פּראָפ׳ א. א. ראָבאַק און אַט — זיך איבער־געריסן אויף שטענדיק: ער איז אַוועק פונם עולם־השקר, דער גוטער ייד און קעמפערישער יידישיסט. אָנהייב יוני 1965. אברהם אהרן ראָבאַק — געשטאָרבן. אַט ערשט באַקומען פון אים בריוו — 2 און 3 אַ וואָך. וואָלט געקאָנט אויס־פילן אַ בוך אַ גאַנצס מיט זיינע בריוו. און נישט סתם בריוו. ער איז אין זיין שרייבן געווען אומנאָכגעבעריקש פאַר יידיש און געווען אָפּטימיסטיש מיט יידיש און בכוח געווען צו באַווייזן „מיט פאַקטן", ווי גוט עס גייט אינם יידיש־היימ־לאַנד... ער האָט אויך געקעמפט פאַר זיין ספּעציפישן אויסלייג: פאַר „עברע־איש", פאַר „אידיש" פאַלק און „יידיש"־לשון...
אַ שאָד. עס ווערט ווינציקער. שוין באַלד נישטאָ מיט וועמען זיך דורכצושמועסן. אוודאי האָט ראָבאַק פיינט געהאַט מ׳זאָל אָפּפרעגן זיינע אמתן, אָבער ערלעך געווען מיט זיינע כוונות. חוץ אַלעם איז ער אויך געווען אַ האָרעפּאַשניק: אַליין דער אַרויסגעבער און פאַרשפּרייטער פון זיינע ביכער. ער האָט געזוכט צו גרייכן מיט זיינע אמתן אומעטום, אָבער געגרייכט האָט ער נישט אין ערגעץ, מחמת — יידישע שרייבערס אין אַמעריקע האָבן נישט באַוויזן צו פאַרפעסטיקן דעם פונ־דאַמענט פון יידיש, מהאי טעמאַ, טוען איינפאַלן בנין נאָך בנין. און ראָבאַק איז געווען צו שוואַך אויף אונטערצושטעלן אַ פּלייצע. איז ער אַוועק. אַ קעמפע־רישער טשודאַק געווען. און אונזער יידיש דאַרף גראָד האָבן אַזוינע טשודאַקעס.

פאַראַן שיינע און גייסטיק־דערהויבענע זאַכן אין דער מדינה. על כולם: די יידישע עקשנות זי אויפצוהאַלטן, דער מדינה דערדאָזיקער, אויפצורייסן די צוים, מיט וועלכער די ישמעאלים זוכן זי צו דערשטיקן. אַזוי מעת־לעתן גאַנצע. פון יענער זייט — שיסערייען, פון אונזער זייט — אַ רוף צו שלום, באַגלייט מיט העמערייען איבער די ווילדע, קאַניבאַלישע מוחות.
על־כן, מוז מען זוכן פריינט אין דער וועלט, פריינט אויף צווישן אומפריינט. שטייט דאָס פעדעראַלע דייטשלאַנד אויפן סדר־היום. נישט שייך אָפּצופרעגן. נאָך מאַטעריעלער „גוטמאַכונג" איז דער וועג אויף ווייטער — זייער אַ לייכטער...

20טער אויגוסט 1965. דער ערשטער דייטשער אַמבאַסאַדאָר האָט איבערגעגעבן זיינע אַקרעדיטיר־פּאַפּירן צום נשיא פון מדינת ישראל. דער עצם־פּאַקט פּאָדערט נישט קיין קאָמענטאַרן. טראַגיש, וואָס יידן אין דער אייגענער מדינה האָבן נישט די מעגלעכקייט אויסצורופן דעם הויכן „אַררויס!" — ניין, די מדינה אונ־זערע איז אַזוי פּאַרקלעמט, אַז זי מוז אָננעמען יעדע הילף פאַר יעדן פּרייז. דעם טייערסטן פּרייז באַקומען די דייטשן. זייערע מאַרקן האַלטן אין פאַרדעקן דעם מיליאָנען־מאָרד — — —

אַ הייסער טאָג היינט. היץ באַגלייט מיט מדבר־ווינט. אויף די מויערן — גרויסע, געלע מגן־דודס מיט אַ „יודע" אין מיטן. האַ? ווער־ענס אַרבעט איז דאָס? אַזוי פּראָטעסטירן לינק־ציוניסטישע יוגנטלעכע קעגן דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר אין ירושלים. באמת: רירנדיק. נאָך רירנדיקער וואָלט געווען, ווען די דידאָזיקע יוגנטלעכע וואָלטן צום „יזכור" וועגן דייטשן יידנמאָרד אויך צוגעשטעלט אַ „גע־דענק" צום סאָוויעטישן מאָרד איבער די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס און דער יידישער קולטור דאָרט. געשען איז דערדאָזיקער סאָוועטישער מאָרד היינטיקן חודש, מיט דרייצן יאָר צוריק.

אין היינטיקן נומער „אייגנס", סוף אָקטאָבער 1965, פאַרצייכנט פאָלגנדיקע שורות:

די שורות ווערן געשריבן אויף דער „הייסער מינוט": נאָכן פאַרענדיקן פון דער וואָלן־מהומה; און אַז די שורות וועלן דערגיין צום לייענער וועט שוין מסתמאָ אַלץ זיין כשורה — מ'וועט זיך שוין האָבן איינגע־טיילט מיט די קהלישע בענקלעך; אונזערע פּאַטריאָטן וועלן שוין מסתמאָ נישט אַזוי פלאַקערן מיט שנאָה, האַס, לשון הרע און חרפּה...

יאָ, חרפּה און בושה אויף דידאָזיקע וואָס טענהן, אַז דאָס האָבן זיי באַ־שאַפן די מדינה, געקעמפט און קעמפן פאַר איר נאָך איצט, כדי — — אַרומצופאָרן איבער שטעט און דערפער מיט דער גרייטקייט אַלץ אויסצו־רייסן, צעשטערן, חרוב־צו־מאַכן... בפירוש אַלץ אומצוברענגען, אויב וועט מען אים, דעם אָדון יעקל בן רב פלעקל נישט מאַכן פאַר יושב ראש. מיליאָנען, פיל צענדליקער מיליאָנען, האָבן זיי אויסגעגעבן, כדי אויפצו־קלערן דעם בהמהשן בירגער (ווי זיי האָבן אים ציניסטיש און ציוניס־טיש באַצייכנט), אַז יענער דאָרט, דער־יעניקער יושב ראש און מנהיג און קעמפער, איז נישט מער ווי אַ גנב, אַן אויסוואורף, אַ האַלעדראַניעץ, וואָס איז גרייט פאַר אַ שישקע פּאָלוועך צו פאַרשאַכערן די גאַנצע מדינה...

ברררר! ברוך האָט זיך געגאָסן אין די גאַסן און אויף די בלעטער. מען האָט איינגעהאַנדלט דיכטער און קינסטלער און פּאַטענטירטע זידלערס פון געוויסן מין און אויף אַלע שפּראַכן (יידיש בתוכם...) — גאַסן־זידלערס און רינשטאָק־רעפּאָרטערס — וואָס זייער עובדא איז געווען

צו וואַרפֿן טינופֿת אין דעם טאָפּ אַריין, פֿון וועלכן זיי האָבן נעכטן געגעסן, געלעקט די ברודיקע פֿינגער...
ס׳איז בפֿירוש געווען צו פֿילן, ווי דער וואַלד־באַלאַגאַן שלעפּט אַריין דעם בידנעם בירגער אין זייך וואָגן, שלעפּט אים ווי אַ בהמה ביים בהמהשן קאָפּ אָדער זנב — — דער בירגער — אַ פּשוטע בהמה. מען פֿרעגט נישט ביי אים. די אָפּשאָצונג גיט ער, דער באַרימטער יושב־ראש.
אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אין איינעם אַ פֿאַל האָט די בהמה אַ מרוקע געטאָן: אַוועק די פּאַסקודסטווע! — — געווען איז דאָס נאָכן הלוויה אַרום משה סנה. אַלע פּאַטריאָטן האָבן געטאַנצט אַרום אים, ווי אַמאָל די יידן אין מדבר אַרום דעם גילדענעם קאַלב. הער נאָר הער: ער רעדט דאָך ווי אַ ייד, אַן אוהב ישראל... און דורך „קול ישראל" האָט זיך פֿון משה סנה געגאָסן האָניק ממש, ליבע־לאַקריץ צום יידישן פֿאָלק און זיין הייליקער מדינה... אָבער משה סנה האָט באַקומען אַ בריקע פֿון דער בהמה, אַזאַ בריקע — — הלוואַי אויף די געוויסע מהומה מאַכערס געזאָגט געוואָרן...
ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אין געוויסע פֿאַלן, ווי די וואַלן האָבן באַוויזן, איז די בהמה פֿאַרט געבליבן אַ בהמה — — —

אין אַ ניו־יאָרקער אויסגאַבע געלייענט אַ מאַמר פֿון י. פּ., וועגן יידיש אין ישראל. דעם שרייבערס מסקנות:
1. כמעט קיינער האָט נישט געקעמפֿט פֿאַר די יידיש־רעכט אין ישראל;
2. יידיש־פֿיינטלעכע באַוועגונגען אין ישראל גיבן אַרויס צייטונגען, וואָכנבלעטער, חודש־שריפֿטן אָדער פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין יידיש;
3. די ראַדיאָ־אוידיציעס אין יידיש זענען זייער שלעכטע; 4. די געקומענע יידישע אַקטיאָרן אין ישראל פֿאַרמאָגן סטאַזש, אָבער עס געפֿינט זיך נישט צווישן זיי קיין אַקטיאָרישע פּערזענלעכקייט...
נו, י. פּ. ווייס דאָך יאָ מסתמאָ דעם אמת.

אונזער פּרעמיער, לוי אשכול, האָט געלאָזט הערן שאַרפֿע רייד. אָט, ווי זיי אויפֿגעכאַפּט און פֿאַרצייכנט:
ענדלעך זענען געהערט געוואָרן אַ ריי אמתן, וואָס די „שפּיצן" אונזערע האָבן זיך באַמיט זיי אויסצומיידן, נישט צו רעדן וועגן זיי עפֿנטלעך, בפֿרט — פֿון די רעגירונגס־בענק. ווייזט־אויס, אַז די חניקה־שטריק האָט זיך שוין געהאָט פֿאַרצויגן גאָר ענג... האָט אשכול אַ שטורעם געטאָן: זולל־וסובאַניקעס! מען פֿרעסט און מען הוליעט צופֿיל — אויפֿן חשבון פֿון שנאָרעריי, פֿון „גוט־געמאַכטע" רויב־געלטער, פֿון אויסשטעלן אַ רחמנות־פּנים דער וועלט — גלייך זיי וואָלטן זיך געפֿונען אויף אַ פֿרעמדער חתונה... פֿאַרוואָס טאַקע נישט אַ הוליע טאָן מיט אַן אייגענעם פֿאָרד און מיט 2 דירות — אַ ווינטערדיקע אויף דער זייט ירקון און אַ זומערדיקע, אַ ווילע, אויף יענער זייט ירקון... און

דאָס ווייב — יעדער פינגער אירער — — גאָלדענע פינגער... און רייזעס קיין אויסלאַנד — פּערווי גילדע — — — אַ העסלעכע, אַז עיפּושדיקע בורזשואַזיע פון קליינע, פון נבזהדיקע מענטשעלעך, וואָס האָבן דערלעבט צו ווערן דירעק־טאָרן און רעדאַקטאָרן און מנהלים און פּאַרטיי־פּאַראַזיטן! וואָס פאַרמאָגן חוצפּה צו שטראָפן אין נאָמען פון — — פּאַטריאָטיזם...

טאָ לאָמיר האָפן, אַז דער „נעפּ" אין אַ ישראל־אויפלאַגע, די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק לויט אשכול און ספּיר וועט זיך נישט אָפּשטעלן ביי די אייניקע פּראָ־צענטער, וואָס די נגידים טוען צוואַרפן, נאָר אַז עס וועט העלפן אויסרייניקן די ישראל־לופט, די אווירא דארעאַ; וועט זיין אַ מוסטער — נישט בלויז מיט מיניסטאָרן־רייד, נאָר מיט מיניסטאָרן־מוסטערן — פאַר אַ יידיש־צניעותדיק לעבן אין דער יידישער מדינה. הלוואַי!

אונזער מדינה דאַרף נייטיק אַ יידישע איינשפּריצונג, אַ פּילבאַרע...

און אַז פאַרצייכנט ווערטער פון פּרעמיער — טו איך אויך פאַרצייכענען ווער־טער פון און וועגן שרייבער:

אין איינעם אַ פּרייטיק אָוונט האָט „קול ישראל" אינטערוויואירט דעם קריטיקער אברהם קריב אין דער ליטעראַטור־אוידיציע; דער שמועס — לכבוד דעם דער־שיינען פון קריבס בוך „נרתק את השלשלת" — מאַמרים און רעדעס וועגן פאָלק און מדינה (275 ז׳ז, אַרויסגעג׳: „מחברת לספרות", תשכ"ה). ביים פאַרענדיקן דעם אינטערוויו, וואָס איז אגב פאַרגעקומען זייער געאיילט, האָט קריב אונטערגע־צויגן דעם סך־הכל מיטן זאָג: „עס דאַרף ווערן אַנדערש". געהייסן האָט עס, אַז עס דאַרף זיך אַלץ איבערבויען, אַלץ אין דער מדינה; עס דאַרף ווערן אַ יידישע מדינה... עס דאַרף ווערן אַנדערש — — —

מיט זיין איצטיקן בוך האָט אברהם קריב באַשטעטיקט, אַז דער טיטל „קריטי־קער" איז נישט סתם אַ פירמע פאַר דערציען דעם שרייבער, אַנטייטלען אויף זיינע מעלות און חסרונות, — דער קריטיקער דאַרף קענען אַריינדרינגען אין לעבן, זען וואָס דערין טוט זיך און אַרויסקומען מיט מסקנות; דער קריטיקער דאַרף קענען לייענען דאָס „בוך פון לעבן", דאַרף קענען דערציען דאָס פאָלק. לרוב — זיצט דער שרייבער אויפן אָלימפּ. שווער צו דערגרייכן אים. מעגלעך, דערפאַר שפּאַנט די איצטיקע וועלט כאַדאַראַם. וואָלטן די גייסטיקע וואָרטזאָגערס נישט געטראַכט בלויז וועגן באַקומען פּרעמיעס, וועגן אָפיציעלע כיבודים, וואָס דאָס פאַרלאַנגט גאַראַנטיעס פאַר נישט זאַטשעפּען מיט די אָפּיציאָזן; וואָלט דער שרייבער באַנוצט זיין פען, נישט בלויז פאַר „איך" לויב — אפשר, אפשר וואָלט טאַקע בעסער געוואָרן אויף אונזער אומנאָרמאַלער וועלט.

הכלל: איז טאַקע גוט, וואָס דאָס איצטיקע בוך פון אברהם קריב איז דערשינען — אַפילו דער רוב מאַמרים איז שוין געווען פאַרעפנטלעכט און געוואָרן דיסקו־

טירט; גוט, וואָס אימעצער דערלאַנגט דעם שפּיגל, האַלט אים כסדר אַנטקעגן יענעמס פּרצוף: נאַ און קוק אויף דיינע בראָדעווקעס...

אויף זייט 25 ווערן מיר געוואָר, אַז —

> דער שרייבער ווערט אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט נישט גראָד דורך די פּאַרטיי עסקנים נאָר אויך דורך די העלדן־פּוטבאָליסטן, דידאָזיקע טייערע קינדער, וואָס זייערע אויפטריטן ציען־אָן צענערטויזנטער און וואָס קיין שום גייסט־מענטש קאָן זיך צו זיי נישט גלייכן; אויך מצד דעם לייענער, וואָס זוכט צו פּטרן די צייט מיט באַזוכן דעם קינאָ, מיט הערן ראַדיאָ — — —

אברהם קריב ברענגט אַרויס דעם אמת, נישט כדי צו פאַרענטפערן די שוואַכקייט פון שרייבער אין דער מדינה, נאָר צו קענען אויסשרייען —

> די פּילקע איז ביי אונז וויכטיקער פונם בוך און אונזער שטרעבונג איז צו ווערן אַן עם־הכדור (פּאָלק פון פּילקע) אויפן אָרט פון עם־הספר... די פוטבאָליסטן זענען ביי אונז דאָס בעסטע פון פאָלק און דאָס „אַריינשיסן אַ גאָל" איז דאָס שענסטע, וואָס אַ ישראל־יוגנטלעכער קאָן נאָר טאָן... (ז' 90־91).

און איצט איז אַ סדרה מיט „פּאַרוויילונג". אין דער מדינה רופט מען עס „בידור" און דאָס דאָזיקע שיינע וואָרט קריכט נישט אַראָפּ פון די ליפּן. קריב דערציילט דערוועגן זייער פּשוט —

> בידור פאַרנעמט ביי אינז דאָס ערשטע אָרט נאָך ברויט און אַ מלבוש. מנהיגים און קרעמערס און אַלץ, פון קליין ביז גרויס — ביי אַלעמען שטייט „פּאַרוויילונג" בראש פון אַלע דאגות... הכלל, יידן פּאַרוויילן זיך אין זייער לאַנד אין דער פולער מאָס און מיט אַלע כלים! (104).

אַברהם קריב איז נישט קיין שטראָפער לויט דער מאָדע. ער איז אַ קריטיקער. און די אויפגאַבע פון אַ קריטיקער איז — צו דערציען, צו אָנווייזן אויף פעלערן און בעיקר — אַרויפצופירן אויפן דרך־הישר. זיין וועג איז נישט קיין לייכטער. דער סאָרט קריטיקער געהער נישט צו די זייער פּאָפּולערע נעמען בכלל — אויך אין אונזער מדינה.

קריב געהער צום מין קריטיקער, וואָס זיין אויפגאַבע איז כסדר צו וועקן און פאַרלאַנגען. ער באַפרידיקט זיך נישט מיט אויבנאויפיקע דערגרייכונגען, וואָס גרענעצן זיך מיט ביליקער פּראָפּאַגאַנדע. ער וויל פּילן די אַנדערשקייט. לייכט צו זאָגן, אַז די יידישע מדינה מוז זיין ווי אַלע מדינות. סטייטש! דערצו האָבן מיר געדאַרפט אַן אייגענע מדינה? אויב האָבן מיר שטאַרק הנאָה פון „סטריפּטיז" — זעט איר דאָך, אַז ישראלים פאַרברענגען מיטן דאָזיקן מין גאַנץ באַקוועם אויך אין דייטשלאַנד...

נישט שייך אָפּצופרעגן ביים מחבר, אָנצווייזן, אַז דאָ און דאָרט איז ער זיך נוהג מיט מידת הדין. אַדרבאַ, דאָס „לעבן אַליין" שטעלט דאָך צו גענוג שטאָף, אַז נישט בלויז אַ בוך פון 300 זייטן, — טויזנטער זייטן וועלן נישט גענוגן כדי אַרויסצו־

ברענגען די קאַפּויערדיקייטן, וואָס יידן האָבן אַריינגעברענגט אין דער יידישער מדינה אַריין — — —

נו, די שורות זענען נישט אויסן קיין אָפּשאַצונג אויפן בוך. עס האָט זיך בלויז געוואָלט אַרויסברענגען, אַז — עוד לא אבדה... פאַראַן שרייבערס וואָס זייער עיקר איז נישט סתם שרייבעריי. גראָד די יידישע מדינה דאַרף כסדר הערן דעם אויסגעשריי: עס דאַרף ווערן אַנדערש...

## 33. סתם שטעכיקע פאַרצייכענונגען

בין געוואָרן פויל. אי די היצן „באַווירקן" דעם מוח, ער זאָל אויפהערן טראַכטן; אויך דער אַרום גיט זיין חלק. על כן, גענומען מאַכן גרעסערע הפסקות אין מיינע נאָטיצן. אַז סייווי — ענדערט זיך ווינציק אינם טאָגטעגלעכן געבוי פונם מדינה-לעבן. מהאי טעמאָ בין איך כמעט אַן אָפּגעשלאָסענער — אויך פיזיש: פאַרמאַכט אין שטוב און פאַרשלאָסן מיט מיינע טראַכטענישן. זעלטן קומט אימעצער אויף באַזוך; זעלטן גיי איך צו־גאַסט. און אַז כ׳גיי ערגעץ, איז עס בלויז אַרויפגעצוווּנגען: זיך אויסצוטשוכען פונם פויל־היציקן אַרום.

אויך מיט משה לעסטני זיך לעצטנס ווינציק געטראָפן. ער האָט זיך זיינע דאגות, איך — מיינע. אָבער אַ בענקעניש געפילט צו אים. ער איז גראָד פון די יחידים דאָ, וואָס „לאָזן צו זיך רעדן". האָב איך זיך געגרייט אויף אַ נאָכמיטאָג אַראָפּצופאָרן צו אים. אַפילו מודיע געווען דערוועגן. אָבער — — פאַרשפּעטיקט. ביז האָב זיך געגרייט, איז ער — אַוועק, אַוועק אַהין, ווו דער שקר האָט נישט קיין דריסת הרגל.

עס האָט מיך אויפגעטרייסלט. געשטאָרבן משה לעסטני. ניין. ער איז „בלויז" אַוועקגעפאַלן. די טרויער־שורות ווערן פאַרצייכנט אָנהייב סעפּטעמבער 1966. טאָפּלטער טרויער. איך בלייב איצט באמת אַליין. נישט האָבן זיך אַפילו מיט וועמען צו קריגן. און מיט לעסטנין — זיך געקריגט און פאַרגלייכט. בכלל: געווען איינער פון די לעצטע פון אַ דור יידן, וואָס איז געווען ביכולת טועם־צו־זיין דעם טעם ייד.

יאָ, איז משה לעסטני אַוועק. אויך איצט, נאָך זיין פּטירה, בין איך גרייט זיך מיט אים צו קריגן. איצט — נאָך זיין באַקומען אַ האַרצשלאַג נעבן קבר פון איינעם אַ נפטר — — און די ידיעה ווערט איבערגעגעבן אַזוי: געשטאָרבן איינער אַ ייד, געוועזענער סעקרעטאַר פונם געוועזענעם „צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, דייטשלאַנד" — — — נו, איז דער סעקרעטאַר געשטאָרבן, האָט אים משה לעסטני געדאַרפט מספּיד זיין ביים קבר. און געוווּסט האָט ער דאָך, לעסטני, אַז ער פאַרמאָגט אַ זייער שוואַך האַרץ, געהאַט איניקע אַטאַקעס; און ביי אַ הספּד דאַרף מען זיך אָנשטרענגען, דאַרף

מעך, מסתמאַ, ווײַנען אויך... און בכלל: וואָס האָט אים גראָד געצויגן דער־דאָזיקער מת און וואָס האָט ער אים געהאַט מיטצוגעבן אויפן עולם־האמת? — זיך באַנאַרישט, דער לעסטני. אַ שאָד. מיר וועט ער פעלן. חוץ אַלעם, געווען ערלעך. ווינציק פאַראַן איצט אַזוינע יידן — אויך אין דער יידישער מדינה — —

יאָ. ביי דער טרויעריקער געלעגנהייט דערמאָנט דעם געוועזענעם מינכענער צעקאַ: — איצט פאַרענדיקט דורכקוקן אַ ביכל פון 106 זייטן: „לא לשכוח ולא לסלוח", געשריבן פון אַ געוועזענעם שליח אין דייטשלאַנד אין די סוף פערציקער יאָרן, ד״ר חנניא ל. שפּיראָ, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „קרית ספר", ירושלים. נו, שאַנעוועט נישט דער מחבר זיין קאָלעגן־שליחים. — אויף זייט 28 פונם דער־מאָנטן ביכל אַ גבית עדות פון אַ שליח, וואָס דערציילט, אַז די פיינע שליחים האָבן אין דייטשלאַנד געמסחרט מיט אַמעריקאַנישע פּאַפּיראָסן; און אויף זייט 25:

פיל שליחים, וואָס האָבן אַרומגעבלאָנקעט אין דייטשלאַנד און געפּטרט זייער געלט אין פאַרשידענע באַרן אין דער געזעלשאַפט פון דייטשקעס, האָבן אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ בטלן, אַ טיפּוש: „ער מיינט עס ערנסט" — האָבן זיי געחוזקט — — —

און נישט בלויז האָבן די פאַרטייען דעמלט זיך פאַרנומען מיט שיקן שליחים קיין דייטשלאַנד — אויך די סוכנות האָט געשיקט און שיקט אויך איצט... אַפּראָפּאָ: דער שליח אין בראַזיל, דער „עליה־דירעקטאָר" דאָרט, וואָס האָב אים געמוזט פילן ווי אַ מכה אויף מיין בידנעם ביינער־בינטל... יאָ. אויך שליחעווען זיי קיין דייטשלאַנד איצט. אָט האָט זיך געהאַט פאַר מיר באַרימט דער צעקאַ־עקס־פּרעזידענט, מיין איצטיקער שכן און בײַ וועמען כ׳בין געצוווּנגען געוואָרן צו גאַסטעווען אייניקע שבתים; האָט ער זיך ביי איינעם אַזאַ שבתדיקן טיש באַרימט, אַז ער איז נישט לאַנג צוריק געווען אין שליחות אין דייטשלאַנד און אַז עס האָט אים דאָרט אַזוי פיין אויפגענומען דער בירגערמייסטער... אגב, האָט ער זיך געהאַט באַרימט, אַז בעת זיין „אַמטירן" האָט ער געטראָגן מיט זיך צוויי רעוואָלווערן. אַזש צוויי! מסתמאָ האָט ער געהאַט פאַר וואָס זיך צו שרעקן און פון וועמען זיך צו היטן...

ווידער — צו פאַרצייכענען אַ טויטן: געשטאָרבן אין ניו־יאָרק מרדכי בערנשטיין — „חבר מאָטיע". באמנות: פאַר זיינע מעשים טובים איז אים נישט געקומען קיין טויט־שטראָף. בעסער וואָלט געווען, ווען ער לעבט נאָך און זיינע חברים וואָלטן פון אים פאַרלאַנגט חשבון פאַר זיינע מעשים אין רוסלאַנד און אין דייטש־לאַנד — — — נו, איז ער געשטאָרבן, דער חבר... ברוך דיין אמת!

## 34. איך וויל אַוועק — פון זיך

די לופט — אָנגעפּילט מיט פּולווער. עס פעלט בלויז אַ שוועבעלע און אַ פייער וועט זיך אַ ריס טאָן — אויף יענער זייט פון דער וואַפנשטילשטאַנד־ליניע; אויף יענער זייט — צו די כלערליי פייער־אונטערצינדערס און פּולווער־צושטעלערס... און די „פאַרייניקטע פעלקער", דאָס חוזק־באַשעפעניש, ווו צילינדירטע שקלאַפן־הענדלערס און מערדערס אין פראַקן שפּאַנען געאָרעמט מיט די קרעמלדיקע מענטשן־ און פעלקער־אומברענגערס, אַ, די „פאַרייניקטע פעלקער" דידאַזיקע — זיי זעען בלויז די „אימפּעריאַלע כוונות" פון דער יידישער מדינה; זיי זעען נישט די מערדער־באַנדעס, וואָס ווערן געשטיצט און געשיקט פון בכבודיקע מיט־גלידער אין די „פאַרייניקטע פעלקער" — צו הרגענען יידן, צו פאַרענדיקן היט־לערס מלאָכה.

אַזוי יעדן טאָג. זיי האַלטן אונז אין קלעם פון קלקליה ביז די גולן־הויכקייטן, פון סועץ און סיני. און די „פאַרייניקטע פעלקער"־ציניקירס פאַרפאַסן העצערישע רעזאָלוציעס קעגן דעם ברעקל יידישע מדינה. בלויז עפּעס אַרום די צוואַנציק יאָר פאַרביי זינט דעם היטלער־מאָרד איבערן יידישן פאָלק — ווידער גרייטן זיי זיך, זיי, די פאַרשידענע שלום־ליבנדיקע, בראש מיט די קרעמלדיקע — — —

איך בין מיד. וויל אַוועק — פון זיך. נישטאָ מיט וועמען זיך דורכצושמועסן. קיינער וויל נישט הערן, וויל נישט לייענען. אַנומלט זיך איינגעהערט אין אַ סימ־פּאָזיום וועגן יידן, שרייבערס און יוגנט אין דער יידישער מדינה — געפּילט אַן איבל, אַ קאָפּ־דרייעניש. אויף דעם סימפּאָזיום האָט גאָלדע מאיר זיך אָפּגעע־רעדט בזה הלשון: „דאָס בלוט זידט־אויף אין מיר ווען איך הער פון אַ ישראל־יוגנטלעכן, אַז ער רימט זיך דערמיט, וואָס ער איז נישט קיין ייד"...

יאָ. איך וואָלט ערגעץ זיך אָפּגעשלאָסן אויף אַ צייט; אַריינגעפאַלן אין אַ לאַנגן, אַ חוני־המעגלדיקן שלאָף...

אין ביטערע מינוטן כאַפּ איך זיך צו צום תנ"ך, זוך דאָרט עפּעס — דעם נעכ־טיקן טאָג, דעם נעכטיקן ממש. דעם היינט האָב איך פיינט און דער מאָרגן זאָגט נישט פאָר קיין גוטס. איצט קוק איך אַריין אין קהלת (איבערגעזעצט פון נפתלי גראָס:

> דאָס האַרץ פון חכמים איז אין הויז פון טרויער / און דאָס האַרץ פון נאַראָנים איז אין הויז פון פרייד. / עס איז בעסער צו הערן דאָס אָנשרייען פון אַ חכם, / איידער פאַר אַ מענטשן צו הערן דאָס געזאַנג פון נאַראָ־נים. / וואָרן ווי דאָס קנאַקן פון דערנער אונטער דעם טאָפּ / אַזוי איז דאָס געלעכטער פון דעם נאַר.

און מיר לעבן איצט אין אַ וועלט פון לויטער בייזע און פינצטערע נאַראָנים!

שוין היפש אַריין אין 1967. פֿאַרגעסן ווו מ׳האַלט אין דער וועלט. ווידער אַ טאָג און נאָכאַמאָל אַ טאָג. און די נעכט — קאַלט און רעגן. פֿעברואַר 1967. אין דידאָזיקע נעכט שפּאַן איך אַרום איבערן צימער — הין און צוריק; וואַרט ביז די בעטן איבער מיין קאָפּ, אויבן, ביי די סאַלאַגיקער, וועלן זיך פֿאַנאַנדער־קרעכצן. דויערט עס אַזוי אַ שעה און צוויי נאָך חצות. פרייטיק — ביז פיר און פינף פֿאַרטאָג. אָבער גראָד דאָס אַרומשפּאַנען פֿאַרשאַפֿט מיר אַ געוויסן פֿאַרגעניגן. פינצטער אין דרויסן. אָפּגעשטעלט דער אויטאָ־געריטש. אויך די הינט רוען. שטערט מיר נישט קיינער איצט, נאָך חצות, צו פֿראַווען מיינע „משוגעתן": שפּאַנען איבער די ד׳ אַמות פון מיין חדרל אויף און אָפּ, גיך און איילִיק, שפּאַנען ווי־ניש־קאָ־היגער, נישט ווי איינער וואָס איז געקומען אַהיים, זיך אויסרוען, זיך איינבירגערין אינם יידישן לאַנד. אָ, ניין, די יידישע מדינה איז נישט קיין בירגער־מדינה. זי איז אַנדערש, זי מוז זיין אַנדערש — אַפֿילו אַנדערע ווילן דאָס נישט. זי פֿאַרמאָגט אין זיך גייסטיקע דערהייבונג, אַפֿילו אַנדערע פֿילן דאָס נישט.
פֿאַר בירגערלעכע קאַריעריסטן, ווי מ׳זעט זיי דאָ אויף יעדן טריט, איז פֿאַראַן אַ גרעסערע, אַ ברייטערע וועלט. דאָס יידישע לאַנד איז צו־קליין פֿאַר זיי, וועט זיך נישט לאָזן אויסנוצן פון זיי. זיי וועלן ווערן אַרויסגעשליידערט פון דאַנען — — — ווי שפּעט איז שוין איצט? עס ווילט זיך שלאָפֿן. ערגעץ קרייעט אַ האָן. אויך העגער פֿאַראַן דאָ. בררר! אַזאַ קעלט! און אויבן — אַ טרעטן, אַ לויפֿן, אַ טראַסקען איבערן קאָפּ. ווער האָט עס געזאָגט, אַז „קיבוץ גליות" איז „גוט פֿאַר יידן"? אָסור, צי איך פֿיל אַ טעם דערין. פֿאַרייניקן די יידן אויבן מיט אַזאַ־אָ יידן אונטן, כ׳מיין: מיך אַוועקזעצן צוזאַמען מיט זיי ביי איין טיש? סיידן — ביים קאָרטן־טיש. יאָ, אַנומלט איז איינער פון זיי אַראָפּגעקומען צו מיר און מיך געבעטן כ׳זאָל אַרויפגיין אויבן. וואָסי? עס פֿעלט זיי „אַ האַנט". און געזאָגט האָט ער דאָס זייער ערנסט. ער האָט זיך נישט פֿאַרטראַכט: אפשר געהער איך נישט צו זייער קאָרטן־שבט. „אַ האַנט" דאַרפֿן זיי (וואָלט איך זיך געפילט בכוח, וואָלט איך מיין פֿאַרבעטער דערלאַנגט אַט־אַ — מיטן פוס). און אַז כ׳האָב אים זייער איידל אָפּגעזאָגט, האָט ער מיך אָפּגעמאָסטן פון אונטן אַרויף: אויך־מיר־אַ־מענטש!
מאַך אַ לעבן מיט אַזאַ־אָ געזעלשאַפֿט. אוך, ווי עס ווילט זיך זעען דידאָזיקע חברהלייט אומעטום, אויף דער גאַנצער און גרויסער וועלט, נאָר נישט אין דער יידישער מדינה! וועלכער רוח האָט זיי דאָ אַהערגעבראַנגט?! זיי פֿאַרעיפּושן דאָ די ריינע לופֿט. זיי מאַכן אַ תל פון אַלע מיינע ריינע חלומות! — — —

## 35. מינכען לאָזט מיך גרוסן

סוף פעברואַר 1967. לעב איך אין אַ וועלט פון לויטער חלומות? איז גאָר מעגלעך, אַז אימעצער זאָל מיר פאַרלייגן אַן „אַפּרו״־פּלאַץ — — דייטשלאַנד, איצט, אין ניינצן זיבן און זעכציק — פופצן יאָר נאָך מיין אַוועקגיין פון דאָרט?! אַ בייזער, אַ פינצטערער חלום! אָבער עס איז דאָך גאָר קיין חלום נישט. אָט ליגט פאַר מיר אַ בריוו:

מינכען, דעם 21טן פעברואַר, 67

חשובער פריינד...

איר וועט זיך אַוודאי חידושן, וואָס פּלוצלינג האָב איך מיך געטומען צייט צו שרייבן אייך. אַזוי ווי איר זענט אונזערס אַן אַלטער פריינד און איינער פון די מיטגרינדער פון דער „נייע יידישע צייטונג״, ווענד איך זיך צו אייך מיט אַ פאָרשלאָג — — דער רעדאַקטאָר (...) ציט זיך צוריק פון זיין אַרבעט אין דער צייטונג צוליב געזונטהייטס־טעמים. די אויגן זיינע זענען אָפּגעשוואַכט. דאָקטוירים וואָרענען אים ער זאָל אויפהערן לייענען — — פאַרשטייט זיך, אַז איך דאַרף האָבן אַ מענטש — — אפשר זענט איר גרייט איבערצונעמען די רעדאַקטאָרישע אַרבעט פון דער צייטונג? — — —

ער דאַרף „אַ מענטש״. זאָל איך איצט ווערן „אַ מענטש״ אין אַ צייטונג אין מינכען? און דאָ טו איך זיך פאַרטראַכטן: מיינט ער ערנסט מיט זיין „מענטש״־פאָרשלאָג? וויל נישט עפּעס־נישט־גוטס מיך אַריינשלעפּן אין אַ פאַרוועבעכטס מיט דער הילף פון פאַרשידענע לאָקעטקעס?... וואָס אים ענטפערן?

אַ ויתרוצו. עס געראַנגלט זיך אין מיר אַ צווילינג — אַ קטיגור מיט אַ סניגור. טענהט דער סניגור: זיץ דאָ, זיץ! יענער וויל דיך אויסשטעלן צו־נאַר! טראַכט נישט וועגן פאָרן קיין דייטשלאַנד! טענהט דער קטיגור: אַריינגעפאַלן ווי אין אַ האָניק־טייגל; פאָר! אָנגעכאַפּט דעם ווידל — לאָז אים נישט אָפּ! וואָסי? צדקות? לאָז דאָס איבער פאַר די שיינע יידן, די שליחים און משגיחים אוז מקבלים, וואָס דייטשלאַנד איז פאַר זיי געוואָרן די צווייטע היים — — —
ענטפערן אָדער נישט ענטפערן? און אפשר גאָר מאַכן פונם בריוו און פונם פאָרשלאָג — פאַרעך? און דאָך — דער בריוו־שרייבער האָט מיר געהאַט געטאָן טובות — פאַרוואָס אים אָפּדינען מיט רעות? בכלל: לאָמיך בלייבן אַ דזשענטלמען. עס הייסט: אויפן בריוו ענטפערן — אַז בין גרייט אָפּצוצאָלן מיט צושיקן סתם־מאַטעריאַל פאַר דער צייטונג פון דאַנען. פאָרן? ניין. האַ? נישט פאָרן! נבנישט! נישט? פאַרוואָס טאָקע נישט? פאַר איך דען צו די דייטשן? פאַר מאַכן אַ יידישע צייטונג... אויך אויף זיי, אויף די יידישע אותיות, לייגן אַ חרם?
— — און אפשר טאָקע זיך באַפרייען אויף אַ ביסל צייט פון די שכנים מיינע און דער סביבה און אַלץ אַרום דעם... אָאַ? מעגן אַנדערע פאָרן אויף „חופש״

קיין מינכען — — — אַנדערע? געהערסטו דאָך — צו זיך! סאַראַ שייכות האָסטו מיט די „אַנדערע" דידאַזיקע?!

12טער מערץ 1967. באַקומען תשובה אויף מיין בריוו. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער בחור מיינט עס אויף אַן אמת. ער דאַרף אַ „מענטש"... מענטש אַהין, מענטש אַהער, אַז מיר לעבן דאָך סייווי אין אַן אויסגע־מענטשטער (אָדער אין אַ גע־מענטשטער) וועלט. לאָמיך פאַרמאַכן די אויגן אויף אַ ווייל; לאָמיר פאַרוואַרפן דעם וויכוח און ווערן ברוטאַל — צו זיך. איז דאָך גלייכער, אַז איך זאָל זיך אַליין שמייסן, איידער אַנדערע זאָלן פון מיר פאַסן רייסן (ווי עס גראַמט זיך)· די זאַך איז פשוט: געהאַט אַ טעות, האָב געלעבט אין אַ וועלט פון חלומות; בין געווען זיכער, אַז דאָס גאַנצע געמיינסטע געפינט זיך אין די יידיש־באַלע־באַטישע פליישטעפּ פון בוענאָס איירעס, מאָנטעווידעאָ און ריאָ; אַהאַ! אויך תל־אביב ליגט אויפן בוין! אם כן? — —

ווידער — אַ בריוו פון מינכען; ענטפער אויף מיין „קאַלטן" ענטפער. דער בחור דאָרט הייסט מיר קומען „זיך אַרומקוקן". ער לייגט מיר פאָר 300 דאָלער אַ חודש. וואָס שייך דעם רעדאַקטאָר, אַרבעט ער נאָך „ביז איך וועל אויסגעפונען אַ מענטש". ווידער — אַ מעעענטש! יאָ. דריי הונדערט טולער. אַן אוצר! וואָס וועל איך טאָן מיט אַזויפיל געלט? יעדן חודש באַקומען דרררייי הונדעררררט דאָלעררר!? נישט אַנדערש, נאָר ביי דעם בחור דאָרט, אין מינכען, האָט אַ „מענטש" נאָך עפּעס אַ ווערט. אַ מ־ע־נ־ט־ש! ערנסט: צו וואָס דאַרף ער דאָרט אַ רעדאַקטאָר פאַר זיין טשאָלנט־בלאַט, אַז — דער רעדאַקטאָר זיצט דאָך גאָר אין ניו־יאָרק; אַז די אויסשניטן פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" קומען דאָך קיין מינכען רעדאַקטירטע!?

ניין! וועל נישט פאָרן! די גאַנצע מעשה געפעלט מיר נישט! עפּעס טוט זיך „דרייען" אַרום דערדאָזיקער „מענטש"־מעשה. און דאָך — אפשר איפכאַ־מסתברא? מיינע חלומות — אויף אַלע וויסטע פעלדער! טפו! וועל זוכן אימעצן וואָס זאָל מיר דאָ אָפּהיטן די דירה פון דער ביבליאָטעק נעמען אַן אומבאַצאָלטן אורלויב — — פאָרן! יאָ!! פאָרן? נישט פאָרן! ניין! זאָל ער אַפריער שיקן אַ קאָנטראַקט. שפּעטער אַריינטראַכטן אין דעם ענין. לאָמיך נאָר וויסן, ווי עס האַלט מיט דער מעשה: דאַרף ער „אַ מענטש", אָדער — דרייט זיך אַרום דעם עסק אַן אוממענטש...

ניין: פון דעם האַניק־טייגל וועט קיין גערעטענער קוכן נישט אַרויסקומען; אָבער מיין טבע: נישט אָפּצולאָזן דעם זנב — אים האַלטן ביזן גוטן אָדער שלעכטן סוף! און דער סוף — גוטער אָדער שלעכטער — איז געקומען צוזאַמען מיט דעם בחורס בריוו פון 17טן מערץ. דאָרט לייגט ער פאָר פאַרשידענע פּלענער און דער־ביי פאַרגעסט ער נישט אונטערצושטרייכן, אַז „אין אַלגעמיין איז דער ענין נישט

ברענענדיק״ — — — האָ? געוואָלט „אָפּרוען״, איז דערפון כמעט אַרויסגעקומען אַן — אָפּבריען. גוט אַזוי. אַזאַ פנים האָט ער, דער זגב — צי ער דרייט זיך הינטיש אין תל אביב, צי ער מסחרט שווייניש אין מינכען — — —
וואָלט, בכן, כדאי געווען צו פאַרגעסן דעם עיפּושדיקן ענין. האָ? יאָ. אָבער אַ בריוו אַוועקשרייבן אַהין. און אַוועקגעשריבן — אַ ירגזונדיקן און שטעכיקן. וועט ער אויך איצט מיך וועלן האָבן פאַר אַ „מענטש״? אַז פרעגלען זאָלן זיי זיך, רבונו של עולם, אין דעם מינכען אויף דער שווינען־פּאַטעלניע. צו אוממענטשן — וועל איך קיין „מענטש״ נישט ווערן! — — —

הייִנטיקן חודש, מערץ 1967, איז געוואָרן אַכט יאָר זינט בין תושב אין דער מדינה. אַ היפּש ביסל יאָרן אויף איין פּלאַץ און אין איין דירה. נו, מסתמאָ שוין דאָ צוזיצן ביז — אַ גוטן סוף.
און דאָס גוטע נעמט זיך צייכענען צוזאַמען מיטן שלעכטן. — עס רוקט זיך אָן אַ שלעכטע, אַ ביטערע, אַ פּאַרוואָלקנטע כמאַרע אויף דער מדינה. די כמאַרע רוקט זיך פון יענער זייט, פון אונזערע קוזינען, די ישמעאלים. אַן אַלגעמיינע צרה. פּחדימדיקע טעג. מען רופט דאָרט צו אַ הייליקער מלחמה קעגן דעם רעשטל פון יידישן פאָלק. קאַניבאַלן, וואָס אין זייער שפּיץ האָט זיך אַוועקגע־שטעלט דער גרויסער סאָוויעטישער שקרן.
און חוץ אַלגעמיינע טראַכטעניש, פאַרמאָג איך אויך אייגענע, יידישע ד׳ אמות. אויך דאָ — איז נישט הימלעך ממש. עס איז פּוחת והולך. עס ווערט ווינציקער און ווינציקער. אָט איז ערשט געשטאָרבן אהרן גלאַנץ־לעיעלעס — פון די יחידים, פאַרבליבענע אינם פאַרענגטן און פאַרדרענגטן יידיש־שרייבעריש וועלטל.
אין די נאָכמלחמה־יאָרן זענען געקומען אויפן זכרון: ניגער, מוקדוני. גלאַנץ־לעיעלעס. זענען זיי אַלע אַוועק. באַלד נישט געבליבן ווער ס׳זאָל ממשיך זיין מיטן דאַוונען פאַרן עמוד.
דער דרויסן — רעגנדיק און רוגזהדיק. סוף מערץ 1967.
אַפּריל רוקט זיך אָן. עס נעמט פרילינגעווען דער דרויסן. בלאָע הימלען. עס בלאָזט אַרום און אַרום. אַזוינע הימלען ווי אין ישראל — נישט בנמצא אויף דער גאַנצענער וועלט!
און ווידער די אייגענע מעשה. פעסימיזם. יידן, גוטע יידן, זענען טרויעריק. זיי ווילן נישט אַוועקגיין אָן אַ „קדיש״. יידן, שרייבערס אין דער מדינה, זיי מאַכן אַ ביטערן חשבון און דאָס גראָד צום נייַנצנטן יום־העצמאות. ש. ג. אין „דבר״ קלאָגט, אַז די העברעאישע ליטעראַטור איז פאַרשטופּט אין אַ ווינקל. קיינער דאַרף זי נישט. אין דער העברעישער פרעסע ווערן רעצענזירט איבער־געזעצטע ביכער און כמעט נישט קיין אָריגינעלע. אַזוי קוקט עס אויס מיט דער

אָריגינעל-העברעישער ליטעראַטור. וואָס-שייך גייסטיקע דערציאונג, טענהט י. א. אין „הארץ“, אַז צוויי הנחות פון אחד העם האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכ־טיקע. 1. די אַסימילאַציע ווערט מסוכן פאַרן פאָלק ווען עס ווערן צעטרייסלט די אַלטע יסודות פון יידנטום; 2. ארץ ישראל וועט קיינמאָל נישט אַריינגעמען אין זיך דאָס גאַנצע יידישע פאָלק; איז ער דערפאַר געקומען צו דער מסקנה, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ גייסטיקער צענטער אין ארץ ישראל, אַ מרכז, וואָס זאָל באַדינען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. כי מציון תצא תורה. און דער שרייבער קלאָגט: נישטאָ אין דער מדינה קיין פאָלקיש-אידעאָלאָגישער פונ־דאַמענט; מיר פאַרמאָגן נישט קיין פאָלקס-באַוועגונג, וואָס זאָל ליב האָבן דאָס פאָטערלאַנד — — —

7טער אַפּריל 1967. היינט געהאַט אַן איבעררעאַשונג. געמיינט, אַז דער מינכענער בחור וועט מער נישט שרייבן, מער נישט פאַרלאַנגען, כ׳זאָל ווערן „אַ מענטש“ לויט זיין מוסטער — נאָך מיין בריוו וואָס כ׳האָב אים „דערלאַנגט“ אַהין. ניין. ער וויל נישט פון מיר רעזיגנירן. ער וויל נישט גלייבן, אַז דאָס זאָל איך אים אַזוי אָפּדינען מיט אַזאַ־אַ תשובה; אַז איך זאָל אים האַלטן פאַר אַזוינעם־אַ...

מינכען, דעם 4טן אַפּריל 67

זייער חשובער פריינד...
געלייענט אייער בריוול און נישט פאַרשטאַנען, וואָס איר מיינט, נאָר אַזוי ווי ער איז געשריבן ערב פורים האָב איך עס אָנגענומען פאַר אַ מין פריילעכן פורים-שפּאַס. אָבער דאָך, האַלט איך פאַר מיין חוב אייך אויפ־צוקלערן דעם ענין בכדי איר זאָלט מיך נישט האַלטן פאַר דעם — פאַר וועלכן איר באַצייכנט מיך... וואָס אַן אמת האָב איך אינגאַנצן געשטוינט פון אייער אַרט שרייבן. איך בין צופיל נאַאיוו און בכלל נישט פעיק אויף אַזעלכע זשידאָווסקע שפּיצלעך... איך האָב עס געמיינט אמתדיק און דער ענין בלייבט ווייטער אַן אמתער. עס איז בלויז אַן ענין פון צייט. אויך דאָס איז נישט מיין שולד... נישט איך פאַרשלעפּ דאָס, נאָר דער „פּריץ“.

יאָ־„פּריץ“ (געמיינט דעם איצטיקן רעדאַקטאָר מיט די קאַליע-אויגן), נישט־„פּריץ“, יאָ־„מענטש“, נישט־„מענטש“ — — — ברוך שפטרני. זיך געלאָזט אַריינשלעפּן אין אַ בלאָטע פון אַ בלאָטער חברה ערגעץ. וועט דויערן אַביסל און כ׳וועל זיך אַרומוואַשן. נישקשה. שוין פון טיפערע געמויזעכטסן אַרויסגע־קראָכן. אָפּגעהאַקט! זאָל ער מיך נישט „מענטש“ען. נישט ענטפערן! נאָך אייניקע פאַסקודנע זייטלעך אַריינגעשריבן אין מיינע טאָג-נאָטיצן.

## 36. מלחמה און — ששון ושמחה

נו, ערשט זיך באַזעצן אויף אַן אמת אין דער מדינה — נאָך אַכט יאָר חבלי קליטה. אַביסל נאָכגעבן דאָ, אַביסל דאָרט. און שלום על ישראל. הלוואַי! טאַקע אַ מאַיאָוועמער דרויסן און אַ ישראלדיקער דערצו, אָבער — עס שמעקט נישט מיט אויפבלי. נייך. עס שמעקט מיט פולווער. בררר! פון יענער זייט טראָגט זיך אַ הילכיק בילן פון אַ פאַרשיוועץ הונט, וואָס רייסט זיך פון דער קייט. אָט האָט זיך באַוויזן אין די צייטונגען אַ פאָטאָ, ווו נאַסער און זיין חברותא פראַווען שוין זייער נצחון — מיט אַ ראַשיק לאַכן נאָכן אַרויסטרייבן די אונ״אָ-סאָלדאַטן פון דער גרענעץ צווישן עגיפּטן און ישראל. הפקר. איצט שטייט די חיה אַנט־קעגן אונז מיט אַן אָפן פיסק.

היים. דושנע טעג. די אַראַבער האָבן הינטער זיך „ברייטע פּלייצעס״ — צוזאַמען מיט די סאָוויעטישע קאַניבאַלן גרייטן זיי זיך צו „באַווייזן וווּנדער״, צו דער־לאַנגען דעם „לעצטן קלאַפּ דעם ציוניזם און אימפּעריאַליזם״. אַ ראַדיאָ־קאָמענ־טאַר האָט איבערגעגעבן אַ דערקלערונג פון אַ סירישן אָפיצער, אַז „עגיפּטן און סיריע זענען בכוח אומצוברענגען ישראל העכסטנס אין פיר טעג״ און אַז זיי וועלן געבן די ישראלים „אַ געלאַסענעם טויט״.

חמסין. איך איל אַ שוויצנדיקער צו דער אַרבעט. אַן אַלאַרם. אָבער די גאַס איז רואיק. קינדער גייען פריילעך־געמיטלעך אין שולע. ווי גאָרנישט.

מיטוואָך, 31טער מאַי. מלחמה־שטימונג. שטילע מאָביליזאַציע. מער צייל איך נישט די טעג. זיי פאַרשווינדן ווי נישט געווען. דאַנערשטיק, פרייטיק, פרייטיק אָוונט. אויף די טראָטואַרן־בריקלעך זיצן יידן מיט פּעקעלעך. אויטאָס לויפן איילִיק פאַרביי, נעמען אַרויף די יידן און פאַרשווינדן. מאָביליזאַציע.

זונטיק, מאָנטיק, 5טער יוני. אין ביבליאָטעק. אַן אַזעקה (אַלאַרם). אויפן הויף — מען וואַרפט פאַנאַנדער פּייערלעשער־קישקעס. זאַמד. באַקאַנטע בילדער. גרויל־יקע בילדער. שפּעטער איז געוואָרן רואיק. אויף דער גאַס האָט מיך ווידער דערטאַפּט אַן אַזעקה. מען לויפט צו אַ בונקער. מסתמא אַ שעה געזעסן צווישן פייכט־שימלדיקע ווענט. געווען אויך אַ גרופּע גימנאַזיסטלעך. לכתחילה האָבן זיי געלאַכט. שפּעטער... אויף אַלעמענס פּנימער — — מלחמה!

וואָס טוט זיך? יאָ, ס׳טוט מיר אַלץ ווײ. אמת, אויף מיינע פּלייצעס דורכגעטראָגן איינע, צוויי, דריי, יאָ, דריי מלחמות. אָבער די איצטיקע מלחמה איז גאָר אַן אַנ־דערע, האָט אַן אַנדערן אויסזען. עס איז אַ יידישע מלחמה, אַ מלחמה פאַר עצם קיום, אַ מלחמה קעגן אַ ריזן שטיק וועלט (בראש מיט דער סאָוויעטישער אונ־טערוועלט) וואָס וויל אַרויפצווינגען אויף די יידן היטלערס „ענדלייזונג״. אַז נישט דערלעבן זאָלן זיי!

געווען אין תל־אביב. שטיל אויף די גאַסן, אַ שטילקייט ערב שטורעם. אַלץ

געפינט זיך אויפן פראָנט — אויף די סוחרים פון די שיינע קראָמען. נעבן איינעם אַ קרעמער זיך אָפּגעשטעלט. ער איז שוין אַריבער דעם מאָביליזאַציע־עלטער. דער ייד שמייכלט. איך זע אים צום ערשטן מאָל. וואָס שמייכלט אַ ייד? עס וועט זיין גוט, זאָגט ער — משה דיין... יאָ, עס פילט זיך זיכערקייט צווישן יידן. משה דיין האָט איבערגענומען די פאַרטיידיקונג. פאַראַן אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן — — —

מיינע שכנים פאַרקלעפּן די שויבן מיט שמאָלע פּאַפּיר־פּאַסיקלעך. איך האָב אַראָפּגענומען די פענצטערס, זיי צונויפגעבונדן, אוועקגעשטעלט אָן אַ זייט. איך האָב שוין פּראַקטיק. און אויב חלילה וועט פאַלן דאָ נאָנט אַ באָמבע, וועלן די שויבן טראַסקען צוזאַמען מיט די ווענט. די שעה זאָל גאָרנישט קומען! הינטערן פענצטער ווערן צעגראָבן די גערטנדלעך, ווערן זעק אָנגעפילט מיט זאַמד, אויסגעלייגט אַרום די ווענט. אַ צייט אַזאַ, עולם דאַרף עפּעס טאָן. טוט מען. סיי־ווי — — — פאַלט־צו די נאַכט — ימש חושך. מודעות זאָגן־אָן וועגן אַלגעמיינער פאַרפינצטערונג אין דער מדינה. די פאַרבליבענע אויטאָבוס־שאָפערן זענען אמת־דיקע העלדן ביים פירן זייערע אויטאָס אין דער פינצטער. חושך ואפלה.

געהאַט נעכטן אַ בונקער־נאַכט. אַ פעליקע נאַכט אַלאַרמען; געלאָפן פון שטוב אין קעלער. שכנים קרעכצן, זיפצן און צעשראָקענע קינדער „זיצן" אויפן טאָפּ... מער וועל איך נישט „לויפן". איז די נאַכט, די ערשטע מלחמה־נאַכט, פאַרביי בשלום. כעלות הבוקר — אַוועק אין ביבליאָטעק. נישט איצט די צייט צו לעבן ביחידות. אמת, דער ראַדיאָ אינפאָרמירט, באַרואיקט, גיט אָנווייזונגען, דאָך — עס טרייבט אַרויס. אויף דער גאַס מסתמא הערן מער, זען מער. יאָ, מען איילט אין די שפּייז־קראָמען. עס ווערן אויסגעליידיקט די סופּערמאַרקעטן. שוין, נישטאָ קיין ברויט. עס פעלט דאָס און יענץ... די צווייטע נאַכט געלעגן ביים ראַדיאָ, איינגעגראָבן קאָפּ און אויערן און אַלע מיינע רמ"ח אברים אינעם ראַדיאָ־קעסטל. — „דובר צה"ל מודיע..."

פריילעכע נייעס. אַלוף הערצאָג קאָמענטירט די געשעענישן, וואָס טרייבן איינע די צווייטע. די בחורים פון „שכונת התקוה" — זאָגט הערצאָג — וואָס ביזאיצט האָבן זיי געפלעגט ברעכן שויבן אין תל־אביב, ברעכן איצט קעפּ אין מצרים. שווער אָנצויאָגן די סומאַטאָכע. יעדע שעה פרישע נייעס. שוין ווייט נאָך חצות. די אויגן קלעפּן זיך, אָבער פּינקטלעך צו דער שעה — מיין אויער אַריינגעקלעפּט אינעם קעסטל. פון פענצטער־טירן — עס הילכט „קול ישראל": דובר צה"ל מודיע — — —

פאַרטאָג איז שוין אַלץ קלאָר: אונזערע זענען אין סיני, נעבן סועץ — אַ פריילעכער בליץ. שפּעטער — אַרומשפּאַצירט אויף אַ זייטיק געסל מיטן טראַנזיסטאָר נעבן אויער:

באַפרייט, באַפרייט, באַפרייט — די מערת המכפלה, דעם קבר רחל, די כותל המערבי. אַזאַ פרייד: בית לחם, חברון און יריחו און אַלט ירושלים און...

הוילע פרייד. וליהודים היתה אורה ושמחה וששון. דער מיליטערישער רב בלאָזט שופר ביים „כותל״. סאָלדאַטן שיקן גרוסן צו זייערע קרובים. איינער אַ ייד שרייט אַריין אין הילכער, בעט זיך — אויף מאַמע יידיש — מ׳זאָל אָפּגעבן אַ גרוס זיין משפחה אין בני־ברק, דעם רבין זיינעם שליט״אַ פון וויזשניץ. ברוך השם. ער געפינט זיך נעבן הר־הבית, נעבן כותל־המערבי, נעבן... בסיעתאַ דשמיאַ. עס הערן זיך משיחס טריט. יאָ. אויך איך הער זיי — דורכן טראַנזיס־טאָר. מען טאַנצט ביים כותל. אַ שופר־בלאָזן מיט אַ זינגען „ירושלים של זהב״. מיינע אויגן פייכטן זיך. באמת: געוואַרט אויף דער איצטיקער שעה אַזוי לאַנג... אַזוי לאַנג...

נו, שוין. זיך געענדיקט די מלחמה. אַ שבת און נאָך אַ שבת. זעקס טעג. באמת: ברוך השם. דער גאַנצער מצריש־קעמפערישער פּראָנט געפינט זיך אין ישראלס הענט — צעשאָסענע און גענומענע אין געפאַנגענשאַפט. אויס! איצט קען נאַסער נישט איבערטראָגן די חרפּה. ער וויל אַוועק, ווערן אויס פירער. איצט לאַכט ער שוין נישט. אָבער ווי פון אַ מויזן־לאָך אַרויס — אַנגעלאָפן די מאָסקווער שטשו־רעס, די סאַמע שפּיצן, איינער נאָכן צווייטן און אַלע צוזאַמען — די וויכטיקסטע פּאָליטרוקן — אַז באַקומען זאָלן זיי אַ כאָליערע־לויפעניש! — אַנגעלאָפן און זיך אַרומגעכאַפּט קושן מיט נאַסערן פּונקט ווי „דעמלט״, בעת זיי האָבן זיך געקושט מיט די נאַציס... זייער פּרעסטיזש! די ציוניסטישע פאַרכאַפּערס האָבן פאַרכאַפּט זייער געווער פאַר אַ צווייַ מיליאַרד... ווי קענען זיי, די מאָסקווער לייז, דאָס איבערטראָגן?! און אַז נאַסער וועט פאַרלייגן מיטן קאָפּ — אויך זייערע קעפּ אין געפאַר — — —

## 37. אין די טריט פון חומש

געווען ביי דער כותל המערבי.

גאָט איז מיין עדות: כ׳האָב נישט געדאַוונט, נישט היינט, נישט נעכטן און אויך נישט מיט אַ יאָר צוריק. איך ווייס נישט פאַרוואָס, — כ׳האָב אויפגעהערט צו דאַוונען; נישט ווייל כ׳בין אַ מומר להכעיס. אַדרבא. רופט מען מיך ערגעץ משלים־זיין אַ מנין — מהיכי תיתי. אָבער דאַוונען דאַוון איך נישט. אָן חקירות און אָן טענות — כ׳דאַוון נישט. און אַז כ׳בין געגאַנגען איבערן וועג צו דער כותל המערבי האָבן זיך ביי מיר צעעפנט אַלע רינעלעך און רערערלעך און ס׳האָט געהאַלטן דערביי, עס זאָל פון מיר אַ פלייץ־טאָן, אַזאַ פלייץ־טאָן מיט... וואָס? כ׳קען דאָס נישט דערקלערן. אַזאַ בין איך געווען און אַזוי אויסגעקוקט בעת כ׳האָב געטראָטן פאַרביי דעם שער יפו, דורכן שמאָלן אַראַבישן מאַרק־געסל, צום

כותל המערבי. אַ גאַנג אויפֿן וועג פֿון יידישע דורות.
אונטן — אַ וואַנט, אַ רעשט שטיינער פֿון דער אויסנדיקער זייט פֿונם בית־המקדש; אויבן — דער הר־הבית, דאָס אָרט, ווו דער בית המקדש איז געשטאַנען — קדוש... קדוש... קדוש...
זיך געהאַלטן „מאַנסביליש" און נישט אַרויסגעפּלייצט... אויך נישט צוגעפֿאַלן צו דער וואַנט מיט אויסגעשטרעקטע ליפּן. און דערביי מקנא־געווען די־ייִעניקע יידן און בחורים, באַבאָרדטע און באַפּאותטע, וואָס האָבן זיך געטרייסלט אויף דער וואַנט, זי געגלעט, ווי אַראָפּגעווישט פֿון איר יאָרן שטויב; וויינענדיקע יידן, וואָס האָבן געבעטן מחילה ביי פֿאַרגאָסענע טרערן פֿון דורות יידן. איך בין געשטאַנען פֿון וויטן, געקוקט און מיטגעלעבט. אַז קיין ווערטער זענען דאָ נישט נייטיק, דאָ, אויף דעם הייליקן מקום, וואָס בינדט־צונויף טויזנטער יאָרן אין איין טאָג, איין שעה: קוקן און אַריינוואַקסן אין יידישן וואָר.
דערנאָך — אַוועק צום קבר פֿון דער מאַמע רחל. בלויז דאָס — דאָס טרעטן איבערן וועג, ווו די אָבות האָבן זיך באַהעפֿט מיטן בורא — צעוואָרעמט די געבליטן, פֿילט־אָן מיט חיות... איבער דער „מאַמעס" אוהל, אינעווייניק — אַ שטיינערנער פּלאַט, לזכרון אַ וואַרשעווער ייד, וואָס האָט געהאַט אויפֿגעפֿרישט דעם אוהל. דער טאָוול איז געווען ביזאיצט פֿאַרשמירט. נו, בין איך שטאַלץ מיט מיין חשובן לאַנדסמאַן (וואָס זיין נאָמען איז מיר אַרויס פֿון זכרון). שטיל אינעווייניק, כאָטש אַ געדרענג אַרום קבר. מען גייט אַריין און אַרויס. עס ציט זיך אַ ריי. ווער עס זאָגט אַריין אינם שטיינערדיקן געשטעל, ווער — עס קושט דעם פֿרישן קאַלך. שטיל. אויך הערט זיך נישט דער „רחל מבכה על בניה". מסתמאַ האָט דערביי געווירקט דאָס געבעט פֿון ירמיהו הנביא: „מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה, כי יש שכר לפעולתך... ושובו בנים לגבולם" — — — אָט שטייען מיר, יידן, קינדער פֿון דער מאַמע רחל, שטייען אויף דער מאַמע ערד — צוריקגעקערטע, אַהיימגעקומענע — צו וואָס וויינען?
און איך נעם זיך פֿילן היימיש מיטן וועג, מיטן גלאַטן שאָסיי, וואָס פֿירט פֿון בית לחם קיין חברון. אָט־אָ־דאָ האָט דאָך געשפּאַנט (מסתמאָ אויף הייסן זאַמד) דער טאַטע אברהם, בעת ער האָט געזוכט אַ שטיקל באָדן פֿאַר זיך „לאחר מאָה ועשרים". און דאָ האָט ער פֿאַרהאַנדלט מיט עפֿרון החתי די „ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר" פֿאַר דער הייל, וועלכע איז שפּעטער געטאָפּלט געוואָרן מיט די אָבות און אמהות: אברהם ושרה, יצחק ורבקה, יעקב ולאָה... יאָ, אַזוינע פֿלעטלעך הענגען אינעווייניק, אויף די אויסגעפּוצטע קברים — אינם ישמעאלישן מעטשעט. לכאורה קוקט עס אויס אַביסל טעאַטראַל: באַרוועסע אַראַבער קניען אויף טעפּעכער אַנטקעגן די באַטיטלטע קברים. זיי דאַווענען מנחה. און מיר? די לייבלעכע קינדער פֿון טאַטע־מאַמע קוקן אויף די שילדלעך, קוקן אויף די

אַראַבער. יאָ. די שילדלעך. פון וואַנען האָבן די יידן פון משרד הדתות אַזוי פּינקטלעך געוווּסט, אָנצוצייכענען: דאָ — אברהם, דאָרט — יצחק, אַהינטער — יעקב? מילאָ. סיווי — עס צאַפּלען די ליפּן צו אַ תּפילה: „אלהי אברהם, אלהי יצחק, אלהי יעקב — גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב" — — — — אוי, דער מאַמעס טייטשחומש!...

יוני 1967. דער חודש און דאָס יאָר וועלן אַריין אין דער יידישער געשיכטע. דורות וועלן דערציילן וועגן יידישע העלדישקייטן און העלדן, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר פאָלק ישראל און ארץ־ישראל. די „זעקס טעג" האָבן צע־טריסלט אַ וועלט, זיך אַריינגעטרייסלט אינם געדעכעניש פון יידן אין אַלע וועלט־ווינקעלעך.

יאָ, די „זעקס טעג". עס האָט שוין ביים סוף חודש. דער ענטוזיאַזם האַלט נאָך אָן. אָבער עס לאָזט זיך פילן אַ געבעט צו אָפּרוען, צו לעבן און אַרבעטן און אויפהערן טראַכטן וועגן מלחמות... עס בעט זיך אויף אַ זיבעטן רו־טאָג... אָבער צו אַזאַ טאָג איז נאָך היפּש ווייט. די קרעמל־העלדן וועלן אַזאַ מפּלה נישט לאָזן אַראָפּשלינגען. דערפאַר מאַכן זיי דראַמאַטישע פליען פון מאָסקווע קיין קאַיראָ; עס פליען מאַרשאַלן און גענעראַלן און פּאָליטרוקן — דער גאַנצער פּאָליטביוראָ־שטאַב זיצט אין נאַסערס מלוכה. און צוזאַמען מיט זיי פליען אויך — מאָרד־מכשירים מכל המינים. זיי, די מאָסקווער בראָדיאַגעס, ווילן צוריק־נעמען די טאַנקן און האַרמאַטן, וואָס זיי האָבן געשיקט אויף אונז... זיי פּראָ־וואָצירן ביים סועץ. עס קומען פאַר שיסערייען. שוואַרצע רעמלעך קוקן אַראָפּ פון די צייטונגען, בעקראַלאָגן — פון די ווענט...

אַזוי לויפן טעג, פאַרשווונדן וואָכן. שוין נאָנט צו די ימים נוראים. דאָס בילד ענדערט זיך נישט. דער זיבעטער רו־טאָג קומט נישט. — די קאַנאָנען ווערן נישט פאַרשוויגן. אויפרייסן אינעווייניק און שיסערייען פון דרויסן. העט ווייט — די מלחמה זאָל זיך ענדיקן. אָבער דער ווילן צום לעבן איז שטאַרקער פון די סאָוויעטישע „קאַטיושאַס", וואָס ווערן געשיקט אין אָפענע ישובים, הרגענען קינדער. יאָ, דערדאָזיקער ווילן וועט אויך די מערדערס איבערלעבן — — —

נאָך די ימים־נוראים געמאַכט אַ שפּאַציר אַרום דער אויסערלעכער מויער פון הר־הבית; אויך אויסגעמאָסטן דעם הר־הזיתים ביז אַרונטער צום כפר שילוח און ווידער צוריק — אַ טאָג אַ פעליקן. עד, וויפל סאַדיזם די ישמעאלים האָבן דאָ אַרויסגעוויזן. די מצבות אויפן היסטאָרישן בית־הקברות — סיסטעמאַטיש און מיט אַ סדר צעריבן און צעשטויבט; פון דאַנען אַרויס, פון צעמענטירטע שיס־לעכער, האָבן די לעגיאָנערן געשאָסן אויף ניי־ירושלים; דאָ זענען די פאָדלאַגעס

און ווענט אויסגעלייגט מיט מצבות: פה נטמן... און דאָרט אויבן, אויפן סאַמע שפּיץ באַרג — אָוועקגעשטעלט אַ ריזן־האָטעל; צעשניטן מיט שאָסייען אַרום און אַרום — — אויף קברים.

צוריקוועג זיך פאַרקוקט אויפן שער הרחמים, אָדער שער המשיח — דאָס טויער אין דער מויער פון הר הבית, וואָס אַרום דעם זענען פאַרוועבט לעגענדעס, מוסר און קבלה. איינע אַזאַ לעגענדע דערציילט, אַז בימות המשיח וועט זיך דאָס טויער עפענען און די עצמות יבשות פונם הר הזיתים וועלן אָנגעפילט ווערן מיט חיים און צוזאַמען מיט משיח צדקינו וועלן אַלע אַריינמאַרשירן אויפן הר־הבית און דאָרט אויפבויען דעם בית המקדש. אָבער כדי דאָס אַלץ נישט צו קענען דורכ־פירן האָבן זיך פאַרייניקט צוויי וועלטן — די קריסטלעכע און איסלאַמישע — און פונקט אונטערן שער המשיח פאַרלייגט זייערע צמענטאַרס, צלמים און גלאַנ־ציקע מצבות, כדי משיח זאָל זיך נישט וועלן מטמא־זיין און דערפאַר מוותר־זיין אויפן אַריינמאַרש פונם הר הזיתים צום הר הבית — — —

וייזוי — איצט האָב איך אַ גרויס ארץ ישראל, מיט אַ רחבותדיק ירושלים; האָב ווו צו שפּאַצירן און פאַרמאָג אַ כאַפּטע בכבודיקע באַגלייטערס: די תורה, די נביאים, די כתובים... הכלל: דאָס חומש וואַלגערט זיך אַרום די טריט אויף יעדן טראָט.

אויך געווען אויפן הר הבית. האָב באין אופן נישט געקאָנט בייקומען דעם יצר הרע, וואָס האָט זיך אויף מיר אָנגעזעצט: גיי, קוק, זע דאָס שענסטע וואָס דאָס ידישע פאָלק פאַרמאָגט. אוודאי איז אַ בפירושער איסור אַרויפצוגיין אויף גאָטס הויז אַ טמאדיקער; און אַזאַ וואָרענונג הענגט טאַקע ביים אַריינגאַנג. נו, פאָלג איך דען אַלע איסורים און פאַרמאָג איך דען כוח — נישט צו שטעלן זיך קעגן אַלע לאָוון: דאָס טו יאָ און דאָס טו נישט!?

באַגלייט האָט מיך איינער אַ ייד, וואָס זיינע ידיעות אין חומש זענען זייער בלאָסע, כמעט גאָרנישטדיקע. האָט מיר דער ענין זייער באַנג געטאָן. עס האָט זיך גע־וואָלט רעדן, קוקן און רעדן און פאַרטייטשן דעם ענין — הר הבית, בית המקדש און נאָך ענינים, וואָס האָבן געלאָזט וואַרטן אויף זיך אַן ערך צוויי טויזנט יאָר... און גאָרנישט. מיין באַגלייטער קוקט און שווייגט. ער שווייגט אויך אָנטקעגן מיין רעדן. ער פילט גאָרנישט, זעט גאָרנישט... און באמת: אויבן איז פוסט און לער. בלויז צוויי מעטשעטן גלאַנצן און גלאָצן אָנטקעגן דעם לויטערן ירושלים־הימל. אָבער אונטער די טריט, אונטער די אויסגעפלאָסטערטע שטיי־נער, איז הויל, דאָרט, אינם חלל, געפינט זיך אַלץ וואָס האָט באַוויזן צו בלייבן גאַנץ נאָך די חורבונות פון די צוויי בתי מקדשים. איך נייג צו מיינע אויגן צו אַן עפענונג, הער זיך איין אין דער פוסטקייט און שרעק כאַפּט מיך אַרום: אַ געשריי פון דורות — — —

סעפּטעמבער 1967. געשטאָרבן ראובן רובינשטיין. ער איז געווען אַ ייד מיט אַלע ייד־מעלות. אַ היימישער ייד. אַן אויפריכטיקער ציוניסט, אָבער אויך מיט קריטיק. נישט איין מאָל פון אים געהערט: „אַן אומרואיקע מדינה, אומרואיקע יידן, אַזוי אומרואיק, אַז נישט זיי האָבן צייט אָפּצורוען און נישט זיי לאָזן יענעם אָפּ־רוען"...

רובינשטיין האָט געקרעכצט מיט אַ שמייכל. ער איז געווען בכוח צו פאַרגלעטן אַ האַרבן ענין מיט אַ גלעט איבערן סיוון קאָפּ:

„אַ קינד מוז ליידן פונם אַלטן טאַטן... עפּעס דיר אַ קלייניקייט: צוויי טויזנט יאָר!"

ער האָט נישט געהאַט קיין טענות צו קיינעם. זיינע יידן און זיין מדינה. ער האָט בלויז געהאַט טענות צו זיך, הלמאַי דער גורל האָט אים באַשטראָפט — צו קומען אין דער מדינה אַן אַלטער מאַן...

דערביי האָט ער יעדער מאָל, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אויף „אַן אינטימען שמועס", מיך געטרייסט מיטן „יהיה טוב". ער האָט זיך געפילט „שולדיק", הלמאַי ער האָט מיר פאַרמיאוסט דעם „אַמעריקאַנישן גלות" און מיך געטאָן „ציען קיין ציון".

„די חבלי קליטה אַליין — מיין טייערער — זענען אַ מצווה פון די מצוות, וואָס זענען חל אויף שיבת ציון"...

גערעדט ממש ווי אַ גוטער ייד.

נו, נישטאָ: אַוועק ראובן רובינשטיין, פון די גאַר־ווינציקע, זייער־ווינציקע גוטע פריינט.

יאָ. אייניקע חדשים האָט ער זיך נאָך געפרייט מיט ירושלים עיר הקדושה. „זעט איר: משיחס טריט; איצט האָבן מיר די שכינה אויך אויסגעלייזט פון גלות... איין קלייניקייט: די כותל המערבי! אַ זכיה, אַ גרויסע זכיה" — — — און דערמיט האָט עס זיך פאַרענדיקט. דער שמועס איז געווען צווישן אונז דער לעצטער.

סוף 1967. עס האַלטן אין אָפּפלייצן די קאַלוזשעס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן במשך די נאַסע חדשים — קונסט־אַלבאָמען, לוקס־פּאַפּיר־לידער, שיסנדיק טעאַטער — אַ פאַרפלייצונג פון פּאַטריאָטיזם און כנעניזם. עס נעמט אויסטרוקענען. עולם האַלט אין ווערן ניכטערער. דער זיבעטער רו־טאָג איז נישט געקומען נאָך די „זעקס טעג". געוווּנען די מלחמה, אָבער דער שלום ליגט ערגעץ אַ באַגראָבענער אין מאָסקווע און קאַירא.

און דאָך — „עפּעס" איז פאָרט געבליבן פאַר דער אייביקייט פון „יענע טעג". און דער עפּעס איז אַרויסגעבערענגט געוואָרן אין וואָרט און אין ליד. דאָס ערשטע:

פון איינעם אַ רבנישן מגיד, אַ גאַסט פון אַמעריקע, וואָס האָט אויסגערופן אין אַ שילעכל פון בני ברק:

ווי, ווי, יידן, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט! מיר דאַרפן זיך לערנען אַ קאַפּיטל צניעות פון אונזערע שונאים, די ישמעאלים!

דאָס צווייטע פון אַ דיכטעריןֿ, וואָס טוט זינגען סאַרקאַסטיש:

יאָ, איך ווייס אַז דו האָסט געקויפט אין „גדה" אַ המון זאַכן, / פאַר האַלבן געלט — פאַר פערטל פּרייז, האַלב אומזיסט. / אָבער איין מציאָה האָסטו פאַרגעסן צו קויפן, אַ מציאָה אינגאַנצן אומזיסט: אַביסל פון די אַראַבישע ווייבערס צניעות.

נו, אַזוי קוקט עס אויס איצט, אינם בין השמשות צווישן ווינטער און זומער. נאָר נישט פאַרלירן דאָס קאַפּעלע בטחון אין אונזער אייגענעם — בטחון — — —

## 38. אויס יום טוב — צוריק וואָך

צוויי אַנטפּלעקונגען האָבן זיך היינט צו מיר געטאָן אַנטפּלעקן. אין אַ ניו־יאָרקער אויסגאַבע האָט שלמה סיימאָן געטרויערט, הלמאַי דער וועלטלעכער סעקטאָר איז דורכגעפאַלן „נישט געקוקט אויף אַלע שיינע רייד און באַרימערייַ וועגן דעם דערפאָלג פון יידיש ביי דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ". דערביי זאָגט ער אויך אויס דעם סוד, אַז „שרייבער האָבן געדרוקט זייערע ביכער נישט מער ווי אין 200 אָדער 300 עקזעמפּליאַרן", זיי צעשיקט אומזיסט און עס איז נאָך געבליבן אַן עודף אין קעלער... און דאָ שטעלט זיך אַוועק פאַר מיר דאָס בילד פון — משה גראַניטשטיין, דעם שרייבער־טשודאַק, וואָס האָט כמעט יעדן חודש אַרויסגעגעבן אַ בוך אין הונדערט קאָפּיעס, זיי פאַנאַנדערגעטיילט און תיכף גענומען גרייטן ווידער־אַ־בוך. „פאַר וועמען? — האָב איך געהאַט אים אַ פרעג געטאָן ביי זיין שרייבטישל אין „די פרעסע". „פאַר מיר!" — האָט ער אַ בור־טשע געטאָן און ווידער איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער כראָניק, וואָס ר׳האָט איבערגעזעצט פאַר דעם בלאַט. יאָ, גראַניטשטיין איז געווען אַ טשודאַק. די „לייטישע לייט" פון בוענאָס איירעס האָבן געוויזן מיט אַ פינגער אויפן שטערן ביים זען אים לויפן איבער דער ברייט פון דער גאַס. איצט פאַרטראַכט איך זיך און לייען שוואַרץ אויף שוואַרץ: אַלע שרייבערס, וואָס ווילן אַרויסגעבן ביכער (לויט גראַניטשטיינס רעצעפּט) — „פאַר מיר" — מאַכן דאָס נישט אַנדערש פונם בוענאָס איירעסער טשודאַק... (אַרויסגענומען די אומהיילבאַרע שנאָרערס, וואָס ביי זיי איז אַ בוך און אַ בינדער — היינו הך).

נו, דערמאָנט פריער „די פרעסע": איז אַהער אָנגעקומען אַ קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער עס ווערט דערציילט מכוח דער גרויסער פייערלעכקייט וואָס דאָס

פֿאָלקסטוּמלערישע בוענאָס איירעס האָט געפּייערט אַרום די פֿופֿציק יאָר פֿונם דאָזיקן בלאַט; אויך ווערט געשילדערט די פֿרייד מיטן אויפֿבויען אַ דובנאָוו־הויז. דער קאָרעספּאָנדענט באַדויערט בלויז, הלמאי די יוגנט קומט נישט צו אַזוינע פֿייערונגען. די יוגנט, וואָס רעדט נישט קיין יידיש. על כן, איז דאָך דאָס בילד אַזוי טונקל־קלאָר: „די פּרעסע" האָט נישט דערצויגן קיין יידיש־לייענערס במשך אירע פֿופֿציק געפּייערטע יאָרן; דאָס יידיש־שרייבערישע און געדרוקטע אַרגענטינע האָט נישט דאַביוועט פֿאַרן יידישן בוך קיין 200 לייענערס צווישן לפּחות 200 טויזנט יידיש־רעדנדיקע יידן. האַ? — —

„קול ישראל" האָט איבערגעגעבן אַ שמועס צווישן צוויי יידיש־פּוילישע שרייבערס, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט קיין ישראל פֿון גאָמולקאָס קאָמוניזם. דער שמועס איז פֿאָרגעקומען אין ... העברעאיש. אָט־אַזוי־אָ! — האָט זיך מיר דווקא געוואָלט הויך לאַכן פֿון דידאָזיקע פֿאַרפּוילישטע יידן, וואָס די גירסאָ דיונקתאָ, זייער אַמאָל־אַמאָליק לייענען אַ העברעאישע שורה ביים חסידישן טאַטן אין שטוב ערגעץ אין לאָדזש אָדער וואַרשע, איז דאָ ביי זיי אַרויסגעשפּרונגען אויפֿן שפּיץ נאָז: נאַט, זעט, העברעער, אויך מיר קענען... קאָמיש האָט געקלונגען זייער פּויליש־אַקצענטירטער העברעאיש. קאָמוניסטן במשך פֿיל יאָרן, ווילן זיי דווקא אויף דער שוואַכער עלטער אַרויסברענגען זייער פּאַטריאָטיזם צו דער ציוניסטישער מדינה. ערשט? און פֿאַרוואָס האָבן זיי אַזוי פֿיל יאָרן געשפּיגן קלעק אויף אַלץ וואָס יידיש? ערשט? איצט טוען זיי אָפּשאָקלען פֿון זיך דעם ענדעקישן קאָמוניזם. און ווו זענען זיי געווען אין די דרייסיקער יאָרן, ווען די סטאַלין־לאַפּע האָט אויסגעהרגעט די יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן זיך „געראַטעוועט" פֿון פּוילישן פֿאַשיזם? און פֿאַרוואָס האָבן זיי געשוויגן בעתן סטאַלין־היטלער־פּאַקט? און ווו זענען זיי געווען שפּעטער, בעת דער סאָוועטישער קאָמוניזם האָט אויסגעהרגעט די יידישע שרייבערס? און וואָס האָבן זיי געטאָן בעתן דאָקטוירים־פּראָצעס? איצט? יאָ, איצט — וואָלט גאָמולקאָ נישט אַרויפֿגעצויגן אויף זיך די ענדעקישע פּעל פֿון פּיאַסעצקין, וואָלטן זיי נאָך איצט געווען פּוילישע קאָמוניסטן אינם „באַפֿרייטן פּוילן" — זיי און די רעשט, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אַהער — — —

בנאמנות. גוט צו זיין אין דער מדינה אַ „געוועזענער" — אַ געוועזענער קאָמוניסט און אַ געוואָרענער ציוניסט. אַ שאָד, וואָס אויך אַ „נאַש בראַט" קאָן נישט מיטמאַכן דידאָזיקע שפּיל...

אין ביבליאָטעק. שוין היפּש אַרייך אין 1968. פֿיל ענדערט זיך נישט דאָס בילד. ווי געווען — פֿאַרבליבן. ביי דער אַרבעט — אַ טומל. לרוב געהער דאָס שיינע

ביבליאָטעק־פאַך צום שיינעם מין. זיי אײלן, די אײלנדיקע מײדעלעך און װײבע־לעך, זיי לױפן, זיי קלאַפּן מיט די מאַשינקעס און קלאַפּן מיט די צינגער; אויך — זיי רײכערן פּאַפּיראָסן — — זיי האָבן שוין מיך באַלד אויסגערויכט... שטעלן זיי זיך אַוועק אין קופּקעלעך שמועסן אַרום מײַן טיש — װערט אַזאַ געדיכט רעדעריי און רויכערײ, אַז איך מוז אַרויס אויף דער גאַס, כדי צו „קומען צו זיך"...

טאָ לאָמיר דערמאָנען אַן עפּיזאָד: די ביבליאָטעק איז באַרײכערט געוואָרן מיט אַ נייעם, אַ גרויסן בנין. ווי דער שטייגער — דאַרף מען גרייטן אַ חנוכת־הבית פאַר שטאָט־באַלעבאַטים און געסט. נו, דאַרף מען אַפריער אַרומפּוצן, אַדורימווישן, אויסרייניקן דעם שטויב און אַפּוואַשן די פּאַדלאָגעס. הכלל: אין איינעם פון די־דאָזיקע טומלדיקע טעג זיך ווי שטענדיק אַוועקגעזעצט אויף מײַן פּלאַץ. האָבן זיך גענומען יאָוען מיידעלעך, גאָר יונגע און מיט גאָר קורצע קליידעלעך. זיי האָבן זיך צעשטעלט אַרום די טישן. אַרויסגעצויגן פון שײנע פּעקלעך לאַנגע פּאַפּי־ראָסן און זיי אַרײנגעשטעלט צווישן לאַנגע און שמאָלע פינגער מיט רויטע און שאַרף־שפּיציקע נעגל. די פּאַפּיראָסן האַלטן זיי סתם־אַזוי. איינע פאַררייכערט יאָ, אָבער פאַרהוסט זיך, בלאָזט מיטן רויך אַרום זיך. זיי שטייען און זענען אומ־געדולדיק: צו וואָס האָט מען זיי געשיקט אַהער? ווען וועט מען זיי שוין פּאַנאַנ־דערשטעלן אַרום די ביכער־פּאָליצעס פון דער שיינער ביבליאָטעק?

און אָט — איז אימעצער אָנגעלאָפן מיט ווידרעס, שטעקנס, בעזעמער און שמאַטעס. גענומען דערלאַנגען די מיידעלעך — וועמען אַ רייב־שטעקן, וועמען אַ פּאָדלאָגע־שמאַטע, וועמען... וואָס? דערצו האָט מען זיי גערופן? טפו! איינצלווייז האָבן די מיידעלעך גענומען פאַרשטעקן די פּאַפּיראָסן אין די פּושקע־לעך, גענומען וואַרפן ברוגזע בליקן צו דער טיר. זיי זענען אַרויס, די שיינע מיי־דעלעך, די ישראל־סאַברעס — — —

און דאָ כאַפּ איך (ווידעראַמאָל) אַ בליק אַרום זיך, זע און מעסט דעם שטייגער פון יידן, וואָס דער באַגריף „מדינה" איז פאַר זיי געוואָרן: אַ קראָם מיט כל־טוב — שעפּ מיט אַ טיפן שעפּער:

1. מענדל. געהאַט פאַרצייכנט אַן עפּיזאָד, אויפגעכאַפּט אויפן וועג צווישן די סאָוועטישע און פּוילישע גרענעצן. דעמלט, בעת דער עשאַלאָן מיט פּליטים האָט זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ ביי אַ סטאַציע, דערזען אויף אַן איבערגעקערטן קאַסטן שטיין און רייסן דעם האַלז איינעם אַ ייד מיטן נאָמען מענדל, אים תיכף דערקענט: מענדל, דער געוועזענער חסיד־בחור פון וואַרשע. דאָ שטייט ער אויפן קאַסטן און שרייט:

„בודאָוואַטש... נאָוואַ... פּאָלסקאַ"...

ער רופט, הייסט עס, די צוריקגעקומענע רייןבלוטיקע פּאָלאַקן און אויך די

פּאַלאַקן פון „וויזנאַניאַ מויזעסאָווא״ — זיי זאָלן באַנאַנד אויפבויען דאָס צע־שטערטע פוילן.

„מענדל! — האָט זיך מיר דעמלט געוואָלט אויסשרייען — סטייטש, מענדל, דו ? !!״

נו, איז פון דעמלט (1946) ביזאיצט (1969) פאַרביי אַ היפש ביסל יאָרן. איצט רעדט ער ווידער, מענדל. אין ישראל. אין אַ פּאַרטיי. זי, די פּאַרטיי, שיקט אים האַלטן רעדעס. און ער רעדט (אַ כוח־הדיבור פון אַ ייד!). איצט רעדט ער אין עברית, אויך אין יידיש:

„לבנות.... אויפבויען... פּאַרפעסטיקן... מעדינאַט איסראַעל... די יידישע מדינה...״

אוי, מענדל!

2. געקומען אַנומלט צו מיר אַ ייד. ער וויל ווערן שותף צו „אייגנס״. דער זשורנאַל געפעלט אים. וועט ער דאָרט לאָזן דרוקן זיינע מעשהלעך פון „תל אַביב אַמאָל״. טשעקאָווע מעשהלעך. אדרבא, מהיכי תיתי. ער לייגט אויך פאָר פּראַקטישע הילף, נו, וועט מען שמועסן דערוועגן.

און אַזוי שמועסנדיק האָט ער אין מיר אַריינגעשמועסט אַ טשעקאָווע באַגע־געניש, וואָס ר׳האָט געהאַט ערגעצווו אין תל־אָביב — אַ באַגעגעניש מיט צוויי יידיש־רעדאַקטאָרישע כל־ולכס — ווו איינער האָט זיך געוואָרפן אויפן צווייטן מיט געביילטע פויסטן; ווו איינער האָט דעם צווייטן טיטולירט: „גנב״ — — — אָט אַזוי — האָט געהאַלטן ביים ריגען בלוט, ווייל די צוויי האָבן שוין געהאַט אַראָפּגעוואָרפן די רעקלעך... ערשט מיין ייד איז אַריין אין מיטן, פאַנאַנדער־געשאַרט די קריגערישע צדדים — — — איצט — זיפצט ער מיט אַ שמייכל — טיטולירט איינער דעם צווייטן: „מיין חבר״...

אַ טשעקאָווע בילד „פון לעבן״.

## 39. קאַמף פאַר „דאָ זיין״

שוין היפשע חדשים נישט פאַרצייכנט קיין חידושים אין מיין נאָטיץ־ביכל. דאָס לעבן גייט נאָרמאַל. עס הערן זיך רייד און עס טראָגן זיך וואָרענונגען. „די וועלט״ קאָן נישט מאַכן שלום מיט דער יידישער מדינה, אַ מדינה — אַ קליין אין דער וועלטס אויגן...

ווער עס רעדט וועגן שלום, ווער עס דראָט מיט מלחמה — היינו הך: אויך היטלער און סטאַלין האָבן געוואָלט שלום, האָבן געשטורעמט וועגן שלום. דער סוף? מילא, געדולד. סבלנות. און דערווייל — ווינטשן מיר די איצטיקע שלום־זוכערס יענעם סוף, דעם סוף פון זייערע שלומדיקע פאָרגייערס — — —

און ביי מיר, אין מיינע ד׳ אמות? זיין ליבער נאָמען האָט זיך אויף מיר דער־

באַרעמט און מיר צוגעשיקט „אַרבעט״: נאַ און פאַרצייכן —
סוף פעברואַר 1969. פאַרביי איינקע יאָר זינט מיין ערשטן האַרץ-אַנפאַל. איצט — ווידעראַמאָל אַן אַמבולאַנס... איז טאַקע געמאָלט, כ׳זאָל ערגעצוווּ אויסגיין, ערגעץ, אויף אַ שפּיטאָל־בעט, אָן אַ „קדיש״? אַט דערמאָן איך זיך: אין דער סאַנאַטאָריע „נוה הלל״ באַקענט אַן אַלטיטשקן ייִד, וואָס האָט זיך דערפריייט מיט מיין ייִדיש און מיר אַנפאַרטרויט אַ סוד, אַז ער איז אַ קלייבער פון ייִדישן פאָלקלאָר און אַז ער איז אַ חבר אין „בונד״ פון די סאַמע יונגסטע יאָרן. און איצט — אויף דער עלטער געבליבן אַליין. און דאָס שרעקט אים. נו, האָט ער אָנגעקליבן אַ קליינע אַפּותיקי. וועמען זי לאָזן? ווער וועט אים דערמאָנען? איז איז ער אַוועק אין אַ ישיבה און באַשטעלט אַ „קדיש״... דידאָזיקע „באַשטעלונג״ האָט אים געמאַכט צופרידן, אים אַריינגעגעבן כוח אויף אַריינצולעבן מסתמאַ אין די פולע הונדערט מיט צוואַנציק... גיי שאַץ אַ ייִדישע נשמה, מעג זי אַפילו זיצן אין אַן אַלטן בונדיסט.

זאָל אויך איך אפשר „באַשטעלן״ אַ „קדיש״? און אַז כ׳וועל מאַכן די „באַשטעלונג״ דאַרף מען דאָך אויך מאַכן אַ קאָנטראַקט: ווען און ווי און וואָס... וואָלט אַלץ געקאָנט געמאָלט זיין, ווען אַפריער געהאַט אַזאַ קאָנטראַקט מיטן רבונו של עולם: דו, בן־אָדם, וועסט זיך אומקערן אַהין פון וואַנען דו ביזט געקומען דעם און דעם טאָג פון דעם און יענעם יאָר — — —

יאָ, ווידעראַמאָל האָט מיך אַן אַמבולאַנס אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, איצט — אין „תל־השומר״. לכתחילה האָט מיך אַ דאָקטאָר אויסגעטאַפּט, אויסגעפרעגט: ער האָט דווקא געוואָלט וויסן:

„וואָס האָט דיך געברענגט אַהער? האָט דיר אַזוי שטאַרק פאַלובעט דאָס שפּיטאָל־בעט?״

אָ׳ ניין, דאָקטאָר. שוין נישט איין שפּיטאָל־בעט אויסגעטאַפּט. גראָד אין רוסלאַנד בין איך געווען פאַרליבט אין שפּיטאָל־בעט. דאָ? אין דער ייִדישער מדינה? חלילה. בלויז — ווייס עס דער טייוול...

ער האָט מיך געהייסן אַוועקלייגן אויף „בדיקות״. אַ באַזונדער חדרל אין דורכגאַנג צו די פּאַלאַטעס. און אַט הייבט עס זיך אָן: אַ דאָקטאָרשע זעצט זיך אויפן בעט נעבן מיר, וויל וויסן: דאָס און יענץ און וויפל קרענק געהאַט במשך מיין בידנעם לעבן. גאָר לעצטנס? מעגלעך, דער איצטיקער אַנפאַל נעמט זיך פון דער גריפּע, וואָס האָט מיך געהאַלטן אין קלעם די לעצטע וואָכן, פון די אַנטיביאָטיקס, וואָס דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסן שלינגען, פון די קאָמפּליקאַציעס...

„נו, מספּיק, גענוג — איז די דאָקטאָרשע אומצופרידן פון מיין מבינות — מיר וועלן שוין אויסגעפונען.

און דאָ פאַלט מיר איין צו טאָן אַ שמייכל:
„אני חושב, איך מיין, אַז דער מענטש איז נישט גוט געמאַכט; מ׳וואָלט דעם בן־אָדם געדאַרפט צוגיפּשטעלן פון פּלאַסטיק״...
„איך גיי באַשטעלן״ — האָט די דאָקטאָרשע אַ כאַפּ געטאָן די נאָדל און פאַר־שוווּנדן.
וואָס גייט זי באַשטעלן?
דער קאָרידאָר באַוועגט זיך. אָט רוקט זיך אָן די נאַכט און קיין סימן צו קענען אָפּרוען. און אפשר איז דער טומל ספּעציעל אַזאַ, אַ געמאַכטער טומל, כדי דער קראַנקער זאָל טאַקע נישט קענען איינשלאָפן? נו, מסתמא. מיר איז טאַקע שווער געווען דאָס איינשלאָפן. און געהאַט טענות אויך:
„פאַרוואָס רעדט מען דאָ אַזוי הויך? פאַרוואָס קלאַפּט דאָ אַזוי מיט די טעלער־לעפל די כלים־וואַשערקע? פאַרוואָס...״
אַ „שוועסטער״ איז אָנגעלאָפן, אַ וואַרעמע אַזאַ, אַ לאַכנדיקע. ווייט נאָך האַלבער נאַכט. זי גיט מיר צו פאַרשטיין, אַז לכתחילה, ווי מ׳האָט מיך אַהערגעברענגט האָט זי תיכף דערקענט, אַז כ׳געהער נישט צו די גאָר־סימפּאַטישע פּאַציענטן...
דאָס גאָר? האָב פאַרמאָגט כוח אַרויסצושיסן מיט אַ געלעכטער און דערביי גע־וואָלט וויסן:
„מה לי לעשות עם הקיבה שלי?״, עס הייסט: וואָס זאָל איך טאָן מיטן מאָגן מיינעם, מיט דער „קיבה״, וואָס טוט מיר אַזוי ווי...
„מיט דער קיבה? — האָט די „שוועסטער״ איבערגעפרעגט — און אפשר מיט דער ב—קיבה?״ זי האָט זיך הילכיק צעלאַכט. ערשט איצט בין איך איינגעשלאָפן.
פאַרטאָג — אַ באַזוך. אַ הויכער, אַ דאַרער אַזאַ, אין אַ ווייסן כאַלאַט און זייער־זייער איינגעפאַלענע באַקן און געפּרווירענע בלאַע פינגער. אַ דאָקטאָר. ביי זיין אַוועקזעצן זיך אויפן בעט האָט ער ראשית אַ פרעג געטאָן:
„יידיש?״
זיין אויסזען איז עפּעס בכלל נישט קיין יידישער. וואָס פלוצים?
„יאָ!״ — האָב איך אויסגערופן כמעט מיט פרייד. אָט וועל איך זיך קענען צו־גריפרעדן און וויסן וואָס מיט מיר טוט זיך. האָב אים דערציילט וועגן אַלע מיינע וואַנדלונגען און קרענקונגען און ער — טאַפּט מיך מיט זיינע דינע, געפּרווירענע פינגער. דערנאָך — זיך אויפגעשטעלט און אַרויס. טאָ וואָס איז זיין דיאַגנאָז? דאַכט זיך, ווען מ׳לאָזט מיך דאָס מאָל אַראָפּגיין פון בעט, וואָלט איך שוין געווען בכוח זיך דורכצושפּאַצירן, צו דערגיין אַפילו ביז צום בית־שימוש אויך.
אויפן דריטן טאָג. צוואָס האַלטן זיי מיך נאָך דאָ. איך פיל בפירוש, אַז „מנעמט מיך נישט ערנסט״, נישט מיך און נישט מיין קרענק. איך זאָג דאָס דעם וואָס דערלאַנגט מיר עסן צום בעט, ער הייסט מיר זיך פאַרלאָזן אויף די דאָקטוירים. הם יודעים,

זיי ווייסן וואָס זיי טוען. דאָ האַלט מען נישט קיין אומזיסטע פּרעסערס. מען דאַרף זיך „פּאַרדינען".

„אל תדאג אדוני יותר מדי; יהיה טוב!" — נישט געדייגעט, מיינט עס.
איצט זיך פּאַרקוקט אַנטקעגן. אויף יענער זייט קאָרידאָר — די „מעבדה", די לאַבאָראַטאָריע, ווו דאָס בלוט פון די קראַנקע ווערט געמאָסטן און געפּרובירט. האָב איך זיך פּאַרקוקט אין דער געעפנטער טיר. געפינט זיך דאָך דאָרט אויך מיין בלוט. נו, בין איך דאָך שותף צו אַלץ וואָס דאָרט ווערט געטאָן. און אַזוי קוקנדיק פון מיין בעט אַראָפּ צו דער ווייסקייט פון דער „מעבדה" האָבן זיך מיינע בליקן אָנגעשטויסן אויף צוויי אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וואָס האָבן אָפּערגע־שמייכלט פון אונטער לאַנגע ברעמען גלייך — צו מיר. אַ יונג מיידעלע, אַ שע־מעוודיקע. האַלט זי צווישן אירע שמאַלע, דינע פינגערלעך די לאַנגע, דינע גלעזלעך מיט בלוט. קוקט דורכן גלאָז, דערזעט מיינע אויגן — אַ שמייכל צו מיין בעט. אַ ווייס געמבעלע, אַ שמאָל, ראָזע נעזעלע און בעקעלעך — ווייס און ראָז. נו, איצט האָב איך שוין מיט וואָס צו פאַרברענגען מיינע ליידיקע בעט־שעהן. איך קוק צו איר, זי — צו מיר... אָט לויפט זי פאַרביי מיין טיר צו די גרויסע פּאַלאַטעס. זי לאַכט אַזוי שיין...

„מה עם הבריאות, חולה?" — טוט זי אַ וואָרף צו מיין בעט אַ געלעכטערל, טוט אַ לויף, פאַרשווינדט, קומט צוריק, לאַכט ווידער.

נאָך מיטאָג איז אַריין צו מיר די נעכטיקע „שוועסטער", די, וואָס האַלט, אַז איך בין נישט קיין „וואַזשנער פּאַציענט"; זי האָט אַ נעם געטאָן מיין רעדלדיק בעט און עס אַרויסגעשלעפּט אויפן קאָרידאָר צוזאַמען מיט מיר. גראָד איצט איז מיר אַ שאָד צו פאַרלאָזן דאָס קאָרידאָר־צימערל. צו וועמען וועט איצט שמייכ־לען יענץ ראָזע מיידעלע? און בכלל, וואָס מיינען זיי דאָ, אַז איך בין טאַקע קראַנק? „געקומען צו זיך" — גענוג! מיין בעט ווערט אַריינגעפירט אין דער גרויסער פּאַלאַטע, ווו עס שטייען זעקס בעטן ביי די ווענט און נאָך איינס צווישן. אָ, דאָ איז פריילעך. דאָ נעם איך זיך פילן, ווי אַ — באמת־קראַנקער. די „מחלקה" איז איבערגעטיילט אויף צוויי פּאַלאַטעס. אין דער פאָדערשטער ליגן סתם־יידן מיט פאַרשידענע מיחושן; אין דער הינטערשטער — פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן. זיי גייען פאַרביי — טייל אָנגעשפּאַרט אויף שטעקנס, אַנדערע — אין וועגעלעך. פאַרבאַנדאַזשירטע, פאַרגיפּסעוועטע. יונגע קינדער. זיי ווילן זיך שפּילן אין קינדער־שפּילערייען. די ווייסע באַנדאַזשן מאַכן נאָך העלער און לויטע־רער זייער יונגלשע הויט־פאַרב. עס קומען צו זיי מיידעלעך, חברטעס פון שול־קלאַס. זיי רעדן געדיכט, אַלע צוזאַמען. אַ פריילעכער רעש פון קינדער...

אויך אין דער פּאַלאַטע מאַכט זיינע מאָרגן־באַזוכן דער יידיש־רעדנדיקער דאָקטאָר מיט די געפרווירענע פינגער. ער רעדט אויך ענגליש. קיין העברעאיש

קען ער נישט. ער איז אַ פּראָפעסאָר פון דרום-אַפריקע. דאָ איז ער צוגאָסט. אַזוי דערציילט מען. אַנטקעגן מיין בעט ליגט אַן אַראַבער. ער רעדט העברעאיש און אַלע רופן אים מאַכמעד. אַזוי — היימישלעך. און ער — ליגט אַ פאַרביסענער. ער וויל, מ׳זאָל אים אויסשרייבן, בעת דער דאָקטאָר הייסט אים נאָך ליגן אייני־קע טעג. ניין. ער קאָן נישט מער. מען האָט אים אויסגעשריבן. איצט האָבן יידן געזאָגט, אַז פון דאַנען האָט מען אים געדאַרפט אַוועקפירן אין תפיסה. אַזוי־פיל האָט!

אויף זיין אָרט אַוועקגעלייגט אַ בעדואינער. פון וואַנען האָט מען אים געברענגט? אַ שטיק מדבר. זאַמד געמישט מיט ווינט. ערשט זיין לייב? צעראַצט קופּער. דאָקטוירים און „שוועסטער" — אַלע האָבן אַרומגערינגלט זיין בעט. אויך דער יידיש־רעדנדיקער פּראָפעסאָר. דאָ האָט ער גערעדט ענגליש. און דער בעדואינער — ער איז געלעגן אַן אָפּגעדעקטער ביז אַריבער די קני. אויף זיין אַנגעבלאָזענעם בויך — טונקעלע פלעקן, ווי קעמל־טריט אויף מדבר־זאַמד. וואָס איז דאָס? שווער זיך צונויפצורעדן מיטן מדבר־חולה. ביז מ׳האָט אויסגעפונען אַן איבער־זעצער. ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס האָבן אים זיינע מדבר־שכנים אַזוי געהאַט צעשטאָכן, ווייל ער האָט „געלויערט" אויף אַ מיידל פון זייער שבט... אַ טשע־קאַווער פּאַציענט פאַר מעדיצינישער פאָרשונג. וואָס שייך דעם איבערזעצער, רעדט ער אויך יידיש; רעדט און לאַכט פון בעט צו בעט. אייניקע וואָכן אַזוי, זינט מ׳האָט אים געברענגט אַהער. איצט חברט ער זיך גאָר שטאַרק מיטן בע־דואינער. ווי מען שמועסט, איז אויך ער — אַן אַראַבער...

אינטערעסאַנטע זעעניש אין „תל השומר".

נאָכן זעקסטן טאָג ליגן אויפן בעט בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז — שוין גענוג. מער וועל איך נישט פאַרלאַנגען קיין „סיר" און קיין „בקבוק". איך פיל זיך שוין בכוח אַליין אַראָפּצוגיין. און בין אַראָפּגעגאַנגען. פאַרגעקומען איז עס אין אָוונט. דאָ האָט מיר צוגעשפּילט איינע אַ „שוועסטער", וואָס האָט מיר אויף מיין רוף „סיר!" געענטפערט קלאָר און קורץ:

„פה אין בית שימוש!". עס הייסט: גיי אַראָפּ און דאָס־זיך־אויס, זיי מוחל! — — הער אַ מעשה: איז זי דאָך באמת גערעכט. אַ דערוואַקסענער מאַן, אַ גבר, דאַרף נישט „מאַכן" אין בעט. און זיכער ווייס זי אויך, אַז איך שפּיל דאָ די ראָל פון אַן „אַרטיסט"...

אַראָפּ פון בעט. לכתחילה זיך געוואַקלט שיכורלעך. דערנאָך זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי די אייזנס אויף די בעטן. זיך דערוואַקלט צום קאָרידאָר און — אַריין אין בית־שימוש. זיך מחיה־געווען... אַרויס — האָט מיך דערזען דער דיזשורנע־דאָקטאָר. וואָס? ווער האָט אים דערלויבט אַראָפּצוגיין פון בעט?

„חולה, דו ווילסט באַגיין זעלבסטמאָרד?"

וואָס האָט ער געזאָגט? וויפל איז דער שיער צו „דאָסן" אין בעט? אָט האָט דאָך די „שוועסטער"... ניין, איך וועל זי נישט פאַרשיטן... האָט זי דאָך געמיינט מיין טובה.
איצט הענגט אויף מיין בעט אַ גרין טעוועלע:
„אָסור לעזוב את המיטה!" — אויף יידיש מיינט עס: ליגן און „דאָסן" אין בעט. וואָס פאַרט איז מיט מיר, מיט מיין קרענק? אַלגעמיינע אָפּשוואַכונג. שוין. פיל זיך שוין געזונט...
צוויי טעג שפּעטער, אויפן אַכטן טאָג, האָט דער דאָקטאָר מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מאָרגן שרייבט מען מיך אויס. על־כן, מעג איך היינט פאַרלאָזן דאָס בעט, אויסגלייכן די פיס...
אַזוי־אָ, פשוט, אַראָפּגיין פון בעט אָן קיינעמס הילף? — אַזוי האָט רעאַגירט די „שוועסטער", וואָס האָט פון מיר געמאַכט אַן „אומסיפּאַטישן פּאַציענט". איצט איז איר דיזשור. „אַזוי־אָ, דאָקטאָר? אפשר אים געבן אַ וועגעלע?"
„כלום! מען דאַרף נישט!"
אַראָפּ!
לכתחילה האָט מיך די „שוועסטער" אונטערגעהאַלטן. דערנאָך — תיכף אַרויס אין דרויסן, זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ שטול, זיך דערוואַרעמט אין די שטראַלן פון דער מערב־זון. ווי גוט!
און אָט: געזען פאַרביילויפן דאָס ראָזע מיידעלע פון דער „מעבדה". זי טראָגט מיליטערישע בגדים. אַזאַ דראָבנע, אַזאַ... זי האָט מיך דערזען און צוגעוואָרפן אַ „ששלום!" און אַ „ללבריאות" — צוזאַמען מיט אַ דריבנע־ראָז געלעכטערל, אַז — אָט פיל איך זיך בפירוש... געזונט.
אַ וואָך אָפּרו. אַזוי האָט דער דאָקטאָר באַפוילן. און גראָד דאָס „רוען" האָט מיך אַרויסגעשטויסן אויף דער גאַס מיט דער כוונה: יהיה מה שיהיה, עס הייסט, וואָס עס זאָל יאָ אָדער נישט זיין — מוז בייטן די דירה, מוז אויסגעפונען אַ מקום־מנוחה ערגעץ, אין אַ שטילער סביבה. לאָמיך אַרויס פון דער „סוכנות"־דירה; לאָמיך ווערן אַ מענטש „מיט מענטשן צוגלייך"!
נו, אין לך דבר שעומד בפני הרצון —
געפונען אַ מעקלער און געפונען אַ דירה אין — בני־ברק, געהאַט קפיצת הדרך. ממש ווי ביי ר' מאיר בעל הנס — — אין איין מעת־לעת...
איצט דאַרף איך באמת אָפּרוען. פונם אַרומלויפן באַרג־אַרויפן און באַרג־אַראָפּן האָט זיך „אָפּגערופן" די קני פון מיין לינקן פוס, אָ, די פולגעפּרוווטע קני! זי איז „אויפגעלאָפן ווי אַ באַרג". ערשט האָט מיך דער דאָקטאָר געהייסן אָן קאָמפּרעס — זיך אָוועקלייגן. אוודאי האָט ער מיר לכתחילה געטרייסט מיטן זאָג: „זה גיל", עס הייסט: די זיקנה שפּאַרט מיר פונם קאָרק צו דער קני; אָבער

זעענדיק מיין עקשנות — האָט ער „נאַראַיעט״ אַ גוטהאַרציקע שוועסטער, זי זאָל קומען צו מיר און מאַכן איינשפּריצונגען אינעם פוס.

מילאָ, סיוּוּי דאַרף איך איצט זיין אין שטוב — דאַרף אַרויסענדיקן דעם מערץ־אַפּריל־נומער „אייגנס״. איז מיר די „קני״ אונטערגעקומען ווי אַ מתנה פון באַשעפער.

דער איצטיקער נומער וועט טראָגן אויף זיך דאָס אַכטע יאָר. אַכט יאָר! אַוודאַי טועוען פיינשמעקערס און מיני קעסטקינדער דרייען מיט די נעז: אַ „געקלאַפּטער״ נומער! נו, האָט מיין „אייגנס״ אַן ענלעכע צאָל לייענערס ווי אימעצנס אַ „גע־זעצטער״... מיין „געקלאַפּטער״ וואַלגערט זיך נישט אין קיין פּאַרטייאישע שטיבלעך אויף די שענק און אונטער די טישן — — —

אַכטער יאָרגאַנג „אייגנס״; צענטער יאָרגאַנג פון מיין געפינען זיך אין ישראל. מערץ 1959, מערץ 1969. כדאַי צו מאַכן אַ שטיקעלע חשבון: וואָס פאַרדינט און וואָס דערלייגט.

אין סך־הכל: דער חשבון איז ווי ער איז — „אַריינגעכאַפּט״ אַ גאַנצן צענדליק — צען יאָר לעבן (ווי זאָגן כשרע יידן: בסיעתא דשמיאָ). וואָס נאָך? יאָ. אין די צען יאָר געוואָרן פּראַקטישער, געזעצטער: גענומען זען דעם אַרום מיט אָפענע אויגן. וואָס? פאַראַן היפּש ציניזם, היפּש מאַניאַקיזם און נאַרישע גרויסהאַלטעריי אַרום און אַרום און בפרט אין „מיין אַרום״: צווישן די יידיש־שרייבנדיקע דאָ, אין דער מדינה; צווישן די, וואָס שטייען ביים עמוד; אויך ביי די העברעער איז נישט אַזוי איי־איי־דיק. די ערשטע יאָגן זיך נאָך אומכשרער פּאָפּולאַריטעט און די צווייטע — צו ווערן „רעקלאַמירט״ דורך די געוויסע יידיש־ראַדיאָ־קאָמענ־טאַטאָס און אינטערוויואירערס. יאָ. דער צייטונג־שרייבער — נישט וואָס ער שרייבט מיינט ער און נישט וואָס ער זאָגט איז דער ריינער אמת...

און נאָך: געוויסע גאָמולקאָ־ציוניסטן, וואָס האָבן זיך איינקוואַרטירט אינעם יידיש־זשורנאַליסטישן מנין, באַנוצן זייערע אַלטע סטאַלין־מעטאָדן ביים באַזייטיקן דעם, וואָס (ווי עס דאַכט זיך זיי) שטעלט זיך זיי אין וועג. גאָר מעגלעך, אַז זיי האָבן פיינט באַקומען אויף אַן אמת די סטאַליניסטישע אידעאָלאָגיע; זיי זענען אָבער פאַרבליבן תלמידים פון דער סטאַליניסטישער טעכניק אויף צו דערגרייכן זייערס.

יאָ. אַזאַ איז דער חשבון. אומצופרידנקייטן האָבן בכלל נישט געפעלט. און דאָס איז גראָד אַ מעלה פאַר אַ יחידותדיקן און זוכנדיקן ייד בימינו. גאָר לאָמיך דאָ אַוועקשטעלן אַ פּונקט.

20טער אַפּריל 1969. אונטערגעשריבן דעם דירה־קאָנטראַקט. זיך באַקענט מיטן „חוזה״ פונם דירה־פאַרקויפער. זעקס אלפים מיט עפּעס האָט ער געהאַט באַצאָלט־אויסגעצאָלט פאַר די אַנדערהאַלב חדרים מיט צווי באַלקאָנען. מיט אַ יאָר פינף צוריק. אָוואַ! אַזויפיל איז דאָך געווען דער באַטרעף פון דער

„טובה״־דירה, מיט וועלכער די „סוכנות״ האָט מיר געהאַט מהנה געווען. אַ חדרל — אַ ווינטיקע סוכה... און די איצטיקע דירה — מיט טירן און מיט אַ קעסל און מיט באַלקאָנען און מיט אַ וואַנגע און מיט אַלע פאַרגעניגנס... גיי און שאַץ די „טובות״ און פאַרדינסטן פון די געזעלשאַפטלעכע בעלי־טובות — יאָ, ברוך שפטרני!

איצט וויל איך רוען, רוען, — און אויך זאָל די פען מיינע רוען. מער נישט פאַרצייכענען ביזן אַריינגיין אין מיין נייער דירה. אָ! אָפענע הימלען, אַ נייע וועלט! — — —

3טער אויגוסט 1969. איך קוק אויפן וווּנדער און באַוווּנדער דעם ישראל־הימל: אַ צעפראַלטער הימל, אַ בלאָ־ליכטיקער, אַנגעגאָסן מיט זון... ערשט איצט באַקען איך זיך מיטן הימל, מיטן ים, מיט דער מדינה, איינגעטונקען אין גרין. יאָ, דורך צעפראַלטע פענצטערס פון מיין נייער דירה שלינג איך — שטיקער הימל, שטיקער ים, שטיקער גרינס. אויך דער ים פון יענער זייט ירקון קוקט אַריין צו מיר, אין מיין דירה, וואָס געפינט זיך אין אַן עקזאָטיש ווינקל, אויף אַ באַרג, צווישן בני־ברק און רמת־גן.

## 40. אַ שמועס אַזאַ אונטער ישראל־הימלען

7טער אויגוסט 1969. מיר זיצן אין צווייען ביים צעפראַלטן פענצטער, האַלטן איינגעשטאַכן די אויגן אין טויזנטער ליכטער, רויט און גרין און בלאָ, ליכטער, וואָס שפרייטן זיך פון יענער זייט ירקון; אַנטקעגן — אַ היפשער שטח איינגעטונקען אין ווייס ליכט. דאָס יאַריד־שטעטל, די „תערוכה״; אָט לינקס — צעהעלטע ליכטער וואָס צייכענען זיך אויפן טונקעלן גרונט ווי אַ בכבודיקע באַרד איבערן פנים פון אַ יחסנותדיקן באַלעבאָס — דאָס צעיחסנטע רמת־אביב. רעכטס — די ליכטער פון הרצליה און ווייטער... כמעט דער גאַנצער „גוש דן״ שפרייט זיך דאָ אַנטקעגן, בלויז צו דערלאַנגען מיט דער האַנט.

נו, זיצן מיר אין צווייען. ער, אַ יידיש־לייענער, אַ געוועזענער שכן מיינער פון ערגעצוווּ. האָט ער מיך פון דער ביבליאָטעק אָפּגעפירט אין זיין מאַשין צו מיין נייער היים. עס האָט אים בפירוש געלוינט די נסיעה; דאָס צו דערקענען פון זיין איינגעגעסענעם בליק אינם פאַרביק־ליכטיקן דרויסן. נאָך אַ קאַלטן כיבוד — זיך פאַנאַנדערגעשמועסט:

ער: אייער דירה — אַ חלום. נישקשה איינגעצאַלט, האַ?

איך: וועל צאָלן חובות. כדאי — פאַר איין נאַכט זיצן און איינזאַפּן אין זיך אַזויפיל שטילקייט; ווי גוט צו טראַכטן דאָ און אויך צו שמועסן!

ער: גרייט איר אייערע נאָטיצן אַרויסצוגעבן אין בוכפאָרם?

איך: יאָ. פאַרגעסט נישט, אַז מיר געפונען זיך אין בני־ברק, טאָ לאָמיר זאָגן: בסיעתא דשמיא...

ער: אָמן. הלוואי. דאָך: איז כדאי איצט אַרויסצוגעבן אַ בוך אין יידיש? פאַר וועמען?

איך: פאַר זיך. און אויב נאָך אימעצער וועט האָבן אינטערעס אַריינצוקוקן דערין — מה טוב. אַז מ׳האָט אַמאָל געשטעלט ש. ניגערן אַזאַ־אַ שאַלה, האָט ער געענטפערט: איינער פון טויזנט — דיינו. דאָס מיינט: פון הונדערט טויזנט יידיש־לייענערס אין אַמעריקע, געגוג הונדערט זאָלן לייענען זיינע כתבים. בכלל, איז זיין מחשבה געווען: ער שרייבט פאַר זיך און פאַר איין ייד ערגעץ, אַ ייד אויף אַ וויטן קאָנטינענט, אַ ייד, אַן איינגעבענקטן אין יידיש ערגעץ אויף אַן אינזל... אַזוי־אַ און אין אַזאַ־אַ צייט לעבט דער יידיש־שרייבער. געהאַט אויך געלייענט ביי יעקב גלאַטשטיין וועגן איינעם אַ דיכטער אין ניו־יאָרק, וואָס לעבט אויף געקאָכטע מייערלעך און וואָס ער באַקומט פון זיין פענסיע שפּאָרט ער אָפּ אויף אַרויסגעבן לידער־ביכער... אָטאָ דאָס איז דעם שרייבערס לעבן.

ער: יצא שכרו בהפסדו!

איך: מיט ביכער מסחרט מען נישט. סיידן „געוויסע" שרייבער־סוחרים, וואָס זייערע ביכער שטייען נישט העכער פון אַ טוץ שקאַרפּעטן. אַ בוך — אַ ביף. לאָמיר זיי נישט נעמען אין שרייבערשן חשבון.

ער: אויטאָביאָגראַפיע?

איך: אי דאָס, אי זכרונות, אי ביידע צוזאַמען און אויך אַ צומיש פון פאַרשידענע דאָסן און יענצן...

ער: וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?

איך: אַז יעדער שרייבער שרייבט וועגן זיך. ער שרייבט פאַרשטעלט. ער באַקליידט זיין פּערזאָן מיט פאַרשידענע פאַרשטעלונגען. מען דערקענט אים סיידוי. אַנרופן נעמען פון באַרימטע שרייבערס? נו, האָב איך אויסגעקליבן דעם לייכטסטן וועג: שרייבן אַן מאַסקעס. בכלל, דאַרף דער שרייבער איצט שרייבן אָפן און קלאָר. אָפּגערעדט, אַז די אומפאַרשטענדלעכע פּאָעזיע איז פאַרשטענדלעך בלויז פאַרן פּאָעט... פּראָזע דאַרף האָבן אין זיך אָפענעם פּראָטעסט, אָפענע פאָדערונג פאַר איבעראַנדערשונג. וואָלטן די פען־לייט געטראַכט אַנדערש וועגן אונזער סביבה, וואָלט זי אפשר טאַקע געוואָרן אַנדערש. אַנדערש — וועט קיין אַנדערשונג נישט ווערן. והמבין יבין. צעקייען?

ער: פאַרשטענדלעך. די יידיש־שרייבערס, ווי איך פיל זיי דאָ, יאָגן זיך נאָך פּרסום און פּרעמיעס. און אויף וועמענס חשבון גרייט איר צו מאַכן דעם דעפּיציט אויף אייער בוך?

איך: אויף מיין חשבון; אויף מיין קישקע.

ער: געלייענט אויף שערבלעטער פון יידישע ביכער, ווו שרייבערס לויבן פאַר־שידענע מעצענאַטן...

איך: מילא, די מעצענאַטן. נישט איך האָב די פעאיקייט צו גרייכן צו זיי און נישט איך בין בכוח צו באַצאָלן דעם פראָצענט, וואָס זיי פאַרלאַנגען. יאָ, וועגן בתוך אותו ענין: פאַראַן שרייבערס אַזוינע, וואָס מאַכן פרנסה פון „מאַכן ביכער". פאַרשטייט: אַ מחבר דאַרף האָבן דרך ארץ — פאַר זיך און פאַר זיין שאַפונג. טוט ער דאָס נישט — איז ער אַ קרעמער. איך קען נישט האַנדלען מיט קיין „לוקסוס באַנד": דיקע טאָוולען און גלאַנציק פאַפיר. דעריבער וועט דאָס בוך זיין אַרויסגעגעבן זייער פשוט, זייער און זייער, מחמת — צום לייענען און נישט צום האַנדלען...

ער: און דאָך — אַפילו פאַרן לייענער — פאַרקויפט זיך גיכער אַ לוקסוס־אויסגאַבע.

איך: הינו-הך. יידיש־לייענערס אָפּצוציילן אויף די פינגער. אַמאָליקע צייטן, ערב־חורבן, האָט מען אַרויסגעגעבן ביכער אין „ווייכן" באַנד, בראָשירט. קיין פרנסה האָט אויך דעמלט דער מחבר נישט געמאַכט פון זיין בוך. דערפאַר — לייענער זענען געווען. די בוך־בלעטער זענען געווען אויסגעטאָפּט פון פינגער־צייכנס. נישט דער אויסערלעכער גלאַנץ האָט געמאַכט דאָס בוך צום לייענען. אַ, ניין. איצט: איז דער גלאַנץ באַשטימט צום פאַרקויפן. מסחר איבער אַלץ. סיוווי — די איצטיקע „וואָגיקע" ביכער ווערן אויך לרוב צוריקגעשיקט צום מחבר אָדער וואַלגערן זיך ערגעצוווּ...

ער: אָבער פאַרלאַגן זענען דאָך דאָ.

איך: נישטאָ. בלויז פאַרמיטלערס פאַראַן, אַגענטן, וואָס פאַרמיטלען צווישן מחבר און דרוקער. דערפאַר באַקומען זיי באַצאָלט. אַ מין מעקלעריי וואָס טיטולירט זיך: פאַרלעגעריי. זיי רייסן אַרויס פונם שרייבער דאָס לעצטע. און די ביכער בלייבן ליגן ביים איינבינדער אָדער ערגעץ אויף אַ בוידעם ביים פאַרמיטלער־פאַרלעגער...

ער: טאָ צוואָס אַרויסגעבן ביכער?

איך: שוין דערמאָנט — פאַר זיך. בימי, אין דער צייט פונם ערשטן יידישן שרייבער, בימי עזרא הסופר, האָט דער מחבר אַרויסגעבראַכט זיינע געדאַנקען אויף פאַרמעט און געמאַכט האָט ער בלויז איין עקזעמפּליאַר. און דער איינער עקזעמפּליאַר האָט זיך גערופן „ספר" און דאָס איינציקע ספר איז געווען אַ הייליקייט ביים פאָלק, ביי די דעמלטיקע יידישע לייענערס — הלוואַי וואָלטן מיר געקענט גיין צוריק, צוריק; אַוועקגיין פון דער איצטיקער טעכניק, ווו די ריזשטאָקן איבער דער וועלט ווערן פאַרשפרייט מיט מיליאָנען עקזעמפּליאַרן...

מיין מיטשמועסטער באַקוקט די שטוב, די באַלקאָנען, באַקענט זיך מיט דער רואיקייט וואָס עס הערשט אַרום.

ע ר: איר רעדט כסדר וועגן רוחניות און אָט זעט, אין סאַראַ גשמיות איר האָט זיך אַריינגעקליבן.

א י ך: דאָס איז די פּשטות אַליין. דער איבערבייט פון יענער, דער „סוכנות"־סוכה, ביז דער איצטיקער דירה, האָט פון מיר פאַרלאַנגט בלויז אייניקע חדשים ביבליאָטעק־אַרבעט און אָפּשפּאָרונג פון אַ יאָר, למשל. נישט צו פילן אין דער דירה דעם אויסדרוק פון גשמיותדיקער אויבערהאַנט. אַדרבא: וואָס ווייטער פון דער איצטיקער „גאָס" — נענטער צו זיך, צו אייגענער אויסלעבונג לויטן איינגעשטעלטן סטאַטוס פון אומגעשטערטע ד' אַמות. אַ מוסטער: די יידן אין דער מדבר, אויפן וועג צו זייער אויסגעבענקטער מנוחה, האָבן באַקומען מן פון הימל, אַפילו נישט אַלע זענען זיי געווען צדיקים, אַפילו דער רוב האָט זיך געוואָלט אומקערן קיין מצרים צום טאָפּ פלייש...

דער זייגער ווייזט קרוב צו עלף. די טויזנטער ליכטער אַרום מיינע פענצטערס ווערן שאַרפער, העלער. זיי שטעכן טיף אין דער נאַכט־הילע. מיין מיטשמועסער פאַרלאָזט מיך מיטן צוזאָג ממשיך צו זיין „דעם זייער אינטערעסאַנטן שמועס". געבליבן אַליין און פאַרגעזעצט מיט מיין „צעניאַריקן חשבון" אין דער מדינה. נישקשה. עס ווענדט זיך וואָס מען זעט און ווי מען פילט. די פאַרגאַנגענע יאָרן זענען ביי מיר געווען שוואַרצע (גראָב זיך אויסצודריקן): שוואַרצע יאָרן. זיי געזען און געפילט (אָ, ווי געפילט!) אין דער נאָנטער פּערספּעקטיוו פון אַן ערב־רב. נו, נישט איך וועל און נישט איך קען אַרויפצווינגען מיין איינשטעל אויף קיינעם. אָבער מיין רעכט קאָן אויך קיינער פון מיר נישט אַוועקנעמען: זיך אָפּצורוקן, זיך אַוועקצורוקן, זיך פאַרשליסן... יאָ. דאַכט זיך: דאָס איצט דערגרייכט. אַן עקזאָטיש אָפּגעזונדערט ווינקעלע, אַ נס, איינער פון די מדינה־נסים — — —

אין די ראש השנה־טעג, סעפּטעמבער 1969, איז מיין גאַסט געקומען צו מיר אויף „ווינטשעוואַניעס", צוזאַמען — שעפּן הנאָה פונם צעליכטיקטן ישראל־הימל, פון דער עקזאָטישער מנוחה און פונם ים־פּאַס וואָס בלאָט זיך און גראָט זיך אַנטקעגן אויף יענער זייט ירקון. אונזער שמועס הייבט זיך ווידער אָן. ער איז טשעקאַווע צו וויסן דעם חילוק צווישן רעדאַקציע־אַרבעט און ביבליאָטעק־אַרבעט און פאַרוואָס איך בין „געלאָפן" איבער לענדער און שטעט — פון איין רעדאַקציע אַרויס, אין דער צווייטער אַריין...

„אָ, נישט לאַנג צו דאַרפן ברייען, בקיצור: אַ צייטונג דאַרף אויף זיך טראָגן דעם עול פון דער געזעלשאַפט, „דאַרף" — עס איז אָבער נישט אַזוי. די איצטיקע יידישע צייטונג בכלל — אָדער זי דינט דעם רעדאַקטאָר און די מענטשן אַרום

אים, אָדער — דער פּאַרטיי וואָס שטיצט זי. ממילאָ: ווער עס קען זיך נישט אַריינפּאַסן אין דעם אָדער יענעם רעמל — מוז „לויפן". זעט איר: געווען אַ צייט, ווען מיין נאָמען האָט אַראָפּגעקוקט פון יעדער צייטונג און צייטונגל אין דער וועלט, פון פאַרשידענע זשורנאַלן און אויסגאַבעס אין די ארבע פּינות העולם. אַ, דאָס איז געווען אין דער טרויעריקסטער צייט — תיכף נאָך דער מלחמה. איך האָב זיך געשטיקט מיטן טרויער און געווען אויסגעהונגערט נאָכן יידישן וואָרט. נו, האָט עס אַזוי אָנגעהאַלטן ביז — כ'האָב גענומען „קומען צו זיך", גענומען זיך אַרומזען, אַז אין רוב פאַלן, ס'הייסט: אין רוב צייטונגען העלף איך צודינען דעם באַ־לע־באָס־רעדאַקטאָר — רעקלאַמע־בלעטער... איצט, ברוך השם, בין איך שוין זאַט, איבערגעזעטיקט; טו איך זיך אָפּרוקן פון די אַרומ־שוויצערס און פון־קנאה־און־שנאה־זיך־פּרעסנדיקע־גאַרנישטן. אין מיינע שטיביקע ד' אַמות פיל איך זיך גוט. וואָס־ווייטער פון די רווישערס און רעשערס. אויס!

ע ר: אָט לאָז איך אייך צורו. מסתמאָ ווילט איר וויסן, הלמאַי זיך אַזוי צע־שמועסט דווקאָ איצט און דאָ? טאַקע דערפאַר: ווייל דאָ „לאָזט זיך" שמועסן. עס איז גאָר עפּעס אַנדערש... דעריבער וויל איך נאָך וויסן, פאַרוואָס איר זענט נישט בשעתו געפאָרן קיין מינכען דאָרט מאַכן די צייטונג און...

א י ך: גענוג. איר פאַרמעסט זיך מיך'צו „צערודערן", מיך אַריינצופירן אין דעם זומפּ, פון וועלכן כ'האָב זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט. ווי איר דערמאָנט זיך האָב איך נישט געהאַלטן דעם „ענין" פאַר אייך בסוד. טאָ לאָמיר אייך זאָגן אויפריכטיק: עס איז „דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן", וואָס כ'האָב זיך געלאָזט פון אַ בעל־גוף אַריינשלעפּן אין אַ בלאָטע. אייך צו דערקלערן די סיבה, הלמאַי כ'האָב זיך פאָרט „געלאָזט", פאָרט מסכים געווען אַפילו מיט אַ פּערטל מויל צו פאָרן קיין מינכען און צו מאַכן זיי די צייטונג, — געווען אַן אַטאַקע אַזאַ... שווער מיר צו דערקלערן די „זאַך", הלמאַי כ'האָב זיך נישט געכאַפּט וואָס מלכתחילה זענען זיי דאָרט צוגעגאַנגען צום „ענין" מיט פאַרשטעקטע כוונות; והראיה: דער פריערדיקער רעדאַקטאָר אַרבעט אויך איצט און האָט בכלל נישט איבערגעריסן זיין אַרבעט, ווי עס האָט געקלאָגט פאַר מיר אין זיין ערשטן בריוו דער בעל־גוף פון מינכען, אַז — ער, דער רעדאַקטאָר, הייסט עס, האַלט חלילה ביים בלינד ווערן... אָסור, צי איך ווינטש אים חלילה שלעכטס. אָבער דער בעל־גוף דאָרט האָט זיך באַנוצט מיט דעם־אַ „בלינדן" מיטל כדי פון מיר אַרויסצוקריגן די כמעט־הסכמה — צו קענען פאָכען מיט מיין בריוו: זאָל אַ וועלט זען די צדקות זיינע! — — —נו, שוין. גענוג. בין צופרידן וואָס עס האָט זיך אַזוי פאַרענדיקט. אַז מ'וועט לעבן וועט מען מערטשעם האָבן צו פאַר־צייכענען נאָך אינטערעסאַנטע באַגעגענישן און צונויפטרעפענישן — נישט מיט איין בעל־גוף — — —

הינטערן פענצטער — אַ פּייף אין דער נאַכט־טונקלקייט. דאָס האָט מיין באַקאַנטער זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער מאַשין איבערן בערגלדיקן שאָסיי. באַלד וועל איך פאַרלעשן דאָס ליכט און זיך אַוועקזעצן אין טונקל באַוווּנדערן גאָטס שיינע באַשעפענישן: דעם בליציקן האָריזאָנט איבער דער לענג, ברייט און טיף — — — איצט פאַרנעם איך זיך צום רוען. אָט־אָט — און איך שפּאַן אַריין אין די זעכציק. נאָך אייניקע חדשים — און די זיקנה וועט מיך שטויסן נענטער, גאָר נאָענט צום — ווערן אַ פּענסיאָנער אין דער מדינה.

אַ גוטע נאַכט: שלום לכם מלאכי השרת, מלאכי עליון!

# עלפטער טייל

## בריוו פון י. ראַפּאָפּאָרט

די בריוו פונם באַרימטן ליטעראַטור־קריטיקער און עסייאיסט האָבן שייכות צו די „ווונדער אין וואַנדער", וואָס געוויסע אויסנעמלעכע פּליטים האָבן זיי שטאַרקער געפּילט אויף זייערע עצמות ווי דער פּשוטער פּליט. יהושע ראַפּאָפּאָרט איז געצוווּנגען געוואָרן צו כּפלען זיין וואַנדער: אין שאַנכאַי און אין — מעלבורן. דאָס איז אַרויסצודרינגען פון זיינע בריוו, געשריבן אין די יאָרן 1962—1966, כמעט ביז זיין שווערער חולאת, וואָס האָט אים אָפּגעריסן פון זיין שאַפעריש לעבן און לעבן בכלל. נישט אַלע בריוו ווערן דאָ פאַרעפנטלעכט און אויך ווערן געוויסע טיילן אַרויסגעלאָזט אי מחמת צופיל „שאַרפקייט", אי — ווייל זיי האָבן אַן אינטערעס בלויז פאַרן מחבר; אויך ווערן נישט געברענגט די טיטולירטע אַריינפירן און געוויסע זאַצן (געצייכנט מיט שטריכעלעך און קלאַמירטע פּינטעלעך), וואָס זענען עלול צו שאַרף „אַריינצוטרעפן" וועמען אין די יידיש־שרייבערישע ד' אַמות.

די קאָרעספּאָנדענץ האָט געהאַט פאַרבינדונג מיטן זשורנאַל „אייגנס" און זי איז געווענדט צו זיין רעדאַקטאָר, דעם מחבר פון דעם בוך; פונם תוכן פּילט זיך אַרויס דער אומעט פון דעם איינזאַמען קריטיקער — אַ רואינירטער און רעזיגנירטער.

**מעלבורן, 7.6.62**

**צו דער רעדאַקציע פון „אייגנס":**

**באַקומען „אייגנס" נומער איינס מיטן בייגעלייגטן צעטעלע איך זאָל באַשטעטיקן דאָס דערהאַלטן פון זשורנאַל.**

**היות ווי אַלע, וואָס שיקן צו ביכער און זשורנאַלן, בעטן דאָס, טו איך דאָס נישט, ווייל עס וואָלט נישט געסטייעט אויף מאַרקעס דער גאַנצער האָנאָראַר פון 45 יאָר שרייבן...**

**פאַר אייך מאַך איך אַן אויסנאַם, ווייל איך האָב אַ נאָטיץ פון „אייגנס" אויסגענוצט פאַר מיין רובריק „אין פינטל אַריין", פיל איך זיך פאַר אייך פאַרפליכטעט. אַז די נאָטיץ מיינע וועט דערשיינען, וועל איך זי אייך צושיקן מיט געוויינלעכער פּאָסט. —**

אַגב: איך האָב נאָרוואָס, ביים שרייבן אָט דעם בריוו, באַקומען אַ בריוול פון ישראל, ווו מען שרייבט מיר אַז „אייגנס" (מסתמאָ נומער צוויי) האָט איבערגעדרוקט מיינע אַ נאָטיץ וועגן אַלמאַנאַך „יידיש". אינטערעסאַנט, פון וואַנען באַקומט איר „די יידישע פאָסט"? די צייטונג ווערט אַזוי ווייניק געשיקט קיין אויסלאַנד!

פאַרוואָס גיט „אייגנס" נישט אָן ווער עס איז די „קאָלעגיע" וואָס רע־דאַגירט דעם זשורנאַל? דאָס אינטערעסירט דאָך סיי שרייבער, סיי לייענער. — איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין אויב איר וועט מיר שיקן „אייגנס" רעגולער.

אייער י. ראַפּאָפּאָרט

מעלב. 16.7.62

זייער חשובער קאָלעגע...

באַקומען, ווי איר זעט, אייער בריוו, ווי איר זעט אויך שיק איך אייך צו פאַרן נומער 4 אַ מין פעליעטאָן, וואָס אויב ער וועט נושא חן זיין אין אייערע אויגן — דרוקט אים אָפּ אָן ענדערונגען (דאָס איז מיין האָנאָראַר...) און טאָמער נישט — שיקט מיר אים אָפּ צוריק — איך וועל קיין פאַריבל נישט האָבן. איך שיק אייך לופט־פּאָסט, אָבער איר קאָנט צוריקשיקן מיט געוויינלעכער פּאָסט ——— נומער צוויי און דריי „אייגנס" נאָך נישט באַקומען. נומער 2 האָט שוין באַדאַרפט אָנקומען. אָבער מסתמאָ וויים די פּאָסט בעסער.

מיט גרוס י. ראַפּאָפּאָרט

מעלבורן, 30.9.62

זייער חשובער...

יאָ, זיך געוווּנדערט וואָס מען הערט נישט פון אייך; חושד געווען, אַז „אייגנס" איז שוין, חס ושלום, אַ הלך לעולמו... נו, פרייט מיך טאַקע צו הערן אַז עס שווימט שוין אַ פערטער נומער. נו, אויף לאַנגע יאָר. — אָבער לאַנגע יאָרן אַליין וועלן נישט טויגן, אויב מען וועט נישט קאָנען צוגעבן צו זיי „און גוטע". איז וואָס הערט זיך אויפן דאָזיקן פראָנט? איך פאַרשטיי אַז עס איז דערוויילע וויינט צו „גוטע יאָרן", אָבער צי האָט איר אויסזיכטן? דאָ איז מסתמאָ אַ פאַרכישופטער קרייז: דער זשורנאַל קאָן נישט וואַקסן, אויב ער איז אַזוי דאַר און זעלטן; און מאַכן אים דיקער און בעסער און רעגלמעסיקער איז נישטאָ מיט וואָס... איז ווי טראַכט איר צו לייזן די דילעמע? ——— קעגן דער נאָטע צו מיין פעליעטאָן האָב איך גאָרנישט, אויב נאָר איר האָט אים נישט אַמפּוטירט ———

אייער י. ראַפּאָפּאָרט

מעלבורן, 15.10.62

זייער חשובער קאָלעגע...

איך בין צופרידן וואָס מיין פעליעטאָן איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ישראל. דאָס איז דער ריכטיקסטער פּלאַץ פאַר אים ——— איך האָב געקאָנט, נאַטירלעך, דרוקן אים אין „יידישע פּאָסט", אָבער זי דערגייט נישט צו דער עפנטלעכקייט אַפילו נישט צו דער שרייבערישער. — איך האָב

געשריבן עפּעס אין שייכות מיט אייער נאָטיץ וועגן פּיאָטר ראַוויטש (אַזוי אַ ראַוויטש — (...) — — — פון דערוויטנס זעט־אפשר אויס אויסטראַליע באַגילדט אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער דאָס איז נאָר אַ מיראַזש. ווי איינזאַם דאָ איז אַ יידישער שרייבער! איר קאָנט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן! די „יידישע פאָסט" האַלט ביים אונטערגיין. זי גוססט. אַ שווערע גסיסה. —

איר בעט אַן אַרטיקל און איר שרייבט אַז מיין „מיטאַרבעט איז אַ גוטער ביישטייער", אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, האָב איך שוין לאַנג אָפּגעמאַכט ביי זיך אייך (צו) העלפן מיט אַרטיקלען, נאָך פון די צייטן פון אייערע „בליצן". הלוואַי וואָלט איר געקאָנט אַרויסגיין רעגולער וואָלט איך אייך גערן געשטיצט מיט וואָס איך קען — מיט שרייבן. — איך האָב גראָד אָנגעשריבן אַן ענטפער גלאַטשטיינען; היות איך פיל אַז דאָס איז נויטיק נישט נאָר פאַר מיר, נאָר פאַרן כלל, שיק איך אייך דאָס צו, הגם איך ווייס, אַז ביי אונזערע באַדינגונגען פאַרליר איך דערמיט כמעט ווי זיכער די מיטאַרבעט אין דער „צוקונפט", ווו ער איז רעדאַקטאָר. דאָס האָט מיר אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעהאַלטן צו טאָן מיין חוב און איצט אויך נישט. אמת, די לעצטע 7 יאָר (באַזונדערס נאָך מיין קראַנקהייט מיט 5 יאָר צוריק) מייד איך אויס צו ענטפערן אַפילו אויף באַוויזבאַרע ליגנס, ווער רעדט אויף סתם זידלערייען; אָבער דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן אָנ(צו)גורטן די שווערד און — הגם אַן אינוואַליד — אַרויסגיין אין קאַמף, ווייל די אומאָנשטענדיקייט אין אונזער ליטעראַטור דערגרייכט שוין איבערן קאָפּ. עס הערשט ביי אונז אַ דזשונגל־געזעץ, דאָס געזעץ פון שטאַרקן (...), פון שטאַרקן עלנבויגן. —

איך שיק אייך מיין אַרטיקל אין פולן גלויבן, אַז דאָס איז אַ דבר בעתו נישט נאָר אינדיווידועל, נאָר אויך ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך; אָבער אויב איר וועט האַלטן אַז דאָס קאָן אייך שאַדן ברענגען, שיקט מיר צוריק דאָס אַרטיקל. כ'וועל אויף אייך נישט האָבן קיין פאַראיבל.

מיט די בעסטע גרוסן און ווונטשן,

**אייער י. ראַפּאָפּאָרט**

(פּ. ס.) ...מיר ציען תמיד צו קעמפערישע אויסגאַבעס, וואָס קניען נישט פאַר די דעה־זאָגערס און מאה־האָבערס און ווו איך טרעף דאָס אַפילו אין אַ קליינער דאָזע, וועגט דאָס ביי מיר אַריבער אַסך אַנדערע זאַכן.

י. ר.

מעלבורן, 22.11.62

זייער חשובער קאָלעגע...

באַקומען אייער בריוו פון 14־טן נאָוועמבער. ווי איך פאַרשטיי פון אייער בריוו האָט איר מיין ענטפער געדרוקט אָן קיצורים. דאַנק איך אייך פאַר דעם זייער און זייער — געבן דריי גאַנצע זייטן פון אַזאַ קליינעם זשורנאַל איז באמת אַ קרבן. איך שאַץ דאָס אָפּ. — ווען איך האָב אייך געשיקט מיין „פּלאַכטע" האָב איך נישט געהאַט קיין אַנונג אַז ג. (...) וועט „זי" דאָרט מקבל פנים זיין. אָבער אַז עס האָט זיך אַזוי געמאַכט,

איז הויבט מיר דאָס נישט אָן צו אַרן ——— איך קאָן אייך שיקן נאָך אַ „פלאַכטע" צונויפגעשטעלט פון בריוו-ציטאַטן וועגן דאָזיקן ענין, אָבער זאָגן עפנטלעך אַ וואָרט — חס ושלום! אַלע זענען אויפגעבראַכט, אָבער נאָר הינטערן אויוון. —

וועגן אונזער גאַסט* פרעגט שוין נישט — מוקצה מחמת מיאוס! זיינע רעפעראַטן! זיינע גענג! אַ טריאַלאָגיע צו שרייבן... וועגן די „קריטישע" אימפּרעסאַריאָס, וואָס איר דערמאָנט, האָב איך לעצטנס גראָד געשריבן אין אַ פּאָלעמיק מיט ק.(...) מ.(...). צי שיקט איר קיין מעלבורן אייער „אייגנס" צו אַ סך פערזאָנען? צו דער היגער פּרעסע (כ'בעט איבער אייער כבוד!)? צי קומט ער אָן קיין אַמעריקע? מיין ענטפער וועט אויך זיין געדרוקט אין אַן אַמעריקאַנער קליינעם זשורנאַל (נישט געוואָלט אייננבעטן זיך ביים „קעמפער" אָדער ביי דער „פ.אַ.ש.", — מוחל! מיר זענען קליינע מענטשן, דאַרפן מיר נישט קריכן אויבנאָן, דאָרט ווו מען וויל אונז נישט...). ווי איך זע איז „אייגנס" געוואָרן רעגולערער. אַ גוטער סימן. — ווי איך זע אַרבעט ביי אייך מיט טשעכאַנאָווסקי... ער איז זייער אַ העפלעכער מענטש דער טשעכאַנאָווסקי. לאָזט אים גריסן אין מיין נאָמען. איך האָף אַז מיין אַרטיקל פאַרן קומענדיקן „אייגנס" וועט אָנקומען צו אייך אין דער ריכטיקער צייט. כ'וועל פאַרקנייטשן ערגעץ אַנדערש און צוגרייטן פאַר אייך רעכטצייטיק.

מיט די בעסטע גרוסן, אייער
י. ראַפּאָפּאָרט

מעלבורן, 28.11.62

זייער חשובער קאָלעגע...

איך שרייב היינט דעם בריוו און מאָרגן, דעם 29 טן נאָוו., וועל איך אייך אַרויסשיקן דעם בריוול צוזאַמען מיט אַן אַרטיקל, וועלכן איר האָט געבעטן אויפן 10־טן דעצ. איך האָף אַז עס וועט אָנקומען צו דער צייט ——— אייער „אייגנס" מיט מיין „פלאַכטע" האָב איך נאָך נישט, — עס קריכן אַרויס די אויגן ביז מען זעט אָן אַ זשורנאַל פון ישראל אָדער פון אַמעריקע, ווער רעדט פון אַרגענטינע. איך באַקום בריוו פון אַרגענטינע מיט זייער שלעכטע גרוסן פון דאַרטיקן ישוב. אַ סך יידן זאָלן האָבן פאַראַרעמט געוואָרן צוליב דער אינפלאַציע און דער אומזיכערער לאַגע. אָט אַזוי זעען אויס אונזערע פאַרוואָרצלטסטע ישובים! ———

מיט די בעסטע גרוסן
אייער י. ראַפּאָפּאָרט

שרייבט, צי דאָסדאָזיקע בייגעלייגטע אַרטיקל פּאַסט פאַר אייך. צי קענט איר ב.(...) פון בוענאָס איירעס? איר זענט דאָך אַ האַלבער אַרגענטינער.

---

* געמיינט: דעם צעפליגלטן מנחם פלינסקער, וואָס איז אויך געפלויגן קיין מעלבורן דאָרט דרשענען.

מעלבורן, 5.1.63

זייער חשובער קאָלעגע...

מיט אַ האַלבער שעה צוריק באַקומען אייער „אייגנס״. נאָך נישט קאָנטראָ־לירט מיין ענטפער מיטן אָריגינאַל, אָבער מיין אויג האָט געכאַפּט אַ שורה, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זיין נישט מיינע: „ער האָט גענומען אָנשטאָט פּאָלעמיזירן — אַפּערירן״. כ׳האָב אויפגעזוכט אָט די שטעלע אין מיין אָריגינאַל־קאָפּיע... און געזען אַז זי איז טאַקע אייערע.

ווי קומט דאָס צו אַזאַ דערפאַרענעם שרייבער און רעדאַקטאָר? איך וווּנדער זיך שטאַרק אויף אייך. איך וווּנדער זיך און בין אויך — דעם אמת געזאָגט — אין כעס. איך בעט אייך מער דאָס נישט טאָן, אויב איר שעצט טאַקע מיין מיטאַרבעט, ווי איר האָט מיר געשריבן... אויב די תאווה פון צושרייבן איז שוין גאָר שטאַרק, דאַרף מען אָנפרעגן דעם שרייבער צי ער וויל הילף. —

איך שיק אייך דאָ צו, כדי שלא להוציא את הניר חלק (ד.ה. כדי נישט אויסצובערענגען אַ מאַרקע נישט פּראָדוקטיוו) אַ געדרוקטע נאָטיץ מיינע, אויב איר וועט געפינען פאַר נויטיק איבערצודרוקן (אָן הוספות פאַר־שטייט זיך).

מיט די בעסטע גרוסן,

אייער י. ראַפּאָפּאָרט

געלייענט אין אייגנס אויך אייער טענה צו די קולטור־קאָנגרעסניקעס צוליבן לעקסיקאָן. איך ציטער זיי זאָלן מיך נישט אַריינשטעלן בגוואַלד, נישט געקוקט אויף מיין נישט אויספילן זייער פרעג־בויגן, אויף מיין פאַרוואָר־בריוו בשעתו צו זיי און אין דער פרעסע (אין ד״ר שטיינבערגס „ביולעטין״) מיך נישט אַריינצושלעפּן אין זומפּ.

מ׳עט דאַרפן נאָכטאָן אייער ביישפּיל און באַצייטנס באַרירן דאָס אין דער עפנטלעכקייט.

י. ר.

מעלבורן, 9.1.63

זייער חשובער קאָלעגע...

נאָר וואָס איבערגעלייענט אייער פּאָלעמיק מיט ריינוסן. שרייבט איר דאָרט: „ער האָט דאָס בריוועלע אַזוי ,אַרומגעפּליקט׳, אַזוי אַרויסגעוואָרפן און אַריינגעוואָרפן ווערטער״... און איר זענט אין כעס דערויף. און איר האָט רעכט. טאָ ווי קומט עס וואָס איר האָט אין מיין פּאָלעמיק... אַריינ־געוואָרפן צוויי זאַצן, וואָס זענען אין מיין מאַנוסקריפּט נישט געווען? עס קאָסט מיר נאָך אַלץ געזונט, עס פאַרדריסט. איין אַריינגעוואָרפענער זאַץ: „פאַראַן — אויף אַ רפואה — אויסנאַמען״ אַרט מיר נישט. אָבער דער זאַץ... „ער האָט גענומען אָנשטאָט פּאָלעמיזירן — אַפּערירן״... אַרט מיר זייער ——— און איך האָב נישט ליב צו שרייבן זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין דעקונג. איז וויל איך, איר זאָלט אין קומענדיקן נומער געבן מיין פאָלגנדיקן „בריוועלע אין רעדאַקציע״:

„אַ בריוו אין רעדאַקציע ,אייגנס׳ ״,
חשובער רעדאַקטאָר:
איך בעט געבן אין אייער „אייגנס״ מיינע פאָלגנדיקע פאָר ווערטער: איך ווייס נישט ווי אַזוי, אָבער אין מיין אַרטיקל „דיכטער דזשעקיל און קריטיקער הייד״ איז אויף זייט 7 שורה 8 פון אויבן אַריינגעפאַלן אַ זאַץ, וואָס אין מיין מאַנוסקריפּט איז ער נישט געווען: „ער האָט גענומען אָנשטאָט פאָלעמיזירן — אַפּערירן״ . . . קריטיקער הייד האָט אין זיין פאַמפלעט קעגן מיר אָפּגעטאָן אַ סך שלעכטע זאַכן, אָבער אַפּערירט האָט ער מיך נישט. און דאָס סתם וואַרפן ווערטער אָן דעקונג לאָז איך פאַר אים״ . . .
מיט דאַנק אין פאָראויס —
י. ראַפּאָפּאָרט

:

מעלבורן, 2.2.63.
ליבער . . .
איך פאַר מאַרגן אָפּ אויף אַ וואָך אָפּרו. דערליידיק איך מיין נישט־געענטפערטע קאָרעספּאָנדענץ. האָב איך געפונען אייערס אַ בריוול, וואָס איך בין נישט זיכער צי האָב געענטפערט אויף אים, צי נישט. איז זאָל בעסער מיינס איבערגיין. — אין בריוול דאַנקט איר מיר פאַר מיין מאַמר. דריינג איך דערפון אַז ער געפעלט אייך. נו, בין איך צופרידן. אַז עס געפעלט דעם רעדאַקטאָר איז אַ יידישער שרייבער צופרידן. — די ידיעה וועגן אייער האַרץ־אַטאַקע איז טאַקע זייער אַ שלעכטע. נאָר דאָס האָט אייך געפעלט? דער בעסטער מיטל דערצו איז וואָס ווייניקער נעמען זיך צום האַרצן. איך ווייס ווי דאָס איז שווער אַ יידישן שרייבער (בפרט אַ רעדאַקטאָר), אָבער איר מוזט נישט צולאָזן צו זיך. — איך וואַרט אויף אייער לענגערן און ברייטערן בריוו צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל כ׳האָב טאַקע ליב ברייטערע און לענגלעכע בריוו, און צווייטנס: עס וועט זיין אַ סימן אַז איר זענט שוין געוואָרן „אַ מענטש״, ווי איר שרייבט. און כ׳האָב ליב האָבן צו טאָן מיט מענטשן.
מיט די בעסטע גרוסן, אייער י. ראַפּאָפּאָרט
כ׳האָף צו געפינען, ווען איך וועל קומען קיין מעלבורן אין אַ וואָך אַרום, אַ ברייטערן און לענגערן בריוו פון אייך. י. ר.

:

מעלבורן, 11.2.63
מיין ליבער . . .
אויב מיין בריוו וועגן אייער צושרייבן צוויי זאַצן האָט איך פאַרשאַפט עגמת נפש, האָב איך דערויף שטאַרק חרטה און נישט נאָר דאָס — איך מוז זיך אַנטשולדיקן פאַר אייך. ווייזט אויס, אַז פאַרן שיקן אייך מיין מאַנוסקריפּט האָב איך, ווי מיין טבע איז, דורכגעקוקט און מסתמא צוגעגעבן די צוויי זאַצן. און ס׳איז אינגאַנצן אַרויס פון מיין זכרון. און ס׳טוט מיר לייד נישט נאָר מיין באַשולדיקן אייך אומזיסט, נאָר אויך דאָס, וואָס דער פּוסט־פּראַזעדיקער זאַץ וועגן „אַפּערירן״ אָנשטאָט „פּאָלעמיזירן״ איז מיינער. נישט אומזיסט האָב איך אים געפילט ווי אַ פרעמדקערפּער —

אויך איצט, ווען ער איז מיינער פיל איך אים ווי אַ פרעמדקערפּער — — —
דאָס וועט זיין פאַר מיר אַ לערע, ווי פאָרזיכטיק מען דאַרף זיין מיט
באַשולדיקן . . .
איך האָף אַז איר זענט שוין געזונט. שרייבט מיר ווען עס דערשיינט אַ
ווייטערדיקער נומער „אייגנס״, ווײַל איך וויסן ווען אָנצושרייבן און
צושיקן. — ווי עס שיינט קומט אייער „אייגנס״ אָן צו זייער אַ סך
שרייבער — די בריוו וועגן מיין ג.(. . .) פאָלעמיק אין „אייגנס״ זענען
צאָלרייך — — —
נו, זייט מיר געזונט און שטאַרק אויף אָן אמת און לאָזט פון זיך הערן
מיט בריוועלעך — נישט נאָר רעדאַקטאָרישע. — איך בעט ביי אייך
נאָכאַמאָל אַנטשולדיקונג פאַרן נישט־גערנווייליקן בלבול. דאָס טרעפט ביי
מיר דאָס ערשטע מאָל אין 50 יאָר.
איך שרייב אַן אַרטיקל מיט אַפּיקורסישע געדאַנקען וועגן לייוויקן, דער
ערשטער איז וועגן דער העכערקייט פון לייוויקס ערשטע לידער לגבי
זיינע גולמס. צי האָט איר חשק איינצוריסן מיט אַ וועלט ?
אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 16.3.63
ליבער . . .
עס איז אַ סקאַנדאַל : איר האָט מיר געשריבן דעם 17 טן פעברואַר און איך
ענטפער אייך דעם 16 טן מערץ ! מוז איך אייך דערקלערן אין קורצן
פאַרוואָס : ווען איר האָט מיר געשריבן אייער בריוו, בין איך שוין געלעגן
ווי אַ פליג אין שפּינוועבס פון רעדאַקטאָריי פון אַ טויטער ציטונג — „די
יידישע פּאָסט״. קיין געלט באַקום איך נישט — בלויז גראָשנס ; צרות האָב
איך אויפן פּוד, כוחות אויפן לויט, אָבער אָנגעמען האָב איך געמוזט. די
סיטואַציע האָט מיר געשטעלט אַן אולטימאַטום : 1) אָדער נעם אָן די
רעדאַקטאָריי און מאַטער זיך, אָבער שרייב ווייטער דיין ליבן „אין פּינטל
אַריין״, 2) אָדער די רעדאַקטאָריי וועט איבערנעמען דער ערגסטער שונא
דיינער, וואָס האָט פאַרנומען דיין פּאָסטן אין „אויסטראַלישע ייד. נייעס״
ווען דו האָסט מיט 12 יאָר צוריק געשטרייקט פאַרן רעכט צו באַקעמפן די
קאָמוניסטן, און דאַן וועסטו מוזן אַוועק און אויס פּיצל טריבונע. האָב איך
אָנגענומען דעם פּאָסטן צוליב ליבע צום „פּינטל״ — — — אַ גוט געפיל
— אָבער איך צאָל פאַר דעם. וואָס עס וועט זיין וועט מען זען. איצט
פאַרשטייט איר מיין שווייגן : איך האָב נישט קיין צייט און נישט קיין
כוח אָפּצואָטעמען, צו שרייבן אַרטיקלען, בריוו. אַפילו לייענען ביכער
אויפגעהערט זייטן 12 טן פעברואַר. — איך האָב אָבער אַריינגעכאַפּט די
פּאָר פרייע שעה ביינאַכט און צוליהכעיס דעם דאָקטאָר געאַרבעט אויפן
לייוויק־אַרטיקל (דעם ערשטן). נאַרוואָס געענדיקט. אין אַ פּאָר טעג אַרום
וועט מיין פרוי האָבן איבערגעשריבן אויף דער מאַשין און כ׳וועל דאָס
אָפּשיקן. אמת, איך בין זיכער אַז עס איז, קעגן מיין ווילן, אַרויסגעקומען
צו לאַנג פאַר אייער קליינעם זשורנאַל און ס׳וועט סיווי קומען צו שפּעט
פאַרן סוף־מערץ־נומער, אָבער לייענט אים דורך און לאָזט אים ביי זיך :

איר וועט זיין דער ערשטער לייענער פון דאָזיקן אַרטיקל און כ׳וועל וועלן הערן אַ מיינונג פונם אָביעקטיוון זייטיקן. און איצט וועל איך ענטפערן אויף אייער בריוו על ראשון ראשון. — ווי כ׳זע פון אייער בריוו איז אויך אין ישראל נישטאָ קיין סביבה. עס איז ממש טראַגיש. דאָ לעב איך ליטעראַריש ווי אין אַ מדבר ממש.

אַ דאַנק פאַר אייער ענטפער וועגן ס. (...). כ׳האָב נישט געהאַט קיין צו גרויסן צוטרוי — איצט ווייס איך פאַרוואָס. ער ווייס ווען יאָ און ווען נישט — און דאָס איז די גרעסטע טומאה. די צווייטע — ווי עס לוינט און ווי עס לוינט נישט. — טש. (...) האָט זיכער געהאַנדלט לויט אינ־סטרוקציעס פון אויבן. א. מ. פוקסעס גרוס איז זייער אַנגעלייגט, אָבער איך האָב אַ חשד, אַז דאָס איז לאַ־יחרץ־געלט פאַר מיין ג.(....)־פּאָלע־מיק. קיין פאַרערער מיינער פון יאָרצענדליקער איז ער זיכער נישט. פאַר אַ קריטיש וואָרט וועגן אים אין „וואָכנשריפט" האָט ער מיר געדראָט, אַזש פון לאָנדאָן, מיט כמעט ווי שלאָגן. און אַ פאַרערער פון יאָרצענד־דליקער וואָלט מיר געוועזן געשיקט זיין בוך... אָבער זאָל מיינס איבער־גיין: לאָזט אים גרוסן פאַר זיין גרוס. און כ׳מאַך אַ שווייג. און איר מאַכט אויך אַ שווייג וועגן איבעריקן. איך האָב דאָס געשריבן כדי צו ווייזן איך ווי נישט באַגלויבט אונזערע שרייבערס זענען, ווי עגאָצענטריש זיי זענען, — אויב עס איז נישט צו גרויס, האָב איך נישט מורא פאַר מיין אַרטיקל — דרוקט אים. איך בין אַן אַלטער מלחמה־פערד. דעם גאַנצן שאָדן האָב איך שוין געגומען אויף זיך אַמאָל, — איצט וואָס האָב איך צו פאַרלירן?...

שרייבט מיר אָפן אייער מיינונג וועגן לייוויק־אַרטיקל און האַלט אים אַלס פקדון ביז אינסטרוקציעס.

די בעסטע גרוסן, אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלב. ערשטער טאָג פסח, 9טער אַפּריל 1963.

ליבער פריינד...

באַקומען אייער בריוו פון 3טן מערץ (אַפּריל?). איר האָט מיר באמת גע־מאַכט אַן אַנגענעמען סיורפּריז: איך האָב אויף קיין אײן מאָמענט נישט דערוואַרט איר זאָלט קאָנען געבן אַזאַ גרויסן אַרטיקל אָדער אים שפּאַלטן. נו, אַ דאַנק. — איך בין אויך צופרידן וואָס מיין לייוויק־אַרטיקל איז נישט אַזוי שרעקלעך אין אייערע אויגן, — וועט זיין אַ כשר שטערצל צו אַ כשר טעפּל. אַגב: איר וועט נאָך זען מיין צווייטע טייל — וועגן די משיח־דראַמעס — — — וואָס איז מיט דער „פּאָסט"? איך האָרעווע פאַר גראָשנס אין אַן אַטמאָספער וואָס כ׳האָב פיינט, אָבער עס שטייט פאַר מיר אַ ברירה: אָדער אָוועקגיין און מוזן אויפגעבן מיין „אין פינטל אַריין"... אָדער בלייבן ביים „פינטל" און זיך מאַטערן און מורא האָבן יעדן טאָג פאַר מיין זייער שוואַכן געזונט. איך קאָן קיין זאַך כמעט נישט טאָן, אַזוי מאַטערט מיך אויס די רעדאַקטאַריי... — — — כ׳האָב אַפילו קיין צייט נישט צו לייענען. און ווען איך האָב יאָ צייט, בין איך צו מיד. און דער עיקר — איך טאָר נישט אַרבעטן צו פיל. דער דאָקטאָר, וואָס

האָט מיך געוואָרנט פאַרן ערשטן פּאַראַליטש־אַנפאַל, וואָרנט ווײַטער... היינט גיי נעם „איזו״, ווען עס איז אין אונזער ליטעראַטור אַזאַ פאַר־פלייצונג פון שמוץ. — — —

מיט די בעסטע ווונטשן און גרוסן, אייער

י. ראַפּאַפּאָרט

מעלב. 20.6.63

מיין ליבער...

באַקומען אייער טרויעריק בריוול. זאָל איך אייך טרייסטן מיט באַנאַל־קייטן? עס איז נישט פּאַסיק נישט פאַר מיר און נישט פאַר אייך. און נישט נאָר עס איז נישט פּאַסיק, נאָר עס לייגט זיך מיר נישט די צונג און נישט די האַנט. — — — אייער זיכערקייט, אַז סיווי וועט דער זשורנאַל דערשיינען איז מיר אַ ווונדער. אויף וואָס שטיצט איר אייער אָפּטימיזם? הלוואַי זאָל דאָס אַזוי זיין, אָבער ביי אייער לאַגע אַזאַ אָפּטי־מיזם? וועגן ה. (...) קאָן איך, ליידער, נישט שיקן. געשיקט עס אין „צו־קונפט״ אויף אַ באַשטעלונג שוין אַ פאָר חדשים. דאָס וואָס זיי האָבן נישט צוריקגעשיקט איז אַ גוטער סימן, אָבער דאָס וואָס זיי ענטפערן נישט, ווי תמיד, איז אַ שלעכטער סימן. דערווייל זענען מיינע הענט געבונדן. היות לענגער איז אַ געפאַר צו וואַרטן — שיק איך אייך אַ צווייט אַרטיקל. אויב די „צוקונפט״ וועט זיך דאַך דערשרעקן פאַר ה. (...) וועט איר דאָס באַקומען פאַרן ווייטערדיקן נומער... פונוואַנען דעקט איר דעם דעפיציט?

מיט די בעסטע גרוסן, אייער

י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 9.7.63

מיין ליבער...

אויב ביי אייך איז נישט טרויעריק, איז גוט און ווויל. אַזאַ מסתפק במיעוט איז באמת אַ גביר. ווי איך זע... האָט איר נישט ליב צ. (...). איך אין וואַרשע האָב אים אויך נישט ליב געהאַט ——— איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז מיין לייוויק־אַרטיקל וועט אַזוי אויסנעמען (אין אַרגענטינע, אין קאַנאַדע, אין ניו־יאָרק); אָבער אַז א. מ. פוקס וועט מיר אַזש לויבן אין אַן אַרטיקל איז גאָר אַ רעוואָלוציע. ווער האָט עס געהערט, אַז מען זאָל זיך אָפּרופן אויף ראַפּאַפּאָרט אַן אַרטיקל? מען רופט זיך אַפילו נישט אָפּ אויף זיינע ביכער... אָבער איך מיין אַז פוקס׳ אָפּרוף האָב איך צו פאַרדאַנקען (צווישן אונז זאָל עס בלייבן) מיין גלאַטשטיין־אַרטיקל. איך האָב אַמאָל געשריבן אָדער געזאָגט בעל־פה אַ וויץ אין אַ רעפעראַט... אַז ווען איך שרייב אַ פּאָזיטיווע רעצענזיע קריג איך איין גוטן פריינד און אַן אַ שיער שונאים, אָבער ווען איך שרייב אַ נעגאַטיוון אַרטיקל — קריג איך איין שונא און אַן אַ שיער גוטע פריינט ——— מיט גרוס,

אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 18.10.63

מיין ליבער...

היינט זיך אַרומגעזען אַז שוין לאַנג נישט געהערט פון איך און פון אייער „אייגנס". איך וויל האָפן, אַז די סיבה איז נישט, חס־ושלום, אייערע, אָדער דעם „אייגנס" אַ שלאַפקייט, נאָר פאַרקערט — אַ סימן אַז איר האָט אפשר געפונען בעסערע געשעפטן (הלואַי!) אָדער איר דאַרפט שוין מער נישט האָבן מיין מיטאַרבעט, — די מיטאַרבעט פון נישט אַזאַ פּאָפּולערן און באַליבטן מענטשן. — איך ווייס אַפילו נישט צי איר האָט באַקומען מיין מאַמרל וועגן מיין ליבלינג גראָסבארד ———

**אייער י. ראַפּאָפּאָרט**

מעלבורן, 9.11.63

מיין ליבער...

באַקומען ענדלעך אַ סימן פון איך. זיך שוין אָנגעפרעגט אין ישראל, וואָס איר מאַכט און וואָס עס מאַכט אייער „אייגנס", אָבער קיין ענטפער נישט באַקומען — — — אייער פאָרשלאַג וועגן אַן א. אַלמי־אַרטיקל איז טאַקע ווי אָנגעמאָסטן פאַר מיר. שוין לאַנג ווי איך קלייב זיך דאָס שרייבן, אָבער צוויי זאַכן האַלטן מיך אָפּ: 1) איך דאַרף פאַר אַזאַ אַרטיקל אַ סך צייט אויסצוזוכן די מאַטעריאַלן און דאָס האָב איך נישט; אגב, דאַרף איך דערצו אַ ביסל אינערלעכע רו און רואיקערע נערוון, — זאַכן וואָס איצט האָב איך דאָס נאָך ווייניקער ווי שטענדיק; און 2) עס איז נאָך צו פרי צו שרייבן וועגן אים אַן אַרטיקל — — — זיין זעלבסטמאָרד איז נאָך צו אַקטועל איך זאָל קאָנען שרייבן וועגן אים דעם גאַנצן אמת אָדער אַפילו אַ שטיקעלע — — איך זאָג אייך צו! אבי לעבן און אַ ביסעלע געזונט וועט איר האָבן פאַר אַ קומענדיקן נומער אַן אַרטיקל מייגעם וועגן אַלמין. אָבער איצט?

כ'האָב נאָך אייער בריוו געגומען שרייבן אַן אַרטיקל פאַר אייך, אָבער צוליב מיינע צרות אין רעדאַקציע פון „די פּאָסט" נישט באַוויזן צו ענ־דיקן און ווער ווייס ווען איך וועל ענדיקן — — —

**מיט גרוס, אייער י. ראַפּאָפּאָרט**

און ווייטער שרייבט צו דער צייט.

מעלבורן, 6.4.64

מיין ליבער...

——— געהאַט אַ שטאַרקן בלוט־שטורץ פון דער נאָז. איין ד"ר האַלט, אַז דאָס האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן, ווייל אַנישט וואָלט דאָס אויפ־געריסן. דער צווייטער ד"ר האַלט, אַז עס איז געווען וואַרשיינלעך גוט, אָבער וויסן זיכער קאָן מען נישט. יעדנפאַלס איז די גאַנצע שטוב געווען פול מיט בלוט און איך בין אַ פּאָר וואָכן געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט. איצט איז שוין ווי געווען — נישט געזונט און נישט קראַנק. דערמאָנט עס קיינעם נישט — איך וויל נישט אַז מיינע קרובים זאָלן וויסן. דערמאָנט עס נישט, נישט בעל פּה, נישט בכתב. חס־ושלום. ———

**אייער י. ראַפּאָפּאָרט**

מעלב, 10.5.64

מיין ליבער...

באַקומען אייער בריוול. איך פיל זיך שוין נישקשה, כמעט אַזוי ווי פאַרן בלוטיקן מבול. זיך אומגעקערט צו דער פריערדיקער אומנאָרמאַלער נאָרמאַלקייט — — —

אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 28.6.64

זייער חשובער קאָלעגע...

באַקומען אייער נומער פון מאַי־יוני. געוויס האָט איר געהאַט צרות פון מיינע זכרונות, אָבער דאָס איז אייער שולד אָדער די שולד פון אונזער יידיש־לאַגע. איך האָב אַלץ געטאָן אייך צו מאַכן לייכטער — די עיקר־דיקע טייל פון מיינע דאָזיקע זכרונות האָט איך געלאָזן... אויף גאָטס באַראַט, לכשירחיב... און ווען איר טיילט דאָס ביסעלע אויף צוויי מאָל גלייך אויף גלייך, וואָלט אייך געווען לייכט און אויך מיר — בעסער... אָבער אַז איר האָט יענעם מאָל (אין וועלכן יאָרהונדערט איז דאָס געווען??.) געגעבן בלויז אַ כזיתל האָט איר איצט געהאַט צרות.. שרייבט מיר ווען איר דאַרפט האָבן עפּעס מפּרי עטי... פאַר־טיקס — איז אָדער צו גרויס אָדער נישט פּאַסיק פאַר אייער האַדעוואַ־נעק.... — — —

באַקומען „המהפכה האשכנזית״— אַ קאַשמאַר! איז געווען ערגעץ אין ישראל אַן ערנסטע דערווידערונג? ס'וואָלט געווען אינטערעסאַנט דאָס צו זען. אפשר ווייסט איר עפּעס גענויערס וועגן דאָזיקן שרייבער? מה טיבו של עובר זה?

מיט די בעסטע גרוסן,

אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלב, 20.7.64

ליבער פריינד...

איך האָב דערפילט, אַז עס איז צייט עפּעס צו שיקן. צוערשט גערעכנט צו שיקן צוויי ליט. נאָטיצן, אָבער דערנאָך זיך אַרומגעזען, אַז נאָך אייער לעצטער מפּלה מיט מיינע רעפעראַטן וועט גענוג זיין פאַר אייך איין נאָ־טיץ. — וואָס הערט זיך? ווי אַרבעט זיך? רוקט זיך דער וואָגן פאָרויס (זאָל זיין אינטשעסוויין)? ביי מיר נישטאָ קיין נייעס. ווער איז מ. מינץ? צי קענט איר א שטשאַ. (...) און אַ מאַ. (...) מאַ. (...) איז דאָס אַן אמתער נאָמען צי אַ פּסעוודאָנים?

אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 27.8.64

מיין ליבער...

איך ווייס נישט צי פאַר געלט איז ביי אונז אַזאַ לייכטע זאַך צו באַקומען גוטע רעצענזיעס. אַדרבאַ, מיר דאַכט, אַז ביי אונז צאָלט מען געלט נאָר

פאַר שלעכטע, און וואָס ערגער איז אַלץ טייערער דער פּרייז. — — —

מיט די בעסטע גרוסן און אַ ראש השנה־ווונטש

אייער י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 7.5.65

מיין ליבער...

— — — וואָס איך מאַך? לעצטנס אַביסל געקרענקט (אַחוץ דער עלטער קראַנקהייט). עס איז לײַדער אמת — איך ווער אַלט. אַפילו אין אויסטראַליע ווערט מען נישט ייִנגער. לויט מיין האָבן צו טאָן מיט ייִדן און דער ייִדישער ליטעראַטור־... אין אויסטראַליע זייט 18 יאָר, וואָלט איך שוין באַדאַרפט זיין איבער די 120 יאָר...

זייט געזונט און שטאַרק, אייער

בן שבעים, וואָס פרייט זיך נישט און מאַכט נישט קיין גערודער,

י. ראַפּאַפּאָרט

מעלבורן, 28.5.65

מיין ליבער...

— — — שרייבן וועגן מיינע 70 יאָר? נישט איך האָב כוח און נישט איך האָב מוט און — צו וואָס? אָט, ווען איך קאָן אָנשרייבן אַ בוך און געבן אַ בילד ווי עס קוקט אויס פון דער נאָנט דאָס עקלדיקע פּנים פון אונזער ליטעראַטור, פון אונזער לעבן, וואָלט איך דאָס געטאָן; אָבער ביי מיינע כוחות, ביי מיין מוט און ביי מיינע דרוק־מעגלעכקייטן, — איז רעכט אַז נישט. ווען דער „אייגנס" באַשטייט פון הונדערטער זייטן און מען קאָן געבן אין המשכים, יעדער מאָל צו אַ 20־30 זייטן, וואָלט דאָס געווען דער פּאַסיקסטער אָרט. אָבער אַזוי טויג עס נישט — — — איך בעט ביי קיינעם נישט קיין יום־טוב־אַרטיקלען, — אָבער אַז אַ גוטער פריינד וויל שרייבן, זאָל איך אַקטיוו שטערן? — — — איך האָב אָנגעשריבן זכרונות וועגן ב. (...) — ער איז איצט אַן אַקטועלע מכה — אָבער מיין פרוי קאָן איצט נישט איבערשרייבן אויף דער מאַשין, מוז דאָס דערווייל בלייבן ליגן — — — אַלדעס גוטס, אייער י. ראַפּאַפּאָרט.

פּ. ס. כ'האָב גענומען שרייבן וועגן באַטאַשאַנסקין, אָבער ביי מיין 45 טן זייטל פּאַפּיר געבליבן שטעקן און כ'ווייס נישט ווען ס'וועט זיך רירן ווידער. האָבן זיך שוין די ווייכע הערצער באַרואיקט פאַר „שענדן" באַטאַשאַנסקין? קעלבער היטן זיי — מענטשן שעכטן זיי... י. ר.

(ווידעראמאל) פּ. ס. פאַראַיאָרן האָט מיר די „צוקונפט" צוריקגעשיקט... אַרטיקלען צוליב מיין שרייבן נישט מילד וועגן שרייבערס. פלוצים באַקום איך אַ בריוו פון זיי — איך זאָל נעמען ווידער שרייבן פאַר זיי (זיי פעלט קאָמפּעטענטע מיטאַרבעטערס), אָבער מילד, אַנישט וועלן זיי ווידער צוריקשיקן מיינע אַרטיקלען. האָב איך זיי צוריקגעשיקט אַ בריוו. איך שיק אייך אַ קאָפּיע פון מיין בריוו. פון מיין בריוו וועט איר וויסן וואָס זיי האָבן מיר געשריבן. דער בריוו איז פאַר אייך פּריוואַט — נישט פאַר דער עפנטלעכקייט. כ'האָב נאָך נישט באַשלאָסן צי בכלל אים פאַרעפנטלעכן און אויב יאָ — ווען. י. ר.

מעלבורן, 1.8.65

זייער חשובער קאָלעגע און פריינד...

באַקומען אייער זשורנאַל מיט אייער אַרטיקל צו מיין 70 טן געבוירנטאָג. אַ דאַנק. איר זענט אין דאָזיקן פּרט באמת אַ יחיד במינו... איינער און ווייטער קיינער. איך האָב געזען אַז פון די צוגעשיקטע נאָטיצן האָט איר אויסגעקליבן וועגן מ. (...) ר. (...). זאָל אים זיין צו געזונט... — איך האָב געלייענט די טעג די פינף אַרטיקלען פון לייב פיינבערג (אין דער פ.אַ.ש.) וועגן באַשעוויסן. האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל לכבוד דעם און שיק אייך שנעל צו איידער פיינבערג ציט צוריק זיינע אַרטיקלען, ווי זיין טבע איז (ער האָט אַנגעשריבן אַמאָל צען אַרטיקלען וועגן י. גלאַטשטיינען און זיי דערנאָך צוריקגעצויגן און זיך געשטעלט „סלושעם״). ———

מיט די בעסטע גרוסן, אייער י. ראַפּאָפּאָרט

מעלב., 6.12.65

ליבער פריינד...

זיך פלוצים דערמאָנט, אַז שוין לאַנג נישט געהאַט פון אייך קיין בריוו און אויך אייך נישט געשריבן פאַר אייער „אייגנס״. איז וויל איך וויסן וואָס איר מאַכט, וואָס מאַכט דער „אייגנס״; און צי איר זענט מיטן „אייגנס״ אויף דער צייט. אויב יאָ איז הערט. איך האָב אייך לענגער געשיקט אַ קאָפּיע פון „צוקונפט״ס אַ בריוו צו מיר, ווי אויך אַ קאָפּיע פון מיין ענטפער אויף זייער בריוו. און איך האָב אייך דאַן געבעטן דאָס האַלטן, ביז איך וועל באַשליסן דאָס אָפּצודרוקן. איצט האָב איך באַשלאָסן. דאָס קעפּל דאַרף זיין: „אַ בריוו־אויסטויש״... 1. דער בריוו פון דער „צוקונפט״ צו י. ראַפּאָפּאָרט. 2. דער בריוו פון י. ראַפּאָפּאָרט צו דער „צוקונפט״. שרייבט מיר בכלל ווען איר קלייבט זיך אַרויסצוקומען מיטן אייגנס — וועל איך אייך צושיקן עפּעס ———

מיט די בעסטע גרוסן — אייער י. ראַפּאָפּאָרט

מעלב., 24.12.65

מיין ליבער...

באַקומען אייער בריוו און ס׳האָט מיר פאַרשאַפט עגמת נפש, וואָס איר גייט נישט מיטן וועג פון פּראָגרעס, נאָר מיטן וועג פון רעגרעס. „אונזער אייגן ווינקל״ איז געוואָרן פון אַ געקלאַפּטן זשורנאַל אַ געדרוקטער און איר — פאַרקערט. — יאָ. איך האָב על פּי טעות געשיקט צו „קולטור און דערציאונג״, צוזאַמען מיט עטלעכע באַשטעלטע אַרטיקלען אויך וועגן „ווילדגראַז״, האָב איך יעפּרויקינען בפירוש געשריבן, אַז דאָס בוך איז נישט ווערט קיין רעצענזיע. ער איז געווען זייער העפלעך און געשריבן, אַז אויב איך וועל באַשטיין, וועט ער דאָס אָפּדרוקן, האָב איך אים געשריבן, אַז איך האָב נישט קיין רעכט צו באַשטיין, און אַז טעות לעולם חוזרת. און כ׳האָב אים געבעטן — אָנשטאָט צו שיקן מיר צוריק און איך זאָל עס

שיקן צו אייך, זאָל ער בעסער פאַר דער זעלבער מאַרקע שיקן דאָס גלייך צו אייך. ערשט פון אייער בריוו הער איך, אַז ער האָט דאָס געטאָן. דאָס וואָס איר האָט עס געטיילט אויף צוויי שאַדט נישט. די קאָרעספּאָנדענץ צווישן מיר און דער „צוקונפט" קאָן נישט געטיילט ווערן, אָבער היות זייער בריוו (איך וועל אים אייך צושיקן) איז אַ קליינער, וועלן ביידע בריוו קוים האַלטן מיינע פיר זייטן ——— אַזוי איז ביי מיר קיין נייעס נישטאָ. מען ווערט עלטער און שוואַכער, אַנטוישטער און רעזיגנירטער.

מיט די בעסטע גרוסן, אייער י. ראַפּאָפּאָרט

פּ. ס. האָט איר געלייענט „ווילדגראַז"? וואָס האַלט איר וועגן בוך און וועגן מיין רעצענזיע? י. ר.

מעלבורן, דעם 24טן פעברואר 1966

ליבער פריינד...

לאַנג אייך נישט געשריבן און לאַנג אייך גאָרנישט געשיקט. די מעשה איז אַזאַ: צוערשט בין איך געפאָרן אויף „דאַטשע" אויף אַ פּאָר וואָכן. און היות איך בין אין דער רעדאַקציע אַ בן־יחיד — קומט מיר אָן דאָס אַרויספאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן מיט גרינגע ווערעם — איך מוז נאָך פאָרן אַרויספאָרן אָפּאַרבעטן אויף פאָראויס פאַר די פאָר פרייע וואָכן; און דערנאָך, קומענדיק צוריק, איז אונזער איינציקער זעצער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע. און נישטאָ ביי אונז מיט וועמען אים צו פאַרבייטן. וואָס איך האָב זיך אָנגעליטן איז אויף קיין אָקסענער פעל נישט אויסצושרייבן. ——— איצט וועגן נומער (דעם געקלאַפּטן): דער אויסזען איז נישט שלעכט, אָבער געדרוקט איז פאָרט נישט געקלאַפּט. מיר פערזענלעך אַרט עס נישט, אָבער דער לייענער האָט עס נישט ליב. אָבער אַז עס איז נישטאָ קיין עצה — העלפט דאָך נישט.

זייטשע מיר געזונט און שטאַרק, אייער י. ראַפּאָפּאָרט

מעלבורן, 10 אַפּריל 1966

חשובער און ליבער פריינד...

ענדלעך זיך אויסגעקליבן אויפצוזוכן דעם בריוו פון דער „צוקונפט", אין וועלכן מען לאַדט מיך איין מיטצואַרבעטן אין דער „צוקונפט". אָבער אַז איך האָב שוין געהאַט ביידע בריוו — פון דער „צוקונפט" און מיינעם — האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַ ניו־יאָרקער פריינד, פון וועלכן איך דערוויס זיך, אַז דער „צוקונפט"־סעקרעטאַר האָט נישט איבערגעגעבן דער „צוקונפט"־רעדאַקציע מיין ענטפער־בריוו. האָב איך באַשלאָסן אָפּצודרוקן די בריוו נישט נאָר אין „אייגנס", נאָר אויך אין דער „ייד. פאָסט". האָב איך זיי אָפּגעדרוקט אין דער „ייד. פאָסט" און כ'שיק אייך אַ קאָפּיע פאַר אייער העקטאָגראַפירטן „אייגנס".

איך שיק אייך אויך נאָך אַן אַרטיקל אויף אַ טעמע, וואָס ש. ז. שרגאַי האָט אַרויסגערופן ביי מיר מיט זיינעם אַן אַרטיקל ——— 

מיט די בעסטע גרוסן,

אייער י. ראַפּאָפּאָרט